וויקטאָר מאַרגעריט.

# דער נייער דור

(Le couple)

יידיש: פועה ראקאָווסקי.




פאַרלאַג ש. גאָלדפאַרב

וואַרשע, 1928

# הקדמה.

ביי די לעצטע זייטן פון „חבר" איז מיר געוואָרן קלאָר, אַז די ראָמאַנען סעריע „די פרוי אונטער־וועגס", איז נאָך מיט דעם באַנד נישט פאַרענדיקט. פאַרפאָלגנדיק דעם אַנטוויקלונגס־גאַנג, די עטאַפּן, וואָס ס'האָבן דורכגעמאַכט מאַניקע לעבּיע און אַניקע רעמבּער, בין איך געקומען צום באַשלוס, אַז איצט מוז קומען נאָך אַ בוך, וואָס זאָל געבן די מעגליכקייט טיפער אריינצודרינגען אין פּראָבּלעם, וואָס האָט מיך געטריבן אין יאָר 1921 אָנצוּוואַרפן דעם פּלאַן פון די ערשטע צוויי.

די „בחורטע", אַ טיפּ פון אַ יונגער מאָדערנער מיידל, וואָס דער האָט זיך אויסגעקעמפט די ווייבּליכע גלייכבּאַרעכטיגונג אין ליבּע.

דער „חבר", אַ פּאָר פּאָלק, וועלכע, לעבּנדיק אין פרייער ליבּע, באַווייזט אונז ווי ווייט די מאָדערנע פּראָגרעסיווע פרוי און מוטער איז נאָך פון דער דאָזיקער גלייכבּאַרעכטיגונג אין דער הייראַט, ווי אין דער קינדער־דערציונג.

ביידע ווערק פּרעטענדירן בלויז צו שילדערן מיטן גרעסטן ערנסט און מיט דער שאַרפסטער גערעכטיקייט די נאָכמלחמהדיקע זייטן.

ווי? וועלן אויסזען די זייטן אין צוואַנציק יאָר אַרום, נאָך אַ דור פון דאַנסינגס, ספּאָרט און שיבּערטום, אַז די דאָזיקע גע־

זעלעצפּס וועט אונטערגיין און אויף איר אָרט וועט קומען אַ נייע אָרדענונג? צי וועלן מיר האָבן אַ בעסערע צוקונפט, אַ גליקלי- כערע מענשהייט אַ דאַנק אַ גערעכטערער, העכערער קאָנצעפּציע פון דער ליבע? אָדער וועלן די מאַמעס אייביק טאָלערירן, אַז די ברוטאַליטעט פון אַ קלאַס מענטשן זאָל מאַכן פון זייערע טעכטער אַ תאוה-אָביעקט און פון זייערע זין האַרמאַטן-פלייש?

דאָס זענען די פראַגן, וואָס ס'שטעלט דאָס דריטע בוך „דער נייער דור". דערצו קומט נאָך די פאָדערונג, דער פּאָס- טולאַט וועגן סעקסועלער צניעות און טריישאַפט פון מאַן ווי פון דער פרוי.

מיין העלד, איך צווייפל נישט דערין, וועט זיכער געבן שטאָף פאַר די וויצלינגען. ס'איז דאָך נאָך עד היום די אַלגע- מיינע מיינונג, אַז די אויסגעלאַסנקייט פון מאַן ביז דער חתונה און די בגידה שפּעטער זענען אומבאַדינגט פּאָזיטיווע פאַקטאָרן פאַר אַ גוטן פאַמיליען-לעבן, אַזוי גערופענע זיכערקייטס-ווענטי- לאַטאָרן.

זאָלן זיך די חוזק-מאַכער דערמאַנען אַ וויקטאָר הוגאָ, וואָס האָט צו צוויאַנציק יאָר חתונה געהאַט מיט אַדעלע פוישער. „איך באַטראַכט אַלס אָרדינערע פרוי", האָט ער געשריבן צו זיין כלה, „יעדעס יונג מיידל, וואָס האָט חתונה מיט אַ מענטשן נישט זייענדיק מאָראַליש זיכער, קענענדיק זיינע פּרינציפּן און זיין כאַראַקטער, אַז ער איז נישט בלויז קלוג, נאָר אויך — און איך אונטערשטרייך דאָס דאָזיקע וואָרט מיט דער גאַנצער קראַפט — „אומשולדיק" פּונקט אַזוי אומשולדיק, סעקסועל ריין, ווי זי גופא... איך האַלט אויך, אַז די צניעות, די שטרענגסטע צניעות איז אָנ- אומבאַדינגטע טוגענד פאַרן מאַן ווי פאַר דער פרוי; איך פאַר- שטיי נישט ווי אַזוי קאָן איין געשלעכט פאַרלייקענען דעם אינ- סטינקט, דעם הייליקסטן פון די, מיט וועלכע דער מענטש איז אינ- טערשיידעט זיך פון די חיות".

און זאָל מען מיר נישט אָפּקלאַפּן מיט סענט-בויוו און זשול-

יעטסטע דרוהעט — איך ענטפער דערויף, אז א וואל-פעלער איז נאך נישט געגוג אויף אפצושוואכן אנ׳אידעאל. איך בלייב ביי דאס מייניגע: גלייכע רעכט און גלייכע פליכטן פאר אלע. דאס איז די איינציקע און וויכטיקסטע באדינגונג פאר דער גלייכגעוויכט, פארן פראגרעס און מענטשליכן גליק!

וו. מ.

פ. ס. בנוגע דעם טיטל פון דאזיקן בוך, האלט איך פאר ריכטיק צו באדאנקען דער ראמאניסטין און באוווסטער פעמי-ניסטין מאדאם אוירעל. זי איז געווען אזוי איידעלמוטיק מיר נישט צו באשולדיקן אין קיין פלאגיאט, זעענדיק, אז איך גיי באנוצן א נאמען, וואס זי האט שוין געהאט פריער אנגעמערקט דורך איר טאלאנט. צי ז׳עך איז אבער פאראן — פון אדם און חוה׳ן אן — אנ׳אנדער טערמין, וואס זאל הארמאנישער דעפינירן די שאפענדיקע פאראייניקונג?

„דער נייער דור" דא וועט מען זיך ווידער באגעגענען מיט די פערזאנען פון דער „בחורטע" און דעם „חבר" מיט זיי-ערעביידנס קינדער. זאלן זיך די לעזער דערמאנען, אז נאך איר שמערצפולן „בחורישן לעבן" האט מאניקע חתונה געהאט מיטן פראפעסאר בלאנשעט; א זון זשארזשי און א טאכטער סיל-וועסטרע האבן קאמפלעטירט דאס גליק פון זייער הייראט. זאלן זיי זיך אויך דערמאנען אן דער פרייער פארבינדונג פון אניקע רעמבערט, דעם חבר פון אמעריי זשאלמען. זייער זון קלויד און די טאכטער גינע, צוזאמען מיט זשארזש׳ן און סילוועסטרען פירן אין דעם בוך, ווייטער די ארבעט פון זייערע עלטערן.

געבוירן דורך זייערע ליידן און זייער גלויבן, גייען זיי אוועק א סך ווייטער פון די עלטערן אויפן נייעם וועג פון דער פרוי און דער מוטער...

די דערציונג, צי דען ליגט נישט איז איר דער גאנצער סוד פון דער צוקונפט?

נייע פארלעך, א נייער דור, ארבעטער פון מארגן...

# דער בייער דור.

## ערשטער טייל.

קיינמאל בין איך נישט געפאלן
אויף די קני פאר קיין אבגעטער
לארד בייראן.



דו ווייסט, מאמע, איך פאר מיט קלוגדן תיכף.

— דו פארסט? גוט, מיין קינד. לגמרי זיך נישט וווּנדערנ־דיק, האט אנקע רעמבערט ארומגעכאפט מיט א ליבפולן בליק גינע׳ס בלונדע געשטאלט, וואס האט געאטעמט מיט געזונטקייט און אבסאלוטער גראציע. שטייענדיג ביים פראפעלער מיט איין האנט אין דער הויך מיט דער צווייטער אויפן פליגל, האט זי מיט איר שיין געפארמטן ביוסט, מיט דער שלאנקער פיגור, גע־מאכט דעם איינדרוק פון א זיג׳ס־געטין, וואס קלויבט זיך אויפ־צוהויבן אין דער לופטן.

אוי כאדערן, מיט די פיינע נערוועזע צוגן! און דאך האט איר קערפער צו נייניצן יאר, אויסגעפארמירט און פארהאר־טעוועט דורכן ספארט, זיך אויסגעצייכנט מיט זיינע פיינע ליניעס פון אנ׳אנטיקער פיגור!...

לעבן איר, אַריבערגעבויגן איבערן מאָטאָר, זיך צוהערנדיק נאָך זײַן בלאָז, איז געשטאַנען קלויד, אַן׳אָפּגעבערענטער, מוסקו־ליגזער — די פֿאַרקערפּערונג פֿון יינגער, ערנסטער קראַפֿט און שמייכלענדיקער פּשוטקייט.

ל ל ל און צופֿרידן, האָט זיי איך באַוווּנדערט זשאַן רוסאַט, ער האָט נאָך אַלץ געוווינט בײַם זעגבן בערג־אָפּהאַנג, אין זײַן אַלטער קליינער הייזל, וואָס פֿון זשאַקמען־רעמבערטס פֿערמע האָט זיך געזען איר רויטער דאַך צווישן אַ בוקעט עקאַלופּטוס־ביימער. ער איז אַלט געוואָרן, אָבער אין זײַן האַרצן פֿון אַ גרויסן קינסטלער, האָט נאָך כּסדר געפֿלאַמט דער ענטוזיאַזם און דער גלויבן פֿון די יינגע יאָרן. אייטואַיטיוו האָט ער געשפּירט אַניקעס געפֿיל און אַ זאָג געטון:

— פּראַכט־מענטשן! נישט אמת? מײַן נייער אדם און מײַן נייע חוה!

— ס׳פּעלט נישט מער, ווי דער צוקונפֿטס־שטאַט, דער גן־עדן, האָט אַניקע באַמערקט מיט אַ שמייכל.

נישט אָנרירנדיק איר יוגענט, האָבן דאָך די יאָרן דורכגעצויגן אַ ווײַסע באַנד דורך אירע קורצע האָר. כּסדר מונטער און באַוועגלעך, אָבער מיט מער פֿעסטקייט און מער גוטמוטיקייט!... רוסאַט האָט זיי צונויפֿגענומען, אַלע דריי, מיט דער־זעלבער פֿרײַנטשאַפֿטלעכער צערטלעכקייט:

— אַ גן־עדן?, דאָס דאַרפֿן מיר נישט. די צוקונפֿט! איך בין גאַנץ רויק. זי וועט זײַן אַ בעסערע! אַ דאַנק זיי, ס׳הייסט, אײַך... נישט פֿאַרגעסנדיק אויך זשאַקמענען.

— אַ! אונדז! אונדז גאָר נישט... איצט... זיי, זיי, דער יוגענט, יאָ, איך האָף!

זי האָט דערשפּירט אַ געפֿיל פֿון שטאָלץ: איר זון, איר טאָכטער!... אַן׳עכטער מאַן, אַן׳עכטע פֿרוי! ברודער און שוועסטער — זיי האָבן נישט געשטערט אירע האָפֿענונגען. אין לעבן האָבן

זיי זיך אַריינגעוואָרפן מיט אַזאַ דרייסקייט פּונקט ווי זיי גייען איצט שטייגן אין דער לופטן.

זי האָט אַרומגעכאַפּט מיט אַ בליק די פּאַמיליען־טעראַסע מיט אירע גרויסע מימאָזעס. דאָס הויז פון גליק! פון יענער זייט פעלזיקע בערג האָט געלויכטן דער דרום ים, זיך צונויפגיסנ־דיק מיט׳ן בלויען הימעל.

די גרויסע שרפה, וואָס האָט דאַמאָלט, אין יאָר 1923, פאַרני־כטעט דעם הונדערטיאָריגן דעמבעס — אין פּיניען — וואַלד, האָט נאָר צייטווייליק צושטערט די שיינקייט פון דערדאַזיקער פּראַכטפולער לאַנדשאַפט. 1943!... און ווידער האָבן די בערג אין גאַילאַרדע, אונטער׳ן דיוואַן פון זייערע נייע פּלאַנצן, געלויכטן מיט זייער פריערדיקן גלאַנץ. צוואַנציק יאָר זענען געווען גענוג ס׳זאָל אויסוואַקסן אַ נייער גרינער וואַלד.

יעדעס מאָל, צו־רוקקומענדיק פון וועלכער ס׳איז רייזע פלעגט מאַניקע שטוינען איבער דער דאָזיקער אָן אַן׳אויפהער שאַפנדיקער קראַפט פון דער נאַטור. דאָס האָט פאַרשטאַרקט איר גלויבן, און אַמעדיי׳ס, אין לעבן, וואָס באַנייט, בויט און שאַפט... אַמעדיי די טייערע העלפט פון איר עקזיסטענץ!

יאָ, דער קאַמף איז געווען אַ שווערער, לייכט האָט מען זיי, ליידער, דעמדאָזיקן זיג נישט געמאַכט, אָבער סוף כל סוף איז׳ס דאָך געווען אַ נצחון נאָך אַ קאַמף, וואָס אַ סך ווייניק באַוואָפנטע קעמפער, האָבן אים נישט אויסגעהאַלטן. זיי, זיי ביידן איז דאָך סוף כל סוף געלונגען, דורכצוזעצן מיט טריומף דעם ביישפּיל פון זייער פרייער פאַראייניקונג: די האַרמאָניע אין דער אומאָפּהייגיקייט.

קיין טרויער־מאָמענטן האָט אויך פאַר דער צייט נישט גע־פעלט. איינער נאָכן אַנדערן האָבן געענדיקט דעם לעבנסוועג זייערע טרייע פריינט פון די שווערע טעג... די ערשטע פּאַו־לינע, דערנאָך מערעטס, איבער־אָזענדיק קלוידן און גינען איר

קליינעם פאַרמעגן, וואָס זי האָט אָפּגעשפּאָרט אין פאַרלויף פון איר אויסגערעכנטן, פיינעם לעבן.

דערנאָך האָבן שטיל און רויק אויסגעהויכט זייערע נשמות דער גוטער, בראַווער זעליאָנאָוו און פרוי ברוססאַט, וואָס זי, אַניקע, פאַרנעמט איצט איר פּלאַץ אין אינטערנאַציאָנאַלן פרוי-ען-ראַט... אַלץ טייערע, ליבע שאָטנס, וואָס וועלן לעבן אין איר זכּרון ביזן לעצטן אָטעמצוג! גייסטער פון טויטע, ראַטגעבער פאַר די לעבעדיקע, אויב זיי פאַרשטייען נאָר זיי צו פאָלגן.

און דאָ, פאַר אירע אויגן, דאָס פאַרשענערטע בילד פון זיי גופא, די דאָזיקע צוויי שטאָלצע, פּרעכטיקע וועזן, געשאַפן דורך זייערע קערפּערס, אויסגעפּאָרמירט דורך זייערע נשמות! זיי זענען געוואַקסן, שיין שלאַנק, ווי סאָסנע-בוימער אויף אַ פּרוכט-באַרן באָדן...

„רוססאַט האָט רעכט, האָט זי בעת-מעשה געקלערט... היינט יאָגן זיי אונז אָן, מאָרגן וועלן זיי אונז איבעריאָגן...."

דאָס געזעץ פון פערמאַנענט'ן וואַקסן, ס'האָט איר נישט באַטריבט, נאָר, פאַרקערט, געפרייד... אָנשפּאַרנענדיקע הנחות און פירער פון טעגלי'כן קאַמף די אייביקע לעשער פון דער שׂרפה, וואָס ווערט כּסדר אונטערגעהאַלטן דורך מענטשליכער טפּשות און רשעות.

— האָסט עפּעס באַשטעלונגען פאַר פּאַריז — האָט גינע העפליך אַ פרעג געטון.

— יאָ, געוויס.

— טאָ שרייב זיי מיר אויף, אָבער שנעל. ביז איך וועל איינפּאַקן מיין האַנט-רענצל.

— ווי לאַנג רעכנסטו דאָרט צו פאַרווײלן?

— פּונקט אַזוי לאַנג, ביז איך וועל דערליידיקן דיינע באַשטעלונגען און מיינע וויזיטן.

עגדע וואָך מוז דאָך קלויד נאָך דיר קומען... אייער באַ-רימטער קאָנגרעס אין בודאַפּעשט!

אַ מין אונטערטאָן פון איפּערזוכט האָט זיך געשפּירט אין איר שמייכעל. גיגע האָט געוואָלט, אַז איר מוטער זאָל איר עפּעס מיטנעמען אויף אירע פּראָפּאַגאַנדע-רייזן, איר אַריינציען, מער ווי דעם ברודער, אין די סעקרעטאַרישע אַרבעטן מיט אויסלאַנד. איר האָט מען בלויז איבערגעגעבן, די טעגליכע קאָרעספּאָנדענץ. דיקטירן אַן אויטאָמאַטישן טעלעפאָן, האַלטן אין אָרדנונג די פאַרשידענע כּאַפּירן... צוליב דעם איז נישט כדאי געווען צו ענדיקן די העכערע נאָרמאַל-שולע! אַ ביוראָליסטן — בעת ס'איז אַזוי אינטערעסאַנט, ווי אַניקע, ווי קלויד, אַרומצופאָרן איבער אייראָפּע, אַגיטירן, אַנטוויקלען די מאַסן זיך טראָגן הין און צוריק, פאַרשכורט פון שמחה, און ווינט, וואָס האַקט אין געזיכט, אין די הויכע, שיינע הימלען מיט אַ לופט-גאַלאָפּ!

אַניקע האָט באַמערקט איר פאַרביטערונג און כדי עס אָפּצושוואַכן, האָט זי פּראָפּאַגירט:

— צי וואָלסטו אפשר בעסער די צייט, וואָס מיר וועלן מיט סילוועסטר'ן בלייבן אין בודאַפּעשט, פאַרברענגען ביי די בלאַנשעט'ס? איך בין זיכער, אַז מאַניקע וועט זיך באמת פרייען...

— ס'איז אַנ'אי־עע. ווערסאַיל האָב איך ליב...

קלויד האָט זיך צולאַכט אויפן גאַנצן קול:

— און זשאָרזשי'ן האָסטו אויך נישט פיינט!

זי האָט אונטערגעטאַנצט און אַ זאָג געטון צום ברודער, וואס האט נאָך כסדר געהאַלטן אין איין רעגולירן די פליגל פון אַעראָפּלאַן; צו וועלן זיי פאלגן דער קאמאנדע.

— גיי שוין, גיי, מאַניאַק!... אזעלכע הכנות צו אַ נסיעה פון אנדערטהאַלבן כעה!

איך בין פאַראַנטוואָרטליך פאַרן אייזעל, ווייל איך נעם דאָך דיך מיט!

זי האָט אים חבריש אַ שטויס געטון:

— אַנ'אייזל ביסטו אַליין! מיטן מאָמענט ווען זשאָרזשי האָט אויסגערעגולירט דעם אַפּאַראַט!

די געשטאַלט פון זשאָרזשי בלאַנשעט, זייער חבר פון קינדווייז אָן, איז ליבעפול געשטאַנען פאַר זייערע אויגן... און גלייכצייטיג דער פיינער סילועט פון זיין שוועסטער סילוועסטרע... די פערספעקטיוו צו פאַרברענגען אַ פּופּצן טעג אין דער דאָזיקער פאַמיליע, וואָס זי האָט אַזוי ליב געהאַט האָט גיכן שטאַרק צוגעצויגן. און זי האָט זיך באַלד געטרייסט. זאָל זיך סילוועסטרע, וועלכע מאַכט שוין איר דאָקטאָר-עקזאַמען — אַמוזירן מיט שפּילן אין קאָנגרעסן — וויפל איר האַרץ גלוסט! זי איז איר לגמרי נישט מקנא. קלויד האָט חוזקנדיק, געברומט:

— יאָ, פאַרשטייט זיך, ווי נאָר איר רעדט אַרויס דעם נאָמען זשאָרזשי, דו און סילוועסטרע, דאַרף מען בלויז אַ ציי טון דעם שנירל. אמת, ער פאַרשטייט זיך אויף אַראָפּלאַנען, אָבער קיין כשוף-מאַכער איז ער נישט.

ער האָט זיך ווייטער געפּאָרעט אַרום דעם אַפּאַראַט, פאַר־זיכטיק און ערנסט. די פּערל-פאַרביקע פליגלען האָבן זיך צו־נויפגעלייגט איינער נעבן אנדערן, דערנאָך ארויף און אַראָפּ. מיט די פליגלען אין דער הויך האָט דער אַפּאַראַט אויסגעזען, ווי אַ גרויסער פויגל, וואָס טראָגט זיך אַרויף און אַראָפּ אויף אַ מעטאַלענעם פוסגעשטעל.

— אַ גרויסאַרטיקע דערפינדונג! האָט געזאָגט סילוועסטרע, די דאָזיקע טאָפּלט-פליער!... ניין! מיין זון, דאָס האָסטו נישט דערפינדן... מיט דיינע פליגנכאַפּערס וועסטו נישט דערפירן דעם פּראָגרעס צו דעם, וואָס ער מיט זיינע וואָלקן-קראַצער!

קלויד האָט געלאַכט, אונטערזוכנדיק געניי זיין מאַגנעטאָ:

— דאָס פּשוטע, געוויינלעכע ברויט האָט אָבער זיינע מעלות... אפילו ביי די פּיל, פון דאָקטאָר לאַרוש, — אַ מאָלצייט אין דער פאָרם פון פּילן!

— דאָס מיינט מען דיך, אַניקע! האָט אַ זאָג געטון זשאַן דוסאַט.

— ער וועט אפשר באַלד אליין איינזען, אַז גערעכט בין איך. דאס לעבן איז קורץ אין די מאָלצייטן זענען לאַנג.

— יא, אָבער ס'זענען נאָך, גליקליכערווייזע, פאראן מענטשן, וואס די ערד שפּייזט זיי נאָך! ווארט נאָר צו ביז איך וועל פארענדיקן מיין שנייד מאַשין... דאַן וועט גינע אליין זעען, אַז ס'האָט אַ סך אַ גרעסערן ווערט ווי דער לופט-שרויף!

דאס איז געווען דער שטענדיקער, געוויינליכער אָביעקט פאר רייסענישן צווישן אים און זיין שוועסטער. זשארזשי בלאַנשעט האָט געענדיקט פּאָליטעכניקום און צו צוויי און צוואַנציק יאָר איז ער שוין געווען באַרימט, אַ דאַנק זיינע דערפינדונגען, אויפן געביט פון דער לופט-טעכניק... קלויד, מיט צוויי יאָר יונגער, נעכטן אַ פשוטער שילער פון אַנ'האַנדווערקער-שול, — זיינע עלטערן האָבן דוקא געוואָלט ער זאָל זיך פארפולקאָמען אין דער טעכניק — היינט אַ טיכטיקער פאבריקאנט, אבער — אָן שום פרסום, פון די מאָדערנסטע לאַנדווירטשאַפטליכע מאַשינען. און אלס צוגאָב אַ ליידנשאַפטליכער דיכטער.

— אנשטאָט צו פּלאַפּלען, מאך זיך בעסער גרייט צום פאָרן. זעקס אַ זייגער מוז איך אומבאַדינגט זיין אין פאבריק.

— און אום פינף אין די טואילעריען!

ער האָט איר כלומרשט איבערראַשט אָנגעקוקט:

— וואס? וואָס?

— איך ווייס וואָס איך רעד!...

ער האָט זיך נישט געקאָנט אפּהאַלטן פון אַ שמייכל. שווייגן איז אויך אַנ'ענטפער, שתיקה כהודעה. נו, יאָ, גאַנץ גוט, זי האָט געטראָפן! ער האָט ווירקליך בדעה געהאַט צו זיין דאָרט פינף אַ זייגער ביים לאַנדען פון שיף מיט וועלכן מאריסע סערוויער קומט צוריק פון ניו-יאָרק... און דע-נאָך? גינע, צו פרידן וואס זי האָט געטראָפן אין פּינטל, האָט שוין מער נישט געוואָלט:

— זיי רויק, דו וועסט דארט זיין פונקט פיר! גיב מיר בלויז נאָך פינף מינוט צייט.

ס'איז געווען סעמפּטעמבער מאָנאַט. קלויד האָט געהאַט אורלויב, און די פאַבריק האָט זיך איצט זייער גוט געקאָנט באַגיין אָן אים. זיך שעמענדיק צו אפּישירן דעם אמתן מאָטיוו פון זיין אויספלוג, האָט ער געפונען אַ תּירוץ: אַריינפּאַלן אומ-געריכט, כּדי זיך צו איבערצייגן, ווי זעט אויס די פאַבריק אָן אים. ער האָט אָנגעפירט מיטן גרויסן אינדוסטרי-קאָאָפּעראַטיוו, געגרינדעט אין מאַנטעס, אין יאָר 1937 דורכן קאַפּיטאַליסט-פֿי-לאַנטראָפּ, באַראָן פּנאָמבינאַ — מיט אַזאַ אויטאָריטעט און קאָמ-פּעטענץ, וואָס האָט דעם דאָזיקן בחור ממש איבערראַשט, נישט געקוקט אויף דער פּריצייטיקער רייפקייט פון זיין גענעראַציע בכלל.

מ'האָט איר שוין געמאַכט אַ סך אַנדערע, מאַטעריעל פּיל בעסערע פאָרשלאַגן.

גראָזאַט, דער אינהאַבער פון די אייזן-גיסערייען אין ראַ-מיקורט, האָט שטאַרק חשק געהאַט אַריינצוקריגן צו זיך דעם זון פון אַמעדיי זשאַקמען. קוים האָט מען דעם זון, קאָן מען אויך „האָבן" דעם פאָטער, — דעם שטאַטסמאַן, וואָס זיין הויכער גייסט האָט אַרויסגעשטראַלט פון דעם כּסדר וואַקסענדיקן עוואַנ-געלישן סאָציאַליזם.

די אינטערנאַציאָנאַלע פּלוטאָקראַטיע און אירע פּעדאַגאַלע וועלט-הערשער האָבן פיינט געהאַט תּכלית השנאה דעם יורש פון זשאָרעסן, וואָס האָט אַלס מיניסטער-פּרעזידענט צווייִמאָל אַרויפ-געפירט אויפן פּאָפּולערן וועג דעם אָקסן-וואָגן פון פראַנקרייך. איין צייט איז די שטאַאַטס-מאַשין אַוועק רעכטס, מאָדערניזירט דורך די הענט פון אַנ'אויסגעדינטן פירער מיט ברייטע אויסזיכטן און אַ גרויסמוטיק האַרץ... און דערנאָך, בעת די מלאכים האָבן אומפאַרשעמט גע'בטלט, די סוחרים, ווערנדיק אַנ'אָליגאַרכיע האָבן צוריק אויפגעהויבן די קעפּ, האָט דער וועהיקול, דער וואָגן-צענטער, סקריפּענדיק, צוריק אָנגעהויבן מאַכן זיג-זאַגן, ביז צום

אָפּגרונט צו... ער איז אָפּגעלאָפן אַ גרויסן שטח, ביז אים איז נעלונגען צוריק ארויפצולייגן די האַנט אויף דער מאַכט.

אַניקע האָט געגעבן קלוידן ספּעציעלע אינסטרוקציעס, אַז ער זאָל ווי געהעריק אויסניצן זיין קורצן באַזוך אין פּאַריז... זיך אינפאָרמירן גאַנץ גענוי אין דער סביבה פון זשאַן סערוויער וואָס אזוינס שטעקט הינטער דער גרויסער נאַפט-קאָמפּאַניע און וועגן דעם אמתן מאָטיוו פון זיין רייזע קיין ניו-יאָרק.

— אזוי ווי דו ביסט אַ ביסל צומישט אויף זיין טאָכטער, פרוב וויניגסטענס, אַז דו וועסט איר זען, צו דערגיין, וואָס איז ער אויסן מיט דער דאָזיקער שפּעקולאַציע.

די ענגליש-דייטשע פינאַנסיסטן, — אזוי האָט מען גערעדט — האָבן זיך באַמיט ארייַנצוקריגן אין זייערע הענט די ניי אַנ-דעקטע נאַפט-קוואַלן אין פּראָוואַנס... אמעדיי איז געווען אוועק-געפאָרן אויף אַ פּאַציפיסטישער קאָנפערענץ אין יאַפּאַן, און דע-ריבער האָט זי געמוזט איבערגעבן קלוידן, אַז ער זאָל אַלץ גע-נוי דערגיין: וועלכע פרעמדע בענק זענען, צוזאַמען מיט זשאַן סערוויער, פּאַראינטערעסירט סיסטעמאַטיש צו עקספּלואַטירן די פראַנצויזישע קוואַלן?

קלויד האָט צוגעזאָגט. רוססאַט, וואָס זיין קונסט איז קיינ-מאָל נישט געווען אָפּגעריסן פון די אינטערעסן פון געזעלשאַפט-לעכן לעבן, האָט געשטיצט איר פּאָרשלאַג:

— אויב מיר וועלן לאָזן ווירטשאַפטן די דאָזיקע גרויסע פרעסערס, וועלן זיי אונז איינשלינגען מיט הויט און ביינער נישט בלויז אין אַנ'ענגלישן סאָס, נאָר אין אַנ'ענגליש-דייטשישן האַנ-דעלס-טראַקטאַט! און מיר וועלן עס אפילו נישט באַמערקן!... ווייל ווי רענטאַבל דער קריג זאָל נישט זיין פאַרן דאָזיקן עולם אין אַלע הינזיכטן, האָבן זיי אָבער תמיד אַ סך גרעסערע פּראָפיטן, בעת זיי פירן אים אויפן עקאָנאָמישן געביט.

— דערין בין איך נישט איבערצייגט. ווי קליין און שוואַך ס'זאָל נישט זיין די איצטיקע פּעלקער-אָרגאַניזאַציע באַדראָט די

דאָך מיט יעדן טאָג אַלץ שטאַרקער די קאַפּיטאַליסטישע איבערי-
מאַכט. דער קריג איז נישט בלויז דער אידעאַל פון די קאַנאָ-
נען- און גאַז-פאַבריקאַנטן. ער איז פאַר דער פינאַנץ, וואָס מיר
פירן, דער איינציקער מיטל צו רעאַליזירן דער חלום פון טהי-
ערן: לאָזן אָפּגיין מיט בלוט די דעמאָקראַטיע! נישט בלויז אין
משך פון דרייסיק יאָר, נאָר אויף שטענדיק.

קלויד האָט געעוועטשט מיט די באַרקעס:

— נאָך נישט אזוי לייכט וועט עס זיי אָנקומען!

— אָ! די צוקונפט, האָט אניקע ווייטער גערעדט, אין דער
צוקונפט האָב איך קיינמאָל נישטגעצווייפלט... די געגנוואַרט לאָזט
מיך נישט רוען. די קאָנסעקווענץ פון אזאַ מין נאַפּט-אַוואַנטורע,
למשל, קאָן זיין אנ׳אומפאַרמיידלעכער קאָמוניסטישער אויפשטאַנד,
וואָס דאָס מאָל וועט מען אים שוין אזוי לייכט נישט איינשטילן.
סוף כל סוף פאַרלירט דאָס פאָלק דאָס געדולד. דאַן...

רוססאט האָט אריינגעוואָרפן:

— אַ געפערלעכער ענין! צי דען וועלן זיי ריזיקירן?

— מיט דער גרעסטער חוצפה, ווייל ס׳האַנדלט זיך דאָך
וועגן זייער עקזיסטענץ גופא!... און אזוי ווי זיי האַלטן זיך פאַר
די שטאַרקערע...

קלויד האָט געוואָרפן אַ בליק אויפן שטוב צו... וואָס פאַבּ-
ריצירט דאָרט גינע אזוי לאַנג?... זעענדיק, אַז זי גייט נאָך נישט
האָט ער ווייטער גערעדט:

—אַ שיבער-קריג! אוממעגליך, מיר וועלן זען! בעת אייראָפּא
הויבט קוים אָן צו פאַרהיילן אירע ווונדן! בעת אומעטום וואַקסט
די דעמאָקראַטישע באַוועגונג...

— אַ שיינע דעמאָקראַטיע! האָט דער מאָלער זיך צולאַכט.
מיט דע לאַם און סאָלמיי ביי דער מאַכט! אַ סך ערגער ווי דע-
מאָלט בעת ס׳האָבן רעגירט דער טיגער און אלעקסאַנדר ווילפּאָ!

— דאָס איז נאָךגאָר נישט, האָט אניטע געזאָגט, סאַלמוי,
דע לאַם, דאָס זענען פאַרבייגייענדיקע דערשיינונגען, צופעליקע...

אמעדי וועט אונז פון זיי אויסקורירן. אבער ענגלאַנד, צוריק אונטערן יאָך! קאָנסערוואַטיוון און ליבעראַלן, אַ קאָאַליציע קעגן דער ארבעטער-פּאַרטיי, נאָך איר מפּלה...

— זי לעבט אייביק, האָט קלויד באמערקט.

— אבער ווי? פאַרקלענערט. און די איבערגאַציאָנאַליסטן, די פעלקישע אין פּרייסן און בייערן, וואס באהערשן איצט דייטשלאַנד, נישט געקוקט אויף אונזער פריינט ראָהן? ביי זיי ווי ביי אונז האָבן די שטענדיקע פּארטיי-רייבונגען אָפּגעשוואַכט דעם ארבעטער-קלאַס. דעם נוצן דערפון האָט די בורזשואזיע. און אַ צולאָג צו דעם, דער רעוואַנש-שגעון, וואס עגבערט כּסדר די מחות פון יענער זייט רהיין!

— ווער איז שולדיק, האָט רוססאָט קאָנסטאַטירט, וואס מיר האָבן אָקופּירט דעם סאַרר-געביט און פאַרלאָזן דאס רהיין-לאַנד ערשט דאַן בעת מ׳האָט אונז דערצו געצווונגען מיט געוואַלד! מיר ליידן איצט פאר די זינד פון אונזערע פריערדיקע פּאָלשע טריט; פאר דעם דאָזיקן ארט אימפּעריאַליזם, וואס דער נאַציאָנאַלער בלאָק האָט אונז אָנגעוואָרפן צוזאַמען מיט דער יורידישער שיקאַנע פון העדר ציבעראָן... מיר קויפן איצט אויס אונזערע זינד פאַרן קלוג צוגעשניטענעם ווערסאַילער טראַקטאַט. ווי שמאָל, ווי מיילען ווייט איז דער דאָזיקער טראקטאט פון ווילסאָנס גרויסן חלום, פון יענעם גערעכטיקייטס-פרידן, אויף וועלכן די פעלקער האָבן אזוי אומגעדולדיק געוואַרט. מיר צאָלן איצט אָפּ פאר אונזער פאַרשווענדער-פּאָליטיק נאָכן קריג, וואס ס׳איז געווען די גרעסטע נאַרישקייט, וועלכע מיר זענען ווען נישט איז באַגאַנגען, ביי אונזערע שלעכטע פינאַנסן, ביי אונזער געלט-מאַנגל און אונזער קלאָגענדיקער געבורטען-ציפער.

— בעת מ׳קלערט וועגן דעם, האָט אַ זאַג געטון קלויד אַז טויזנטער מענטשן האָבן מקריב געווען זייער לעבן, נאָר צוליב דעם הייל זיי האָבן געגלויבט, אַז ס׳קומט אַ נייע, אַ גערעכטע אָרדענונג!

— יאַ, יאַ, מיין ליבער רוססאָט, האָט אַניקע געזאָגט, מיר האָבן עס כסדר ווידערהאָלט, אַז דער גאַנצער נצחון איז אַ קאַטאַסטראָפע און דער קלוגער פזמון „דער קריג וועט זיך אָפּצאָלן" — איז געווען דער בלוטיקסטער שגעון!... דער קריג צאָלט אָפּ היינט פּונקט ווי נעכטן די וואָס האָבן אים דיסקאָנטירט, און וועט אָפּצאָלן מאָרגן — אויב מ'וועט דערלאָזן אים צו פּראָוואָצירן, נאָר יענע, וואָס גרייטן אים שוין צו אַלס אַ רענטאַבלע בירזשע-שפּעקולאַציע. יאָ ס'קאָן זיין, אַז מיר שטייען פאַר אַ סך קריטישערע צייטן ווי דאָס יאָר 1914. ס'זענען נישט מער די מלאכים פון דייטשלאַנד, רוסלאַנד און עסטרייך, נישט דער פראַנצויזישער שאָוויניזם וועט באַדראָען איצט דעם צווייפלהאַפטן שלום. דאָס מאָל זענען עס די נאַפט-קיסרים, די קוואַלן-מלכים און די אייזן-מאַגנאַטן, ס'איז דער אינטערנאַציאָנאַלער קאַפּיטאַליזם, וואָס אַרבעט בסודי-סודות ביים צוגרייטן דעם קומענדיקן קריג, זייער וועלט-עראָבערונגס-קריג.

— גליקליכערווייזע, האָט רוססאָט אויסגעשריגן, אַנטוויקלט זיך כסדר און אומעטום אין אַלע לענדער דער סאָציאַליזם וואָס שטייט אויף דער וואַך. איך האָף, אַז אין פראַנקרייך, ווי אויף דער גאַנצער וועלט, וועלן זיך די שעפסן אַ שטעל טון אויף די הינטערשטע פיס און זיך נישט לאָזן שלעפּן צו דער שחיטה!

— נישט אומזיסט האָסטו געזייט, מאַמע! מיר זענען שוין היינט אַ מחנה, מאָרגן וועלן מיר זיין די מעכטיקע פירער. די בורזשואַזיע שטאַרבט אויס. ס'ווערן געבוירן פעלקער.

— די בורזשואַזיע איז נאָך גענוג שטאַרק.

— אונזער ענערגיע וועט איר איינברעכן!

אויפן געזיכט פון יונגן מאַן איז געלעגן אַן ערנסטער, פינצטערער אויסדרוק.

— אויב מ'וועט דאַרפן אַ רעוואָלוציע, וועלן מיר איר מאַכן, דאָס בלוט וועט פאַלן אויף די קעפּ פון די, וואָס וועלן עס

פארגיסן. דאס רשעות אָבער וועט פארשווינדן צוזאַמען מיט די פארברעכער!

ער איז געווען די פארקערפערונג פון רעוואָלוציאָנערן קאַמף, פון העלדנמוטיקער ייגענט.

— בראַוואָ, סען-זשיסט! האָט אויסגערופן רוססאָט!

מיטן דאָזיקן נאָמען האָט ער איצט אָנגערופן קלוידן, מיטן נאָמען פון באַליבטסטן העלד פון דער געשיכטע פון דער רעוואָלוציע, פון מלאך מיטן שטאָלענעם בליק. סען זשיסט מיט זיינע ייגנטליכע בליקן האָט פערזאָניפיצירט מיט זיך די צוויי הויכע מדות, וואָס ווערן באַטאָנט דורך זיין נאָמען: הייליקייט, גערעכטיקייט. ביים פאָרבילד ביים רבין ווי ביים שילער דער זעלבער דורשט צום אַבסאָלוטן. קלויד איז בלויז געווען מער צערטליך. מילד האָט ער אָנגעקוקט זיין מוטער, וואס האָט, אַ שטארק אויפגערעגטע, אויסגעשריגן:

— בלוט, דאס שרעקלעכסטע פון די שרעקן! צי דען וועל איך דיר בשום אופן דערין נישט איבערצייגן?... צי פארשטייסטו נישט, אַז בלוט פאָדערט פרישט בלוט?... אַז ס'איז אַ פראָוואָקאַציע צו אַ אונענדליכע שחיטה אין גאַנצע טייכן בלוט?... די געוואַלד, וויפל מאָל האָט איך עס דיר שוין געזאָגט, איז די ערגסטע פון אַלע שוואַכקייטן!

— ביי מיר, האָט קלויד געזאָגט, וועסטו פועלן, אַז מ'זאָל פטור ווערן פון דערדאָזיקער באַנדע, נישט דאַרפנדיק זיי אַראָפּדרייען די קעפּ!...

— אָבער וואס איז מיט גינען? ווו איז זי פארפאלן געוואָרן?

אומגעדולדיק איז ער געשטאַנען נעבן זיין אַעראָפּלאַן, זיך נישט צוגעהערט מער צו די רייד פון רוססאָטן און פון דער מוטער.

— אייער אָנגעשטרענגטע ארבעט איז נישט געגאַנגען לאיבעיד, האָט געזאָגט דער מאַלער. אַ דאַנק אייער אינטערנאַציאָנאַלן פרוי-

ען-ראַט, דערוואַכן! דאָס אַלוועלטליך געוויסן, דער זין פאַרן פּראָגרעס. דאָס שטאַרקע שטרעבן צו פרידן און אַרבעט...

— אָ, ווען ס'זאָל ווירקליך אַזוי זיין! האָט אַניקע מיט פייער אַזאָג געטון.

זינגט די פרויען אויף דער גאַנצער וועלט האָבן באַקומען שטים-רעכט... — אויסער אין די לאַטייניש לענדער! ס'אַ חרפּה און בושה! כסדר ש'קאַנירט מען נאָך אונזערע געראַכטע פאָדערונגען, אונזערע עלעמענטאַרסטע מענטשן-רעכט! פּונקט ווי מיר וואָלטן איצט אין די מוניציפּאַליטעטן — אַן אַקטיווע און פּאַסיווע וואַל-רעכט — נישט באַוויזן, וואָס מיר קאָנען לייסטן, פאַר דער היגיענע, פאַר סאָציאַלע הילף און אפילו פאַרן ביודזשעט!...

— נאַר געדולד! סוף כל סוף וועט זיך אויך פראַנקרייך מוזן צוהערן צום רוף פון אירע נביאים... די סינדיקאַלע אָרגאַניזאַציע, פאַר וועלכער אַמעדיי און איר האָט אַזוי פיל געאַרבעט, הייבט שוין אָן ברענגען אירע פרוכטן. אויב דער פעלקער-בונד האָט אומעכטיק וועגעטירט, איז עס דערפאַר, ווייל ער איז בלויז אַן אַדמיניסטראַטיווער אויבער-ראַט פאַר באַוואָפנטע פעלקער. אַנשטאָט דעם פעלקער-בונד צו באַוואָפנען האָט זיך יעדערער פון זיי צוריק אַליין באַוואָפנט. איצט עקזיסטירט אָבער אַ נייע מאָראַלישע קראַפט: די פאַראייניקונג פון די פעלקער. זי דאַרף נאָר אַרויסלאָזן דעם רוף: פרידן: און אַלע קריגס-מאַכער בלייבן שטום, פאַרלירן דאָס לשון: און מאָרגן, אַנשטאָט דעם, אַז די סערוויערס זאָלן האָבן פרייע הענט צו פאַבריצירן פאַר אונזער פאַראייניקטע שטאַטן פון אייראָפּע מיט ספּעציעלע זאַנעס פאַר פאַר זיך פון מאַניפּאַליזירטע פּראָדוקציע-געביטן — וועט די אינטערנאַציאָנאַלע, סינדיקאַלע פעדעראַציע זיך פאַרשטענדיקן און אַריינדרינגען צווישן די דאָזיקע שותפים אַלס אַנטשענדיק האַנדלס-הויז וואָס איר ענד-ציל איז דאָס וואויל פון אַלע!... ס'וועט קומען, אַניקע, ס'מוז קומען!... אפשר טאַקע שוין בעת די נאָענטסטע וואַלן... אַז אייער מאַן וועט צוריק נעמען דעם רודער וואָס

האָט זיך פאר דער צייט פארוואנדלט אין אַ שמאָך שטריקל, וועט פראַנקרייך ווערן צוריק דאָס, וואס זי איז געווען: דער שפיץ פון שיף, וואָס באַלייכט מיט זיין לאַמטערנע דעם אָנגע־מערקטן וועג.

— אָט בין איך!

ס'האָט זיך דערהערט גינע'ס הילכעדיקער געלעכטער.

— ביז איר וועט בלייבן אליין מיט סטן־זשיסטן!... צוקוש זיך מיט מיין מאַמען, און מאַרש אין וועג אריין!.. אייערע מי־טינג־דרשות וועט איר צייט האָבן צו צוגרייטן אויפן וועג קיין בודאַפעשט.

זי האָט זיך פארנייגט.

— פרוי פרעזידענטין! הער פּאָרטרעטיסט פון דער פעל־קער־פאראייניקונג...

— חצוף איינער! האָט דער מאָלער אַ זאָג געטון לאַכנ־דיק.

ליבעפּול האָט אניקע געגלעט דעם פיינעם מיידל־קאָפּ, וואס פון אונטערן לעדערנעם קאפּושאָן האָבן זיך בלויז ארויס־געזען זיינע ליכטיקע אויגן. דערנאָך האָט זי צערטליך אַ קוש געטון אין שטערן קלוידן איידער ער האָט זיך פארבאַנצערט.

די פּאַסאַזשירן זענען איינגעשטיגן. מיט אַ משונהדיקן גע־רויש האָט זיך דער אַעראָפּלאַן אַ הויב געטון אין דער הויך מיט אַזא אימפּעט, אַז ער האָט פארהילכט די געזעגענונגס־רופן. אין אַ פּאָר מינוט ארום איז ער שוין געווען נישט מער ווי אַ שוואַר־צער פּונקט, וואס טראָגט זיך אין דער לופטן. דערנאָך האָט ער זיך איינגעדרייט צו צפון צו.

אניקע און רוסטאָט האָבן אים נאָכגעקוקט, ביז ער איז לגמרי פארשוואונדן געוואָרן.

## 2

— אָט זענען זיי!

— ניין!

יאָ!

— וועלכער איז עס? דער וואָס דרייט דעם פליגל?

לואיזע בערלאָט האָט אויסגעשאָסן אין אַ הילכיקן געלעכטער:

— סילוועסטרע פאַרשטייט זיך שוין איינמאָל אויף דעם! אַן אַלטן „פליגן-חאַפּער" האַלט זי פאַר איר ברודערס אַעראָפּלאַן... הערט נאָר ס׳אַרט ליאַרם די אַלטע קנאַרע מאַכט דאָרט! דאָס איז דאָך בשום אופן נישט קיין שטומער אַ גאַט!...

נאָך אַנ׳ערפינדונג פון זשאָרזשי בלאָנקעט. לואיזע בערלאָט. איינע פון דעם דערפינדערס פאַרערערינס, איז געווען דערמיט אזוי שטאָלץ פונקט ווי דער פאַטענט זאָל זיין אויף איר נאָמען... דער גאַנצער עולם אַרום די טישן איז פּלוצלינג שטיל געוואָרן און ס׳האָט זיך ווירקליך דערהערט דאָס ברומען פון אַלטן מאָטאָר... און נאָך אים אַ הילכיק געלעכטער.

— ס׳איז אַזוי, האָט סילוועסטרע צוגעגעבן. אויסערדעם איז נאָר זייער אַפּאַראַט ווייס און רויז... זיי האָבן זיך פאַרשפעטיקט! דו ביסט דען זיכער, זשאָרזשי, אַז זיי וועלן אויסשטייגן דאָ, אויף דער סטאַציע בע?

אויף דער פראַגע האָט געענטפערט לואיזע בערלאַט מיט אַביסל אַנ׳אויפגערייצטן טאָן:

— ווי שטענדיק, ווייל אייער פריינדין גינע האָט איט טעלעפאָנירט: ביי די טואַליערען, פינף אַ זייגער!

ביי גינעס נאָמען האָט זשאָרזשי אומבאַמערקט אַ ציטער געטון. ווי אַ שטומער, אויף זיין שטייגער, איז ער געזעסן ביים טיש און מיט קליינע זופּן געטרונקען זיין אייז־קאַווע. אַ מאָגע־רעס געקרענקטעס געזיכט, וואס האָט מיט זיין קאָנצענטראַציע פון געדאַנק געמאַכט אויף לואיזע בערלאַט אַ שטאַרקערן איינ־דרוק ווי אלע איבעריקע, און האָט איר היינט גערייצט מער ווי געוויינליך. ווי אזוי דרינגט מען אריין אין דער דאָזיקער נשמה, וואס זעט אויס ווי אבוועזענד, אָדער באַהאַלט זיך? בלויז גינע פארמאָגט די דאָזיקע קראַפט. זי האָט איר פשוט נישט געקאָנ־ אריבערטראָגן: אין גרונד גענומען איז די דאָזיקע קליינע זשאָק־מען־רעמבערט (מ׳האָט, אייגענטליך, אפילו נישט געוווסט ווי זי הייסט!) און אויך די דאָזיקע סי׳וועסטרע ממש לעכערליך מיט זייער אפעקטירטער פשוטקייט! און וואָס איז מיט זיי דער יחוס? וואָס איינע האָט געענדיקט אַ אוניווערסיטעט און איז אַ דאָק־טאָר — און צי וואָס — איך פרעג אייך, דאַרף מען׳ס האָבן, אַז מ׳האָט פון וואַנען צו לעבען!... און ווייל די צווייטע האָט דורכגעמאכט די סעוור־שול! וואָס פאַר אַג׳אַנשטענדיק מיידל וואָס האָט דען אַ ביכל געלט טוט דען אַזאַ זאַך!...

ווידער איז געוועזן גאַנץ שטיל.

— זייער ריידעוודיק זענט איר היינט נישט, הער זשאָרזשי!... דאָס וואַרט האָט ביי אייך, ווי ס׳שיינט, אָפּגענומען דאָס לשון!

אַ טאָכטער פון עלטערן בערלאַט, — „קריגס־אויטאָמאָבילן“ — האָט די יונגע מיליאָנערין זיך בשום אופן נישט געקאָנט פאָר־שטעלן, אַז עמ׳צער זאָל בייסטיין דעם נסיון און איר איגנאָ־רירן, אָדער בכלל נישט וועלן זיך אַמוזירן ווי די גאַנצע וועלט,— די גאַנצע וועלט איז אין אירע אויגן קודם כל געווען זי גופא

און נאָך אַזעלכע ווי זי. זי האָט חשק געהאַט איבערצובייטן דעם טיש און זיך אַריבערפּעקלען צו די דריי הובערטס (דאס זענען געווען די צוויי שוועסטערס וויגאַן און זשאַנע הובערט, וואָס האָט א ויסגעזען ווי אַ בחור...).

ס'אַרא משונהדיק גרויסער עולם האָט זיך דאָ היינט צו־נויפגעקליבן, האָט לואיזע באַרלאַט אַ זאָג געטון אַ אויפגערעגטע.

די לופט-סטאַציע „בע״ איז געווען איינגעאָרדנט אויף דער טואילעריען-טעראַסן, קעגנאיבער דער סערוויער-באַנק, אויפן פּיר־קאַנטיקן פּלאַץ, וווּ ס'איז פריער געשטאַנען דער האָטעל „קאָנ־טינענטאַל״. בלויז די פריערדיקע „צאַדעגאַ״ איז דערביי גע־בליבן אויפן אָרט און האָט זיך איצט פארוואַנדלט אין אַ גרויסן מאָדערנעם רעסטאָראַן אונטערן נאָמען „פּריסאַניער״. אַ מין קאָס־מאָפּאָליטישער בופעט, וווּ מ'האָט לויט דער לעצטער מאָדע גע־דאַרפט בײַוווינען ביים אָנקומען און אפּגיי׳ן פון די לופט-שיפען. קוים האָט מען זיך געריכט עפּעס אויף א אַזויגערופענעם הויכען פערזענליכקייט, האָט איר דאָ געקאָנט טרעפן אַלע גדולים, די אויבערשטע פון שטויסל. היינט האָט מען דאָ אָפּגעוואַרט דעם מיניסטער זשאַן סערוויער און זיין טאָכטער, וועלכע קומען צו־ריק פון זייער רייזע קיין אַמעריקע.

דאָ איז געווען דער טרעף־פּונקט פון אַלע ליידיקגייער און נייגיריקע, וואס האָבן געוואַרט אויף וועלכע ס'איז סענסאַציע. אַ וואַרטע־זאַל פאַר געשעפטסלייט אדער צופעליקע צושויער ווי למשל זשאָרזשי און זיין שוועסטער. מיט נייגיריקער פּאַראַכטונג האָבן זיי זיך צוגעקוקט צו דעם אַלעם, וואס ס'האָט דאָ געשאַפן די פּראָסטיטוציע מיט איר פאַלשן גלאַנץ, מיטן געררויש און ליאַרם פון די אויפפּאַלנדע אויסגעפּוצטע יונגע מיידלעך. ווייניק מענטשן, אָבער אַ סך זייער יונגע אָדער זייער אַלטע הערן, וואָס זענען אריינגעפאלן אין אַ צושטאנד פון עובר בטלדיקע אָדער פון סתם אומפּאראַנטוואָרטליכע פאַר זייערע מעשים.

פון צוועלף ביז איינס און פינף ביז זעקס — קיין

איין מינוט פריער און קיין איין מינוט שפּעטער — איז דאָ טעגלעך דער פּאַראַד געווען אין פּולען גאַנג מיטן גאַנצן ברען. מ'האָט דאָ, לעבן די פּארעלטערטע אַעראָפּלאַנען־סיסטעמען נישט אַזוי באַוווּנדערט, ווי זיך אדורכגעשמועסט וועגן די עלעגאַנטע, שיין־געפאָרמטע לופט־שיפן פון מאהאָגיען־האָלץ מיט פאַרצירונגען פון קינסטלעכע פעדערן. אַ גאַנצע רייע לופט־טאַקסאָמעטערס און לופט־קאַרעטן, וואָס האָבן זיך געצויגן לענגאויס דעם רייזע־טאָר אָדער זיך אָן אויפהער געפלויגן אין דער לופט ווי אַ פאַרשיי־דענפאַרמיקע מחנה מעטאַלענע פייגל.

אַ דורכדרינגענדער אויסגעשריי האָט צוגעצויגן דער אויפ־מערקזאַמקייט פון גאַנצן עולם, אלע האָבן מיט איין מאָל אויס־געדרייט די קעפּ. דאס האָט זשאַן הובערט גערופן צו זיך אַ גאַנצע גרופּע נאָר וואָס אָנגעקומענע באַקאַנטע. דריי יונגע לייט מיט גרינלעכע פנימער און אויפפאַלענד קורצע זשאַקעטן, האָבן שטייענדיק אביסל אונטערגעטאַנצט, אָן אויסגעדרעס רטע קאָקעטעריע וואָס אָן דער שפּ״ץ האָט מאַרשירט דער באַרימטער אויסוווּרף פויל דע לוים, דער זון פון נישט ווייניקער באַ־רימטן מאַקס דע לוים, געוועזענער בילדונגס־מיניסטער און איצט אויסערן־מיניסטער און פּרעזידענט.

דיכטער און זייערצייט מאלער — און אפילו דער גרויסער שעף פון ספּעריזם *) וואָס זיינע יונגע אָנהענגער האָבן פאַרכאַפּט דאָס אָרט פון די לעצטע קוביסטן — דער עסטעט האָט אויס־געזען ווי אַ לעמור **), ווי אַ נאָכגעשפּענסט, ווי אַ מאַלפּע. צופרעסן דורך דיזעלבע תאוות, האָבן זיינע חברים הינטער אים אויסגעזען ווי אַ רעפּליק פון שאָטנס.

— איך פאַרגעטער זיי! האָט אויסגעשריגן לואיזע באַרלאָטי־זיי זיינן רייצענד.

---

*) די קוגלפאָרמיקע קונסט־געשטאַלטן.

**) א האלבע מאלפּע.

— אַזוי מיינט איר — זהאָט זשאָרזשי אַ ברום געטון.

— אפשר אַ ביסל ווייביש... אָבער מיט זיי קאָן מען דאָך זייניגסטנס פאַרברענגען, פלוידערן.

ער האָט געהוזקט:

— מ'איז צווישן זיך, אייגענע מענטשן!...

זי האָט, באַליידיקט — אַ זאָג געטון: זיי שטייען לכל הפחות העכער פון אנדערע, זיי זענען העפלעך!

— די לעצטע ריטער. האָט סילוועסטרע אונטערגעשטראָכן...— די לעצטע פאַרטרעטער פון דער אלטער, פראַנצויזישער גאַלאַנטעריע!... — אויסגעצייכנט!.. אויף ווידערזען, באַרבאַרן. אז איר וועט זיין אין אַ בעסערע שטימונג...

זי האָט זיך אַ הויב געטון ווי אַ אונטערגעצינדענע און איז אַוועק צום טיש חוו די דריי הובערטס האָבן קאָנפערירט מיט די גרינע ספעריסטן.

— אַ גליקלעכע רייזע!—האָט סילוועסטרע פריי אָפּגעאָטעמט— דאָרט איז זי ביי זיך אין דערהיים. ס'פעלט נאָר מאָריסע סערוויער!

אן אויסדרוק פון פאראכטונג האָט צוזאַמענגעפרעסט איר מויל און צוגעגעבן חן איר פיינעם, ענערגישן געזיכט. איר איינפאכקייט צוזאַמען מיטן פרייען בליק האָבן צוגעגעבן איר ברוינער גראַציע פון אַ יונגער ציג אַ גאַנץ באַזונדערן רייץ. פונקט ווי לואיזע באַרלאָט האָט נישט סימפּאַטיזירט מיט גינען דערפאַר וואס זשאָרזשי האָט איר געגעבן דעם פּאָרצוג, אזוי איז סילוועסטרע געווען אומצופרידן מיט מאָריסע'ס לייכטזיניגן פלירט אין באַצוג צו קלוידס ערנסטער ליבע.

אַלע פיר, זשאָרזשי, סילוועסטרע בלאַנשעט, קלויד און גינע, דערצויגן צוזאַמען אין אַ שטאַרקערער פריינדשאַפט ווי זייערע עלטערן גופא זענען געוואקסן איינער נעבן אנדערן, ווי יונגע בוימלעך אויף אַ גרינעם פעלד אין דער פולסטער פרייהייט, נישט אָפּגעבנדיק זיך קיין רעכנונג פון זייערע געפילן און זייערע גע-

דאַנקען. ווי צונויפגעפלאָכטענע צווייגן האָבן זיי לגמרי נישט אונטערגעשיידט דאָס פּערזענליכע ביי איינעם אָדער ביים אַנ־דערן אין זייער קעגנזייטיקער ליבע ווי שוועסטער און ברי־דער, געפּאָרט דורך דער פאַמיליע, האָבן זיי נישט געמערקט, ווי לגמרי אָן זייער וויסן, פאַרוואַנדלט זיך די דאָזיקע צוגעבונדנ־קייט אין אַ געפיל פון מעכטיקער ליבע.

בלויז איין איינציקער אונטערשייד: גינע און זשאָרזשי האָבן שוין געשפּירט, וואָס זיי זענען איינער פאַרן אַנדערן. זיי האָבן זיך נאָך אמת נישט ערקלערט אין ליבע. זיך פאַרשפּורט מיטן רויש צו לעבן אין שטילן אַנטוויקלונגס־גאַנג פון זייער געמיינזאַמען וווּנש. בעת סילוועסטרע האָט נאָך איגנאָרירט, אָדער ריכטיקער, אויסגעמיטן זיך מודה צו זיין אין געפיל וואָס האָט איר געצויגן צו קלוידן, האָט ער, פאַרבלענדט דורך מאָריסן, נישט געזען מער אין זיין שפּיל־חברטע, ווי אַ קאָלעגע, אַ פריינט, און די פאַרליבטע האָט, קעגן איר ווילן, דערפון שטאַרק געליטן.

פלוצלינג האָט ביי פויל דע לומ׳ס טיש אויסגעבראָכן אַזאַ היסטערישער ליאַרם און ווילדער געלעכטער, אַז ביי זשאָרזשי׳ן האָט געפּלאַצט דאָס געזױלר און ער האָט אַ ברום געטון:

— זיי זענען שוין פשוט אומפאַרשעמט!

איינע פון די פּורסאַיאָנס דע וויאַגאַן (הובערטע די ערשטע), האָט אין אַ מין עקסטאַז, מיט פערגלאָצטע אויגן, אַרויסגעכאַפּט ביים ספּעריסטישן דיכטער זיין שטרויעלע, מיט וועלכן ער האָט זיך רויק געצויגן דעם קאַקטאַיל, און די גאַנצע חברה האָט הויך אויסגעדריקט איר באַגייסטערונג. פויל דע לוים האָט מיט גרויס פּאַטאָס ציטירט איינס פון זיינע שענסטע און באַרימטסטע פערזן:

ביים אַראָפּשטייגן
רייס אָפּ די בלום
פון מיין שמערץ,
וואָס פאַרשווינדט...

— ס׳הערט מיר ממש נישט גיט פון זיי, פון די דאָזיקע קליינע הערן! — האָט זשאָרזשי דערקלערט. — דאס זענען מענער? זיי זענען פונקט ווי די דאָזיקע נקבות — פרויען!

דער געלעכטער האָט זיך פארשטארקט. פריילין פּאַרסאיאָן דע וויגאן, די עלטערע, האָט אָפּגעלעקט די ליפּן מיט איר לאַנגע שפּיציקע צונג. לואיזע בארלאָט האָט אויסגעשריגן:

— ווי שיין איז די יוגנט!

זשאָרזשי האָט זיך אויסגעדרייט, אַ צעקאָכטער, און אַ זאָג געטון אין דער הויך, מ׳זאָל אים הערן:

— די יוגנט, זיי!.. אָה! ניין! די אמתע יוגנט ארבעט, אויפן לאַנד, אין די ביוראָס, אין די ווארשטאַטן, אין די פאַבריקן... זי האָרעוועט פאר די דאָזיקע ווערים... זייער יוגנט! טויזנט יאָר זענען זיי דאָך אַלט, די דאָזיקע יידיקגייער, אויב מ׳זאָל בכלל באַשטימען זייער עלטער!

סי׳וועסטרע האָט זיך באַמיט אים צו באַרויקן:

— רעג זיך נישט אויף! צי דען עקזיסטירן זיי בכלל, די דאָזיקע ברואים? זיי זענען נישט מער ווי עמבריאָנען קאָנסערווירט אין אַלקאָהאָל! טויט-געבוירענע.

— ס׳ארא שרעק! זע, קוק זיך צו! די דאָזיקע נקבות וועלן דאָך האָבן קינדער. און דאָ שטעקט די געפאַר! אין קראַנקער קערנדל פארפעסטעט די גאַנצע תבואה.

ער האָט ארויסגענומען דעם זייגער.

— און זיי זענען נאָך אלץ נישטאָ!

און ווידער זענען זיי געזעסן שטיל, יעדער פארטיפט אין זיינע געדאַנקען, נישט זעענדיק כמעט די כסדר זיך בייטנדיקע פּאַסאַזשירן. נישט ווילנדיק האָבן זיי געמוזט אויסהערן די פּלוידערייען פון זייערע שכנים. דער הינערשטייג האָט איצט געקוואָקעט גאַנץ שטיל, די קעפּ אריבערגעבויגן איבערן טיש ווי איבער אַ בעקן מיט קערנדלעך. פּויל דע לוים איז געווען דער בענגעבער, זיין לחלוטין גלאַטער קאָפּ האָט געגלאַנצט. שוין צום

דריטן מאָל האָט ער, נישט געקוקט אויף דער אלגעמיינער אונ־אויפמערקזאַמקייט, פייערליך דעקלאַמירט זיינע באַרימטע פערזן: „אין אָטעם־איין... זייער לאַנגזאַם... ביז צום קאָפּשווינדל.. דעם געדיכטן..." בעת העגרי שאַנטערוי, אַ פּראַקטישער מוזיק־אַמאַטאָר, האָט געפירט געשעפטליכע אונטערהאַנדלונגען מיט זשאַן דע ראַנסי, וואס איז געווען אַ קונה־הכל:

– 5000 טאָן גואַנאָ, שצילי

– לאָז עס פאר זיך!

– אידיאָט! אין איינעם מיטן שיף, אויב דו ווילסט. קומט פון וואלפאראיסאָ. די לאַנדונג אין ליוואָרנא...

– דאס געשעפט מאך איך נישט. נישטאָ קיין בעסערע זאַך ווי דאָס קינסליכע מיסט! 10,000 טאָן סופער פאָספאט. צו דיין פארפיגונג. ניין? ווי דו פארשטייסט. אלזאָ אַ פערלשנור? נו, אויס די געלעגנהייט! געקאָסט פינף הונדערט טויזנט...

– מ'וויל דערפאר?

– צוויי הונדערט טויזנט.

– מ'דאַרף אַ קוק טון...

זשאן ראנסי, שפּירנדיק אַז ס'גייט, האָט אַ זאָג געטון:

– אפשר הונדערט / אכציק... פאר דיר, ווייל דו ביסט אַ שיינער יונג, די פּרוי באקומסט דו אַ צולאָג... און דאס איז אַ שיף, אַלטער, פּרימא!

זשאן דע ראנסי האָט מיטביידע הענט געמאַכט צוויי רונדע ליניעס אין דער לופט:

– אַ מאָדעל פאר פויל'ן, אַנ'אויסגעצייכנטער!

אבער העגרי שאנטערוי, האָט געמאַכט אַ זויערע מינע:

– אַ שיינעם דאַנק, איך האָב עס נישט נויטיג...

– דו ווייסט גאָרנישט וואס דו פארל־רסט!

דער געניטער מעקלער האָט געהאַט בדעה איבערצוגעבען דעם ענין מיט אלע פרטים:

לוסיע דאַנטין, סאָלמויס געווענע פלגש... שפעטער אי־

בערגעגאַנגען צו אַ באָקסער..." אָבער אַ לאַנגדו ערענדער „אַה ז־
האָט פּלוצלינג איבערגעריסן דעם שמועס. אַלע קעפּ האָבן זיך
אַ דריי געטון אין איין ריכטונג. מ'האָט זיך האַסטיק אַ הויב
געטון פון די טישן. לואיזע בארלאָט האָט מיט ענטוזיאַזם פּראָ־
קלאַמירט:

— דאָס איז מאַריסע!

אַ ריזיקער בלוי־געלער הידראַוויאָן האָט זיך געטראָגן אין
דער לופט צום לובר צו, זיך אויסגעדרייט קעגן דאַך פון דער
סערוויער־באַנק אין דער ריכטונג פון זיין גאַראַזש. בעת ער איז
נאָך געווען אַ הונדערט מעטער הויך האָט זיך פון אים פּלוצלינג
אַראָפּגעלאָזט אַ פּאַל־שירם, און אונטער אים איז געהאָנגען אַ קליין
מענטשעלע געשטאַלט.

געטריבן דורך אַ דינאַמאָ־שפּילצייג, האָט זיך דער אויטאָ־
מאַטישער פּאַל־שירם גראַציעז אַראָפּגעלאָזט אויפן טראָטואַר און
זיך אָפּגעשטעלט מיט זיין פּאַסאַזשיר ביים שוועל פון באַר. די
דערשיינונג איז נאָך געווען לגמרי אַ נייע, און אַ שטורם פון
בראַוואָ־רופן האָבן באַגעגנט מאַריסעס אָנקומען.

די באַנק־פּאַרטיערן זענען מאָמענטאַל אונטערגעלאָפן,
אַ כאַפּ געטון, איינער דעם פּאַלשירם און אים צונויפגעלייגט, און
דער צווייטער דעם מאַנטל מיט דער מאַסקע.

לאַכנדיק האָט זי אַ שאָקל געטון מיט אירע גאָלדענע קורצע
האָר און זיך געצויגן, גראַציעז ווי אַ פּאַנטער, אין איר ספּאָרט־
אַנצוג פון גאַזעלן־פעל.

— די פּאַרקערפּערונג פון גראַציע! — האָט אויסגעשריגן
בויל דע לוים, קושנדיק איר אין האַנט. איך באַגריס אייך, מיין
שענסטע פון די שיינע! איר קומט פון קאַמטשאַטקע?

— מ'פּרירט אביסל, 4000 מעטער הויך ביי דער דאָזיקער
שנעלקייט!

— נוי־יאָרק — פּאַריז אין פופצן שעה! ס'איז אַ רעקאָרד,
שטאָלץ האָט זי געוואָרפן די דאָזיקע נייס פאַר דער גאַנצער

פארוואונדערטער געזעלשאַפט און אַ וווּנק געטון צום קעלנער:
— קעלנער! אַן אופּער-קוט!
— אופּפּער-קוט אדער ברויזנדער קאָקטאַיל... זי וואָט אויס-געליידיקט דאָס גלאָז מיט איין ציי און נאָך איר אַ צווייטע. ווארטנדיק אויפן אייז-וואַסער מיט וועלכן זשאַן הובערט האָט געשטילט זיין שטענדיקן פייער.
— דאָס איז אמת גוט!
באַגריסנדיק איר מיט אַ לייכטן קאָפּ-שאָקל, האָט זיך סילוועסטער נייגיריג צוגעהערט צום רוישיקן פּלאַפּלען פון דער רייזענדער:
— און דיין אַמעריקאַנער? — האָט אַ פרעג געטון הובערטע.
— איך האָב אים געמאַכט א הייראַטס-פאָרשלאַג!
— צו וואס?
— זאָל ער אָפּגעבן זיין ווייב! ס'וועט זיין אַ באַווייז ווי שטארק זיין ליבע איז. דאָס ווייב איז רייכער פון מיר.
— ער האָט עס אַקצעפּטירט?
— ניין, גליקלעכערווייזע!
— און דאַן?
— מ'האָט אַלץ איינס פאַרבראַכט אַ נאַכט צוזאַמען, זאָל ער האָבן וואָס צו זשאַלעווען!
— צו זשאַלעווען?
— גאַנץ באַשטימט. וואָס מיינסטו? מ'האָט בלויז געגעסן אָוונטברויט. נישט מער ווי צוגעביסן ביזן הײַנטן טאָג? פּראַכטפולע איבעריקענס, איך האָב קיין שום אנדערע זאַך נישט פארלאַנגט, און ער פון זיין זייט איז אויך געווען זייער צופרידן. זופּ און פלייש האָט ער ביי זיך אינדערהיים...
די דריי הובערטס האָבן זיך אַ קרים געטון, און די דריי ספּאָרטיסטן האָבן מיט שטאָלץ צוגעשטימט. לואיזע באַרלאָט האָט באַמערקט:
— דאָס צובייסן, מער ווי דאָס דאַרף מען נישט

— וואס דו זאָגסט. היילִיקע נישוש!

מיט די ווערטער האָט זיך מאַריסע אַ הויב געטון פון אָרט.

— איצט, קינדער גיי איך נעמען אַ דוש! אַלע זענט איר איינגעלאַדן צו מיר אויף איבערמאָרגן דרייַ אַ זייגער קיין גאַר־שעס אויף דער ריוויערע. מיינע אַלטע זענען נישטאָ, און מיר וועלן לעבן אַ טאָג. איך לאַד אייך איין אַלע... מ׳וועט פרישטיקן, מיטאָגן און עסן אָוונטברויט, אויפן אַמעריקאַנער שטייגער... אָהו! הער זשאָקמען, גוט מארגן. פונוואנען האָט איר זיך דאָ גע־נומען?

קלויד, מיט דער קאַסקע אין דער האַנט, האָט זיך לאַכנ־דיק אַ נויג געטון:

— איך קום פון דרום, כדי צו האָבן דאָס פאַרגעניגן אייך צו באַגריסן ביי אייער צוריקקומען.

— דאָס איז פיין! ס׳פאַרדינט ווירקליך אַ קאָמפּענסאַציע. ניטע, קומט, דינסטאָג, פרישטיק און מיטאָגן אין גאַרשעס... אויב, נאָסירלער, איר האָלט זיך נישט צו ערנסט פאַר אונזער באַנדע משוגעים!

נישט זשאַרזשי, נישט סילווערסטרע, צוהערנדיק זיך צום אינ־טערעסאַנטן שמועס פון דער באַנדע, האָבן נישט באַמערקט, אַז קלויד און גינע, אָנקומענדיק פון דער ריכטונג פון זיג־פּלאַץ, האָבן זיך אראָפּגעלאָזט מיט זייער אַעראָפּלאַן פונקט אין מאָמענט, ווען מאַריסע סערווויער האָט זיך אריינגעלאָזט אין אַ געשפּרעך מיט זשאָרזשין. אַ האַנט האָט אָנגערירט זיין אַקסל, ער האָט אַ ציטער געטון און איז פאַרשעמט אויפגעשפּרינגען פון אָרט...

— אָהא! האָט סילווערסטרע אויסגעשריגן — אָט זענען זיי!...

נאָכן קעגנזייטיקן באַגריסן זיך האָט זיך קלויד תיכף אָפּ־גערוקט, בעת גינע האָט זיך צוועקגעזעצט נעבן זשאָרזשן, אויפן פּלאַץ, וואס לואיזע האָט מאָמענטאַל באַפרייט.

סילוועסטרע האָט איצט גאַנץ גענוי געקאָנט אָבסערווירן אלע אָנוועזנדע און געטראַכט:

— „פאר אים עקזיסטירט איצט קיינער נישט אויסער מאָריסן און זי מאַכט פון אים פשוט חוזק!..."

גאַנץ קאַלט און צירלעך-מאַנירלעך האָט מאריסע אַ פרעג געטון:

— איר נעמט אָן מיין איינלאַדונג?

— זייער גערן.

— אלזאָ, דינסטאָג, אין אַ גליקלעכער שעה.

זיי האָבן זיך דערלאַנגט די הענט. ער האָט געוואָלט דריקן, צוהאַלטן דידאָזיקע פיינע פינגער, מער זיי נישט ארויס־לאָזן. אוועקרייסן מאריסען פון די דאָזיקע פאַיאַצן און קאָמע־דיאַנטן!... קאַלט האָט ער געענטפערט אויף זייער גריסן. זי! ווי קאָן זי גאָר אַרי־ערטראָגן אָט די אלע קרעטינען!... קוים האָט ער זיך אויסגעדרייט האָט זי אים מיט אַ ווילערישער מינע ארויסגעשטעקט אַ צינג. ווי נודנע ער איז מיט זיינע ליכטיקע אויגן! אָה! ווען דער טאַטע זאָל איר נישט האָבן געהייסן זיין מיט אים העפלעך...

— אבער וואס פאר אַ מיין קאָן דער פאָטער דערביי האָבן, וואס ס'ווילט זיך אים דוקא צוציען אזעלכע מינים ברואים? וואס, למשל, קאָן געבן אַזאַ שוטה!

זי האָט זיך ענדלעך ארויסגעריסן פון אירע ליבהאָבער, פון ביידע געשלעכטער און מיט בהורישע טריט איז זי אוועק אויף קאַסטיליאָן-גאַס דירעקט צום איינגאַנג פון איר באַזונדערער וווינונג. שטייענדיק לעבן סילוועסטרע האָט קלויד, נישט הערנ־דיק ל מרי אירע פריינטלעכע פראַגן, נאָכגעקוקט דער דאָזיקער ברוינער געשטאַלט, דעם פרעמדן הוילן קאָפּ.

די טיר האָט זיך פארמאַכט; ער האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין טרוים.

## ט.

— אנדרע, דו ביסט לגמרי נישט ביי די געדאַנקען מיט דיין איצטיקן קומען! פונקט ווי דו זאָלסט נישט וויסן, אַז היינט אין אָוונט מוז איך זיין אין ראָיאַט!

מיט די ווערטער, האָט מאַדאַם סימאָנע סערוויער באַגעגנט איר סעקרעטאַרין אנדרע, וואָס האָט שטיל אַן עפן געטון די טיר און געקוקט אויף איר טיראַן מיט צעשראָקענע, בהמה׳שע אויגן. וואס וויל זי שוין ווידער פון איר, די דאָזיקע מאַ־פע! און ווער וועט עס זאָגן, אַז זיי קושן זיך ביידע פון קינדוויוז אָן, אַז זיי האָבן ביידע געדינט אויף דער זעלבער פערמע, זי און סי־מאָנע, — מונע און דער שטאָט, אין אין ביוראָ: מומנע (מאַלפע)...— אזוי האָט איר אמאָל געקרוינט איינע פון די קעכינס, און די גאַנצע דינערשאַפט האָט איר איצט אנדערש נישט גערופן...

צו דען האָט זי אבער נישט, פונקט ווי אנדרע לאַרעט, פריער געמאָלקן די קי, איידער זי האָט זיך צוגעקליבן צו די טאַשן פון די רייכע הערן? אַך! יאָ ס׳האָט איר טאַקע אָפּגע־גליקט!... קומענדיק קיין פאַריז איז סימאָנע לכתח׳ה אַ קורצע צייט געווען אַ פּראָפעסיאָנעלע קורטיזאַנקע, שפּעטער געוואָרן אַן אַקטריסע און ענדליך, צו דרייסיק יאָר, איז איר געלונגען ארייננצוקריגן אין אירע הענט דעם דיקן סערוויער און פון דאַן אָן איז זי שוין כסדר געשטיגן באַרג ארויף. אין דערזעלבער

צייט איז אנדרע דורכגעגאַנגען שבעה מדורי גיהנם, האָט געדיינט בויט און הונגער, זיך ארומגעוואַלגערט אין פאַרדאַכטיקע האָטעלן אין פאַרשידענע איינפּאַר־הייזער, ביז זי האָט זיך אין איין שיינעם טאָג צופעליק פאַרדרייט מיט אַ געוויסן אַוואַנטוריסט און ער האָט פאַר איר געפונען אַ פּאָסטן ביי איר אַמאָליקע חברטע, ביי מאַדאַם סערוויער.

צום גליק אדער צום אומגליק? אנדרע לארעט — „מאַדאַם אנדרע". פאַרן פּערסאָנאַל — פלעגט מען וועגן דעם קלערן פאַר־שידנאַרטיק, לויט אירע שטימונגען. שוין גאַנצע צוואנציק יאָר, און זי קאָן עס נאָך אלץ דעפיניטיוו נישט באַשטימען... אין גרונד גענומען האָט זי סימאָנען ליב געהאַט, ווייל דאָן בעת איר „טיפ" האָט איר געלאָזט לעבן, האָט איר יענע געגעבן אַביסל געלט און מיט דער צייט האָט זי זיך צו איר צוגעוווינט, צוגעבונדן... מאַסאַזשיסטין, פּעדיקורשיסטין, מאַניקורשיסטין, פער־זענלעכע סעקרעטאַרין און פאַרטרויענס מענטשן וואס האָבן אלץ גע־מעגט זעען און הערן...

צייטנווייז האָט זי איר אבער פיינט געהאַט תכלית־לשנאה, סימאָנע האָט איר, אמת, פאַרשאַפט אַ געזיכערטע מאַטעריעלע עקזיסטענץ, האָט איר ערלויבט אויסצולעקן די טעלער פון איר לוקסוס־ווירטשאַפט, אבער גייצטיטיק פלעגט זי גאַנץ אָפט אויס־לאָזן צו איר קאַפ דעם כעס פון אלע אירע דורכפאַלן. אין דעם מאָמענט האָט זי בלויז געשפּירט איר וואקסנדיקן צאָרן. קענענדיק מונען, האָט זי איינגעבויגן דעם קאָפּ און געוואַרט אויפן דראָענדיקן שטורם.

מאַדאַם סערוויער, אַ געבוירענע קאָקאָטע און פון דער נאַ־טור אַ שלעכטע, האָט געמוזט האָבן וועמען צו קוועלן. זי האָט בסדר געהאַלטן אין איין זוכן שקלאַפן; אַ צייט לאַנג האָט זי זיך באַגנוגנט מיט חיות: הינט, קעץ, פּאַפּאַגייען, וואס פון מאַנגל אין ליבהאָבערס פלעגט זי זיי ממש דערדריקן מיט אירע אומ־ארמונגען אדער ממית'ן מיט אירע קלעפּ. פלוצלינג איז זי אָבער

געווען געצוווּנגען צו אבדיקירן, פֿאַר דער סובערעניטעט פֿון דיקן טערוויער — דער „פּאַטראָן“ האָט פֿיינט געהאַט חיות — און דער גאַנצער טיער-גאַרטן האָט געמוזט פֿאַרשווינדן. זי האָט געפּרוּווט זיך רעוואַנזשירן און זיך אַ נעם געטון צו די טעכטער. יענע, אַ קאָפּיע פֿון זייער מאַמען, האָבן איר אָבער געשטעלט אַ שטאַרקן ווידערשטאַנד. זי האָט זיך דעריבער אָנגעכאַפּט אָן אנדרע לאַריעט, וואָס איז געקומען פּונקט צו דער ריכטיקער צייט. צום דאָזיקן מיידל האָט זי איצט אויסגעלאָזט איר גאַנצן כּעס. געגאָסן אויף איר קאָפּ פּעך און שוועבל. איר טיראַניזירט טאָג איין טאָג אויס, נישט ווייסנדיק אַליין פֿאַר וואָס. די אומגליקלעכע איז געווען אַ גוטער טייג און האָט זיך געלאָזט קנעטן.

בעת אנדרע האָט אָן עפֿן געטון די טיר, איז מונע כּעווייער געשטאַנען אין נאַכט-העמד בײַם קאַמין. זי האָט צונויפֿגעזאַמלט איר פֿונאַנדערגעוואָרפֿענע צירונג און זיי געוואָלט אַרײַנלייגן אין אַ שאַכטל... — אַ שפּאָר ביסל! — האָט זי אַ טראַכט געטאָן. גלײַכצײַטיק האָט זי געוואָרפֿן אַ בליק אין שפּיגל און איז געוואָרן אַ פּאַרציטערטע, דערזעענדיק איר אָפּגעלעבט פּנים: מ׳האָט קנײַטשן! פּלוצלונג האָט זי באַמערקט אונטער זיך, דאָס שרעקעדיק, אָנגעבלאָזן געזיכט פֿון איר הויפּט-באַדינטע. האַסטיק האָט זי זיך אַ דריי געטון:

— ניין, דאָס וועט בײַ מיר נישט זיין!... דו מיינסט טאַקע, אַז איך וועל דיך דאָ האַלטן, געבן עסן און טרינקען, קליידן און שיכן, שוין אָפּגערעדט פֿון ריזיקן געהאַלט און נאָך די מתּנות יעדן מאָנטיק און דאָנערשטיק — און פֿאַר דעם געלט ווערסטו מיך לאָזן שוויצן און קומען, ווען דו ווילסט; בעת איך מוז דיך האָבן! מ׳פֿאַרט האַלב צוועלף אַ זייגער, קומסטו אַראָפּ ערשט איצט, פּונקט ווי דו זאָלסט נישט וויסן, אַז מײַן טואַלעט מוז געדויערן גאַנצע צוויי שעה!

— אָבער... דו האָסט דאָך מיר געזאָגט...

— שטול... זאָג נישט קיין ליגן!

— אה!...

— דו האָסט נאָך אַ העזה מיר צופאררעדן די ציין מיט דיינע נארישקייטן. דאס מוז זיך איינמאָל פאר אַלע מאָל ענ-דיקן! איך האָב דיר בפרוש געזאָגט: צען א זייגער אָן פינף מינוט. פון היינט אָן מוזטו פאָלגן, ווי אלע אנדערע, אדער ארויס! דיין פוס זאָל דאָ נישט זיין!

די אויגן פון געשלאָגענעם הונט זענען פייכט געוואָרן. מאַדאם סערוויער, אַ צעקאָכטע אָבער אַ באַפרידיקטע דערזעענדיק די טרערן, האָט אויפגעהויבן די הענט צום הימל:

— זי וויינט נאָך, ס׳קומט איר אַ רעשט! נישט שלעכט. מאַסיר מיך, וועסטו בעסער מאַכן.

דו זיסע באַשעפעניש האָט נערוועז אַ ריס געטון פון זיך דאָס העמד, אַ שליידער געטון עס אין מיטן צימער און זיך אַ וואָרף געטון אויפן בעט. ווען ס׳זאָל איר נישט זיין אזוי שווער, האָט זי זיך געדאַרפט מודה זיין, אַז איר גאַנצער כעס שטאמט נישט אזוי דערפון, וואס פרוי אַנדרע האָט זיך פאר-שפעטיקט, ווי פון דער פיינלעכער עקספערטיזע, ביי וועלכע זי האָט איר פונקט געפאַקט בעת זי איז געשטאַנען ביים שפיגל... צע-קנייטשט, פארוועלקט, אַלט; יאָ, זי איז געווען אַלט, נישט קוקנ-דיק אויף אלע אירע כירורגישע אָפעראַציעס!...

שוין גאַנצע דריי מאָל האָט מען איר צונויפגעצויגן די הויט אויף די באַקן און אויפן האַלדז. און נאָך דריי מאָל שווע-רע ליידן, האָבן זיך איצט די אָפּגעשוואַכטע מוסקולן ווידער צעצויגן. אַ דאַנק דער עלעקטריזאַציע און די פאַרשידענע שמי-ר כצן זענען די פלעקן אונטער די פרעמדע האָר כמעט פאר-שווונדן; אבער אויף איין זייט פון געזיכט האָט די הויט מער אַראָפּגעהאָנגען ווי אויפן צווייטן. זי האָט זיך אליין געמוזט מודה זיין, אַז זי האָט אַ קרום מויל. אנדערע האָבן עס, אמת, נישט באמערקט, אָבער דער קלענסטער צי, און גלייך קאָן זיך ארויס-

וויזן — אָה, ווי? שרעקלעך! — דער גאַנצער שניט!... דאס קאָנסטאַנטירן דעם דאָזיקן פאקט איז געווען אזוי מוראדיק, אַז אומזיסט זענען איצט געווען אַלע אָנשטרענגונגען פון מאַדאַם אַנדרע: זי האָט געשמירט, געקנעטן, געריבן, ביי איר גאַנצן ווילן צו געפעלן, האָט זי געשפירט, אַז איר קערפּער איז נישט מער ווי אַ דיקע מאַסע. אַן אומשולדיקע באַמערקונג האָט אויפסניי ארויסגערופן דעם גרימצאָרן פון דער מאַלפע.

מיט אירע געניטע הענט האָט זי איצט ארויפגעצויגן די קנייטשן פון בויך צו די בריסטן צו, אבער אויך מיט זיי האָט מען זיך איצט נישט געקאָנט באַוויזן.

— אויפן האַלדז וויל זיך דער פוך לגמרי נישט האַלטן, — האָט פרוי אנדרע באַמערקט. — ס'איז אומאָנגענעם פאַרן דעקאָלט.

אַ שטאַרקע אָנהייבעריין פון דער מאָדע, איז מונע סערוויער, נאַטירלעך, געגאַנגען דעקאָלטירט ביז צו די היפטן.

— וואס פלאַפּלסטו! ער האַלט זיך זייער גוט.

— אויפן זייט, יאָ, אָבער נישט אויפן רויטן פלעק.

— און אויב אפילו נישט? טו וואָס דו דאַרפסט און מיש זיך נישט אין דעם וואס איז דיר נישט נוגע! קודם כל איז דאָס טאַקע דיין שולד וואָס כ'בין אזוי געוואָרן!

— מיין שולד?

— ווען דו זאָלסט מיך נישט האָבן געיאָגט צו אָפּערירן די ברוסט, נישט וועלנדיק מאַכן פריהער די אָפּעראַציע אויף זיך...

— אויף זיך, איך...

— יאָ, און בלויז די אייפערזוכט, די קנאה האָט אויף דיר געווירקט! ווייל איך האָב נאָך געהאַט בריסטן און דו האָסט קיינמאָל נישט געהאַט מער ווי צוויי טאַבאַק-בייטלען! קנאה, אויסשליסלעך קנאה. איך בין רייך, געאַכטעט, אָנגעזען, און זע אויס מיט צען יאָר יונגער, כאָטש מיר האַלטן שוין ביידע ביים זעקסטן צענדליק...

— מונע, איך שווער דיר...

— טאָ פאַרוואָס האָסטו זיך נישט געלאָזט אָפּפירן פריער פאַר מיר? דאַן וואָלט איך דאָך וויסן וואָס ס'וואַרט אויף מיר און נישט געווען אַזאַ בהמה!... יאָ, ווען איך וואָלט דיר געווען אַריינרוקן אין האַנט אַ מנה יפה פאַר די בריסטן ווי פאַרן בויך! אָבער איך בין צו גוט. יאָ, האָט נאָר רחמנות אויף מענטשן, אָט זעט צו וואָס דאָס דערפירט!...

דאָ האָט שוין פּלוצלינג געפּלאַצט דאָס געדולד אויך ביי פּרוי אַנדרע און גיך האָט זיך צושריגן:

— דאָס איז שוין צופיל! אָה! שוין גענוג פאַר מיינעט-וועגן!... וואָס! נאָך אַלץ ווייניק? זיך געלאָזט שניידן דאָס לייב, געבליבן אַ רוינע, ווייל די מאַדאַם האָט זיך פריער געוואָלט אויסבערצייגן, פּרוּוון! גענוג! זוך זיך אַנדערע פּאַציענטינס!

די דאָזיקע אומדאַנקבאַרקייט האָט אַזוי אויפגעבראַכט דער פרוי סערווייער. אַז זי איז אויפגעשפּרונגען און האָט זיך אַ זעץ געטון.

— דו האָסט אַ העזה אַזוי צו ריידן מיט דיין וווילטעטער!... צו ביסטו נישט געווען צופרידן אַראָפּלאָזנדיק אין טאַש גאַנצע צען טויזנט פראַנק מיט אַמאָל... און דו באַקלאָגסט זיך נאָך! מיט וואָס, למשל, וואָלסטו אין איין שעה געקאָנט פאַרדינען אַזאַ סומע געלט? דיין לייב! אין משך פון דרייסיק יאָר וואָלסטו דאָס קיינמאָל נישט געהאַט!... צען טויזנט פראַנק! אין דערצו אַ לעבן פון אַ רענטיער... און דאָס איז דיין דאַנק! אָ! דו האָסט שוין גענוג?... זייער גוט, מיין קינד, פאַר מיר איז אויך שוין איבערגענוג!... מיט געוואַלד האָלט איך דיר נישט! אַרויס, וואָס גיכער!

פרוי אַנדרע, אַ צעשראָקענע און פאַרמאַטערטע פון איר פּלוצלינגן רעוואָלוציע-אויסברוך, האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, זיך באַמיענדיק נישט אויסצובּרעכן יעצט אין אַ געוויין! די טרערן האָבן זיך שטיל געקויקלט איבער אירע פאַרוועלקטע באַקן.

די מאַלפּע האָט זיך אַ ווײַלע געקוקט מיטן אָפּגעקילטן צאָרן פֿון דער באַזיגטער. ווי די מעשׂה זאָל נישט זײַן, איז אַלץ גלײַכער איבערצולאָזן דער דאָזיקער בהמה, אַן אידיאָטקע, אָבער פֿאַרט טרײַ און איבערגעגעבן... זי האָט ווײַטער געמאַכט איר לשון... און גוטמוטיק זיך אויסגעדרייט:

— דו ווילסט בלײַבן, ווי איך זע... בלײַב... מ'וועט זען... איך בין אַן אויפֿגערעגטע, אָבער בטבע אַ מענטש מיט אַ גוט האַרץ... און איצט קאָנסטו גיין!... איך האָב שוין בלויז איין שעה צײַט, נאָך דער וואַנע וועל איך קלינגען.

זי האָט זיך פֿײַן אויסגעדרייט. פֿרוי אַנדרע, נישט ענט-פֿערנדיק קיין וואָרט, האָט זיך צוגעקוקט, ווי די דאָזיקע ריסע איז פֿאַרשוווּנדן געוואָרן אין וואַנע-צימער. באַלד האָט זי זיך דערמאָנט, אַז מאַדאַם בּרונאָט, די פֿאַכטערין פֿון סורעסנעס, און די דאַמע מיטן מאַנטל וואַרטן אויף אַן אוידיענץ:

— איך האָב אינגאַנצן פֿאַרגעסן. זיי זיצן שוין אונטן העכער אַ האַלבע שעה.

— מאַדאַם סערוויער האָט שטאַרק אַ זאָג געטאָן, זיך אַפֿילו נישט אויסדרייענדיק:

— זיי וואַרטן? זאָלן זיי וואַרטן ווייטער!

— מאַדאַם בּרונאָט, וואָס וויל זי שוין ווידער? וואָס אָנ-באַלאַנגט דער דאַמע מיטן מאַנטל, מאַדאַם פֿון מאַרסוי, די פֿרוי פֿון באַנק-קאַסירער (איר נאָמען דאַרף אַנדרע נישט וויסן), מאַכט אַס שוין גראַדע נישט אויס, וואָס זי דערגעווירט זיך ביסל וואַרטנדיק... אָפּגעבן אַ שאַנשיל-מאַנטל ממש פֿאַר גרײַשנס, מ'קאָן זיך לײַכט פֿאָרשטעלן, ווי זיי נויטיקן זיך אין געלט...

מאַדאַם סערוויער האָט זיך אומגעקלערט און איז צוגעגאַנגען צו איינעם פֿון די פֿאָטעלן, וווּ ס'איז געלעגן אויסגעשפּרייט אַ טײַערער פֿעל-מאַנטל: — „לײַכט ווי אַ פֿעדערל“ — האָט זי געזאָגט, גלעטנדיק אים מיט אירע הענט, — „הונדערט טויזנט וואָלט אויך געווען אַ מציאה!...“ אַ צעפּרידענע איז זי געשווינד אַרײַן אין וואַנע-צימער אונטערזינגנדיק דאָס נײַסטע מאָדע-לידל, וואָס האָט געקלונגען ווי אַזוי מ'זאָל אָנטרעטן אַ הונט אויפֿן עק.

בלייבנדיק אליין, האָט זיך סרוי אנדרע געלאָזט ווייל גיין און אויסגעגאָסן איר גאַנץ ביטער האַרץ:

— קליאַטשעו שמוציקע בעסטיע!... און האָט נאָך אַ העזה צו זאָגן, אַז איך בין אַזא שלאַנג ווי זי!... בייט די ליבהאָבער ווי די העמדער, די אַלטע שמוציקע פלאַנעלענע יאַקע אונטערן העמד בלייבט אָבער די זעלבע!... איבערגעבן עס סערווירן? אָבער ס'אַרט דאָך אים ווי דער פאַריאָריקער שניי! ער, פון זיין זייט, אַמוזירט זיך נישט ערגער פאַר איר... אוועקוואַרפן דעם פאָסטן?... אַ מאָמענט איז זי געווען גרייט איבערצווערייסן דעם דאָזיקן באַגילדעטן שטריק, אַנטלויפן. די בודע און דער פרעס האָבן איר אָבער אָפּגעהאַלטן. אויסגיסן פאַר עמעצן דאָס האַרץ? זי איז דאָך אַבער אַרומגערינגלט בלויז פון גלייכגילטיקע און אַזעלכע, וואָס פאַרגינען איר נישט דאָס גרויסע גליק, ווייל ווי אומגליקלעך זי איז נישט, זענען איר דאָך אַלע אַרומיקע שטאַרק מקנא. זי האָט זיך געטרייסט מיטן געדאַנק, אַז אויב שוין נישט קיין מיטגעפיל, וועט זי דאָך אין דינסטן-צימער געפינען עמעצן, פאַר וועמען זי וועט קאָנען ווייניקסטנס אויסגיסן איר ביטער האַרץ

מאַריע, דאָס דינסטמיידל האָט גערייניקט דער מאַדאַמס מיט בריליאַנטן באַזעצטע שיך. לוזי האָט געגאָסן קאָניאַק פון אַ גרויסער פלאַש פאַר הונדערט פיפציק פראַנק אין דעם הונ־ טערוויער אַ באַגילדעטער רייזע-פלעשל און איינגעשטעלט עס סין אַ וואַליזקע. מאַדאַם אַנדרע האָט זיך אוועקגעזעצט מיט אַ פאַרקלאָגטער מינע.

— איך זע שוין אויף אייער פנים, — האָט געזאָגט דער הויזדינער, מאַכנדיק אַ פיינעם לחיים פון קאָניאַק פאַרן פאַרקאָרקעווען די פלאַש. — די אַלטע האָט אייך שוין ווידער געמאַכט אַ פיינעם מי-שברך ...

— זאָל זי זיך רייסן וויפל איר האַרץ גלוסט, האָט געראַטן דאָס דינסט-מיידל.

זי האָט אַ שטעל געטון די שיך אונטערן עלעקטרישן פּייצער און זיך צוגעקוקט ווי די מאַשין אַרבעט.

— די גבירים זענען, קודם-כל אַלע גרויסע גויסהוורכן, —
— האָט [illegible] געטון.

מאַדאַ[illegible] ...דרע האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ:

— בעת איך קלער [illegible] גן דעם, אַז איר צוליב האָב איך זיך געלאָזט אויפשני[illegible] ן דעם בויך און [illegible] איצט [illegible]ט זי מיך דערפאַר [illegible]וס [illegible] האָב זיך נישט, אנשטאט אי[illegible]ר, געלאָזט אראָפּנעמען די ברוסט!... פונקט ווי איך אַלט געווען ש[illegible]לד ק [illegible]ס, נישט געקוקט אויף אַלע מעדיציניסע מיטלען און אויף די גרויסע געלט-סומען, [illegible] זי וואַרפט אַרויס כדי יונגער צו ווערן זעט זי אוי[illegible] ווי אַן אַלטער זאַק!

מאַריע האָט זיך בז[illegible]קאָכט, אַז [illegible] אי, נישט קענענדיק בשום אופן גלויבן אַזא זאַך, האָט זיך צעשריגן אויפן קול:

— איז עס הייסט ע[illegible] אמת, אַז איר האָט זיך צוליב [illegible] געלייגט אונטערן מעסער? מאַריע האָט עס מיר דערציילט, איך האָב עס אָבער געהאַלטן [illegible] אַ וויץ!

ווי פאַרטעמפּט די ה[illegible]קע מענטשן זענען נישט געווען, צו קוקנדיק זיך טאָג איין טאָג אויס צום שרעקלעכן אויסגעל[illegible]ס[illegible] לעבן פון זייערע בעלי-בתּים — ווי אָפּגעשטאָרבן ס'איז נישט געווען ביי די דאָזיקע הויז-דינער דער ד[illegible]רשט פון אומאָפּהענגיק[illegible]קייט, דער געשמאַק צום נאַטירלעכן און פּשוטן, — האָבן זיי דאָך דאָסמאָל נישט געקענט באַהערשן זייער צאָרן...

גליקלעכע דערמיט וואָס מאַדאַם אַנדערע, וועלכע האָט כלומרשט פאַרנומען צווישן זיי דעם אויבנאָן, האָט זיך גרויס געוויזן אַ סך אונטערטעניקער פון אַלע איבעריקע, האָבן זיי איר געצוווּנגען צו רעדן... און זי האָט אויפגעדעקט פאַר זיי דעם גאַנצן שמוץ, די גאַנצע נידערטרעכטיקייט פון זייערע ברויט-געבער. לואי און מאַריע האָבן איצט אויך אויסגעגאָסן זייער לאַנג באַהאַלטענעם צאָרן אויף די קעפּ פון די צעווילדעוועטע דעספּאָטן, וואָס באַרעכטיקן זייערע שענדלעכע מעשים דורכן אָפּצאָלן פאַר זיי דעם גראָשנדיקן לוין. „און דידאָזיקן לייט, פאַרשווענדן מיליאָנען אויף זייערע קאַפּריזן. יאָ! טערוויער דער פאָטער, די מוטער, די קינדער. אַ שיינע משפּחה!

פלוצלינג האָט זיך דערהערט אַ קלינג. אלע דריי זענען צוגעלאָפן צום טעלעפאָן. פרוי סערוויערס שטימע האָט געקלינגען אזוי שארף, פונקט ווי זי וואָלט זיך געפונען דאָ אין צימער:
— מאַריע! לאָזט אריין פרוי בּרונאַט און קומט גלייך מיך אָנטון.
אין איין מאָמענט האָט זיי די ווינדע ארויפגעטראגן ביז טיר פון קליינעם זאַל נעבן דער מאַדאַמס-צימער...
— קומט אריין, פרוי בּרונאַט, האָט זיך געהערט אַ הויכע שטימע. איר וועט מיר דערציילן וואָס ס'האָט אייך אהער געבּראַכט, און מאַריע וועט מיר דערווייל פאַרשפּילן דאָס קלייד. איך אייל זיך שרעקלעך.
שטאַרק צעטראָגן, אָבער מיט אַ דעצידירנדן אויסדרוק אויפן געזיכט, האָט זיך די פאַ־וויאָלטעריין פון סערוויערס פערמע — אַ פויערטע, אָן אויסגעפּוצטע אין אירע יום-טובדיקע קליידער — געזעצט אויפן סאָפע און אַ ווײַלע געשוויגן. איר האָט ושענירט דאָס באַגילדעטע מעבּעל און די אנוועזנהייט פון אַ דריטן פּערזאָן:
— איך האָב געוואָלט...
— רעדט, רעדט, פאַר מאַריע האָב איך נישט קיין סודות.
זי האָט איר אַ שלעפּ געטון פאַר די האָר — אלס באַווייז פון איר צוטרוי, אָבער אזוי שטאַרק, אַז מאַריע האָט פּראָטעסטירט מיט אַ שמערצלעכן אויסגעשריי: „אוי!"
— ס'מאַכט נישט אויס. איך הער אייך.
פרוי בּרונאַט האָט זיך אָנגענומען מיט מוט און גערעדט:
— איך בין אייך געקומען בעטן אַ הוספה, מאַדאַם. שוין נוויי חדשים ווי מיר וואַרטן אויף אייער ענטפער. איר טוט אַלץ וואָס מיר קאָנען. די בהמות זענען אין בעסטן צושטאַנד. מיין מאַן אַרבּעט שווער און ביטער, קיין געהיי׳ף ווילט איר אים נישט געבן... לענגער קאָן עס אַזוי נישט בּלייבן!
זי האָט אָפּגעהאַלטן איר גאַנצע רעדע מיט איין אָטעם, נישט אנקוקנדיק אפילו מאַדאַם סערוויער. די גנעדיקע פרוי איז נעווען אויסגער זיך — אַזאַ חוצפה, און פאַר דער דינסט אין די אויגן! —

די „מאַלפּע" האָט אויסגעגלייכט איר צוגעזעסן געשטאַלט און פאַרקריצנדיק מיט די ציין אויסגערופן:

— וואָס? וואָס אזוינס?

— מיר זענען דאָך נישט קיין בהמות. פאַר אונזער אַרבעט באַקומען מיר נישט באַצאָלט. די מאַדאַם ווייסט עס אַליין גאַנץ גוט.

— וואָס? אַ פיינע וווינונג פון פיר צימערן, און גרינסן וויפל אייער האַרץ פאַרגלוסט! בעט דאָרט אין אייער געגנט זענט איר געלעגן אין אַ שטאַל, געליטן הונגער און נויט! און איצט באַקדעם ווי איך האָב אייער שוואַגער פאַרשאַפט אַ שטעלע ביי מיינע גוטע פריינט! און איר זענט נאָך אומצופרידן!

— דאָס שטערט אבער אַלץ נישט דעם וווּקס פון יקרות, דאָס לעבנסמיטל ווערט פון טאָג צו טאָג טייערער. פאַר מיר צוויי הונדערט פראַנק מער איז אַלץ, ביי אייך שפּילט עס גמרי קיין שום ראָל נישט. אז מען איז אזוי רייך!

— רייך... לאנג קאָן מען זיין רייך מיט אזעלכע קבצנים ווי איר! איר האָט גראָד געטראָפן אין פּינטל!... אט, איר זעט דאָרט דעם פעלצמאַנטל, פון רחמנות וועגן מוז איך אים אָפּ-קויפן. איר ווייסט וויפל מ׳בעט פאַר אים?... איך שעם זיך האָס אַרויסצוברענגען פון מיין מויל. אַ משוגענער ציפער!... ניין, ניין, פרוי ברונאַט, וועגן אַן הוספה קאָן גאָר קיין רייד נישט זיין. אפשר אין אַ צייט אַרום. דערווייל קאָנט איר אויף דעם נישט רעכענען. פריער מוז איך אָפּשאַרן געלט!...

פרוי ברונאַט איז רויט געוואָרן פון כעס און אויפרעגונג; קוקנדיק דאַסמאָל איר ברויטגעבערין גלייך אין די אויגן אַריין, האָט זי געזאָגט:

— ווי איר פאַרשטייט, מאַדאַם. איר וועט זיך באַקלערן. אָדער איר וועט אונז דערלייגן, אָדער מיר גייען עגדע מאָנאַט אַוועק. ווי אייער גוטער ווילן וועט זיין. סוף וואָך דאַרפן מיר האָבן אַן ענטפער. זאָל זיך דער מאַדאַם דובטן, אַז פון רחמנות וועגן האָט זי פאַרן מאַנטל באַצאָלט עפּעס מער!...

רעדנדיק האָט זי זיך אונטערוויילעכץ צוגערוקט צו דער

טיר, און איידער מאַדאַם סטרוויער, אַ צעקאָכטע, האָט נאָך באַוויזן צו עפענען דאָס מויל, איז זי שוין געווען פון יענער זייט, און פאַרשווונדן געוואָרן מיט אַ פאַראַכטונגספולן גרוס... מאַריע האָט אין הארצן געקוואַלן, ממש צעגאַנגען פון נחת: אַ דרייסטקייט פון אַ פויערטע, צום באַוווּנדערן!

— ס'אַרא חוצפה! איר האָט געהערט ווערטער? זי נוצט אויס דאָס וואָס מ'דאַרף זיי האָבן! אָך! ס'אַרא פאַרדאָרבענע וועלט!

אַ פּלוצלינגער חשבון, וועלכן זי האָט געמאַכט אויסנווייניק גלייך אויפן אָרט, האָט אָבער באַלד באַרויקט איר ערשטע אויפרעגונג. די גיריקייט, דאָס קמצנות האָט באַהערשט דעם באַלייזיקטן שטאָלץ: די ברונאַטס זענען ווערט גאָלד! מ'האָט זיי טאַקע אייגענטלעך געדאַרפט געבן אַן הוספה. די פּראָדוקטן פון סערעסנעס, האָבן זיך אויסגעצייכנט אויף אַלע אויסשטעלונגען. האָבן נישט נאָר שטאַרק באַפרידיקט איינע פון באַנקירס מאַניעס, נאָר זענען אויך גלייכצייטיק געווען דער שטאָלץ פון זיין טיש.

— אָט בין איך פאַרטיק. מיין הוט, מיין שלייער, מ'קלינגט שוין ווידער, וואָס איז געשען? טוט נאָר דאָרט אַ פרעג.

מאַריע האָט אָראָפּגענומען דאָס רערל פון דורזיכטיקן טעלעפאָן. אין פראָזשעקטאָר האָט זיך באַוויזן לואיס געזיכט. זי האָט איבערגעגעבן:

— דער הער מיניסטער איז אין קליינעם זאַל צוזאַמען מיט פרוי מאַרסוי און בעט, אַז די מאַדאַם זאָל אַזוי גוט זיין אַראָפּקומען.

— איך קום גלייך. לייגט אריין דעם מאַנטל צוריק אין שאַכטל, מאַריע, און טראָגט מיר אים אונטער. אבער פאָרזיכטיק! מיט רעספּעקט, מיין קליינע. ער האָט דעם ווערט פון 200,000 פראַנק, איר דאַרפט עס נישט פאַרגעסן.

וועלקלייגנדיק דאָס טייערע פּעקל אויף אַ טאַבורעט, האָט זיך מאַריע תיכף אָפּגעטראָגן. אמת, נישט גערן... ס'האָט זיך איר שטאַרק געוואָלט אסיסטירן ביים דאָזיקן האַנדל. דער הער מיניסטער האָט געשמייכלט: זיין געוויינלעכע טריאומפירענדע מינע

בעת אים פלעגט זיך איינגעבן אפּצוטון עמעצן אַ שפּיצל. לעבן דעם גראָבן פּאָטער מיט זיינע לאַנגע ווייסע וואָנסעס פון אַן אַלטן קאָטער, — אַ טיגער-קאַץ, — האָט די מאַדאַם, ווי זי זאָל זיך נישט בלאָזן — אויסגעזען ווי אַ געפּאַנגענע מויז, מיט צע-בראָכענע זייטן... עלענדע בריאה! פון אים האָט זי זיך טאקע געלערנט צו זיין אזוי גראָבהויטיק, ביי איר גאנצער ווייכקייט און אונטערטעניקייט פון אַ קראָליק...

אויב מ׳קאָן שוין נישט זען מיט די אויגן, איז דאָך אָבער דאָ אַ מעגלעכקייט צו הערן... דאָרט, אונטער דער טיר...

מאריע האָט זיך אַוועקגעשטעלט, מיטן אויער ביים שליסל-לאָך...

— אָ, די מאַלפּע רעדט... — „איך גיב אייך אָפּ צוריק אייער פעלץ, מאַדאַם, ס׳טוט מיר ווירקליך ווי, אָבער ער גע-פעלט מיר נישט..." אָ, די נידערטרעכטיקע, נאָר כדי אים צו האָבן וואס ביליגער!... דער מיניסטער: ס׳איז אָבער פאר-פאלן, מיין טייערע, איך האָב אים ביי פרוי מאַרסוי געקויפט... באַרויק זיך... דו מוזט זיך דעצידירן נישט בלויז אויף אַ גוט געשעפט, נאָר גלייכצייטיק אויך צו טון אַ גוטע זאַך". אַ גוטע זאַך, דער שווינדלער, ווערמען וועט ער עס איינרעדן... — פּלוצ-לינג איז געוואָרן שטיל. וואס איז געשען? אָ, די מויז שפּרינגט אונטער!

מאריע האָט קוים באוויזן צו הערן די מיט פארביטערונג ארויסגעזאָגטע ווערטער:

„ס׳בלייבט מיר נאָר אייך צו דאַנקען, מיין הער..." ס׳האָט זיך דערהערט אַ קלינג אין צימער פון שטוב-מיידל. מאריע האָט אונטערגעוואַרט, כדי מ׳זאָל מיינען, אַז זי קומט כלומרשט פון קיך און מיט אַ אומשולדיקער מינע אַן עפן געטון די טיר:

— באַגלייט דער דאַזיקער דאַמע

ווי נאָר די אָרעמע פרוי איז אַוועק — זי האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס, — איז מאריע ווידער אונטערגשפּרונגען צום טיר. און איצט נישט געקוקט אויף איר מיינונג: „אַז די-דאָזיקע לייט זענען פעיק אויף אלץ" — האָט זי דערהערט אזוינס,

אַז דאָס בלוט איז איר ממש פארגליװערט געװאָרן אין די אָדערן; זי האָט געבראָכן מיט די הענט און געמורמלט: „אָ, חזירים! חזירים!

די מאַלפּע, מיטן מאַנטל אויף די אַקסלען, האָט זיך גע־בלאָזן מיט אַ מינע פון אַ קייזערין ביים באַװעגלעכן שפּיגל פון מאַריע אַנטואַנעטע.

— יאָ, נישט שלעכט... פאַר דעם פּרייז!

זשאַן סערװיער, האָט זיך, אויף זיין געװײנלעכן שטייגער, געקראַצט אין קאָפּ. דאָס האָט געזאָלט הייסן, אַז ער איז שטאַרק פאַרטראַכט. דערנאָך האָט ער אָנגעהויבן קנאַקן מיט זיינע גע־שװאָלענע פינגער, דעפאַרמירטע דורכן אַטרעסיזם. מאַדאַם סערװיער האָט זיך ביי אים געבעטן:

— האָב רחמנות! דו װייסט, אַז איך קאָן עס נישט אי־בערטראָגן. דער דאָזיקער גערויש דערמאָנט מיר שטענדיק סקע־לעטן... דעם קױט האָסטו?

— מעגסט זיך שוין פאַרלאָזן. נאַ, לייען!

— פופציק טויזנט!... אַ װילדע מציאה! ממש אומגלויבלעך!...

אַזאַ שאַנשילע־מאַנטל האָט איצט דעם װערט פון...

— דריי מאָל הונדערט טויזנט.

זי האָט אים אָנגעקוקט מיט פאַרװוּנדערונג.

— איך האָב גערעכנט צװיי הונדערט טויזנט. װי אַזוי איז עס דיר געלונגען?

— אויף אַ גאַנץ פּשוטן אופן.

— איך פאַרשטיי נישט.

ער האָט דערקלערט:

— װען זיין פרוי זאָל קיין שכל נישט האָבן, װאָלט הער מארסוי שוין איצט, גלייך געזעסן ביי די הויכע פענסטער. באַ־צאָלנדיק איר פופציק טויזנט פראַנק פאַרן מאַנטל האָב איך קודם כל געגעבן די מעגלעכקייט אַ מענטש מיט לאַנגע הענט זיך צו רעהאַביליטירן, דערנאָך אָפּגעקױפט פון מיר מיט אַן אויפגעהוי־בענעם קאָפּ. װייל ביי מיר גלױבט מען נישט.

אַריינטראַכטנדיק זיך האָט זי באַדױערט:

— האָסטו, הייסט עס, רייגעוואַשן? אַ שאַנטאַזשיסט. אויב אַזוי האָבן מיר דאָך געקאָנט האָבן דעם מאַנטל איינגאַנצן אומזיסט... איך בלייב ביי מיינס. מיר זענען טאַקע צו גוט.

— מ׳מוז זיין אַביסל טאָלעראַנט צו מענטשלעכע שוואַכקייטן, — האָט ער דערקלערט, פאַרשווייגנדיק, נאַטירלעך, וועגן דעם, אַז מאַרסוי האָט געוווּסט פון צופיל סודות און ס׳איז געוועזן צו ריזיקאַליש אים האָפערדיק צו באַזייטיקן.

בעת זי האָט איינגעלייגט דעם מאַנטל, האָט ער צוגעגעבן:

— איך גיי, מיטאָג־צייט וועסטו נאָך מיר קומען אין מיניסטעריום...

ער איז געווען שטאַרק צופרידן מיטן קורצן אויספלוג נאָך דער שווערער רייזע קיין ניו־יאָרק... פינף טעג אויף דער פלאַזשע פון ראָיאַט מיט זיין פרוי, די קינדער האָבן בעסער געוואָלט בלייבן אין גאַרשעס.

— יאָ, פאַרגעס נישט דערמאָנען מאַריסען זי זאָל זיך האַלטן פריינטלעך מיטן קליינעם זשאַקמען, זי האָט אים היינט איינגעלאַדן צו מיטאָג... איך האָב איר געגעבן געוויסע אינסטרוקציעס.

— נאַטירלעך, דיין צוטרוי, דיין גאַנץ אויפמערקזאַמקייט, אַלץ איז איצט פאַר מאַריסען... אייפערזיכטיק צו דער שטאַרקער איבערגעגעבנהייט פון פאַטראָן צו זיין ליבלינג, ליידנדיק פון דער ווײַטערדיקער שיינקייט פון איר טאָכטער, בעת זי אליין וועלקט פון טאָג צו טאָג — האָט איר דער שטאָלץ דיקטירט דידאָזיקע געפילן שטאַרק צו באַהאַלטן. דעריבער האָט זי זיך באַגנוגנט אים אַ פרעג צו טון בלויז מיטן בליק. ער האָט אָבער תמיד געהאַלטן פאַר נייטיק זיך נישט צו טיילן מיט איר וועגן קיין שום אנגעלעגנהייטן. און די פּאָליטיק איז געווען דער שליסל פון אַלץ... אויפן טעראַסע, פאַרן באַלקאָן־פענצטער האָט זיך שטיל אַראָפּגעלאָזן אַ קליינער עראָפּלאַן. ער האָט אַ קוש געטון זיין פרוי אין שטערן:

— צו דער באַשטימטער צייט, מיין דיקע.

פאַרבייגייענדיק האָט ער ווידער אַ גלעט געטון דעם שיינעם פעלץ־מאַנטל:

— אַ טערקווירדיק געלונגענע קניה!

4.

– גיט נאָר אכטונג! דער קלייגער עולם איז שוין ווידער דאָ!

מעריאַנצ איז ווירקלעך געשטאַנען אויפן שוועל פון דער אַטעליע. מאַריסע איז צוגעגאַנגען צו איר!

– שוין צום דריטן מאָל זאָג איך עס דיר; איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט אַרויפקומען אין מיין וווינונג. זיץ אונטען, ביי זיך.

– ווייל דו ביסט אַ מרשעת!...

– און אויב דו וועסט מיך נישט פאָלגן, טעלעפאָניר איך צו דיין „מיס" זי זאָל דיך איינשליסן!

די קליינע האָט אַ טופּע געטון מיטן פוס:

– אָבער איך בין געקומען בלויז דיר צו זאָגן...

– גיי שוין אַראָפּ צוריק און שפּיל זיך מיט דיינע קוזי-נעס! דו זעסט דאָך, אַז איך האָב געסט...

– דיר איבערצוגעבן, אַז די מוזיקאַנטן גייען שוין. איך האָב זיי געזען דורכן פענצטער.

ביי דידאָזיקע ווערטער, האָט די באַנדע, וואָס איז געלעגן אויסגעצויגן אויף די סאָפעס, מאַניפעסטירט אויפן קול זייער פרייד גוי ווילדע חיות און גלייכצייטיק אָנגעהויבן באָמבאַרדירן איינער דעם אַנדערן מיט קישנס. מאַריסע האָט קאָמאַנדעוועט: „גענוג שוין, גענוג!" און ווידער דראָענדיק זיך געווענדעט צו דער שוועסטער:

– דו האָסט בלויז געדאַרפט הייסן, אַז לואי זאָל מיר טעלעפאָנירן. דו ביסט דאָך נישט זיין געהילפין, אויף וויפל איך ווייס. מיר גייען איצט איבער אין פּאַלאַץ. איך פאַרווער דיר אויפן שטרענגסטן אופן אהין צו קומען, אויב דו ווילסט נישט ווערן באַשטראָפט...

– אָבער דו גייסט דאָך אויך אהין! דער מאַמעס הויז איז אזוי גוט מיינס ווי דיינס.

– דער פאָטער און די מוטער האָבן מיר דערלויבט אויפצונעמען דאָרט מיינע געסט, אויסערדעם, וועסטו צייט האָבן צו זאָגן אַ דעה, אַז דו וועסט זיין אַ גרויסע. איך בין די עלטערע, און דו האַלט דאָס מויל.

מעריאַנע האָט געכאַפּט שכל און זיך גערוקט צו דער טיר:

– נישט צוליב דעם וואָס דו ביסט די עלטערע, האָסטו גרעסערע רעכט פון מיר! אָבער דערפאַר וואָס דו טרייבסט מיר ארויס, וועל איך דיר נישט אָפּגעבן דאָס גאָלדענע קעסטעלע, וואָס איז דיר אזוי געפעלן, דאָס קליין, שיין קעסטעלע וואָס איך האָב באַקומען פון פּרינץ גימאַרד...

– גוט, האַלט זיך דערמיט, אָבער טראָג זיך אָפּ!

אַ צעקאָכטע איז די קליינע אַראָפּ פון די טרעפּ קלאַפּנדיק, אַלס פּראָטעסט, מיט די אָפּצאַסן. אויפן ערשטן שטאָק האָט זי זיך אָפּגעשטעלט, נישט וויסנדיק וואָס צו טון. גיין צוריק צו אירע געסט, צו אירע קוזינעס? זיי זענען שרעקלעך נישט אינטערעסאַנט. כמעט מיט איר אין איין עלטער, האָט אָבער מעריאַנע געקוקט אויף זיי ווי אויף קינדער, איבערהויפּט היינט, בעת דאָ זענען געווען דערוואַקסענע, און אַזעלכע פריילעכע. זשאַן דע ראַנסי, ער איז איר באַזונדערס געפעלן, און לואיזע בע-לאַט, שטענדיק אזוי קאָמיש, און די דריי הובערטס! זי האָט געהערט זייערע קולות, זייער געלעכטער... אַ פאַרטראַכטע האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אויפן פּאַרלעצטן טרעפּל פון די שטיגן און געקנעפּלט די שיך. ניין, צו די קליינע גייט זי נישט מער, פאַר קיין פאַל נישט. די גרויסע וועלן זיך באַלד צעראַנלאָזן פון די טרעפּ דירעקט אויף די טעראַסן... דער גערטן, הייסט

עס, איז פאר איר דער גרעסטער אבסערוואציע פלאץ. צופרידן פון איר איינפאל, האט זי זיך א לאז געטון אהין, שפרינגענדיק פון איין פוס אויפן אנדערן.

דאס נארמאנישע הויז, די רעזידענץ פון מאריסען און מעריאנען, איז געווען סעפארירט פון שלאס דורך א ברייטן וואל, באפלאנצט מיט שלאנגלדיקע רויזנשטאקן און ארומגעשניטענע ביימלעך. לכתחילה איז עס געווען די פרינציפיעלע וווינונג פון בארא̈ן גופא. אין יאר 1918 — אין א מאמענט ווען דער אויפגערעגטער עולם האט ווידער אנגעהויבן אנטלויפן פאר א כלומרשטער דייטשער אינוואזיע — האט זשאן סערוויער געקויפט דאס דאזיקע הויז צוזאמען מיטן דערבייאיקן באדן פאר א שבוש, ממש פאר גראשנס.

א טיפישער סוחר, געבוירן אין דרום־פראנקרייך, איז ער פון א קליינעם עקספארט־אגענט אין משך פון די פרוכטבארע קריזיס־יארן אויסגעוואקסן צו א גרויסן אימפארטער פון די פארשידנארטיקסטע שפייז־ארטיקלען. א דאנק א געלונגענעם אפמאך האט ער אין א קורצער צייט אנגעזאמלט מיליאנען.

מ׳מוז צוגעבן, אז אין א געוויסן זין האט ער זיך אויסגעצייכנט מיט זיין העלדישקייט. א צייט נאכאנאנד האט ער געטרונקען און איינגעאטעמט פארשידענע גיפטן, ארויסגערופן א צייטווייליקע הארצשוואכקייט, כדי זיך ארויסצודרייען פון קריגסדינסט. ערשט דאן האט ער באקומען די מעגלעכקייט צו נעמען א גרויסן אנטייל — אין שיבער־קריג. די מיליאנען זענען געוואקסן פון טאג צו טאג, די סערוויער־באנק איז געווארן איינע פון די גרעסטע, האט דערווארבן פראכטפולע געביידעס אויף די גאסן קאסטיליאן, מאן־טהאבאר און ריוואלי. אין דערזעלבער צייט האט ער אין גארשעס אויפגעבויט לויט אן אולטרא מאדערנעם פלאן דעם פראכטפולן שלאס, וואס זיינס גלייכן געפינט זיך ניטא אין גאנץ פראנקרייך. נעבן דעם דאזיקן וואנדערפולן פאלאץ האט דאס נארמאנישע צווייסטאקיקע הויז, וואס ער האט געלאזט פאר זיינע צוויי טעכטער, אויסגעזען ווי א קליין דארפיש שטיבל.

מאריסע האט גענוצט פאר זיך דעם צווייטן שטאק מיט

זיין אומגעהייער גרויסע אַטעליע. געמיינזאַם מיט דער שוועסטער האָט זי בלויז געהאַט די זאַל און דאָס עס-צימער אונטן אויפן פּאַרטער. אויף דעם אויבן האָבן זיי געוווינט לגמרי סעפּאַרירט. יעדע האָט געהאַט איר שטוב-מיידל, וועלכע איז דורך זיי אויפן שרעקלעכסטן אופן טעראָריזירט געוואָרן. אַן ענגלישע „מיס" האָט פאַרוואַלטעט מיט דער גאַנצער ווירטשאַפט. פאַר מערי׳נען איז עס געווען אַ גרויסער יום-טוב, וואָס זונטאָג און דאָנערשטאָג פלעגט מען געוויינלעך עסן מיטאָג אין שלאָס. דאָ האָט אַלץ פונקציאָנירט עלעקטריש. אין צענטער פון דער האַלע איז געשטאַנען אַן אומגעהייער גרויסער, אָוואַלער טיש פון גלאַנצעדיקן האָלץ. די מאַמע האָט אין דערשטיל אַ דריק געטאָן עפּעס אַ קנאָפּ, דער פלאַטער פון טיש פלעגט זיך מאָמענטאַל אַראָפּלאָזן און באַלד ווידער דערשיינען געדעקט מיט פאַרשידענע געריכטן אויף פּרעכטיקע טעלער און טאַצן. דאָס סערווירן פון די וויינען איז אויך געווען זייער אינטערעסאַנט: די וואַסער-קאַראַפן און די פלעשער ברויזנדיקן שאַמפּאַניער זענען געשטאַנען רעכטס און לינקס פון די גלעזער. און דער אונטערהאַלטונגס-זאַל מיט זיין רעדנדיקן קינאָ; די בודוארן, די ספּעציעלע טאַנץ-צימערן, דער באַסיין פול מיט פּאַרפּומירט וואַסער! אָבער דאָס איז נאָך נישט געווען אַלץ, אונטן אין דער סוטערינע. דאָרט זיך געפונען די באָד-אַנשטאַלט מיט איר גרויסן שווים-באַסיין...

דאָס דאָזיקע אָרט האָט באַזונדער געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון די קינדער, איבערהויפּט דערמיט, וואָס אַ צייט לאַנג האָט מען שטאַרק באַהאַלטן פאַר זיי זיין ספּעציעלע באַשטימונג. כּלומרשטע דאַמף-בעדער-פּאַרטיעס, צו וועלכן מ׳פּלעגט אין באַשטימטע טעג איינלאַדן אָנגענעמע גוטע פריינט פון מאַן אָדער פון דער פרוי. יאָרן לאַנג זענען זיי געווען פאַרשכורט פון זייערע תאווה-געפילן, ראַפינירטע אויפן העכסטן גראַד דורכן לוקסוס-שגעון. שפּעטער זענען זייערע כלאַכטשע אייגנשאַפטן ביסלעכווייז פאַרטושט געוואָרן, און זיי האָבן אָנגעהויבן יעדער באַזונדער נאָכצוגיין זייערע תאוות.

אין דערדאָזיקער שולע איז מאַריסע אויסגעוואַקסן. ווי אָפט

קומענדיק זאָגן דער מאַמען „גוט מאָרגן״ פלעגט זי איר געפונען אַרומשפּאַצירנדיק מוטער־נאַקעט איבער די צימערן, נישט פאַר־פראַכטנדיק זיך לגמרי מכּח דעם, וואָס ס׳קלפּערט וועגן איר די דינערשאַפט מענער און פרויען. לכתחלה איבערראַשט, האָט זי זיך אָבער דערצו גיך צוגעוווינט, אויף אזוי פיל, אַז צו אַכצן יאָר — פונקט אין דעם עלטער בעת די מאַלפּע האָט פאַרלאָזט איר געבורטס־פעדמע און זיך אוועקגעלאָזט אויף אירע ערשטע דעביוטן — האָט מאַריסע גאַנץ נאַטירלעך נאָכגעמאַכט איר מאַ־מען מיט אַלע פּיטשעווקעס...

בעטנדיק ביי די עלטערן אַן ערלויבניש אויפצונעמען אי־רע פריינט אין שלאָס, האָט זי, נאַטירליך, פאַרשוויגן אין וועלכע צימערן ס׳וועט פאַרקומען די פּאָרוויילונג. זי האָט פאַרויסגעזען זייער עמפּערונג, פאַרשטאַנען, אַז זיי וועלן אויפהייבן אַ ויצעקו, די עלטערע האָבן איר געהאַלטן פאַר אומשולדיק. בנוגע זיך גופא האָבן זיי באַרויקט זייער געוויסן דערמיט, וואָס פאַר דער וועלט האָבן זיי כּלומרשט רעספּעקטירט אַלע נייטיקע קאָנווענציאָנעלע שקרים.

— גרויסאַרטיק! פּראַכטפול! — האָט אויסגערופן לואיזע באַר־לאַט.

זיי זענען ארויס פון אַ קינאָ־סעאַנס. מאַריסע האָט ספּעצי־יעל פאַר זיי געבאָרגט ביי איינעם פון איר פּאָטערס פריינט אַ געוויסן פילם אונטערן נאָמען: „די סודות פון קלויסטער״. צע־היצטע און פאַרמאַטערטע האָבן די צושויער געשפּירט אַ באַדער־פּעניש אין לופט, אין באַוועגונג... זי האָט געגעבן אַ באַפעל די מוזיקאַנטן, — דער קליינער אָרקעסטער איז געזעסן אונטן אויף אַ גאַלעריי. פון וואנען מ׳האָט זיי נאָר געהערט, אָבער זיי האָבן קיין זאַך נישט געקאָנט זען. זיי האָבן אָנגעהויבן אַ בערקייזע. און די פּאָרלעך האָבן זיך שוין געדרייט. איין לואיזע באַרלאַט איז גע־ווען אונצופרידן:

— מ׳גייט זיך נישט באַלד אַביסל „דורכפּאַרן״? דאָס וואָלט מיך אפשר אויפגעפרישט... דיין פילם האָט מיר צעררייבט מיינע נערוון.

— תיכף, תיכף. טאנץ זיך נאָר פריער דורך מיט מיר די בערקייזע.

מאריסע האָט איר אַ שלעפּ געטון און זיך אָנגעהויבן דריי־ען. זשאן דע ראַנסי האָט ארומגעכאַפּט דער עלטערער הובערט, אָבער שוין ביי די ערשטע טריט, דערזעענדיק איר שוועסטער אין די אָרעמס פון זשאַן הובערט, האָט זי זיך געשווינט ארויס־געריסן:

— פארצייט מיר, איך וויל בעסער אַ מאַנספערשוין. זשאַן האָט מער... פּינקטליכקייט פון אייך. מיין שוועסטער וועט מיך פאַרבייטן, זי איז נישט ערגער פון מיר.

ער איז געבליבן שטיין צעטומלט, געקוועטשט מיט די בארקעס און עפּעס געמורמלט אונטער די ציין. דער־נאָך האָט ער אָנגעהויבן זוכן מיט די אויגן דער יונגערער. זי איז פארשוואונדן געוואָרן! באַלד האָט ער איר געפונען אין איי־נעם פון די בודואַרן, אויסגעצויגן אויף אַ סאָפע... נאָך אַלעמען געפעלט זי אים טאַקע בעסער ווי יענע, — דער קאָזאַק! די יונגערע, נישט פיינט האָבנדיק די... פּינקטליכקייט, פארמאָגט מער ניואַנסן. און קוים באגייט מען זיך מיט איר פאָרזיכטיק, נישט ארויסווייזנדיק קיין צו שטאַרקע נייגונג...

— לאָמיר ענדיקן די בערקייזע, איר ווילט?

זי האָט זיך געצויגן:

— שפּעטער אביסל. די קומענדיקע אויב איר ווילט.

זשאַן, אַ מיטשולדיקער, האָט זיך אוועקגעזעצט לעבן איר ער האָט נישט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן פון אירע פיס, וואס האָבן זיך ארויסגעזען פון דעם קורצן קלייד. הובערטע האָט דערשפירט, ווי אונטער דידאָזיקע בליקן כאַפּט איר ארום עפּעס אַ מין משונהדיק געפיל.

— פון וואנען האָט איר אייער זאָקן? זיי זענען גאָרנישט מיאוס.

איר האָט זיך שטאַרק געוואָלט ער זאָל געניויער קאָנסטאַ־טירן זייער פיינע קוואַליטעט. דער סוחר אין אים האָט אָבער פּאַראַליזירט דאָס געפיל פון צערטלעכקייט. אַנשטאָט אָפּצושאַצן די

קאַפּריטשעס איז ער געזעסן און האָט אויסגערעכנט וויפיל ס׳איז ווערט די זייד, דענערווירט, האָט זי געפונען. אַז ער איז אַ גרויי-סער שוטה, מיט אַ מינוט פריער איז ער איר געפעלן. זי האָט איס געוואָלט רייצן מיט איר אָפנהערציקייט:

— אַ מתנה פון מיין ליבהאָבער.

ער האָט זיך דערמיט נישט איבערגענומען און רויק, מיט אַ טאָן פון אַ געניטן כוחר ווייטער גערעדט:

— איר האָט דאָך קיין אַנונג נישט וויפיל זיי זענען ווערט!

— וואס גייט מיר אָן דער פרייז. ער צאָלט דאָך!

— איך וואָלט אייך אָבער געקאָנט פאַרקויפן, וואונדערבאַרע זאַקען, אַ סך שענערע ווי די — ער האָט געטאַפּט... מיט ענגלישע שפּיצן — ווי ס׳האָט געטראָגן די קעניגין וויקטאָריע איך וועל אייך זיי ווייזן... זיי פּאַסן פּונקט פאַר אייך.

די לעצטע טענער פון דער בערקייזע האָבן זיך אָפּגע-האַקט, באַלד האָבן זיך דערהערט די קלאַנגען פון אַ נייעם טאַנץ מיט אַ לוסטיקן ריטם, און די פּאָרלאַך זיינען מאָמענטאַל אויפגע-שפּרונגען פון די ערטער. די ערשטע האָט די יונגע הויקערטע אַ כאַפּ געטאָן איר טענצער זשאַנ׳ן:

— אַ כּפּרה טאַנגאָ. איך שטאַרב אָוועק דערפאַר...

זיי האָבן געשוועבט אונטער די טענער פון אָרקעסטער, ווי אַ מאַסע בלעטער געבלאָזן פון ווינט. דער ריטם איז פון מאָמענט שטאַרקער געוואָרן. אונטערן ווילדן טעמפּאָ פון טאַנץ זיינען דידאָזיקע יונגע מענטשן אריין אין אַ מין עקסטאַז, און צעמאַטערטע, תאוה-שכורע סוף-כּל-סוף געפאַלן אין אַ מיש מאַש אויף די סאָפעס.

— אוי! איז מיר הייס! איך ווער דערשטיקט, — האָט א זאָג געטאָן לואיזע באַרלאַט. איך, קינדער, וואַרף אַראָפּ פון זיך מיין קלייד! מ׳פילט זיך בעסער אין קאמבינאַציאָן וועמען ס׳שאַ-קירט זאָל ניט קוקן.

געזאָגט און געטאָן. אַראָפּלאָזנדיק דעם ראָק דורך די פיס, האָט זי אים אויפגעהויבן און צוזאַמען מיט דער בלוזע אַ וואָרף

געטאָן אין אַ ווינקעל פון צימער. ס'האָבן זיך דערהערט אויס-רופן:

— זי איז צעדרייט!

דורך די דורכזיכטיקע העמד-הויזן האָט זיך דערזען דער קערפּער מיט זיינע אומרעגעלמעסיקע גלידער און טונקעלע ליניעס.

לואיזע האָט זיך כּלומרשט געוואונדערט און נאַיוו אַ פרעג געטאָן:

— וואָס, איר געפינט, אַז איך זע אויס קאָמיש? נישט געמאַכט ווי איר אַלע?... — זי האָט זיך ארומגעקוקט אין אַלע זייטן — ...אָה! איך זשענירט מיין פּאַסעק, מיינע זאָקן, גוט, איך נעם זיי גלייך אַרונטער, איך וועל טאַקע אויסזען בעסער.

— מיר אויך!

און די דריי דובערטס זענען שוין גרייט געווען זיך אויס-צוטון, אָבער מאַריסע האָט זיי אָפּגעהאַלטן:

— טוט עס נישט, איך בעט אייך... לואיזע! וואַרף אוועק יענע שטיק... מ'וועט דיך זען אין גאַנצן, דו ווייסט!

— דו ווילסט טאַקע נישט, אַז איך זאָל טראָגן אַ פּאַרטוך ווי מיין באָבע?

— ניין, אָבער איך וויל אַז דו זאָלסט זיך צוריק אָנטון, ווייל איך וואַרט אויף עמעצן.

— אויף וועמען, אויף וועמען?

— איר ווייסט אַלע אויף וועמען. אויף קלויד זשאַקמען.

— איר ליבהאָבער.

— אמת, האָט געזאָגט לואיזע, איך האָב עס לגמרי פאַר-געסן! אויב אַזוי האָסטו טאַקע געדאַרפט איינלאַדן מיינעם אויך! זיין פריינט בלאַנשעט! דערווייל אבער, כּל זמן יענער איז נישטאָ וועל איך זיך באַגנוגנען מיט דיינעם.

בעת די יונגעלייט, אויסנוצנדיק דעמדאָזיקן ביישפּיל, האָבן אראָפּגעוואָרפן פון זיך די מלבושים, האָט לואיזע באַרלאַט אַ נעם געטון פויל דע לאָמ'ס מאַרינאַרקע, אָנגעטון איר אויף דער לינ-קער זייט און גאוהדיק אַרומשפּאַצירט איבערן צימער:

— ווי מיינט איר, איך וועל אים געפעלן?

אלע האָבן זיך צעלאַכט און אין דעמזעלבן מאָמענט האָט דער דינער מיט שטאָלץ געמאָלדן:

— הער קלויד זשאַקמען-רעמבאַרט.

איבעררעשט פון דעמדאָזיקן אומגעריכטן פרייד-אויסברוך, איז קלויד א ווײַלע שטיין געבליבן און האָט זיך נישט אַנטשלאָסן ווייטער צו גיין. ווו איז געווען מאריסע צווישן דעמדאָזיקן בינטל משוגעים, וואס האָבן זיך דאָ געוואַלגערט אויף די סאָפּעס און געקייכט פון געלעכטער? ענדליך האָט ער איר דערזען, זי האָט גראָד אַ הויב געטון מיטן קאָפּ. זי האָט זיך באַמיט צו אים צו רעדן, זי האָט אָבער נישט געקאָנט מער ארויסברענגען ווי די ווערטער „אָ, לואיזע!“ דאָס לשון איז ביי איר אָפּגענומען געוואָרן יעדעס מאָל ווי נאָר ער האָט אויף איר אַ קוק געטון מיט זיין שטאָלצן בליק. פריילין בארלאט גופא איז געווען די ערשטע וועלכע איז, — באפרידיקט מיט איר ערפאָלג — צוגעגאַנגען צו קלוידן און אים דערלאַנגט די האַנט:

— זייט זיי, מוהל די קינדער! אַ גוטן אָוונט. וואס מאכט אייער פריינט זשאָרזשי?

דערנאָך האָט זיך ערשט מאריסע אנגענומען מיט מוט און אָנגעהויבן פּאָרצושטעלן. איר אָפנהערציקייט איז נישט געווען בכח צו פאַרטרייבן דעם איינדרוק פון דערדאָזיקער לעכערלעכער סיטואַציע. כלומרשט באַרויקט, האָט זי זיך אויסגעצויגן אויף אַ סאָפע אָנווייזנדיק אים אויף אַ פּלאַץ לעבן זיך. זשענירט האָט ער אַ נעם געטון אַ שטול און זיך אוועקגעזעצט.

ס'האָט געווייט אַ קעלט. עטליכע באַנאַלע אויסדרוקן. ער האָט זיך דערשפּירט לגמרי נישט אויפן אָרט אין דערדאָזיקער קאָרופּטירטער מענאַזשעריע און ער האָט באַדויערט וואָס ער איז אַהערגעקומען... ווי קאָן זי זיך באַגנוגנען מיט אַזאַ מין געזעלשאַפט?...

מאָריסע איז געווען גליקלעך, דערהערנדיק ווידער די קלאַנגען פון דער מוזיק.

— איר טאַנצט דאָך, יאָ?

— גאַפּירלעך.

די פּאַרלען, דערשפּירנדיק זיך ווידער פרײַ, האָבן זיך שוין געדרייט איינער נאָכן אַנדערן. ער האָט איר אַ נעם געטון פּאַר די פּלייצעס און געשפּירט ווי איר גאַנצער יונגער גוף גיט זיך איבער אין זיינע הענט. ס׳איז אַ גענוס צו האַלטן איר אַזוי אין די אָרעמס! מער האָט ער שוין קיינעם נישט געזען. ערנסט האָט ער נאָכגעפאָלגט דעם מוזיקאַלישען ריטם, מיט יעדן טריט דערשפּירט מער מוט און דרייסטקייט איר פעסטער צודריקן צו זיך, איינצואָטעמען דעם ריח־ניחוח פון איר פריזור, פון איר הויט. מאַריסע׳ס געזיכט איז געווען אַזוי נאָענט צו זיינעם, אַז ער האָט זיך געביסן די ליפּן, כּדי בייצושטיין דעם ווילדען פּאַרלאַנג אָנצורירן מיט זיינע ליפּן איר שמייכלענדיק מויל. בעת די מוזיק האָט זיך געענדיקט, איז ער געווען זיכער, אַז ער פאַרלירט דעם באָדן שוין אונטער די פיס.

— אַ קאָקטאַיל! — האָט זי אַ געשריי געטון. די באַנדע איז צוריק אריין אין האַזארד. צווישן איין טאַנץ און דעם צווייטן האָט דער אויטאָמאַטישער באַר כּסדר געגאָסן אויפן פייער דעם פלאַם פון זיין פאַרפּרווירענעם אַלקאָהאָל, און אונטערן איינפלוס פון דער ה׳ין און די צערייצטע תאוה־געפילן זענען זיי איצט אַלע געווען אַביסל בגילופנדיק. מאַריסע און קלויד האָבן איינער דעם אַנדערן באַטראַכט.

לשם העפלעכקייט האָט ער פון צייט צו צייט אויך איינגעלאַדן צום טאַנצן עמעצן פון די אָנוועזענדע דאַמען. אָבער זייער צרט אָפּגעבן זיך דעם מאַן אונטערן כלומרשטן איבערגעבן זיך דעם טאַנץ, האָט ביי אים ממש אַרויסגערופן אַן עקל. געשווינט איז ער דעריבער ווידער צוגעגאַנגען צו מאַריסען, וואָס איר האַלטונג האָט אים פּשוט אַנציקט. ער האָט נישט געוווסט, אַז זי געהערט צו יענער קאַטעגאָריע פרויען וואָס זייער קאַפּריז און מאָראַלישער פאַרדאָרבנקייט איז פעיק אויף אַלץ, אפילו אויף אָנצוטאָן אַ מאַסקע פון צניעות.

ער האָט געוואָרפן אַ בליק פון כלומרשטער פאַראַכטונג

אויף די דריי הובערטס, וועלכע זענען געווען שכור ווי לוט און האָבן געזונגען אַ ציניש קאַבאַרעט-לידל:

דאָס איז אונזער שטאָלץ
וואָס מיר קאָנען טרינקען
נישט זייענדיק קיין...

זיי האָבן אַקצענטירט יעדעס וואָרט, יעדער אות און פאַר ענדיקט מיט אַ פרייליכן אויסגעשריי. די יונגעלייט האָבן אונ־טערגעכאַפּט מיטן כאָר. זי האָט זיך אויסגעדרייט צו זיי מיט דער פּלייצע און, צוואַרפנדיק קלוידן אַ זיסן שמייכל, ווי זי זאָל אים פלומרשט בעטן אים אַנטשולדיקונג, זיך אָועקגעזעצט אויף אַ סאָפע צווינגענדיק אים דאָס מאָל זיך זעצן לעבן איר. קאָקעטי־רענדיק האָט זי אים בעטראַכט ווי גרויס ער איז:
— זעצט זיך אַביסל נענטער... און זאָגט מיר פאַרוואָס זענט איר אַזוי אומעטיק.
אומעטיק?... אפשר. פאַרוואונדערט אָבער אַ סך מער.
— איר קאָנט, הייסט עס, ווידער געפינען אייער קינדערשע נשמה?
— אָ, יאָ! בעת איך בין מיט מיינע נאָענטע, מיט מיינע אייגענע...
— ביי מיר איז פּונקט דער היפך! באמת מיט מיין מוטערס כאַראַקטער...
— אָבער זי האָט אייך דאָך ליב?
— יאָ... ווייניקער ווי אַ שיין קלייד.
— און אייער פאָטער?
— מער ווי מיין מוטער, הייניקער ווי זיין געלט... אָבער איך פאַרגעס, אַז איך רעד מיט אַ זון פון אַ פּאָליטישן קעגנער!
— דאָ, פריילין, בין איך בלויז, אויב איר דערלויבט עס, אייער פריינט... אַ פריינט... און איבערגעגעבענער.
— אָ! אָ! איר ווילט דאָך מיר דערמיט נישט זאָגן, אַז איר האָט מיך ליב?
— טאַקע יאָ! און זייער ערנסט מיטן גאַנצן יוגנט-ברען.

— איז עס אַ דערקלערונג? זייט פּאָרזיכטיק. מיר טאָרן נישט האָבן קיין שום געמיינזאַמע אידעע! אמת, ליבע האָט נישט קיין שום שייכות מיט אידעען...

ער האָט נישט באַמערקט, פאַרבלענדט דורכן גלאַנץ פון אירע חוצפּהדיקע אויגן, דעם באַליידיקנדיקן אונטערטאָן אין אירע ווערטער. ער האָט אויף איר געקוקט מיט די אומשולדיקע אויגן פון זיין אייגענער ריינער נשמה. ווי אַזוי קאָן, אַן אינטעליגענטער מענטש נישט אַרויסווייזן קיין שום אינטערעס פאַר די דערשיינונגען פון לעבן, פאַר דער סובסטאַנץ פון דער גאַנצער געמיינזאַמער געזעלשאַפט?

זי האָט ווידער אָנגעהויבן:

— איך שאַקיר איך, וואָרשיינלעך? איר זענט דאָך אַ דיכטער... כּלל דע לאַר גופא האָט עס מיר איבערגעגעבן...

— לויט זיין געשמאַק אָבער אַן אָפּגעשטאַנענער, פאַרעלטערטער דיכטער?

— אמת. איר זעט, אַז איך בין אַן אָפּגעהערציגער מענטש.

— אויפריכטיק? ענטפערט מיר, אַלזאָ, אויף מיין פראַגע.

אים האָט געקיצלט אַ ג ווי'סער געדאַנק, — נישט אַזוי ווייט דער אָנזאָג פון זיין מוטער — צו דערגרייכן דעם ציל פון סערוויערס רייזע קיין ניו־יאָרק — ווי זשאָרזשי'ס גלייכוווערטל: אַז דו ווילסט זיין צו מיטאָג ביי דער קליינער סעוהיער, טו איר אַ פרעג מכּח איר אַמעריקאַנער".

מאָריסע האָט נאָכגעשפּירט זיין געדאַנקען־גאַנג, נישט קענענדיק אים אָבער אָדורכדרינגען האָט זי זיך געהאַלטן זייער פאָרזיכטיק.

— ס'איז אָפּהענגיק אויף וואָס פאַר אַ פראַגע.

— וואָס האָט איר געמיינט אין אַמעריקע?

— אָ! איר נעמט שוין אָפּ ביי מיר אַ דין וחשבון?

— וואָס איז מיינען אַמעריקאַנער?...

זיין שאַרפער טאָן האָט איר אַרויסגעפירט פון גלייכגילטיקייט.

אַן אָרגינאַל, אָבער בכלל געטרייען, נישט קיין אומאָנגענעמער; הייליקע אומשולד! די סאַטייען אויס איז ער אָראָפּגעפאַלן פון

הימל !... אייפערזיכטיק !... ס'כאַפּט מיך אָן אַ געלעכטער! אַזאַ מין נייע דערשיינונג, ביי אַ יונגן מענטשן, ס'האָט איר אין אַ געוויסער מאָס געשמייכלט, ווייל אזוינס האָט זי נאָך נישט אי־בערגעלעבט. דער גאַנצער ענין האָט איר אָבער צמוזירט. זי האָט באַשלאָסן ווייטער צו שפּילן די ראָל פון אַ צנועה און לכתחלה כלומרשט געמאַכט אַ מינע ווי זי פילט זיך באַליידיקט...

— וואס קלערט איר דען אייגנטלעך? נאַרישע רייד, רכילות־סרייבעריי! איך בין בלויז געפאָרן באַגלייטן דעם פּאַ־טער, פּראָסט פּשוט און מער נישט. איצט זענט איר צופרידן?

— נאָך נישט אינגאַנצן. מ'האט מיר איבערגעגעבן, אַז ס'האָט זיך געהאַנדלט וועגן אַ גט...

— ס'הייבט זיך נישט אָן!

— און דערנאָך וועגן אַן עווענטועלן שדוך פאַר אייך.

זי האָט געלאַכט: די פּראָבע־נאַכט, דאָס צובייסן... און דאַן ערנסט אַ זאָג געטון:

— אָ! ניין! ס'האַלט נישט דערביי! איין איינציק באַגעג־גיש מיט אים האָט מיר געקלעקט...

ער האָט פריי אָפּגעעטעמט און געענדערט די טעמע:

— איז ניו־יאָרקווירקלעך אינטערעסאַנט?

— זייער! קיין פרייע מינוט פאַר זיך. שטענדיק מיטן פּאַ־טער צוזאַמען: באַזוכט פאַרשידענע פאַבריקן, מיטגעמאַכט אָפיצי־יעלע באַנקעטן, מיטאָגן צול.ב געשעפטס־צוועקן...

— באמת?

זי האָט געשפּירט, אַז ער האָט נאָך אַ שטיקל חשד און דורכאויס געוואָלט אים איבערצייגן. זי האָט זיך אבער נישט אָר יענטירט, אַז שפּילנדיק דידאָזיקע קאָמעדיע דעקט זי אויף די סודות פון איר פאָטער.

— איך זאָג אייך דאָך, מיר זענען פאַרפאָרן צום פאָטערס גוטן פריינט קולי, דעם באַפולמעכטיקטן פון סודעקי. איר קענט אים געוויס? הארטמאַן און סודעקי, די עכטרייך־דייטשע באַנ־קירן. אַ גרויסע נאַפט־אונטערנעמונג, ס'שאפט זיך אַ קאָנקאָר־

ביום... איך ווייס זייער וואס. אָבער איר זעט שוין איצט וועגן וואס ס'האָט זיך געהאַנדלט, נישט וועגן קיין שדוך...

קלויד האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און זיך שטאַרק פאַר־טראַכט. זי האָט אויסגענוצט דעם מאָמענט און אַ ווינק געטון צו איר פריינט שאָנטערוי. יענער האָט זיך פארקליבן אונטער קלוידן מיט אַן איבערגעדרייטער גיטאַרע אין האַנט, ווי ער זאָל האָבן בדעה מיט דערדאָזיקער אימפּראָוויזירטער האַק לעכערן דעם מה פונם אומגעבעטענעם נודנעם גאַסט. מאַריסע האָט אים באַדאַנקט מיט אַ צופרידענעם שמייכל און זיך געגלעט מיט די האַנט די באַק. מאָמענטאַל האָט זי אָבער צוריק אָנגענומען די פריערדי־קע פּאָזע. קלויד האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ:

— ניו־יאָרק! אָט איז אַ שטאָט, וועלכע איך וואלט וועלן זעען צוזאַמען מ ט אייך!

— דער פּאָטער פאָרט אהין ווידער אין צוויי וואָכן ארום כדי צו רעגולירן דעם פראנצויזישן הוב. אפשר ווילט איר מיט־פאָרן?... ס'וואלט באמת געווען אַן אינטערעסאַנטער נאָטיץ פאַרן „אינטער": אָפּגעפאָרן הער זשאַן סערוויער, דער פינאַנץ־מיניסטער, און זיין סעקרעטאַר הער קלויד זשאקמען, דער זון פון באַרימטן פּאָליטיקער..."

קלויד האָט אַ ציטער געטון. פאר זיינע אויגן איז אויס־געוואַקסן דער טיפער תהום צווישן אים און איר. אוממעגלעך! אַלץ שיידט זיי פונאַנדער. און דאָך ווי פשוט דאָס וואָלט געקאָנט געשען, ווען זי זאָל בלויז מסכים זיין צו פארלאָזן די פּאָזיציע, אַנטליפן פון דערדאָזיקער צעפוילטער סביבה, פון דער פאמיליע און די קרובים, וועלכע האָבן איר נאָך ביז איצט נישט דערגראַ־דירט בלויז אַ דאַנק איר שטאָלץ, וואס מאַכט אומשעדליך זייער שמוציקן איינפלוס... ער האָט געענטפערט:

— פארוואָס נישט בעסער: „צפּגעפאָרן הער קלויד און מאַ־דאַם מאַריסע זשאָקמען?"

זי האָט זיך צעלאַכט אויפן קול:

— אָ, ווי גיך ס'גייט ביי אייך!

דערשפּירנדיק די וואַקלעניש פון באָדן האָט דער עולם זיך

איינער נאָכן אַנדערן אָנגעהויבן אָפּטראָגן. די ערשטע האָבן זיך ארויסגערוקט פּאָול דע לאָם מיט זיינע צוויי אַדיוטאַנטן און זשאַן הובערט. מאריסע, ארייגעטון אין איר מאַנטל מיט קלוידן, האָט זיך אומרויק צוגעקוקט צום פארשווינדן פון אירע געסט... ס'זע־נען נישט מער געבליבן — זיך קאָנצענטרירנדיק אויפן ראַנד פון באַסיין מיט זיין אנגענומען געראויש פון פרישן, שמעקעדיקן וואסער־פאַל — ווי לואיזע בארלאט און די צוויי הובערטס... מאַ־ריסען איז זעוואָרן לאַנגווייליק. זי האָט חרטה געהאַט אויפן גאַנצן עסק און שטארק באדויערט וואס זי האָט קלוידן בכלל איינגעלאַדן... פּשוט אַן אָפּקומעניש מיט אזא מענטשן! אַן אָנ־שטענריקער יתגצרמאַן, אָבער לגמרי פון אַן אַנדערע וועלט... אָ, ווען נישט דעם פּאַטערס דירעקטיוו צו זיין מיט אים פריינטלעך... אָבער ווי אזוי ווערט מען דאָך פּטור פון אים, און אויף אַן אָנשטענדיקן אופן?...

לואיזע באַרלאט האָט איר ארויסגעהאָלפן. אַנטשולדיקדניק זיך פון די פערווייטנס, איז זי צוגעגאַנגען צו מאריסען:

— פארצייט מיר וואָס איך שטער אייער אונטערהאַלטונג, אָבער מיר ווילן שוין גיין און איך מוז דער ודירטין נאָך עפּעס איבערגעבן.

זיי זענען אוועק אָן אַ זייט.

— שוין גענוג פאר אונז, דיין זשאַקמען! מער ווילן מיר אים דאָ נישט האָבן. זיי אים משלח, געפון געשחינט עפּעס אַן אויס־רייד... מיר וואַרטן אויף דיר אין דאַמף־באָד... די איבריקע זע־נען שוין דאָרט.

— צי ווייסטו ווי אַזוי זיך צו באַגיין מיט די וואַסער־קראַנען?

— זיי רויק... קום גלייך — זי איז אוועק צוזאַמען מיט ביידע הובערטס: — אדיע, פאַרליבט פּאָרל.

## 5.

קלויד, גליקלעך וואס ער איז ענדלעך געבליבן אליין מיט מאריסען, האָט גענומען איר האַנט און איר צוגעצויגן נענטער צו זיך אויף דער סאָפע. מיט אַ דעצידירנדן זשעסט האָט זי זיך אָבער אַ שטעל געטון און אוועקגעזעצט אויפן שטול. קלויד האָט איר ערנסט אָנגעקוקט. געלאַנגווייליקט פון איר שווערער ראָל, איז זי געווען שטאַרק דענערווירט... זי האָט פשוט געקלערט: „וועט ער אַמאָל אַוועקגיין צי נישט. מיר איז אַלץ איינס, מיט גוטן צו מיט בייזן ער מוז זיך וואס גיכער אָפּטראָגן...״

אַ זכר נישט פון בושה, נור פון רעספּעקט פאַר די קאָנ־פענסיאָנעלע שקרים, האָט איר אונטערגעזאָגט, אַז קלויד דאַרף נישט וויסן, וואס ס׳קומט איצט פאָר אין דער סוטערינע פון גאַרשעס, אין דער אָבוועזנהייט פון אירע עלטערן. דאס פאַרגע־ניגן וואס ווארט אויף איר דאָרט אונטן צווישן אירע פאַרטנערן, האָט שטאַרק פאַרטויבט דאָס נייע געפיל, וועלכעס האָט אויפגע־וועקט אין דער טיפעניש פון איר אומבאַוווּסטזיין קלוידס אָרי־גינאַליטעט. זי דאָט דעריבער באַשלאָסן אָפּצוהאַקן מיטאַמאָל, כדי דאָרט נישט צו פאַרשפּעטיקן...

— איך האָב באמת קרענקונג... איך האָב נישט געוווּסט ווי אַזוי אייך אָנצוזאָגן... איר מוזט מיר אנטשולדיקן...

ער איז געווען זיכער, אַז זי וויל זיך אַנטשולדיקן פאַר די משונהדיקע מעשים פון אירע פריינט, און האָט פּראָטעסטירט:

— איך האָב אייך קיינמאָל נישט געשטעלט אויף איין שטו־

פע מיט די דאָזיקע שוטים. איך האָב טאַקע נאָר געוואָרט, אַז זיי זאָלן אַוועקגיין און איך זאָל קענען פאַרברענגען דעם אָוונט מיט אייך אליין...

זי האָט אים ארויסגעפּירט פון טעות מיט איר קאַטעגאָרישן הרטה-אויסדרוק:

— ס'איז אָבער אוממעגליך! גראָד היינט מוזן מיר אויפן דאָזיקן קליינעם יום-טוב פאַרציכטן... איך האָב נישט געהאַט דעם מוט אייך דאָס צו זאָגן... אַ דרינגנדער צופאַל... „פּאָרס מאַזשייר" — באַשערט פון אויבן... מיין באָבע איז שווער קראַנק. די מוטער האָט מיר טעלעפאָנירט, איך זאָל גלייך אהיימקומען אויף עטלעכע שעה איר פאַרבייטן — זי מוז אומבאַדינגט אַוועקגיין — און אין אָוונט קומען איבערגעבן וואָס דאָרט הערט זיך. מיינע איבעריקע געסט ווייסן עס שוין. מיט זיי צערעמאָניר איך זיך בכלל נישט... אָבער איר, ס'טוט מיר ווירקלעך לייד... דאָס ערשטע מאָל וואָס איך האָב אייך איינגעלאַדן...

ער האָט איר אַ קוש געטון אין האַנט.

— אַ גרויסער שאָד. אלס קאָמפּענסאַציע — אויב ס'איז מעגלעך — שענקט מיר נאָך עטלעכע מינוט.

זי האָט אַ קוק געטון אויפן האַנט-זייגערל:

— העכסטנס נאָך צען מינוט.

זי האָט זיך אַ הויב געטון. ער האָט איר צוריקגעהאַלטן:

— צען מינוט, אויך גוט.

זי האָט געמורמלט:

— זייער גערן...

דערביי האָט זי געטראַכט: „אין פּתח מינוס ארום, מוז ער זיך אָפּטראָגן מיט די ביינער! אַ קליינע קאָמפּענסאַציע, נאָך צו דערליידן.

קלויד האָט איר געדאַנקט. אַז זי האָט אויסגעטראַכט אַ ליגן, כדי פון אים פטור צו ווערן, דאָס האָט אים לגמרי נישט געקאָנט איינפאַלן. די קרעפטן פון אמת האָט אים אויך אַזויפיל באַהערשט, אַז ער האָט בשום אופן נישט געגלויבט, אַז עמעצער קאָן זאָגן אַ ליגן, סיידן מ'האָט עס אים פאַקטיש דערוויזן. זיין

אויסגעשפראָכענער אָפּטימיזם האָט אומאויפהערלעך באקעמפט דעם שקר, דעמדאָזיקן מיאוסן וואָרם, וואס צעפרעסט די נשמות פון ס׳רוב מענטשן. זיינע שונאים פלעגן אויף אים זאָגן: „יאָ, אַ מוּטיקער טפש״. נאָר זיינע נאָענטע און געציילטע, פון די, וואָס דער דעמאָן פון עגאָיזם האָט זיי נאָך נישט אינגאַנצן באַהערשט, זענען געווען בכּח אָפּצושאַצן די הויכע מאָראַליטעט און די גוטסקייט, וועלכע האָבן זיך באַהאַלטן אונטער דער כּלומרשטער נאַאיוויטעט פון דאָזיקן סאָלידן, אויסגעצייכנטן יונגן מענטשן. לגמרי נישט בלינד, האָט ער אָבער פאַרמאָגט אַן אויסערגעוויינלעך גרויסע פּאָראויסזעאונגס־קראַפט. אָבער פארן ארויסווייזן עמיצן אומצוטרויפלעגט ער יעדן לכתחילה געבן אַ גרויסן קרעדיט אויף זיין צוּצרוי. און דער קרעדיט, וועלכן ער האָט געעפנט מאריסען, איז פּונקט ווי זיין געפיל, געווען אומבאַגרענעצט.

— איר האָט מיר אייגענטלעך נישט געענטפערט, — האָט ער ווידער עקשנותדיק געזאָגט.

— ווען?

— בעת איך האָב אייך געזאָגט, אַז אין מיינע חלומות זענט איר שטענדיק מיין צוקונפטיקע לעבנס-באַגלייטערן...

— איר האָט אַ טעות. איך האָב אייך געענטפערט, אַז אייערע חלומות לויפן מיט אַ צו געשווינטן טעמפּאָ, מיט אַן אמתער בלינד-שנעלקייט.

ער האָט זיך געבעטן מיט זיין גאַנצן וועזן:

— מאכט פון מיר קיין חוזק נישט. איך ליב אייך.

ער האָט ביי איר אויסגעזען מער קאָמיש ווי רירנד.

— ווי אַלטמאָדיש איר זענט!... „איך ליב אייך!״ דאס זאָגט גאָר איצט קיינער נישט. און ווער רעכנט זיך דען איצט דערמיט... „איך ליב אייך!״ וואס הייסט עס אייגענטלעך?

— דאס הייסט איבערגעבן זיך אינגאַנצן.

— וויפיל מאָל האָט איר גופא שוין איבערגעחזרט דידאָזיקע שיינע פראזע?...

— קיין מאָל אין מיין לעבן נישט, מאריסע!

— האט איר ענטוועדער פארגעסן, אדער איר זאָגט ליגן! די וואָל לאָז איך פאַר אייך.

— נישט דאס ערשטע און נישט דאס צווייטע.

— וואס האָט איר, אלזאָ, געזאָגט אייערע פלגשים?

— איך האָב זיי קיינמאָל נישט געהאַט.

— זענט איר קראַנק?

— איך גלויב אַז נישט. ווי ס'שיינט האַלט איר עס פאַר אַן אַבסורד וואס איך האָב נישט געהאַט קיין שום ליבע-אַוואַנ-טורעס, און וואס איך וויל בכלל נישט האָבן קיין שום אנדערע פרוי ווי די, וועלכע איך וועל אויסוויילן אלס מיין לעבנס-חברטע?

מאריסע האָט נישט געוווּסט וואס צו טון: הייבן די אַקסלען אָדער אויספּלאַצן מיט אַ גרויס געלעכטער. זי האָט זיך באַגניגנט בלויז מיטן פרעגן — איבערראַשט, קענן איר ווילן, פון אַזא מערקווירדיקן כאַראַקטער-צוג.

— ס'ארא בלאָף!... איר האָט, הייסט עס, קיינמאָל נישט געמאַכט — קיין ליבע זשעסט?

— ניין, גענעדיקע פריילין, און איר?

— איך בין דאָך אַ ייִנג מיידל.

— און איך אַ ייִנגערמאַן.

— אַ שיינער פארגלייך!

— וואס, נישט קיין פארגלייך? איר מיינט, הייסט עס, אַז אַ יונגערמאַן קאָן און דאַרף רואיניאַן זיין יוגנט? יעדער ער טרעט צו צו דער נאַסירלעכער לעבנס-פאראייניקונג? איר מיינט, אַז אונטערן איינפלוס פון אַן אָפּגעלעבטער טראַדיציע, זענען מיר באמת מחויב, אַז ס'איז אומבאַדינגט נויטיק און ריכטיק, מיר זאָלן נאָך פאר דצר התונה, פארשווענדן אונזער גלויבן, אונזער צוטרוי, אונזער ענטוזיאַזם פון נייע ווערן, אפילו אונזער געזונט, צוליב מער אָדער ווייניקער פארוועלקטע קערפערס?... מיך ציט נישט צו דער פּראָסטיטוציע אפילו אונטערן מאנטל פון פאר-געניגן! און — איר מעגט אפילו פון מיר לאַכן — דער שענס-טער קערפער האָט פאר מיר קיין רייץ נישט, אויב איך שפיר נישט אין אים קיין נשמה.

מאָריסע האָט לגמרי פארגעסן אָן אירע פריינט. זי איז אינגאַנצן געווען פארכאפט פון דערדאָזיקער דיסקוסיע.

— איר האָט פארשפעטיקט, מיין טייערער! אייערע חלומות זענען געבליבן אונטערשטעליק. אייך ווילט זיך צוריק אין גן-עדן? צי איז עס די שולד פון דער פרוי, גיכער, נאַטירלעך, פון מאַן — איך מאך קיינעם נישט קיין פאָרוווּרף — אָבער די צייטן האָבן זיך געענדערט. איר גופא, — אָ, נישט איר! נאָר אַלע, די, צו וועלכע איר זענט לגמרי נישט ענלעך, — איר האָט כסדר, אזוי לאַנג — ווייל דערויף האָט מען געדארפט האָבן גאַנצע דורות — אנטוויקלט ביי אייערע הכנעהדיקע שקלאַפינס — אַ פארעלטערטער סטיל — דעם געשמאַק פון פדייהייט און דאָס מיטל מיט איר זיך צו באנוצן... צי זענט איר מסכים דערצו אָדער נישט, די מיידלעך האָבן נאָכגעטון דעם ביישפיל פון די בחורים, און הייבן אָן ביסלעכווייז צו לעבן ווי זיי. ס'איז אַ פאַקט, צו וועלכן איר, מענער, מוזט זיך צוגעוויינען, ווייל ער איז אויסשליסלעך אייער אויפטו — מעשה ידכם; און אַ פאַקט, וועלכער, וואס מיטן מאָמענט בעת ער איז דערוויזן, ברענגט ער שוין קיינעם קיין שאָדן נישט.— אַ פאקט, יאָ, אָבער אזעלכער, וואס פארמינערט דעם מאָראַלישן ווערט פון אלע און שאָדעט, פארקערט, יעדן באַזונדער! נישט בלויז דעם יחיד, נאָר אויך דעם כלל, דער גאַנצער געזעלשאַפט.

— צי דען קלערן אלע ווי איר?

— איך פרעטענדיר גאָרנישט דערויף. איך רעכן בלויז אויף די, וואס האָבן דעמזעלבן גוטן ווילן ווי מיר און אויף דער צייט, וואס מוז אומבאַדונגט צוריק אויפשטעלן דאָס פאַרלוירענע גלייכגעוויכט. — יאָ, דאָס גלייכגעוויכט, וואס די מענער האָבן צעבראָכן, און וואס מיר, פרויען, וועלן פאָרמירן דורך די גלייכגעוויכט פון די געשלעכטער! ס'איז באמת קאָמיש, אז איך בין אַ גרעסערע פעמיניסטין ווי דער זון פון אַניקע רעבערט!

ער האָט איר אָנגעקוקט, איבערראשט פון דעם דאָזיקן אויפווייזן דעם פעלער. אן אנדערע מאָריסע איז פאר אים געשטאַ-

נען, נישט יענע, וועלכע האָט אים פארבלענדט... ער האָט פאר־שוויגן זיין אָנדענקונג און ווייטער גערעדט:

— אַ כלומרשטע גלייכגעוויכט. זאָל זיין אזוי! אין דער ווי־קלעכקייט אַ ט׳פער קריזיס, אבער, — דערין בין איך פעסט איבערצייגט — אַ צייטווייליקער, אַ פאָריבערגייענדיקער. דער „סירקולוסווירטיאזוס", דער לעבנס־צירקל, אין וועלכן ס׳דרייט זיך די גיריקייט פון מאַן און די לייכטזיניקייט פון דער פרוי...

— אַ שיינעם דאַנק!

דערדאָזיקער האַנדל פון אָנבאָט און נאָכפראַגן וועט פאר־שווינדן מיטן מאָמענט ווען מיר וועלן זיך צוגעווייגען צום פרינ־ציפּ פון קעגנזייטיקער טריישאַפט. דער איינציקער אמת באַזירט אויף דעם, אַז ביידע, זאָלן יונגע, צניעותדיקע באַטרעטן דעם שוועל פון ווידערגעוווּנענעם גן־עדן. ס׳הייסט, מיט אנדערע ווער־טער, אָנהייבן די עקזיסטענץ צוזאַמען, מיט די זעלבע טריט און דעמזעלבן הארץ... דאס פאָר... דאס איז די גלייכגעוויכט. ס׳ליגט אין דער ריכטיקער וואָל כדי צו פארפולקאָמען די ראַסע. נישט אין דער פרייהייט פון צעהיצטע הינט... איר, וועלכע פראָקלאַ־מירט דאס רעכט פון די יונגע מיידלעך צו לעבן פונקט אזוי ווי דער בחור, זאָגט מיר, איך בעט אייך, ווי אזוי וועט איר אויסנוצן דידאָזיקע רעכט אין דער פראַקטיק?

— פארוואָס דען נישט?

— ווייל ס׳איז אוממעגלעך!

— לגמרי פאלש! איך וועל טון אלץ, וואס מיר געפעלט! מיינע עלטערן, פונקט ווי לואיזע בארלאטס, וועלן זיין געצוווּנ־גען מיר צו געבן די פולשטענדיקע פרייהייט. לואיזע טוט אַלץ וואס זי וויל פונקט ווי אַ יונגערמאַן.

ער האָט עס געהאַלטן פאר אַ באַרימעריי, פאר אַ פאָזירן.

— שווער צו גלייבן. לאָמער גיין ווייטער. אַן אינערלעכער אינסטינקט זאָגט אייך אונטער, אַז כדי צו לעבן ווי ס׳הארץ גלוסט, דארף מען זיך נישט אויפלעזן. דער געפיל פון ליבע איז אָבער מעכטיק נאָר דאַן, בעת ער איז איינציק.

— איך בין לגמרי נישט מסכים מיט אייער מיינונג! מ׳דאַרף

ארויסיאָגן די ליבע פון אונזערע געפילן, פונקט ווי מ׳האָט איר שוין ארויסגעטריבן פון אונזער שפּראַך, אויב נאָך נישט פון אונזער ליטעראַטור. די ליבע? נישט מער ווי אַ זשעסט, איך פאַרזיכער אייך! אַ פּשוטער זשעסט! וואס ביי אַ געוויסער פּאָר־זיכטיקייט איז ער נישט וויכטיקער פון יעדן אנדערן.

— מאָדערנע פּאַראַדאָקסן! און די ראַסע?

— און די נאַטור? זי ווערט נישט נתפעל פון קיין שום קאָמפּליקאַציעס אין איר פּערמאַנענטער עקזיסטענץ.

ער האָט זיך געפּרווט איר צו דערווייזן די סתירה פון אירע אויספירונגען:

— ריכטיק. זי בלייבט, ווייל זי באַנוצט זיך נישט מיט קיין שום פּאַרזיכטס־מיטלען, וועגן וועלכע איר רעדט.

— און ווייטער? אַ גרויסער אומגליק אויב ס׳וועלן זיין ווייניקער קינדער! איר, וואס איר האָט אין טשעסנוי אַזוי פיל שיינע מאַשינען, וועלכע, ווי מ׳דערציילט, גיבן ארויס אויטאָמאַטיש אזוי פיל ארבעט. וואס פריער האָבן עס נישט באַוויזן קיין טויזנטער מענטשן אין משך פון טויזנטער שטונדן — איר דאַרפט זיך באמת נישט באַאומרויקן מכח דער פאַרקלענערטער געבורטן־צאָל... לאָזט אָפּ! אין גרונט גענומען פּאַסן זיך נישט אלע צו—אויסער אזעלכע אָריגינאַלן ווי איר — צו אונזערע נייע זיטן. צוריק צום אלטן — ווי? איר פּראָפּאַגירט? — ריכט זיך נישט אויף קיין ערפאָלג. די פרייע פּאַרייניקונג — און ווען איר זאָלט זיין קאָנסעקווענט, האָט איר דער ערשטער געדאַרפט פאַר איר אַגיטירן, — נאָר זי איז בכח ארויסצושלעפּן די הייראַט פון אלע פּאָראורטיילן, וואס מאכן איר ממש אומערטרעגלעך.

אין זיין התפעלות האָט ער אויסגעזען אזוי קאָמיש, אז זי האָט זיך צעלאַכט אויפן קול:

— אַ פאַרקערטע וועלט. נישט אמת? איר מאַכט אויף מיר דעם איינדרוק פון אַ יונג מיידל, און איך קום אייך פאַר חוצפּה־דיק, ווי אַ בחור.

— אין געוויסעמאַסן... יאָ.

— אָבער אַזעלכע ווי איך זענען איצט פאַרהאַן אין די טויזנטער.

— אלץ ערגער איז פאַרן מאָרגן.

— פאַרקערט, אַלץ בעסער! זייט פּאָרזיכטיק! איר זענט פון די פּיס ביזן קאָפּ איינגעטונקט אין ראָמאַנטיזם... שוועסטער־נשמות! וועלכע מיסטען שלאָגט איר פאָר פאַר יענע, וואָס קאָנען זיי נישט געפינען? זעלבסמאָרד אָדער רעליגיע?

— עמעצער האָט געזאָגט: „זוכט, און איר וועט געפינען".

אביסל דענערווירט האָט זי באַשלאָסן:

— מיר זענען אייגענטלעך, איינשטימיק, מיין טייערער משית. אויסער בנוגע דעם אָביעקט פון זוכן!

איבעררואַשט פון דער טיפער פאַרשטענדעניש, וואס האָט זיך אַנטפּלעקט אונטערן גלאַנץ פון דערדראָזיקער איבערפלעכער איגטעליגענץ, פון פולשטענדיקער קעגנזאַץ פון זייערע אַנזיכטן, האָט ער דערשפּירט, ווי דער באָדן וואַקלט זיך אונטער זיי־נע פיס... אַ גאַנצער אָפּגרונט טיילט אים אָפּ פון דעמדאָזיקן שיינעם, געליבטן קערפּער, פון די לייכטנדיקע אויגן, פון די ליידנשאַפטלעך געפרעסטע ליפּן, וואס האָבן אים, — להיפּך פון דער אומאָנגענעמער שטים, — קרענקלעך געריצט. ווי שטאַרק ס'איז נישט געווען זיין שמערץ, האָט ער זיך דאָך געצוווּנגען אויף איר נישט בייז צו זיין. צי איז זי דען אין אַ געוויסן זין נישט געווען גערעכט? די אויכבעלאַסנקייט איז דער קאָנסעק־ווענטער רעזולטאַט פון דער פאַרשקלאַפונג פון דער פרוי. איין עקסטרעם רופט תמיד ארויס דעם צווייטן. מאָריסע איז בלויז אַ פּראָדוקט פון געוויסע אומשטענדן.

זי איז אויפגעשטאַנען, און ער נאָך איר.

— איך קום אייך פאָר אַ ביסל קאָמיש, נישט אמת? — האָט ער אַ פרעג געטון.

— ניין. בלויז אָפּגעשטאַנען. מיטן איינציקן, שטענדיקן, דע־פיניטיוון אייגנטום מאַכט איר אויף מיר דעם איינדרוק פון אַ ווילדע, וואס וויל נישט עסן אויסערן הויז. אַ פשוטער פאַר־אָינג פון אַ גאַנצן מענטשן, וואס גייט נישט אויף קיין שום קאָמפּראָ־

מיסן... איך בין זיכער. אַז דערדאָזיקער אויסדרוק פון גיטאָס איז אייך לגמרי פרעמד...

— לואי פיליפּאָד! איך האָב אייך שוין געזאָגט, אַז איר זענט אַלטמאָדיש.

זי האָט אים געוואָלט משלח זיין צו אַלדע רוחות, אָבער עפּעס אַ מין נייגיריקייט האָט איר ממש אַמוזירט.

— זאָגט, לאָמער הערן.

ער האָט דעקלאַמירט מיטן גאַנצן ברען:

— „איך האָב נישט קיין מיטלמעסיקע פאַרלאַנגען און לעב בלויז מיט הויכע האָפנונגען. איך ווייס ווי זיך צו באַגיין אָן דעם, וואָס מיר פעלט, אָבער נישט זיך צו באַגנוגענען מיט דעם, וואָס ס'איז נידריקער פון מיין כבוד, פון מיין אַמביציע.

— אַזוי טראַכטן אַלע בעלי־גאוות! דאָס שווערסטע איז אָבער דעפינירן, וואָס איז אַזוינס מיטלמעסיק און וואָס נישט. די אַמביציע האָט פּונקט אַזוי פיל אָנזיכטן ווי דאָס לעבן. אַלץ הענגט אָפּ פון דעם ווי מען פּאַסט עס אויף.

— וואָס העכער מ'קוקט, אַלץ ווייניקער האָט מען שאַנסן זיך טועה צו זיין.

אין דעם תהו ובהו פון זייערע געפילן זענען זיי געשטאַנען איינער קעגן אַנדערן ווי פינצטערניש און ליכטיקייט, ווי ס'שטעלן זיך אַנטקעגן אין אומדורכדרינגלעכן חשך טאָג און נאַכט, דער אייביקער קאַמף פון די פיינטלעכע כחות. ער האָט געשפּירט, אַז דאָ דערווייטערט זי זיך פון אים, אויף אַ מוראדיקן שטח, און ער האָט איר געוואָלט צוריקהאַלטן, לערנען, איבערצייגן... פּלוצלינג האָט אים אָבער אַדומגעכאַפּט אַ געפיל פון פאַרביטערונג, אַ מורא, אַז זי איז אין דער ווירקלעכקייט נישט דאָס פאַר וואָס זי וויל זיך ווייזן...

— איך האָב אייך דערלויבט צו בלייבן נישט מער ווי נאָך צען מינוט, מיר האָבן זיך אָבער אַזוי פאַרעדט, אַז איך האָב קוים צייט זיך אָנצוטאָן...

ער האָט געזען אַז זי איז פאַר אים פאַרלאָרן, און ער האָט זיך נאָך געראַנגעלט!

— ווּ וווינט אייער באָבע?... איך וואָלט געוועז גליקלעך, ווען איר וואָלט מיר דערלויבן אייך אהין צו באַגלייטן...

— מיינע פריינט וואַרטן אָבער אויף מיר, מיר מאַכן אַ פּאַ צוזאַמען, אַ געוויסן קורס דערנאָך...

אין דעם מאָמענט האָט זיך מיט אַ ווילדן קנאַק אָפּן געטאָן די האַלע-טיר און ס׳האָבן זיך דערהערט די ווערטער:

— „אָ! ניין! ער איז מגזם!״ קייכענדיק פון געלעכטער, האָט זיך דער גאַנצער עולם אַריינגעריסן אין צימער. בחורים און מיידלעך. האַלב-נאַקעטע, אין באָד-ליילעכער, מיט האַנטיכער אויף די קעפּ האָבן זיי זיך אָנגעהויבן דרייען אין אַן אינדיאַנער טאַנץ אַרום קלוידן און מאָריסען. באַלד זענען זיי פאַרשוווּנדן געוואָרן, פּונקט אַזוי ווילד, ווי זיי האָבן זיך אַריינגעריסן, שרייענדיק אַלע מיט איין מאָל: — „די ערשטע וואָרנונג!״

מאָריסע האָט אויסגעשריגן:

— די קרעטינס! זיי זענען שכּור... איך שווער אייך...

אונטער זיין שאַרפן, פּאָרווּרפס-פולן בליק האָט זי אָבער גלייך פאַרלאָרן דאָס לשון. אַ מאָמענט האָט זי זיך געוואַקעלט צווישן דער נוצלעכקייט צו שוינען דעם מענלעכן קעגנער און איר פאַרגעניגן... — „אַ ווילכטיקע מעשה, אַז דעראָזיקער שוטה וועט אַביסל ליידן!...״ זי האָט באַשלאָסן אַז דער דאַמף-באָד איז טאַקע ווילכטיקער.

— אויף ווידערזען. באמת אייך נישט אויף מיר צו וואַרטן... איך וועל גיין אַליין צו מיין באָבן. קודם-כּל מוז איך אַרויסטראַנספּאָרטירן דידאָזיקע שכּורים.

קלויד האָט זיך נישט גערירט פון אָרט. ער איז געווען נייגעריק צו זען ווי ווייט ס׳דערגייט איר צווייזייטיקייט...

— ניין, איך גיי נישט פון דאַנען איידער איך וועל אייך נאָך אַמאָל נישט זען.

— ווי איר ווילט, — האָט זי איראָניש אַ זאָג געטון און איז אַרויס פון צימער, נישט קלערנדיק מער וועגן אים. אַראָפּ-לאָזנדיק זיך אויף דער ווינדע אין דאַמף-באָד, האָט זי געטראַכט בלויז וועגן דעם, ווי גוט איר איז, וואָס זי איז ענדלעך פון

אים פטור געוואָרן. דער עולם האָט איר אויפגעזעצט מיט אַ שטורעם פון הורא-אויסרופן.

— אַ נס איז דיר געשעען! אין פינף מינוט ארום האָבן מיר בדעה געהאַט ארויפצוגיין צו אייך מוטערנאַקעט, ווי די מוטער האָט אונז געבוירן.

— אידיאָטן!... איך האָב אים געזאָגט, אז איר ווארט אויף מיר, און ער איז שוין געשטאַנען מיט איין פוס אויף יענער זייט טיר...

— און וואס האָסטו דאָך מיט אים געמאַכט?

— ער זיצט אויבן און פילאָזאָפירט, איך מיין, אַז סוף כל סוף וועט ער דאָך מאכן פליטה.

מיטן גרעסטן אימפעט האָט זי זיך צוריק אריינגעוואָרפן אין איר טעגלעכער אטמאָספערע און זיך ממש מחייה געוועזן מיט דער פייכטווארעמער לופט פון דאָזיקן צימער. די הויפערטס און זשאַן ראנסי האָבן איר אַ נעם געטון און אראָפּגעצויגן פון איר די קליידער. די סוטערינע איז געווען פול מיט אַ שטיקנדיקן דאַמף, אַזוי, אַז די קערפּערס פון די באָד-געסט זענען פארשוואונדן אין געדיכטן נעפל. אין דער לופט האָט זיך געטראָגן די פארשטיקטע שטים פון העגרי שאַנטערוי, וועלכער האָט אונטערגעברומט אונטער די נאָז אַן אראַביש ליד. אויף די ראַנדן פון פרישן שפּרודלדיקן באַסיין זענען געלעגן אויסגעצויגן זשאַנע הויבערט און פּאָול דע לאַם און זיך געווארעמט אויף די הייסע פּלאַטן. זשאַן דע ראנסי האָט זיי געהאַלטן אין איין דער-לאַנגען פרישן קאַקטאַיל געמישט מיט אייז-סקאַפּאַ.

— ווי גוט אונז איז! — האָט זיך געסמאַקעוועט דער עס-טעט, צייכנענדיק אין חלל אידעאַלע ספערן מיט זיין שוואַך פונק-ציאָנירנדיקן אָרעם... רעד זשאַנע.

און זי האָט אים דערציילט יוען איר לעבן, אַ שרעקלי-לעכער וידוי פול חטאים און פארברעכן. פּאָול האָט געהערט, אָבער נישט פארשטאַנען. ביידע האָבן זיי זיך געפונען אונטער דער ווירקונג פון די נייע, מאָדערנע באַטויבונגס מיטלען, וואס האָבן ממש רואינירט זייערע אָרגאַניזמען, פיל שרעקלעכער ווי

דער אַמאָליקער קאָקאַין און מאָרפיום. דער סקאָפּאָלאַמין האָט אַרויסגעשטיפט נאָך פאַר די קערפּערס, האָט געממיתט זייערע נשמות, און געשווינטער ווי יענע אַלטמאָדישע גיפטן.

לואיזע באַרלאָט, אַ שטאַרק דערוואַרעמטע האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו זשאַן דער ראַנסי:

— גיב אַהער די פלאַש!

ראַנסי האָט אָבער פאַרקאָרקעוועט ס׳פלעשל. ס׳איז אים גאָרנישט אַזוי לייכט אָנגעקומען צוצושטעלן פאַר דע לאָמען די דאָזיקע מציאה, וואָס ער האָט עס טעגלעך באַנוצט. און ווען נישט פאַרן באַרימטן דיכטער וואָלט ער עס לגמרי נישט געקאָנט קריגן. לאָמס נאָמען האָט פאַרלייכטערט דאָס עסק און געשיצט פון אַריינפאַלן אין תפיסה.

— איך קאָן דיר געבן וואַבאַין, אויב דו ווילסט. איך האָב אַ שאַכטעלע אין מיין לינקער וועסט-קעשענע... גיי, נעם... אָבער פאָרזיכטיק און נישט צו פיל. ס׳איז פונקט אַזוי שווער צו קריגן ווי סקאָפּאָלאַמין.

ער האָט טאַקע לואיזען זיך געהייסן באַצאָלן טויזנט פראַנק פאַר אַ גראַם.

— דער וואַבאַין איז אויך גאַנץ גוט! — האָט לואיזע אַ זאָג געטאָן. אָנשטאָפּנדיק זיך אַ פולן נאָז מיט גיפט, האָט זי מכבד געווען מיטן דאָזיקן מאכל דעם גאַנצן אַרומיקן עולם. אָפּגעזאָגט האָבן זיך בלויז מאַריסע און זשאַן דע ראַנסי, וועלכער איז אייגנטלעך מער געווען פאַראינטערעסירט מיטן מסחר ווי מיטן גענוס. מאַריסע איז געווען אין דער מיינונג, אַז נאָר מענטשן אָן פאַנטאַזיע, אָן שום איינבילדונגס-קראַפט, דאַרפן זיך באַנוצן מיט אַזעלכע אָרעמזעליגע רייץ-מיטלען. אויסערדעם געפינט זיך אין סקאָפּאָלאַמין אַ גרויסע דאָזע סטראָפּאַנטין, וואָס איז זייער שעדלעך פאַרן האַרצן.

איצט זענען זיי אַלע געלעגן אויסגעצייגן אויף די מאַר-מאָר-פּלאַטן; אַלע האָבן געשוויגן, אויסער איין זשאַנע הובערט, וואָס האָט נישט אויפגעהערט צו האַקן דעם קאָפּ מיט אירע וויסטע מעמוּאַרן. אַלע האָבן זיי זיך תאוהדיק אינדערשטיל געזעטיקט מיט דעראָזיקער טאָפּלטער שכרות. אַן עלעקטריזירטע שטילקייט

פאר אַ שטורם-אויסברוך, אַ כלומרשטע רויקייט, מיט זיפצן, קרעכ-צן, זיך ציען ווי די קעץ, מיט ווערטער ווי אין חלום...

און פלוצלינג, אַ פראָטעסט-רוף:

— ניין! נישט דאס.

מאריסע האָט אָפּגעשטופּט זשאַן דע ראנסי, זיך רוקנדיק מיט איר פלאַטע ביזן ראַנד פון באַסיין. זי איז ארייגעשפּרונגען אין וואסער, און זשאַן נאָך איר. שטייענדיק מיט אים אין וואַ-סער פּנים אל פּנים, האָט זי זיך שוין פאר קיין זאַך נישט מורא געהאַט. זי האָט זיך געלאָזט ארומנעמען ווי פריער ביים טאַנצן. מלא שמחה האָט זי זיך געדרייט און געהאָצקעט ווי צוויי גע-שיקטע, כלומרשט אומשולדיקע חיהלעך. מאָריסע, אין גענויען זין פון ווארט נאָך אַ בתולה, האָט שטארק הנאה געהאט פון דאָזיקן קאָנטאַקט. יי האָט באמת נישט געהאַט דערביי קיין שום אונטער-געדאַנק... זיך אָפּגעבן זשאַן ראַנסין, קיין מאָל אין לעבן נישט! בכלל קיינעם נישט פון דידאָזיקע קרעטין. זי פארדינט עפּעס בעסערס ווי זייערע אויבערפלעכלעכע קושן. אין דידאָזיקע אָנ-גענעמע עמאָציעס האָט זיך ארייגעמישט קלוידס בילד, און זי האָט אים נישט אָפּגעטריבן. יענער? יאָ, יענער שוין גיכער. זי מוז האָבן אַ טעמפּעראמענטפולן, אַליידנשאַפטלעכן, אַ „חצוף״, וועמען זי זאָל אויך קענען ווייזן אירע קלויען, נאָר אַזעלכער וואלט אפשר געוועזן בכח איר אָנצולאָקן... אין איר זכרון איז אויפגע-שטאַנען דאס געשטאַלט פון מאַקס דע לאָם... אַן אַלטער, אמת, אָבער בארומט... זי האָט אים פיינט געהאַט צוליב זיין אָראַגאַנטן ענטפער אויף אירע ביזאַנסן: „איר זענט פאר מיר צו אַלט!...״ האָט ער איר געזאָגט. וואס הייסט אלואָ ביי אים יונג? אפשר מעריאַנע?...

און רויק האָט זי זיך, ווידער גאַנץ אומגעריכט, ארויסגעע-ריסן פון זשאַן דע ראַנסיס הענט:

— נישטאָ מיט מיר וואָס צו מאַכן, מיין טייערער! איך קויף בלויז און פארקויף נישט.

ארייסגייענדיק פון וואַסער כדי צו נעמען איר פּעניואַר

האָט זי נישט ווילנדיק דערהערט ווי די צווייטע הובערט יאָגט האַסטיק אַוועק העגרי שאַנטרוי...

— איר זענט אומערטרעגלעך! באַגנוגט זיך דערמיט וואָס מ׳גיט איייך... דאָס איבעריקע... ניעט פאַר אייך, מיין טייערער! די ערשטע נייעס...

— רעדט גאָר נישט!

— זאָג וואָס? — האָט מאָריסע אַ פרעג געטון, אויפכאַפּנדיק אין פלוג די לעצטע צוויי פראַזן...

אָבער די קליינע הובערט האָט איר אַ ווונק געטאָן מיט אַ פולזאָגנדיקן בליק. בלויז מאָריסע האָט באמת ביז אהער געוווסט דעם סוד פון איר פריינדין, אַז זשאַן סערהזיער האָט איר דאָ נישט לאַנג געמאַכט פאַר אַ פרוי. זי איז פאַרבייגעגאַנגען ווי נישט איר מיינט מען דאָס, קנערענדיק וועגן קלוידן, אַז ער איז שוין געוויס ווייט פונדאַנען.

וואַרטנדיק פינף מינוט איז קלויד ווירקלעך אַוועק. אויפן וועג האָט ער אָבער באַגעגנט מעריאַנען. וועלכע איז אַ אויפגערעגטע און אַ רויטע ווי אַ בוראַק ארויס פון איינע פון די סוטערינע-טירן. שפירנדיק, אַז מ׳באַמערקט איר, האָט זי זיך געלאָזט לויפן צוריק. אין דעמזעלבן מאָמענט האָט זיך דערהערט פון גאָרטן אַן אומצופרידענע שטים, וואס האָט איר גערופן:

— מעריאַנע! מעריאַנע!

— די גובערנאַנטין אָן שום ספק...

— אָט בין איך, איך גיי!

— קיין אומגליק נישט, מ׳טרינקט טיי אָן אייך.

דאס קינד איז געלאָפן. קלויד האָט איר אָפּגעשטעלט:

— פאַרדאָן! ליבע מעריאַנע, ווו איז אייער שוועסטער? זי האָט מיך איינגעלאַדן צו...

— אָ! אויב דו ביסט איינגעלאַדן, וועל איך עס דיר זאָגן. דו דאַרפסט אבער נישט דערציילן, אַז איך האָב עס דיר געזאָגט!

ער האָט צוגעזאָגט.

— גוט. זי איז אין שווים-באָד צוזאַמען מיט אלע.

— וואָס פאַר אַ שווים-באָד?

— אונזער אייגענע, דארט אין פאטערס הויז, אונטן אין די סוטערינעס.

— אפשר וועט איר אזוי גוט זיין איר זאָגן, אז...

— אָ! ניין, דאס קאָן איך נישט!

— פארוואס?

— ווייל זיי זענען אלע נאקעט. זיי ווייסן גאָרנישט, אז איך האָב זיי געזען!

— וואס הייסט? איך פארשטיי נישט!

דאס קליינע מיידעלע האָט געמאַכט א וויכטיקע, סודותפולע מינע און האָט אים אָנגעוויזן אויף דער סוטערינגע...

— דאָרט אין ווינקל איז דאָ א שפּאַלט, און מ׳קאָן אַלץ זען.

— דאס טאָר מען נישט, ס׳איז נישט שיין!

— פארוואס נישט? זיי טוען קיין שום שלעכטס נישט, זיי שפּילן זיך אין אַרומנעמען.

קלויד האָט באקומען דעם ריכטיקן קלאַפּ. א שרעקלעכער עקל האָט אים אָנגעכאַפּט...

— מעריאַנע! מעריאַנע! — האָט זיך ווידער דערהערט דיזעל־בע שטרענגע שטים.

— איך גיי! אויף ווידערזען. איך וועל זאָגן מאַריסען, אז איך האָב דיך באַגעגנט. אָבער דו, דו זאָג גאָרנישט, דו הערסט? ווי הייסטו?

ער האָט א זאָג געטון: — „קלויד" און ווי וועלנדיק אַנט־לויפן פון זיך אליין, האָט ער זיך אַלאָז געטון מיט אַזאַ אימ־פּעט, אז די קליינע האָט געטראַכט: „אפשר איז עס גאָר א גנב" און א פאַרציטערטע האָט זי זיך געלאָזט לויפן, זייענדיק שטאָלץ אויף איר אַוואַנטורע.

6.

קלויד האָט אַריינגעפירט זיין אַעראָפּלאַן אין גאַראַזש אויף דער טעראַסע און איז אַוועק זוכן גינען און סילוועסטרען. ער האָט געשפירט אַ באַדערפעניש צו זען זייערע פריינטלעכע געזיכטער. אַ קינדישע פאַרצווייפלונג האָט גענאָגט זיין האַרץ. ער האָט פאַראַכט אין מאָריסען די גרויזאַמקייט צו דער ליבע.

ער איז דורכגעגאַנגען דעם גאַנצן געמיזע־גאָרטן אַרום בלאַנשעטס אַלטער הויז, וועלכער איז איצט פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גרויסן איבונגס־פּלאַץ, מיט אַ לאַבאָראַטאָריע און פּרוביר־בענק פאַר די מאָטאָרס פון די קליינע אַפּאַראַטן, וואָס זשאַרזשי האָט נישט אויפגעהערט זיי צו פאַרפולקומען. קלויד האָט געהאָפט צו געפינען דאָרט זיין שוועסטער. זייענדיק אין ווערסאַיל פלעגט זי נישט אָפּטרעטן פון דאָזיקן ווינקל, זיך אינטערעסירט מיט די אַרבעטן פון אינזשעניער מער ווי מיט די בעסטע פאַרוויילונגען.

אַלץ געשלאָסן. נישטאָ קיין לעבעדיקער נפש. ער איז אַוועק צום הויז זיך זען מיט זיין אַלטער אַם, די איצטיקע קעכין, וועלכע האָט אים באַמערקט פון ווייטן און אים אָפּגעשטעלט אויף דער שוועל.

— די פריילנים זענען אין בוך, מיט הער זשאַרזשי.

— אַ!

— נאָר די מאַדאַם איז אינדערהיים. זי וועט זיך פרייען אייך צו זען. ס׳האָט זיך ווירקלעך אַן עפּן געטאָן די טיר פון קליינעם זאַל, און מאַמקע האָט זיך באַוויזן. אַן איבער פערציק־

יאָריקע האָט זי אין איר רייפן עלטער געלויכטן ווי די זיסע, ווארעמע הערבסט-זון. זי האָט קלוידן האַרציק ארומגענומען:

— איך האָב געמיינט אַז ס'איז מיין מאַן. ער האָט געזאָלט צוריקקומען גלייך נאָך זיין פאָרלעזונג אין קאָלעדזש דע פראַנס. און דער זייגער איז שוין זעקס! איר בלייבט ביי אונז צו מי־טאָג, קלויד!

— אויב איר וועט דערלויבן...

— ווי אָפיציעל! פון ווען אָן?

זי האָט אים געוואָלט אויסזידלען, ווייל אין פארביטערטן טאָן האָט זי דערפילט זיין באַהאַלטענעם שמערץ. שויז ווידער געוויס אַן עסק מיט דער קליינער סערוויער.

— וואס הערט זיך אין גאַרשעס?

ער האָט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט. באַמערקנדיק זיין אויפרעגונג, זיין פארביטערטן און אומעטיקן געזיכטס-אויסדרוק גלייך ווי ער איז אריין, האָט זי מער נישט געפרעגט.

— אפשר ווען מיר זיך דורכשפאַצירן איבערן גאָרטן? אָדער גאָר הערן אַ ביסל מוזיק?

מוטערלעך, מיט אַ שטענדיק יונגער אינטואיציע האָט זי סימפאַטיזירט מיט די געפילן פון דערדאָזיקער יוגנט, מעסטענדיק זייערע האָפנונגען און שטרעבונגען מיטן מאַסשטאַב פון איר אייגענער — אזא ווייטער — פארגאַנגענער עקזאַלטאַציע, דערפאַרונגען, וואס אנדערע ווילן קיין מאָל פון זיי נישט לערנען, און זייער זעלטן אויך די, וואר האָבן זיי פערזענלעך דורכגעמאַכט! זי איז נישט געוועזן איבערראַשט וואס קלויד האָט אָפגעוואָרפן אלע אירע פאָרשלאָגן: ער מוז נאָך זיין אין טשעסנוי...

— איך מוז געוואָר ווערן וואס ס'הערט זיך ביי דער קליינער מיראַ, די טאָכטער פון איינעם פון מיינע בעסטע מייסטערס. אַ שרעקלעכער צופאַל... נעכטן האָט זי זיך אָפגעשניטן דעם גראָבן פינגער פון דער רעכטער האַנט.

— דורך איינע פון אייערע מאַשינען?

ווי פאַלט עס אייך גאָר איין? זי ווייסט זייער גוט, אַז זינט ער האָט איינגעפירט די נייע פארבעסערטע מאַשינען איז

נאָך אין טשעסנוי נישט פאָרגעקומען קיין איין אומגליקס-פאַל... ער איז געווען זייער שטאָלץ אויפן דאָזיקן פראָגרעס. אַ גוט גע-שעפט קודם כל און גלייכצייטיק אויך אַ נוצלעכער אויפטו. די נייע מאַשינען האָבן פארטאָפּלט די הכנסה, און די אָפּגעשפּאָרטע פארזיכערונגס-סומען האָבן באַרייכערט די הילפס-אינסטיטוציעס...

ער האָט פּראָטעסטירט:

— אָ! ווען די קליינע מיראָ זאָל געווען ארבעטן אין טשעסנוי...

— דאס האָב איך טאַקע אויך געקלערט...

ער האָט גאַנץ קורץ ערקלערט: די קליינע האָט געארבעט אין דער שוך-פאבריק מארנאנד... זי איז דארט אויף דער לערע זינט איר מוטער האָט צום - צווייטן מאָל חתונה געהאַט... צום אומגליק איז זי דארט געבליבן... זייער אַ פיין קינד, און אזוי ווי איך האָב דעם פאָטער גאַנץ ליב...

אויף דעם אויפן האָט ער פּלוצלינג אנטדעקט פאר זיך אַ טרייסטנדיקע אויפגאַבע, פון וועלכער ער האָט מיט צוויי שעה צוריק לגמרי נישט געקלערט. אַן אומבאַוווּסטזיניקע באַדערפעניש זיך צו פארטומלען, צו פארגעסן. אויסערן פאַך איז די פּראָפּא-גאַנדע פון זיין פאָטערס אידעען געווען זיין צווייטער וויכטיקער לעבנס-אינטערעס, און ס'איז אים אויך געבליבן. ער האָט זיך אָן דעם געקלאַמערט נישט געקוקט אויף מאריסען, אויף להכעיס מאריסען.

— קומט באַלד צוריק! מיין מאַן וועט זיין צופרידן זיך דורכצושמועסן מיט אייך נאָך פארן עסן.

קלויד האָט צוגעזאָגט. אין זשארזש בלאנשעטן האָט ער ליב געהאַט דעם פילאָזאָף, וואס האָט געירשנט פון זיין לערער וויניאָבאס די חכמה, גוטסקייט און מעסיקייט. ער איז בלויז גע-ווען אומצופרידן מיט זיין סקעפּטיציזם. ווצר איז אבער פעיק געווען אזוי גרויסמוטיק, אזוי ענטוזיאַסטיש ווי ער צו פארגעטערן די, וועלכע ער האָט טיף געאַכטעט און באַוווּנדערט!... זיין פאָ-טער, זיין מוטער! בעת קלויד פלעגט ארויסרעדן: „מיין גרויסער, מיין גרויסע!“ האט ער געזאָגט אלץ... אדער בעת ער פלעגט

ווי דוצן, אָנרופנדיק ביים נאָמען: „אמעדיי, אניקע," האָט עפּעס אַ מין מערקווירדיקע האַרציקייט געקלונגען אין דערדאָזיקער נדערישער ליבע...

זיין אַפּאַראַט האָט זיך באַלד אַ הויב געטון אין דער הייך. דידאָזיקע באַוועגונג, — וואס איז נאָך דעמאָלט געווען לחלוטין ניי — האָט אים כסדר אַנטציקט און אויך היינט האָט זי מאָמענטאַל פאַרטריבן זיינע אומעטיקע געדאַנקען. ווי אַ פויגל האָט ער זיך געטראָגן איבער די פעלדער פון ווערסאַל און טריאַנאָן, ווי אומענדלעכע שאַך-ברעטער. ערשט באַמערקנדיק פון דערווייטנס די גרויסע גלאָז-האַלעס פון דער פאַבריק אין טשעסנוי, פּורפּור-רויטע אונטער די שטראַלן פון דער פאַרגייענדיקער זון, האָט ער זיך ווי אויסגעניכטערט און ווי אַ פייל פון בויגן אראָפּגעלאָזט אויף דער ערד...

אין צענטער פון די פאַרשידענע פאַרצוימונגען און געביידעס האָט זיך געפונען אַ גרויסער, מיט פיינעם זאַמד באַשאָטענער פּלאַץ. אָן שום גערויש האָט ער זיך דאָ אַראָפּגעלאָזט. אַ פּופצניאָריק יונגל, בלוט און מילך, וואס איז געזעסן אויף אַ שטיין-באַנק אונטערן ביוראָ-פענצטער, פאַרטיפט אין אַ ספּאָרט-זשורנאַל, איז מאָמענטאַל אויפגעשפּרונגען און צוגעלאָפן צו קלוידן:

— גוט מאָרגן, הער קלויד! אונזער מאַנשאַפט האָט ביי גוועפּאָרד געשלאָגן מיט פינף קעגן דריי!... און דער וועט-מאַרש אין קלאמאַרט! איר האָט געוויינט!... אונזער פאַבריק שלאָגט דעם רעקאָרד פון טויזנט מעטער!

פאנפאן מיראָ, דער אזוי גערופענער „קליינער יונג" האָט געהאַט צוויי לעבנס-צילן: איבערצוגיין אלס ערשטער תּלמיד פון שולע אין ליצעאום און ווערן אין רוגביי א האַלבער-פליגל שפּילער. קלויד האָט אים צוגעגעבן חשק. צוקוקנדיק זיך צום דאָזיקן יונגל איז ער געווען צופרידן, וואס ס'שאפט זיך ווידער דאס גלייכגעוויכט צווישן וויסן און ספּאָרט, אין קעגנזאַץ צום עלטערן דור, וואס איז שוין אין ספּאָרט צו ווייט פאַרקראָכן... דער אויסשליסלעכער קולט פון כח, וואס צוליב אים האָט מען לגמרי פאַרנאכלעסיקט די אנטוויקלונג פון גייסט, וואס איז זער.

צו שטאַרק אויסגענוצט געוואָרן דורך פאַרשידענע רעליגיעזע ספּעקולאַנטן, וועלכע האָבן געכאַפּט נשמות מיט דער הילף פון קערפּער.

— דיין פאָטער איז נישטאָ? געוויס ביי דיין שוועסטער? וואָס מאַכט זי?

— זי האָט אַביסל פיבער. אַזוי ווי די אַרבעטס-צייט ענ־דיקט זיך אין אַ פירטל שעה אַרום, האָב איך זיך אונטערגענו־מען אים צו פאַרבייטן... זייט גאַנץ רויק! פונדאַנען העט איך אַלע טעלעפאָנען... אפשר זאָל איך אים גיין רופן?

זיי זענען אַריין אין ביוראָ. דער קליינער איז גלייך צו־געגאַנגען צום טיש, וואָס איז געווען פול מיט צעטלען. ער האָט געקוקט אויף קלוידן מיט דער נאַטירלעכער זיכערקייט פון אַזאַ יונגל און מיט ליבעפולער הכנעה, מיט וועלכער אַלע אין פאַבּ־ריק האָבן זיך באַצויגן צום יונגן שעף.

— מ׳דאַרף נישט, קליינער, איך גיי אַליין אַהין. בלייב אויף דיין פּאָסטן.

ער האָט צערטלעך אַ גלעט געטון דאָס יונגל איבערן באַק. פּונקטלעכקייט אין דינסט האָט ער שטאַרק ליב געהאַט, ווייל ער גופא איז אויך געווען שטאַרק פּינקטלעך. דעריבער האָט ער זיך אויך נישט געוואונדערט, וואָס דאָס יונגל באַציט זיך אַזוי ערנסט צו דער איבערגענומענער פאַראַנטוואָרטלעכקייט... צי דען איז ער אַליין צו דרייצן יאָר נישט געווען דער רעדאַקציע-סעקרעטאַר אין „הויז פאַר אַלע", וואָס זיין מוטער צוזאַמען מיט פריילין האַרדי האָבן דעמאָלט געגרינדעט. די צענטראַלע אין פּאַריז האָט געהאַט די אויפגאַבע צו עפענען אָפּטיילונגען אין אַלע שטעט און שטעטלעך פון פראַנקרייך. אַ מעכטיקע אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געזאָרגט דערפאַר, אַז יעדע איינזאַמע אָדער אומגליקלעכע פרוי זאָל אַ מעגלעכן קאָנען געפונען אַ צייטווייליק וווינאָרט, מאַטעריעלע הילף און די נייטיקע מאָראַלישע אונטערשטיצונג. אויך אַנדערע פרויען פלעגן אַהינקומען, פאַראינטערעסירט דורך די פאַרשידענע קאָנפערענצן, פאָרלעזונגען, ביבליאָטעקן און ספּאָרט-איבונגען.

מיט שנעלע טריט האָט ער זיך געטראָגן איבער די ספּאָרט־

פלעצער, ווו די שפּילן זענען איצט געווען אין רעכטן ברען, פאַרבײַ דער גימנאַזיע, די שווים-באַסיינען, ווו ס'האָט געשוויבלט און געגריבלט פון דער גרויסער מחנה באָד-געסט. באַלד האָט ער דערגרייכט די ארבעטער-שטאָט. אַ מערקווירדיק בילד. קליינע הײַזלעך מיט גראָע ווענט און רויטע דעכער, ארומגערינגלט מיט גרינע גערטלעך. מענער, רוענדיק נאָך דער אַרבעט, פּרוּוען וואַשנדיק אָדער גייענדיק אויף די שוועל פאַר די טיר. ער האָט זיך אַנטציקט מיט דער מוסטערהאַפטער אָרדענונג, געוואָרפן פריינדלעכע בליקן אויף דער צענטראַל-געביידע, וואָס איז אַ דאַנק זיין אוניציאַטיוו צוריק אויפגעשטעלט געוואָרן לעבן די קאָנסום-קאָאָפּעראַטיוון — די ביבליאָטעק מיט אירע גרויסע ליין- און שרייב זאַלן, דאָס מאָדערנע קינאָ-טעאַטער און די גאַלעריעס פאַר אינערלעכע שפּילן.

אַ דאַנק זיינע גוטע באַציונגען מיטן באַפולמעכטיקטן פון דער באַראָנעסע פּיאמבינאָ — הער לורמאַל, — אַן אויסגעשפּראָכענער ביוראָקראַט מיט אַ בעפעלענדער שטים, וואָס טיילמאָל איז קלויד געווען זיין וואָרט-פירער — איז אים געלונגען צו מאָדערניזירן אויפן העכסטן הומאַניטאַרן אופן דעם גאַנצן אַנשטאַלט, וואָס איז זייט זיבן יאָר נעשאַפן געוואָרן דורכן גוטהאַרציקן באַנקיר.

דער פּרינציפּ פון אַזאַ קאָאָפּעראַציע, — די ארבעטער אייגנטימער פון אַ דריטל פון גאַנצן שולדנפרייען קאַפּיטאַל און אַ העלפט פון די דיווידענדן און רוחים מיט אַ גלייכער פּאַטראָנונג אין אַדמיניסטראַציע-ראַט — האָט שפּעטער אויסגעזען צו שטאַרק רעוואָלוציאָנעריש. קלויד האָט זיך נישט געמאַכט קיין שום אילוזיעס בנוגע די אבזיכטן פון גוטהאַרציקן גדבן: אַ קלוגע קאָנצעסיע פאַר דער וואַקסנדיקער מאַכט פון דער ארבעטערשאַפט, פון די סאָציאַלע אידעען, וואָס באַזירט מער אויפן שטרעבן נאָך פּאָפּולאַריטעט ווי אויף אומאייגננוציקער מענטשן-ליבע.

און דאך האָט מען נישט געקאָנט מוחל זיין דעם גרינדער פון דערדאָזיקער אונטערנעמונג — איינער פון די גרעסטע מלחמה-שפּעקולאַנטן — זיין עובדה צו געבן אַזאַ מין קאָנטריבוציע פאַרן

זוערק פון שלום. ס'איז אָבער דאָך געווען אַ צייכן פון דער צייט, אַז אַזאַ פּיאָמבינאָ, וואָס האָט אָנגעזאַמלט מיליאָנען דורך דער פאַבריקאַציע פון באָמבעס, זאָל איצט אָבגעבן זיין שטאָל־אינדוסטריע למובת דער באַפעלקערונג.

קלויד האָט אָנגעקלונגען אין טיר פון אַ פּאַרטער־וווינונג, וואָס איז געווען באַוואַקסן פון בליענדיקע אַרבעס־פלאַנצן. די מוטער מיראַ, אַ דיקע, לעבעדיקע, אלטע, האָט זיך דערפרייט מיט מיט אים ווי מיט משיחן. הער קלויד אַזאַ הויך געלערנטער מאַן! און גאָרנישט גרויס ביי זיך. לגמרי נישט ווי אַ שעף.

— נו, וואָס הערט זיך עפּעס? — האָט ער אַ פרעג געטון.

— דער דאָקטאָר איז נאָר וואָס דאָ געווען. ער זאָגט, אַז נאָך דער איינשפריצונג, וואָס ער האָט איר געמאַכט, איז נישטאָ מער וואָס זיך צו שרעקן... אָבער די קאַלעקע־האַנט...

קלויד האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און איז אריין אין צימער... מיט זיין אייגנטימלעכן שנעלן בליק האָט ער געכאַפּט, אַ קוק אויף אלץ: דער זויבערער צימער, דאָס שפּאַנישע ווענטל, די ריינע טואַלעטע, דאָס שניי־ווייסע בעט, אויף די ווענט גרויסע פאָטאָגראַפיעס און קלאַסישע בילדער. די קראַנקע, האַלטנדיק דעם פאָטערס האַנט, איז געלעגן אויסגעצויגן און דערזעענדיק קלוידן, זיך באַמיט פריינטלעך צו שמייכלען. זי האָט געפּרוּווט אַ הויב טון דעם קאָפּ, — איר מאָגער אָבער סימפּאַטיש געזיכט איז געווען רויט פון פיבער — קלויד האָט איר געבעטן ליגן רויק. און האָט זיך געווענדעט צום פאָטער:

— גוט מאָרגן, מיין אַלטער... איך האָב זיך היינט געזעען מיט הער לורמאָל. ער איז מאַרנאַדס אַן אַלטער פריינט... אייער טאָכטער קאָן זיין גאַנץ רויק. די אַסעקוראַנץ־געזעלשאַפט וועט באַצאָלן דעם מאַקסימום. איבעריקנס איז עס דאָך די דירעקטע פליכט פון דידאָזיקע הערן...

— גאַנץ באַשטימט! — האָט אַ זאָג געטון מיראַ, אויפכאַפּנדיק קלוידס איראָנישן טאָן... — אַן אָפּגעשניטענער פינגער קאָסט דאָך אַ סך וויניקער ווי אַ נייע מאַשין!

ער האָט אָבער נישט געקאָנט באַהערשן זיין צאָרן, קלערנ-

דיק וועגן דעם קאָנטראַסט צווישן די מעטאָדן פון טשעסנוי און די ווילדע רוטינע ביי די מארנאַדס ווי אויך ביי אלע אנדערע... דער גרעסטער טייל אינדוסטריעלער האָבן זיך נאָך כסדר באַנוצט מיט די אלטע מאַשינען כל זמן זיי האָבן נאָך געקאָנט ציען געלד פון דער ארבעט און דער געפאַר, וואס איז מיט זיי פארבונדן, דאָס עלענד און אומגליק פון די ארבעטער קומט דאָך נישט אין באַטראַכט ביי די בילאַנסן פון די רווחים. די יאָך פון דער אור־אַלטער פארשקלאַפונג, וואָס ווערט נאָר עד היום געזעצלעך סאַנק־ציאָנירט.

— איר זעט, — הער קלויד, ס׳זענען פאראן מענטשן, פאר וועלכע דער קריג האָט לגמרי נישט געבראַכט קיין שום ענדע־רונג... די מלחמה דויערט, אייגענטלעך, ווייטער... און ס׳ליידן בסדר די זעלבע !...

ער האָט אַ וויַיז געטון אויף זיין אָפגעשניטענעם אָרעם. מיט דערזעלבער סימפּאַטיע האָט קלויד באַדויערט דעם פּאָטער און דער טאָכטער: — אַ ביסל איז די קליינע אליין שולדיק אין איר אומגליק. פונקט ווי דער ברודער האָט אויך זי געקאָנט גע־פונען וועלכע נישט איז ארבעט אין טשעסנוי... איר האָט זיך אָבער דוקא געוואָלט זיין ביי די מאַרנאַדס, צוזאַמען מיט אירע באַקאַנטע, פריינט... איצט אָבער מוז מען איר אומבאַדינגט פון דאָרט ארויסשלעפּן.

— זאָרגט נישט, קרענקט זיך נישט! — האָט איר קלויד באַרויקט, — ביי אונז איז דאָ ארבעט פאַר אייך אויך... ווערט נאָר געזונט...

דערנאָך האָט ער זיך געווענדעט צו דער מוטער, וואס איז געשטאַנען און געוויינט:

— באַרויקט זיך, פארגעסט נישט, אַז ס׳האָט געקאָנט זיין נאָך ערגער.

ער האָט דידאָזיקע הויפּט ערלעכע לייט שטארק געאַכטעט, באַזונדערס דעם אַלטן, איינער פון די בעסטע מייסטערס, איז ער געווען אויסערגעוויינלעך ארבעטסזאַם, טיכטיק און ערלעך.

צו פינף און צוואָנציק יאָר איז דער אלטער מורא אי,

1918 פֿאַרוואונדעט געוואָרן בעת דער צווייטער אָפֿענסיווע אין שאַמפּאַן. אויסערדעם איז ער פֿון אַ גאַז אָנגריף אַזוי געפֿערלעך קראַנק געוואָרן, אַז אַ צייט לאַנג איז ער געווען שווינדזיכטיק. אַ פּופּציק יאָריקער, האָט ער אויסגעזען ווי אַ זקן. וואָס ס'האָט שטאַרק נישט האַרמאָנירט מיט זיין אומגעווײנלעכער לעבהאַפֿטיקייט, מיטן יוגנטלעכן גלאַנץ פֿון זיינע פֿייערדיקע אויגן.

— דאָס זאָג איך טאַקע כּסדר דער קליינער... אַ פֿינגער, אַ גרויסע מעשה!... איך, איך האָב פֿאַרלוירן די גאַנצע פֿינף, און דעם אָרעם דערצו, אין די קעסלען. און דאָס האָט מיר לגמרי נישט געשטערט צו שטיין און צו קאָכן אונזערן. נישט אמת מעלי?

— ריכטיק! — האָט די אַלטע גוטמוטיק באַשטעטיקט.

קלויד האָט זיי געגעבן פֿאַרשיידענע הבטחות:

— מיר וועלן פֿאַר איר געפֿונען אַ לייכטע אַרבעט אין ביוראָ, ביז ס'וועט קומען די צייט און זי וועט געפֿונען אַן אָנשטענדיקן מאַן, לויט איר געשמאַק.

לואיזע מוראַ האָט אייגנזיניק אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, מיט די לאַנגע, צעקודלטע האָר. נישט קוקנדיק אויף די געלעכטערס פֿון אירע חברטעס אין די בחורישע פֿריזורן, האָט זי זיך עקשנותדיק געהאַלטן ביי אירע לאַנגע האָר.

— איך אייל זיך נישט אַזוי!... און איבערהויפּט איצט!...

אַ מין פֿאַרביטערונג איז געלעגן אין טרויעריקן טאָן פֿון אירע לעצטע ווערטער; פּונקט ווי דידאָזיקע גוטמוטיקע באַמערקונג זאָל איר ווייטון נישט ווייניקער ווי דער אָפּגעשניטענער פֿינגער.

— איצט, — האָט קלויד אַ זאָג געטון, — רויק און מוט, מער מוט!

— דאָס האָב איך שוין גראָד גענוג!

קלויד איז אַרויס אין דער באַגלייטונג פֿון מיראַ. אינדרויסן האָט דער אַלטער תּיכּף אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך די כּלומרשט רויקע מאַסקע. ווי לעבעדיק זענען ווידער אויפֿגעשטאַנען פֿאַר זיינע אויגן די שרעקלעכע בילדער, די אַלע צרות און ליידן,

וואס ער און נאָך טויזנטער אַזעלכע ווי ער האָבן דורכגעמאַכט אין די מלחמה־יאָרן... דער קריג, די פאַרלוירענע יוגנט, דאס צעבראָכענע האַלבע לעבן! ער האָט זיך אַנטשולדיקט:

— דערדאַזיקער נייער אומגליק: ס׳רייסט אויף די אלטע וווּנדן... אָ! א״ר זעגט גליקלעך, איר וועט עס נישט קענען... דאָסדאָזיקע... דעם קריג.

— מיר האָפן עס, מירא, הלוואי!

דער אַרבעטער איז געוואָרן אויפגעקאָכט:

— האָפן? איר זענט נאָך הייסט עס אין דעם נישט זיכער?...

אָ! זאָלן זיי נאָר וואַגן אהער צו קומען, דידאָזיקע מענטשן־פרע־סער, די מערדער! מיר וועלן זיי ווייזן... אָבער, וואס אַזעלכע זאַכן קאָנען איצט מער נישט פארקומען! קלערן, אַז מיין בחור׳ל...

די קליינע אויטאָמאָביל־אַקערס זענען געשטאַנען אויסגע־שטעלט אין אָפענע שאָפעס אין געדיכטע, לאַנגע רייען ווי דיס־ציפּלינירטע זעלנער. די אייזערנע זיי־מאַשינען האָבן געגלאַנצט און געלויכטן און זענען געשטאַנען פיקס און פארטיק פאר די תבואה־פעלדער צו די קומענדיקע אַקער־ און זיי־אַרבעטן... מירע און קלויד, ביידע האָבן גליקלעך געשמייכלט, קלערנדיק וועגן דעמדאָזיקן פראָגרעס... לעבן אויטאָמאָביל, אינמיטן הויף, איז געשטאַנען דער קליינער פארטרעטער.

— הער ברונעט איז געקומען מיך פארבייטן.

— טאָ גיי שפּילן, מיין קליינער יונג!

הארציק האָט זיך קלויד געזעגנט מיטן פאָטער און זיין זון. אַ מאָמענט איז ער נאָך שטיין געבליבן וואַרפנדיק אַ צופרי־דענעם בליק אויפן מאָנומענטאַלן הויף מיט זיינע שטולע געביי־דעס. בלויז פון איין אָפענעם ביוראָ־פענצטער האָט זיך געטראָגן אַ פריילעך פייפן. אין דער גאַנצער פאַבריק האָט זיך איצט גע־פונען בלויז איין מייסטער און די וועכטער, וואס פלעגן פון צייט צו צייט אריבערשפּאַצירן איבערן הויף.

אין דער פאבריק איז געווען איינגעפירט דער זעקס־שעה־דיקער ארבעטס־טאָג לויטן אַקצעפּטירטן געזעץ־פּראָיעקט פון אַמע־

דיי זשאָקמען פאַר דערדאָזיקער קליינער ארבעטס-וועלט פלעגט דער טאָג פאַרבייגיין לוסטיק און לייכט. דער אידעאַל: וווינונגן ביי דער פאַבריק, איז אין טשעסגוי שוין געווען א געשעענער פאקט. מיט אומגעדולד האָט מען געוואַרט. אז דער דאָזיקער אידעאַל זאָל ענדלעך פאַרווירקלעכט ווערן אין גאַנצן לאנד.

# 7.

ליגנדיק אויפן גראָז, ביי מאַניקען צופוסנס, ווי צוויי גרויסע ליליען, האָבן סילוועסטרע און גינע געהאַלטן אין איין ציראָפּוואַרפן פון זייערע ווייסע קליידער די גרינע קנאָספן פון אַ פּאַרשפּעטיקטער אַקאַציע, וואָס זיינען אויף זיי געפאַלן ווי אַ שמעקעדיקער רעגן.

לעבן זיי, ארום הער בלאַנשעטין, זענען געשטאַנען קלויד און זשאָרזשי.

כאָטש ער איז אַ סך דיקער געוואָרן, האָט דאָך בלאַנשעט נישט פאַרלאָרן זיין פּריסטער־געשטאַלט מיט׳ן שטענדיקן אירא̇נישן שמייכל אויפן דענקער־געזיכט. גליקלעך דערמיט, וואָס צווישן אים און זיין פרוי איז שוין לאַנג פאַרשוווּנדן די לעצטע שפּור פון אומצופרידנהייט, פון דיסהאַרמאָניע, האָט ער איצט אומגעשטערט געטרונקען די זיסקייט פון אַ גליקלעכן, רויקן פאַמיליען־לעבן. דערצו איז נאָך צוגעקומען דער נישט ווייניקער זיסער שטאָלץ, וואָס ביידע, — פּונקט ווי אַניקע און אַמעדיי זשאַקמען, — איז געלונגען צו דערגרייכן אין לעבן דאָס וויכטיקסטע, צו ערפילן די העכסטע מענטשלעכע אויפגאַבע: די געהעריקע דערציונג פון די קינדער.

בלויז איין שוואַרצער פּונקט האָט געשוועבט אויף זייער בלויען הימל: סילוועסטרעס ליידנשאַפטלעכער, עגאָיסטישער כאַראַקטער. אינגאַנצן די מאַמע בעת זי איז אַלט געווען פינף און צוואָנציק יאָר... ביי דער ערשטער סענטימענטאַלער אויסגע־

רעכטיקייט, ביי וועלכע נישט אין ליבעס־געשיכטע איז זי פעיק אויף די גרעסטע, אויף די שרעקלעכסטע נאַרישקייטן. בלאַנשעס איז דערין געווען פעסט איבערגעצייגט, זיך דערמאָנענדיק אָן מאַניקעס עובדות... ווי אַזוי וועט רעאַגירן סילוועסטרע? ער האָט נאָכגעשפּירט אירע אומרויקע, ליידנשאַפטלעכע בליקן אויף קלוידן.

נישט האָבנדיק וועגן דעם די מינדעסטע אַנונג, האָט קלויד אין צוזאַמענהאַנג מיטן אומגליקס־פאַל מיט דער קליינער מורא — איבערגעגעבן דעם פּראָפעסאָר מכּה די לעצטע טעכנישער אויס־בעסערונגען פון דער פאַבריק אין טשעסני.

— אין גרויס גענומען, — האָט באַמערקט בלאַנשעס, — האָט איר ביסלעכווייז דורכגעפירט פּראַקטיש די רעוואָלוציאָנערע פאָר־מול, אויף וויפיל זי איז גערעכט: „די פאַבריק — דעם ארבעטער". אייגנטלעך איז דידאָזיקע פאָרמול בלויז איין פונקט פון גרויסן געזעץ, וואס אייער פאָטער האָט אַזוי קורץ און בונדיק רעזומירט: „אַלץ פאַר אַלע, און יעדן לויט זיין ארבעט!".

— סוף כּל סוף קומט דאָך די גערעכטיקייט! — האָט סילוועסטרע באַגייסטערט אויסגערופן:

קלויד, נישט רעאַגירנדיק לגמרי אויף איר צווישנרוף, האָט ווייטער גערעדט:

— נישטאָ מער קיין ארבעטסגעבער און ארבעטסנעמער אין זין פון פריערדיקן אַנטאַגאָניזם. ארבעטער און שעף, אלע זענען פאַראייניגט דורכן גוטן ווילן, אלע באַקומען גלייכע טיילן.

הער בלאַנשעס האָט אַפּלאָדירט:

— ווער האָט זיך געקאָנט ריכטן, אַז פּיאָמבינאָס מיליאָנען וועלן ברענגען אַזעלכע רעזולטאַטן? גרויסאַרטיק, באמת?

— דאס איז נאָך גאָרנישט! — האָט געזאָגט זשאָרזשי, — דאס איז ערשט דער אָנהייב! אַ ביסל, וואס מ'וואַרפט צו דאָס הונגעריקע פאָלק, כּדי ער זאָל זיך האַלטן רויק. די פולשטענדי־קע גערעכטיקייט האָט קיין שום שייכות נישט מיט דעראָזיקער פריער אויסגערעכנטער פילאַנטראָפּיע, מיט דער האַלבער מתנה פון רייכן פאַרן אָרעמען. מיר פאָדערן אַן אינטעגראַלע, אַ פול־שטענדיקע נאַציאָנאַליזירונג פון גאַנצן אייגנטום.

— און דערנאָך?

— פארטיילונג לויטן סכום און לויט דער קוואַליטעט פון דער געמאַכטער אַרבעט.

לאַכנדיק האָט דער פאָטער אַ נעם געטון דעם זון פאַרן אויער.

— איך האַלט דעם וואָלף פארן אויער! יאָ, מיין זון, דו מעגסט גלייבן אין גרויסן כח, אין דער אַלמעכטיקייט פון קאָלעקטיוויזם, קאָנסט זיך איינרעדן, אַז דיינע ערפינדונגען וועלן איבערדרייען די וועלט... דו בלייבסט אָבער אַן אַריסטאָקראַט פונקט ווי דיין פאָטער איז געווען און בלייבסט אַ בורזשוי... אַ געלערנטער וועט, הייסט עס, אין דיין גן-עדן בעסער באַצאָלט ווערן ווי אַ שוואַרצער אַרבעטער, אַ שטיין-האַקער, טעלער-וועשערין אָדער שטוב-מיידל?... לית-עתה דאַרף מען, הייסט עס, צוּוואַרטן, ביז קלויד וועט האָבן באַנייט די ערד-אויבערפלאַך, און אייער פריינט פאנפעט און זיין פאָטער וועט געלונגען צו פאַרניכטן דידאָזיקע נייע גאַזן, וואָס פארטרייבן דעם אַפעטיט צום עסן ביי יענע בלוטדורשטיקע טפשים, וועלכע ווילן איינער דעם אַנדערן אויסשחטן!... דעמאָלט וועט איר, אָן שום ספק, שאַפן אַ פאַרטיי, קלויד, פאנפעט און דו, מיט אַ רעגירונגס-ראַט פון קאָמיסאַרן,' ווייל אפילו די סאָוויעטן נייטיקן זיך אויך אין פירער!... אַריסטאָ, איך זאָג דיר נאָכאַמאָל אַז דו ביסט פאָרט אַן אַריסטאָקראַט, ווייל דו דערלאָזט אַ דיפערענץ אין דער אָפּשאַצונג פון דער פראָדוקטיוויטעט פון דער אַרבעט גופא און גיבסט ערלעך צו, אַז די קוואַליטעט גלייכט אויס די קוואַנטיטעט! דאָ ליגט טאַקע דער וואָרם אין דער פרוכט, די אומפארמיידלעכע אומגלייכהייט אין דער פסיידאָ-גלייכהייט.

סילוועסטרע און קלויד האָבן גלייכצייטיק אויסגעשריגן:

— פאַרדאָן!

זי האָט זיך אָפּגערוקט, מאַכנדיק אים אַ צייכן, ער זאָל רעדן דער ערשטער. ער האָט פּראָטעסטירט:

— דאָס אַבסאָלוטע עקזיסטירט בלויז אין פארגלייך מיטן

רעלאַסיוון. קיין אידעאַל ווערט נישט דערגרייכט דורכן ערשטן שפּרונג... מיר מוזן האָבן צייט, דאָס איז דער עיקר.

— אָ־אָ, האָט זיך בלאַנשעט געוויצלט. עטלעכע דורות, נייע מענטשן...

— און פּאַרוואָס טאַקע נישט? — האָט אויסגערופן סיל־ווערסטרע, — זי איז אויפגעשפּרונגען און האָט זיך געשטעלט לעבן קלוידן. — דער נייער מענטש איז שוין דאָ. צי דען זעען מיר עגלעך צו די לאַלקעס און פּאַיאַצן, וואָס רינגלען אונדז אַרום?

קלויד האָט געשפּירט דעם שטאָך און אים אַראָפּגעשלינגען. זי האָט ווייטער גערעדט:

— קנאַפּ האָט איר אויפגעטון אין משך פון די לעצטע צוואַנציק יאָר? דו, פּאַטער, און הער זשאַקמען, שוין נישט רעדנ־דיק וועגן דעם גוטן ווילן און דער מיטאַרבעט פון אונזערע מו־טערס. אַ וויכטיקער, העכסט נוצלעכער עטאַפּ אויפן וועג צו אונ־זער ענדציל, צי דען ווילסטו אָפּלייקענען אָדער פאַרקלענערן דעם ווערט פון דיין ארבעט?

— פּראָטעסטיר אויך, זשאַרזשי? — האָט גינע אַ זאָג גע־טון, וואַרפנדיק אויפן אינזשיניער אַן אַקאַציע־בלימל, וואָס איז נאָר וואָס אַראָפּגעפאַלן אויף איר אַנטבלויזטן אָרעם. ער האָט עס אַ כאַפּ געטון, צוגעטראָגן צום נאָז און אַ זאָג געטון:

— די וויסנשאַפט האַלט ערשט בלויז ביי דער שוועל פון אירע אַנטדעקונגען. קוים וועלן מיר איר נאָר אַוועקשטעלן אין דינסט פון שכל...

מיט אַ זיכערן זשעסט האָט ער עפּעס ווי אַן עפן געטון אַן אומענדלעכע פּערספּעקטיוו. גינע, ווי זיך האַלטנדיק אָן דער באַפרייענדיקער האַנט, האָט אויסגעשריגן: „בראַווא!" בעת סילוועסטרע האָט כסדר פאַרטיידיקט קלוידס ארגומענטן. — ס'איז פּונקט ווי דאָס ליידן, ווי דאָס פיזישע אין מאָראַלישע. נישט באַסטער און נישט היפּאָקריט האָבן נישט געגלייבט, אַז זיי וועלן זיין בכח צו באַפרייען די וועלט פון שמערץ און ליידן. ס'איז דאָך אָבער לכל־הפּחות גאַנץ שיין, אַז דאָקטוירים, — פון גרעסטן

ביזן קלענסטן — זי האָט זיך איראָניש פארנייגט — באַמיען זיך אונזערע שמערצן צו לינדערן.

זי האָט געוואָרפן אויף קלוידן אַ ליידנשאַפטלעכן, אומענד־לעך צאַרטן בליק. מאָניקע האָט זיך שטאָלץ איבערגעקוקט מיט איר מאַן. זיי זענען געווען גליקלעך, נאָך אַמאָל אויפצולעבן אין זייערע קינדער, וואס וועלן פאָרטזעצן זייער ארבעט...

— מ׳מוז צוגעבן, — האָט דער פּראָפעסאָר קאָנסטאַנטירט, — אַז פון אייך אלע פיר, וועט ארויסוואַקסן אַ פיינער עולם רע־פאָרמאַטאָרן!

— ס׳איז אַ פאַקט, — האָט מאָניקע אַ זאָג געטון, וואַרפנ־דיק אַ צאַרטן בליק אויף סילוועסטרען, — אַז לעבן פאַול דע לאָם און — זאָל מיר קלויד מוחל זיין — לעבן מאָריסע סער־ליער...

סילוועסטרע האָט העפטיק אויסגעשריגן:

— רעד מיר נישט וועגן זיי! מיר האָבן זיי מיט אַ פּאָר טעג צוריק געזען, איך און זשאָרזשי. כ׳בין גליקלעך וואס איצט האָט דער פאָטער אין קאָלעדזש דע פראַנס גאַנץ אַנדערע שילער!

— זייער ריכטיק, — האָט געזאָגט הער בלאַנשעט. — זינט די הויכשולע איז געוואָרן צוטריטלעך פאר אלע, האָט זי גע־פאָרמט און געשאַפן גאַנץ נייע קרעפטן... אַ מערקווירדיקע דער־שיינונג, אַן אומאויסשעפּבאַרער קוואַל פון ענערגיע. מ׳מוז צוגעבן, דער פונק קומט פון אויבן, זעלבסטפאַרשטענדלעך, דער פלאַם אָבער גייט פון אונטן.

— יאָ, — האָט קלויד באַמערקט. — אַזוי איז עס. דער טיפער פייער־פלאַץ, דער לויכטנדיקער קוואַל — איז דאס האַרץ פון פאָלק.

גינע האָט אַ ווונק געטון צו זשאָרזשן, ער זאָל זיך אַוועקזעצן לעבן איר אויפן גראָז. די טעאָריעס זענען טאַקע זיי־ער שיינע, אָבער זי האָט זיי געענוג ביי זיך אין דער היים. פאַר־וואָס טאַקע נישט הנאה האָבן פון אַ פאָר גוטע שעה׳ן־ לגמרי אָן פילאָזאָפירן. שעה׳ן, וואס טראָגן אייך אַוועק ווי אַ שטרוים פון ליכטיקייט. זשאָרזשי איז געלעגן אויסגעצויגן און האָט איר אָנ־

געקוקט מיט ליבעפולע בליקן. ביידע האָט זיך זיי געדוכטן, אַז זיי זיצן אין אַן איינזאַם שיפל און טראָגן זיך לענג אויס אַ ברויזענדן טייך צום אומענדלעכן ים... פלוצלינג האָבן זיי עפּעס איינער דעם אַנדערן אָנפּאַרטרויט אַ סוד, זיי זענען אויפ־געשפּרונגען און מאָמענטאַל פאַרשוואונדן געוואָרן.

קלויד האָט פּאַרטגעזעצט זיין געשפּרעך. מאגיקע, אָנגע־שפּאַרט אויף סילוועסטרעס אָרעם, האָט זיך אויפמערקזאַם צוגע־הערט.

הער בלאַנשעט האָט געענטפערט

— איך שענק אייך אָפּ געדנוויליק די גאַנצע יונגע גוואַר־דיע פון אונזער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק! ביזאַנס און זיינע שותּפים. סאַלמוי האָט זיינע אָנהענגער, וועלכע ער האָט כּשר פאַרדינט. די ליטעראַטור, — ס׳אַרט שמוציק וואַסער אויף איבער צושווענקען די כּלים. דערפאַר וואָס נאָכן קוביזם און דאַדאַיזם האָבן זיי זיך ווידער אַ נעם געטון צו שרייבן פערזן און האַלטן זיך פאַר גרויסע אָריגינאַלן!

— און אין דער קונסט! — האָט סילוועסטרע אויסגערופן, — אַלץ וואָס זיי מאַלן האָט אַ פּניק פון הוזק.

איר האָט זיך געוואָלט אַרויסרופן ביי קלוידן אַ שמייכל, אַרויסרייסן אים פון דער פאַרהלומטקייט, וואָס האָט זיי צעשיידט, פון טיפן שמערץ, וואָס זי האָט באַמערקט אונטער זיין כּלומר־שטער רויקייט. אָבער ער האָט בלויז בעקוועטשט מיט די אַקס־לען:

— וואָס אָנבאַלאַנג, זייער פילאָזאָפיע... — ער האָט זיך פאַרקרומט ווי ער זאָל פאַרקערן עפּעס אַ זייער שמוציקע זאַך — האָבן זיי נאָך אַמאָל איבערגעקייט דאָס מיסט פון נאָכן קריג. זיי גלייבן נאָך אין זעליגן מוסאָליני און אין גאָט. אַזאַ מין אופן רעדן! ווייל אין גרונט געגומען גלייבן זיי אין גאָרנישט. אפילו נישט אין דעם גאָט פון די פּריסטער און אָרמען, פאַר וועל־כע זיי רייכערן חיירויך, ווייל ער איז פאַר זיי דער סימבאָל פון זייער אייגענער אויטאָריטעט.

— אַזוי איז עס. — האָט בלאַנשעט קאָנסטאַטירט. — זיי װענען אַ סך נידעריקער געפאַלן פון זייערע אבות...

— דאָס „פיזישע" ווי זיי זאָגן, זיך וויצלענדיק, דאָס איז דאָס ערנסטע, דאָס ריינע „גייסטיקע"!

— און דאָך, — האָט מאַניקע אויסגערופן, זיך אָפּרייסנ־דיק אויף אַ ווײַלע פון אָבסערווירן סילוועסטרעס נערוואָזיטעט און פלומרשטע רויקייט, כדי אויפצופרישן אין זכרון אירע אייגענע איבערלעבונגען — און דאָס איז צס געווען אַ מיאוס באַשעפעניש, יענע גענעראַציע פון שאַמפּיאָנס, פון ברוטאַלן ספּאָרט, פון באַ־קעמפן דעם קעגנער מיט ריצנאייל און גראָבע שטעקנס! ס'אַראַ מין אויסלאַכן דעם אמתן אידעאַל! ס'אַרא פאַראַכטונג צו דער פרוי!

אַ טריאומף־מאַרש האָט זיך פלוצלינג דערהערט דורך די אָפענע פענצטער־טירן אין זאַל און האָט איבערגעריסן מיט זיין פריילעכע מעלאָדיע דעם ערנסטן, וויסנשאַפטלעכן שמועס. גינע און זשאָרזשי האָבן געשפּילט אין פיר הענט לוסט'ס אונ־גאַרישע ראַפּסאָדיע.

שווייגנדיק האָבן זיך אַלע אַ קורצע ווײַלע צוגעהערט צום דאָזיקן שטורמישן ריטם...

הער בלאַנשעט האָט געשמייכלט אַקאָמפּאַנירנדיק די מוזיק מיטן אונטערברומען פון אַ זאַך־קענער, בעת סילוועסטרע האָט מיט באַטריבטער סימפּאַטיע אויפגעכאַפּט דעם אויסדרוק פון פאַרבי־טערונג אויף קלוידס אומעטיקן פנים קעגן דערדאָזיקער פריילעכ־קייט.

— שפּילט עפּעס אַנדערש: — האָט זי אַרויפגעשריגן,—ס'רייסט די אויערן!

אַ מאָמענט איז די פּיאַנאָ געשוויגן, און גלייך האָבן זיך דערהערט די שטילע לאַנגזאַמע טענער פון מענדעלסאָנס טרויער־מאַרש.

הער בלאַנשעט האָט זיך פאַרטראַכט און דערנאָך זיך גע־װענדט צו זיין פ״וי:

— וואָס ווילסטו? נאָך אַזאַ קאַטאַקליזם ווי דאָס יאָר 1914 מוזן אומבאַדינגט אַ פּאָר גענעראַציעס פאַלן אַלס קרבנות. און ס'וועט דויערן אַ סך לענגער ווי מיר שטעלן זיך עס פאָר; אפילו נאָך די ש/אכט-פעלדער ציט זיך נאָך אָבער אַלץ דער קריג. איינער נאָכן אַנדערן זענען אויסגעשטאָרבן יענע אַלע, וועמען ער האָט נאָר אָנגערירט מיט זיין גראָב-אייזן. אין אויך אויפן מאָראַלישן געביט האָט דאָס שרעקלעכע גיפט אינדערשטיל שעדלעך געווירקט. ס'איז נישט בלויז קיין צייט פון צוואַנציק יאָר, קיין אומקומען פון מיליאָנען מענטשלעכע לעבנס, ס'איז אַ חורבן אויף דורות, ס'פאָדערט זיך איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען כדי צוריקצושטעלן דאס פארלוירענע גלייכגעוויכט.

די לעצטע מוזיק-טענער זענען שטיל געוואָרן. קלויד און סילוועסטרע האָבן געשפּירט, ווי ס'וואַקסט דער אָפּגרונט, וואָס האָט זיך פּלוצלינג געשאַפן צווישן זיי ביידע. מאָניקע האָט די ערשטע איבערגעריסן די שטילקייט:

— די פאַול דע לאָמ'ס און זשאַן סערוויערס האָבן ווייניקסטנס דעם מוט, אונטער דער מאַסקע פון זייערע הויכע ווערטער, ארויסצווייזן זייער אמתן פּרצוף... בעסטיעס!.. מיט זייערע שווארצע מחנות! אַ פיינער ביישפּיל פון דער ציוויליזאַציע... און דאס זענען די מאַכטהאָבער, די הערן פון דער לאַגע!

קלויד האָט אַנטשלאָסן ערק/ערט:

— אַזוי איז עס. דעמדאָזיקן עולם קאָן מען אָפן באַקעמפן. פנים אל פנים! די געזעלשאַפט, וועלכע זיי פארטרעטן, האָט אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די מאַסקע: נידעריקע עגאָיסטן און וויסטע בעלי-תאווהניקעס. מיר וועלן זיך אָבער נישט לאָזן כאַפּן אויף דער ווענטקע. מיר זענען אין דער מערהייט.

גלייכצייטיק האָבן געקלינגען אין זיינע אויערן די דראָענגען פון עלטן מורא: „זיי וועלן קריגן דאָס זייעריקע!" און די הויכע לערע פון אַניקען, איר פערמאַנענטע אַגיטאַציע פאַר אַנטוויקלונג און ווייכקייט.

ווער פון זיי ביידע, איז אויפן ריכטיקן וועג?

פּלוצלינג האָט ער אונטערן דרוק פון זיין טיפן שמערץ,

ווידער דערזען פאַר זיך מאָריסעס בילד. זי איז געשטאַנען... איר פאַטער, און ביידע האָבן פארקערפערט אין זיך דעם ... יוווערסאַלן דעספּאָטיזם, וואָס הערשט איבערן עלנט פון די מענטשן דאָס בילד פון דער טאָכטער האָט אָבער אין איצטיקן מאָמענט פאַרגעשטעלט מיט זיך דאָס שרעקלעכע געשטאַלט פון פאָטער.

נישט סילוועסטרעס ליבפולער בליק, נישט גינעס שווערלעכע אָנוועזנהייט, — זי איצט געשטאַנען אין דער טיר צוזאַמען מיט זשאָרזשן — נישט דאָס גליק וואָס האָט איצט געלויכטן אין מאַניקעס אויגן — נישט אפילו דער אומזיכטבאַרער פּערמאַנענטער געדאַנק וועגן די זייניקע — האָט מען אין דעם מאָמענט נישט געקאָנט לינדערן דעם שמערץ, וואָס האָט אומאויפהערלעך גענאָגט זיין האַרץ... די וועלט איז שלעכט איינגעאָרדנט! און אין דערדאָזיקער אַלגעמיינער שמחה, האָט ער נאָר געהאַט צו ליידן, נאָר ער איז אַזוי איינזאַם, אַזוי פאַריתומט.

דער גלאָק האָט גערופן צום עסן. גינע האָט אַ צי געטאָן דאָס קייטל, וואָס איז אַראָפּגעהאָנגען אויף דער עפּי-באַוואַקסענער וואַנט. צוויי צעשראָקענע טויבן זענען אַנטלאָפן און האָבן זיך באַהאַלטן אין די געדיכטע צווייגן פון די אַלטע קאַשטאַנענביימער.

קלויד האָט באַטראַכט דאָס אַלטע הויז, אויף וועלכן ס'איז, ווי אַ גאָלדענער שטויב, געפאַלן דער שיין פון דער אונטערגייענדיקער זון. פלוצלינג איז ער פאַרציטערט געוואָרן: אַ האַנט האָט זיך אונטערגערוקט אונטער זיין אָרעם:

— קום עסן, קלויד! חבריש האָט אים סילוועסטרע אַריינגעפירט אין שטוב.

## 8.

אניקע און סילוועסטרע זענען געפאָרן מיטן צוג קיין בוי־דאַפּעשט.

זיצנדיק אין אַ באַקוועמער קופּע האָבן זיי געקוקט דורך די גרויסע שפּיגל־שויבן אויף דער פאַרביילויפנדיקער לאַנדשאַפט, ווי אַן אומגעהייער גרויסע מאַפּע האָט זיך אונגאַרן געצויגן פאַר זייערע אויגן.

אַז אניקע פלעגט פאָרן קיין מיטל־אייראָפּע (דער פאַר־לעצטער פּרויען־קאָנגרעס איז פאָרגעקומען אין וואַרשע, דער לעצטער אין ווין) האָט זי תמיד גענומען פאַר זיך מיט קלוידן דעם אַעראָ־בוס פאַריז—מאָסקווע, וואָס איז געווען פונקט אַזוי קאָמפאָרט און שנעל ווי אַ פּריוואַט־אעראָפּלאַן. דאָס מאָל האָט זיך סילוועסטרען דורכאויס געוואָלט פּרווון די נייע באַן־ליניע קיין אַזיע, דעריבער זענען זיי אין שטראַסבורג איבערגע־שטיגן פון עראָפּלאַן אין אָריענט־עקספּרעס, וואָס איז איצט פון דער דייטשער גרענעץ אָן, איבערגעבויט געוואָרן אין אַ נייעם עלעקטרי־צוג. בעת אין פראַנקרייך האָבן זיך נאָך כסדר געהאַלטן די שמאָלע באַן־ליניעס, האָט מען שוין אין דייטשלאַנד, עסטרייך און אונגאַרן אויסגעבויט דאָפּעלטע ברייטע ליניעס, איבער וועלכע ס׳האָבן זיך געטראָגן ברייטע וואַגאָנעס — מיט דער קראַפט פון צווייהונדערט קילאָמעטער אַ שעה — דירעקט איבער בודאַפּעשט, דורך קאָנסטאַנטינאָפּאָל, קיין טעגעראַן. ברייטע סאַלאָן־וואַגאָנעס, בלויז מיט פאָדערשטע פלעצער, די הינטערשטע אינגאַנצן סקאָס׳רט.

אָט באַוויזט זיך אַ שפּיציקער קירך־טורם און פאַרשווינט מאָמענטאַל ווידער. אַ דאָרף מיט נידעריקע דעכער ווי הענגנדיק אויף אַ בערגל... אַ לייכטער נעפּל האָט געגעבן צו וויסן, אַז ס׳רוקט זיך אָן דער הערבסט. די ליידיקע פעלדער — ווייץ און האָבער — האָבן זיך בולט און רעגעלמעסיק אָנגעזעצן איבער טונקעלן ערד־שטח. דער דונייַ האָט זיך געטראָגן, אַ געלער, אַ ליימיקער אונטערן לויכטנדיקן הימעל: — דאָס געלט שאַפט, באמת, וווּנדער, — האָט אַניקע געזאָגט, וואַרפנדיק אַ בליק אויף דער פליהענדיקער לאַנדשאַפט...! זי האָט זיך דערמאָנט אָן די ידיעות וואָס קלויד האָט איר איבערגעגעבן נאָך זיין באַזוך אין גאַרשעס... אַ גרויסער שאָד, וואָס אַ שטאַרקער, טיפער גלויבן קאָן אין דער היינזיכט אַזעלכעס נישט אויפטאָן... בעת מ׳קלערט נאָר וועגן דעם, אַז דער באַנדיט, סערוויער, האָט אויך דאָ אין דעם לאַנד געמאַכט פאַרשיידענע ספּעקולאַציעס מיט הארטמאכן און סודעקי, און אַז דידאָזיקע שנעלצוג־ליניע איז אויסגעבויט געוואָרן דורך די נאַפט־מאַגנאַטן פאַר זייערע מאָנאָפּאָלן !...

פון קלויד׳ס באריכט און פון דעם וואס זי האט שוין פריער געהערט און געוווּסט, האָט אַניקע שוין געקאָנט רעקאָנסטרואירן ביי זיך אין מח די דאזיקע גאנצע אינטערנאציאָנאַלע גאַפּטאַוואַנטורע. דער דאָזיקער באַנדע איז פאַקטיש געגאַנגען אין דעם, אין פאַל פון אַ רעוואָלוציע, צו האָבן אין האַנט די פּראָנצויזישע רייכטימער. אין פאַל פון אַ רעוואָלוציע? אפשר גאָר כדי די דאָזיקע אינטערנאַציאָנאַלע רעוואָלוציע צו פּראָוואָצירן. דאָס בעסטע געלעגנדייט ווידער ארויסצורופן א וועלט־שרפה אונטער וועלכע נישט איז פּאַטריאָטישע פּרעטעקסטן און לאָזונגען, אין וועלכע די מאסן, דער עולם־גולם, גלויבן נאָך כסדר. א דעפיניטיווער קריג, און דאן דאָס פולשטענדיקע אונטערוואַרפן די פעלקער אונטער דער קאפּיטאַליסטישער העגעמאָניע.

זיך דערמאָנענדיק אָן דעם וואָס זי האָט איבערגעלעבט, איבערגעליטן מיט 30 יאָר צוריק, זיך צוקוקנדיק ווי די מאַמעס האָבן רויק אַבדיקירט פאַר דער שחיטה פון זייערע זון, כמעט

אליין, בידים זיי געפירט צו דער שלאַכט-באַנק — האָט אַניקע געשפּירט ווי איר האַרץ הערט אויף צו קלאַפּן... איר לעבן וואָלט זי גערן אָפּגעגעבן, כדי צו שטערן, נישט דער-אָזן נאָך אמאָל צו אזא ווילדן שגעון. און וואָס איז עפּעס אמעדיי נאָך נישט צוריקגעקומען? זי האָט אים שוין מודיע געווען מכח דער בויטוועדיקייט וואָס גיכער צו קומען. זי פרייט זיך ביים גע-דאַנק, אז קומענדיק אין א וואָך צוויי ארום פון בודאַפּעשט, וועט זי שוין האָבן די מעגלעכקייט איר „גרויסן" ווידער צו זען. אין פּאַריז מוז מען אים אומבאַדינגט האָבן, איבערהויפּט איצט, בעת די קאַמערן זיינען אויף אורלויב.

קלייד האָט געבלעטערט א פּעקל דאָקומענטן, וואָס איז געלעגן אויף זיינע קני, אויפהייבנדיק זיין פּעדערהאַלטער ווי א רעוואָלווער.

— דער אמת מוז דאָך, סוף כל סוף, ארייַרדרינגען אויך אין די פינסטערע מחות פון די דאָזיקע הערן! און דער דאָזי-קער שנעל-צוג מוז ווערן דאָס אייגנטום פון אלע. דערווייל לאָ-מער דאנקען סילוועסטרען פאַר איר קליגן איינפאַל צו מאכן א רייזע אויפן באַקוועמען פאָטעל פונם דאָזיקן לגמרי אָנגענעמען שנעלצוג.

זי האָט אים געדאנקט מיט א אינערלעכן בליק. ביידע האָבן זיי נאָך וועגן מאָריכען קיין איין וואָרט נישט ארויסגערעדט. זי האָט פאַרשטאַנען זיין טיפן שמערץ, האָט אים מיטגעפילט אָן וועלכן ס׳איז עגאָיסטישן אונטערגעדאנק, אזוי ווי א פאַטאַלער געפיל האָט אים געטריבן פון איר צו אן אנדערער. האָט זי, מעסטנדיק זיין שמערץ מיט דער מאָס פון אירע אייגענע ליידן. מיט דער גאַנצער מסירת-נפש אויף וועלכער ס׳איז פעיק בלויז די עכטע ליבע — געוואָלט איין זאַך, אז יענע זאָל ווי געהע-ריק אָפּשאַצן זיין ווערט. קלויד׳ס שמערץ האָט זי מקריב גע-ווען מיט איר אייגענעם. דאָס, האָט איר אָבער נישט געשטערט מיט דער גרעסטער פאַרביטערטקייט צו באַדויערן, וואָס זיין אויסדערוויילטע איז אים נישט ווערט.

די גאַנצע צייט האָט זי זיך כסדר באַמיט צו היילן די

אָפּענע וווּנד, וואָס האָט שטאַרק געבלוטיקט אונטער קלוידס בלומרשטער גלייכגילטיקייט. זי איז געווען צופרידן מיטן קלענסטן דערפאָלג פון פון דעם דאָזיקן שטילן קאַמף.

זי האָט זיך געשפּירט גליקלעך, וואָס ער איז צופרידן מיט דער דאָזיקער רייזע. וואס זי האָט אזוי שטאַרק פאַרלאַנגט.

— נישט אמת? האָט זי געזאָגט, מיטן באַן גייט עס נישט אזוי שנעל ווי אין דער לופט; מ'זיצט אָבער באַקוועמער און מ'רוט זיך אויס...

— זייער ריכטיק, — האָט אַניקע באַמערקט. — א מערקווירדיקע זאַך, ווי שנעל די מענטשן, ווײַנ קטנס אין מאַטעריעלער היג־זיכט, געוויינען זיך צו, צו די באַקוועמלעכקייטן פון פּראָגרעס.

סילוועסטרע האָט אויסגערופן:

— וואָס איז דער וווּנדער, ס'איז דאָך אזוי פּשוט! צי קאָן מען זיך איצט פאָרשטעלן, אז אמאָל האָט מען זיך באַנוצט אויסשליסלעך מיט אייל־לאָמפּן, אז מיט דער פּאָסט־קאַרטעקע איז איז מען געפאָרן פון פּאַריז קיין ווערסאַל גאַנצע זעקס טעג און דאָס נאָר, אויב די פּאָסט־קאַרטעקע האָט זיך צוגעאײַלט.

אַניקע האָט געשאָקלט מיט'ן קאָפּ.

— קיין זאַך איז נישט פּשוט. דו לייגסט דעם פינגער גאַנץ גענוי אויפן פּונקט, וועלכער צעטיילט די מענטשהייט אויף צוויי: יונגע און אלטע. פּראָגרעס און רעאַקציע. איין העלפט בלייבט כסדר געפאַנגען ביי זייער עבר, בעת דער אנדערער ווארפט זיך אָן אן אויפהער פון איין נייעם קוואַל צום אַנדערן! דאָס איז די סבה, וואָס נישט־געקוקט אויף אלע מערקווירדיקע דערפינדונגען, אויפן גאַנצן פּראָגרעס, שטייען מיר כמעט אויפן זעלבן אָרט, אָדער גייען פאָרויס מיט זייער לאַנגזאַמע טריט.

— מיר דוכט, האָט סילוועסטרע פּראָטעסטירט, אז וועל קיין מאָל נישט אַלט ווערן!

די צוקונפט האָט זיך אפגעשפּיגלט אין אירע אויגן.

— אין א געוויסן עלטער, מיין קינד, איז זייער שווער — דו קאָנסט עס זיך אפילו נישט פאָרשטעלן, ווייל דו ביסט א היינטיקע — מיט צו גיין! איך זע נאָך איצט ווי מיין אָרעמע

גוטע מערעטע פלעגט זיך קווענקלען מיט׳ן טעלעפאָן. און צו נייע פאקסן געוווינט מען זיך נאָך לייכטער צו, ווי צו נייע א־דעען... די גוטע מערעטע! ביז׳ן לעצטן אָטעמצוג האָט זי נישט גע־צווייפלט אין דער צוקונפט.

זי האָט אן אויגנבליק געשוויגן, פאַרטיפט אין געדאנקען וועגן דער פארשטאָרבענער, זיך דערמאָנענדיק אָן די אינטערע־סאַנטע לעקציעס ביי דער דאָזיקער אלטער פריילין. די אָנרע־גערין! ... די שולע פול פרייד און געזאַנג... דאָס ווערסאַל פון איר יוגנט און אירע כלה־יאָרן... און אזוי ווי איר הארץ איז אויך געבליבן יונג, דאָט זי געהאָפט פונקט ווי סי׳וועסטרע. אי־נערלעך האָט זי איינגעחזרט איר גלויבן — קענטעניש. די אייביקע באוועגונג פון לעבן!

צי דען איז איר און אמעדייען נישט געלונגען, א דאנק זייער פרייער פאריייניקונג דורכצוברעכן א וואנט אין דער שטארקסטער און עלטסטער פעסטונג — אין דער הייראט? איצט איז די דאָזיקע אלטע תפיסה אויסגעלופטערט, מאָדערני־זירט... דער ארייגאנג? באפרייט פון די אָפּגעלעבטע, פארשימל־טע צערעמאָניעס!... דער ארויסגאנג? אָן די פארהאַקטע טירן פאַרן גט, די מעגלעכקייט זיך צו באפרייען נאָך א געוויסער צייט פון איבערלייגן און דורכטראכטן. קודם כל, נישטאָ מער קיין פאַרשקלאַפונג פון דער פרוי, קיין נארישע שבועה פון גע־האָרכזאַמקייט און הכנעה: א פולשטענדיקע קעגנזייטיקע גלייכ־הייט... א פאמיליע, וואס באזירט, סוף כל סוף, אויף גערעכטי־קייט, אויף רעכט פון אָנערקענען יעדע געבורט פון ווע לכער פאריייניקונג זי זאָל נישט קומען.

— נאָר די שוטים, — האָט זי רעזומירט, — קלאַמערן זיך אָן די אלטע, אָפּגעלעבטע טראַדיציעס. נישטאָ קיין זאך אויף דער וועלט וואָס זאָל זיך קיינמאָל נישט ענדערן! און קלויד איז גערעכט. דעריבער וועט זיך טאָקע אויך דאָס אייגנטום — ווי אלץ — מאָדיפיצירן. אונז איז שוין געוויסערמאַסן געלונ־גען אים צו באפרייען פון זיינע סאַמע ווילדע פאָרמען!

— איר האָט געהערט, הער ראַן? — האָט קלויד א פרעג

נעטון ביי אַ פּאָסאַזשיר, וועלכער איז געשטאַנען ביי דער טיר און האָט בדעה געהאַט אַריינצוגיין אין קופּע. אַ מענטש מיט עפּעס גראָבלעכע געזיכטס-צוגן, אָבער מיט אַ לעבהאַפטן גייסטרייכן בליק.

— יאַ, עפּעס האָב איך געהערט! — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

ער האָט גערעדט פראַנצויזיש כמעט אָן אַן אַקצענט. ס'איז געווען דער לידער פון דער דייטשער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, אַ ווייטער קרוב פון ליבקנעכטן, וואָס האָט לויטן באַפעל פון דעמדאָזיקן „גרויסן" רעאָרגאַניזירט די פּאַרטיי, צענויפגעזאַמלט און פאָרמירט די צעשפּליטערטע פאָלקס-מאַסן. אונטער אים איז געשטאַנען זיין פרוי, פראָפעסאָר בערטאַ ראַן, אַ דיקע בלאָנדע דאַמע מיט מאַניערן פון אַ דאָצענט, אָבער ליבנסווירדיק און פריינטלעך. אַ בערימטע כעמיקערין, איז זי אויך געפאָרן קיין בודאַפּעשט אַלס דייטשע דעלעגירטע אין קאָמיטעט פון אינטער-נאַציאָנאַלן פרויען-ראַט.

— נו, פרוי פּרעזידענטין, וואָס איז געווען מיטן פרישטיק?

זיצנדיק צוזאַמען אין רעסטאָראַן-וואַגאָן, האָט זיך אַניקע באַקלאָגט, אַז מ'האָט איר געגעבן אַ ביפשטיק, וואָס זי האָט ממש נישט געקאָנט אין מויל אריין נעמען. איצט האָט זי זיך געוויצלט:

— צו דערליידן. איך מוז אייך אָבער זאָגן, אַז אין הלכות אכילה בין איך געבליבן אַ פראַנצויזישע נאַציאָנאַליסטין. איבעריקנס האָב איך אַ גאַנץ ק׳יינעם מאָגן, און קאָן זייער גוט אויסקומען מיט אייערע כעמישע פּילן, פרוי פראָפעסאָר ראַן!

אַניקע איז געווען אַ בעגייסטערטע אָנהענגערין פון קינסט-לעכע דערנערונג, איבערהויפּט איז עס איר געפעלן דערמיט, וואָס ס'פאַרנעמט נישט אַזוי פיל צייט ווי די פאַרשידענע מאָל-צייטן. אויסער די פּילן פון דער בערלינער כעמיקערין פלעגט זי אויך באַנוצן די באַרימטע פּאַסטילן פון דאָקאָר לאַגרע...

הער ראַן האָט זיך צעלאַכט אויפן קול:

— היט זיך פאַרן צופאַסונגס-געזעץ! אויב איר וועט כסדר נ[illegible]ר וויניק עסן, וועט איר סוף כל סוף בלייבן אָן אינגעווײדן:

דאָס וועלן זײַן די נאַטירלעכע פֿאָלגן פֿון די אַלע משונהדיקע דערפֿינדונגען. קוקט אָן מײַן פֿרוי, זי רירט זיך נישט צו צו אירע אייגענע פֿאַבריקאַטן, זי ווערט דיק און איך — מאָגער.

בערטאַ ראַן האָט מיטגעלאַכט מיט איר מאַן. אַניקע איז שטאַרק געפֿעלן געוואָרן דידאַקטיקע האַרציקע פּשוטקייט, די בלוט פֿון עכטער אינטעליגענץ. זי האָט זיך באַצויגן צו די דײַטשן בעסער ווי איר מאַן. פֿון קריג אָן האָט ער זיך כּסדר געהאַלטן אין רעזערוו. נישט, חלילה, קיין שנאה... ער איז געווען פֿון ביירוטס חסידים — ער האָט זיך דערמאָנט אָן אַ יום־טוב־נאַכט אויפֿן פּראָנט בעת וועלכער וואַגנערס זעענ׳ האָט פֿאַרייניקט די נשמות ווייט איבער די שמוציקע טראַנשעען. אַניקע אָבער האָט בעסער אָפּגעשאַצט דאָס פּרוכטבאַרע, וואָס ס׳ליגט אין די דײַטשע מעלות ווען ס׳האַנדלט זיך נישט דווקא וועגן אַ בעטהאָווען אָדער אַ געטהע, נאָר פּראָסט פּשוט מכּח אַ בעבעל אָדער אַפֿילו אַ ראַן. דאָרט ווי אַמעריי איז, נישט געקוקט אויף אַלץ, געבליבן אַ פּראָווינציז, האָט זי געשטרעבט זיך אויפֿצוהייבן ביז העכסטן שטאַפּל, פֿון וואַנען מ׳אַנטפּלעקט זיך קודם כּל אַלס מענטש.

ביי די ראַנס, פֿון זייער זײַט, איז נאָך געלעגן אין בלוט — די ירושה פֿון דורות — דער רעספּעקט פֿאַר די מאַכט. אַניקע אָבער האָט זיי שטאַרק אימפּאָנירט אַלס פֿאָרקעמפֿערין פֿון דער נײַער ליבע־רעליגיע; פֿון יענע רעליגיע וואָס האָט איצט צום צווייטן מאָל אויפֿגעלעבט אין אַזיע און צוזאַמען מיט גאַנדין טריאומפֿירט איבערן בריטישן אימפּעריאַליזם, ווי צוויי טויזנט יאָר פֿריער קריסטוס, איבער דער רוימישער אימפּעריע. ביסלעכווייז האָבן זיי זיך, סוף כּל סוף, איבערגעצייגט, אַז די שטאַרקסטע קראַפֿט איז נאָך עד היום דער אומווידערשטאַנד, וואָס שטעלט זיך אַנטקעגן דער ווילדער העפֿטיקייט, און נאָר דער שטרייק מיט פֿאַרלייגטע הענט איז בכּח צו באַזיגן די מאַכט פֿון געווער.

— מיר זענען שוין אין בודאַפּעשט! — האָט געזאָגט בערטאַ ראַן.

— ווירקלעך? — האָט סילוועסטרע געפֿרעגט.

— ווי איר זעט, אויף ווידערזען!

די בערלינער זענען אוועק צו זייער וואַגאָן. ווי אַ פייל פון בויגן האָט זיך דער צוג געטראָגן איבער די ערד־שטחים, דאָס רינגלען, געוויינלעך, אַרום יעדער הויפּט־שטאָט אויף דער גאַנצער וועלט. שוואַרצע, אָרעמע הייזער, פאַבריקן, שעכטהייזער, בית־עולמס... דער טויט פאַר די טירן פון לעבן.

זיי זענען צוגעפאָרן צום באַנהויף נאָך איידער זיי האָבן באַוויזן צוצופּאַקן זייערע רייזע־טאַשן און אָנצוטון די הוט... סיל־וועסטרען האָט זיך געדוכט, אַז אַלע דריי זענען עפּעס מיטאַמאָל אַריינגעריסן געוואָרן אין אַ קינאָ־פאָרשטעלונג. זייענדיק גלייכצייטיק שוישפּילערין און צושויערין, האָט זי זיך געלאָזט גיין נישט וויסנדיק וואָס מיט איר טוט זיך. דאָס אומבאַקאַנטע, דאָס נייע אָרט, האָט איר שטאַרק אַמוזירט, איבערהויפּט אַז זי האָט דער־שפּירט ווי קלויד רייסט זיך אָפּ, אין דערדאָזיקער נייער סביבה, פון זיינע געדאַנקען וועגן מאָריסען.

קומענדיק אַ פּאָר מאָל אין אָוונט אַהיים נאָך אַ לאַנגן טאָג פון שטורמישע זיצונגען, דיסקוסיעס, באַנקעטן, האָט ערשט סיל־וועסטרע ווי געהעריק אָפּגעשאַצט דעם גרויסן ווערט פון אַקטי־וויטעט. קלויד האָט אָנגעהויבן קומען צו זיך און איז געוואָרן אַביסל פריילעכער... צווישן זיך גערעדט, ליגט אין יעדער פּאַ־טאַלער ליבעסזאַוואַנטורע אַ גרויסער טייל אויטאָ־סוגעסטיע. סיל־וועסטרע איז אין איר דאָקטאָר־פאַך געווען ספּעציאַליזירט אַזוי ווי אַלע — קיין אַלגעמיינע פּראַקטישע מעדיצין איז שוין בכלל נישט געווען — זי איז געווען אַ פרויען־דאָקטאָר, אָבער אויסער דעם האָט זי זיך אינטערעסירט מיט אַלע פראַגן פון גייסטיקער היגיענע.

עפּעס אַ מין אומבאַגרינדעטע מורא האָט איר געשטע־ט זיך צו באַטייליקן אין די עפנטלעכע באַריכטן פון קאָנגרעס וועגן יענע אַרבעטס־צווייגן, פאַר וועלכע זי האָט זיך אינטערעסירט. אין פּונקט האָט איר אָבער געשיינט באַזונדערס וויכטיק, און לויט איר מיינונג; האָט ער געמוזט גרינדלעך אויסגעפאָרשט ווערן: די סעקסועלע דערציהונג פון דער פרויען־יוגנט.

דורכגעדרונגן מיט פריילעין כאַרדיס און אַניקעס אידעען,

האָט זי געפונען, אַז די באַגריפן פון די יונגע מיידלעך, די קינאָ-טיקע מוטערס, וועגן זייער וויכטיקסטער פונקציע, זענען איצט ווידער פון גרונט אויס פאַלש. ס'איז נישט געווען די אומגעהייסענע פון די פריערדיקע יאָרן, די קאָנסעקווענץ פון דער געזעלשאַפטלעכער צביעות און פאלשער קאַטוילישער צניעות. ס'איז גיכער געווען אַ פרי-רייפע אומפאַרשעמטקייט וועלכע האָט, אַז זי ווייסט שוין אַלץ און דעריבער מעג זי זיך טאַקע אַלץ דערלויבן... וויפל יונגע מיידלעך האָט זי געהאַט ארום זיך, וואָס זייער געזונט איז שוין געווען פארוועלקט! וויפיל צעשטערטע פרוכטבאַרקייט, צוליב שלעכט פארשטאַנענער פרייהייט, וואס איז אַ סך געפערלעכער ווי דער אָנלאָקנדיקער סוד און דאס פארזוכן פון דער פאַרבאָטענער פרוכט...

זיי האָבן געוווינט אין איינעם פון די גרויסע האָטעלן פון פעשט, אין לאַרמדיקן ראקאטשי-אוט, אין טעגליך האָבן זיי דעריבער געמוזט אריבערשפּאַצירן איבערן אומגעהייער גרויסן הענג-בריק אויצן צווייטן זייט דונאי, קיין בודא.

די אַלטע שטאָדט האָט געזירשנט פון איר קענגליכן עבר אַ שטרענגע מאיעסטעט, וואס האָט סילוועסטרן ממש פאַרגליווערט. נאָך די זיצונגען פון קאָנגרעס אין איינעם פון די אַלטע קייזערלעכע געביידעס, פלעגט זי זיך שטיפעריש אַ וואָרף טון אויפן טומל פון די פעשטער גאַסן:

— דאָרט אויבן, — האָט זי געזאָגט קלוידן, — פיל איך אַז איך ווער אַלט.

אָבער אויף אנדראססי-אוט האָט איר אַלץ אַמוזירט: דאָס אומאויפהערלעכע קלינגען פון די טראַמווייען און די הענגענדיקע פּאַסאַזשירן, די רוישנדיקע, לאַרמדיקע קאַפע-טעראַסן... אויפן שאבאדסאג, דעם פריערדיקן פראַנץ-יאָזעף-סקווער, דעם איצטיקן פרייהייטס-פלאַץ האָט געהערשט אַ געשטויס, אַ געדראַנג פון אַ באַרשידנפארביקער מענטשן-מאַסע, אין משונהדיקע קאָסטיומען — פון אוראַלטע צייטן. אונגאַרישע טאָגעס און געשטיקטע בלוזעס אויף פויערטעס מיט נאַקעטע פיס, און צווישן זיי די מאָדערנע אָנצוגן פון די פרעמדע דעלעגאַציעס.

— דוקא אין קאָסטיום — האָט אַניקע באַמערקט, זיצנדיק אין אַן אָוונט אויפן מאַרגעריט-איגזל ביי אַ גלאָז „זשעגעס-קאַווע”, — האָט די אינטערנאַציאָנאַליזירונג — סאַרא וואָרט — געמאַכט די גרעסטע פאָרשריט. אַ שאָד וואָס מ׳קאָן נישט אַזוי געשווינט אראָפּוואַרפן פון זיך אַ פאָראורטייל, ווי אַ קליידל!

נישט געקוקט אויף דער שטאַרק פאַרצווייגטער אינטערנאַציאָנאַלער פרויען-אָרגאַניזאַציע, וואָס האָט געהאַט אין אירע רייען די עליטע פון דער פעמיניסטישער וועלט; נישט געקוקט אויף די כמעט איבערמענטשלעכע אָנשטרענגונגען פון די אָנפירנ־דע פערזאָנען אריינצודרינגען אין די ברייטסטע, נידעריקסטע שיכ־טן פון די פרויען-מאַסן, האָט אַניקע, ארויסגייענדיק פון די פילע געפאַקטע קאָנגרעס-זיצונגען און זיך צוקוקנדיק צום אַלטעגלעכן ארומיקן לעבן — ווידער אַמאָל דערשפירט, ווי אומגעהייער גרויס ס׳איז נאָך, דאָ ווי אומעטום, דער שטח צווישן דערדאָזיקער פרוי־ען מאַסע און זייערע פירערינס... ווי ווייט אונטערשטעליק מיר זענען נאָך מיט זייער רעזיגנאַציע, זייער געדולד אין באַצוג צו זייערע ליידן. ס׳אַרא אומוויסנהייט, אומבאַוווסטזיניקייט ס׳פאַר־פינסטערט נאָך זייערע אָנגעשראָקענע נשמות!... וויפיל צייט, קראַפט און ענערגיע ס׳פאָדערט זיך נאָך, כדי זיי ארויסצושלעפן פון דער פארשקלאַפונג, אראָפּצונעמען דעם יאָך פון זייערע אויס־געקרימטע רוקנס און איינגעבויגענע קעפּ!

אָבער, כדי ווידער צו געפינען איר געזעלשאַפט און אירע קאַמפּס-חברים, כדי נישט איבערצורייסן דעם קאָנטאַקט מיט אירע פרעמדע פריינט, האָט זיך אַניקע נישט נעלאָזט באַהערשן פון דערדאָזיקער שטימונג. באַלד האָט זי זיך ווידער אָנגענומען מיט מוט, נישט פארגעסנדיק אויף איין מאָמענט, אַז נישט געקוקט אויף אירע אויפריכטיקע סימפּאַטיעס צום אונטערנאַציאָנאַליזם, פיגורירט זי אָבער דאָ אָפיציעל אַלס רעפּרעזענטאַנטין פון פראַנק־רייך.

זי האָט אָבער אויך געוווסט, אַז צווישן אַלע פאָרשטיי־ערינס פון דערדאָזיקער אוניווערסאַלער אינטעליגענץ איז ניטאָ קיין איינציקע, וואָס זאָל נישט האָבן די געהעריקע באַציונג צו

דערדאָזיקער שווערער ארבעט, זאָל נישט זיין דורכגעדרינגען מיטן געפיל פון איבערגעגעבנהייט, אָפּפערווי ליקייט און מוטיקן ערנסט. לייכטזיניקע פלאַפּלערינס זענען פאראן צווישן די פראנצויזינס פּונקט ווי צווישן די אונגארישע, דייטשע, אמעריקאַנישע איטאַליענישע און ענגלישע פרויען... צי דען מערקט איצט נישט יעדעס פאָלק דעם שרעקלעכן זיטן-געפאַלנקייט, די וואקסנדיקע פאַרשייטקייט — די זעלבסטפארשטענדלעכע קאָנסעקווענצן פון משונהדיק ווילדן לוקסוס?... דער סוף פון אַן עפּאָכע וואס איז דורך אַ הייפל שפּעקולאַנטן און בלוטזויגער אריינגעוואָרפן געווארן נאָכן בעסטיאַלישן קריג אין אַ הינטשטאַל פון שלום.

ס'איז געווען די לעצטע פּלענאַר-זיצונג פארן שליסן דעם קאָנגרעס, וועלכן אַניקע האָט אַדורכגעפירט מיט אַן אומערמידלעכער ענערגיע און קראַפט. זי איז געזעסן ביים פּרישטיק מיט אירע איינגעלאדענע געסט: דעם מאַדיאַרישן מיניסטער-פּרעזידענט פערענץ און זיין פרוי; די ראַנס, דער דאָקטאָר און די דאָקטאָרין מוסאלאָף, דער באַרימטער קרימינאַליסט אנטאַנעלי, די אַמעריקאַנערין מיס סידניי — וואס איר פארדאנקען אלע לאַטייניש לענדער, דאס איינאָרדנען פון העליאַ-מאַרינען אינסטיטוטן פאר ראַכיטישע קינדער; מיסטער זשעמס ראמסיי, ארבעטס-מיניסטער אין פאַרלעצטן ענגלישן קאַבינעט. לאָנדאָן, בערלין, רוים, מאָסקווע, ניו-יאָרק האָבן זיך פּאַרייניקט ארום פּאַריז פאר אַ געמיינזאַמער וויכטיקער אויפגאַבע.

מיניסטער פערענץ, זיצנדיק קייגנאיבער אַניקען האָט געהאַלטן אַ טאָאַסט אין נאָמען פון זיין רעגירונג. דאַנקענדיק פאַר דער גאַסטפריינטלעכקייט האט ער אין זיין טאָאַכט דערמאָנט דעם אָבוועזנדן, גרויסן אַמעדיי זשאקמען.

אַניקע איז אויפגעשטאנען. אין דעם מאָמענט האָט זי שטאַרק באַדויערט, וואס קלויד און סילוועסטרע זענען דאָ נישטאָ. די גאַנצע צייט, וואס זיי האָבן פערבראַכט אין בודאַפּעשט, האָבן זיי צוזאַמען אָדער יעדער באַזונדער, בייגעוווינט אויף זיצונגען פון דער יוגנט, פון מענטשן אין זייער עלטער. איצט אָבער האָט זיי אַניקע געוואָלט האָבן לעבן זיך, כדי צו מאַטעריאַליזירן דורך זיי-

ער אַנוועזנהייט דאס בילד וואס זי האָט געשילדערט מיט איין וואָרט, אויפהייבנדיק דעם בעכער בלאַנקענדיקן טאָקאַיער:

— פאַר דער יוגנט!... פאַר די עכטע יונגע מיידלעך און די עכטע יונגע בחורים אין אלע לענדער! איר וועט עס מיר נישט נעמען פאַר אומגוט, עקסעלענץ, און איר מיינע טייערע פריינט, וואס אייער גייסט ווי אייערע געפילן האָבן זיך נישט געעלטערט — וואס איך וועל, ווי שטענדיק, אויך אין איצטיקן מאָמענט איבערחזרן, אַז אַלע אונזערע האָפענונגען אויף אַ גאַנטער בעסערע צוקונפט קאָן און וועט רעאַליזירן נאָר אונזער יוגנט!

אלע האָבן מיט באַגײַסטערונג אַפּלאָדירט. מיס סידנעי, וועלכע האָט אליין קיין קינדער נישט געהאַט, האָט אבער גע־זאָרגט פאַרן לעבן פון טויזנטער פרעמדע קינדער, האָט אויסגע־רופן:

— איר האָט רעכט! אונזער אויפגאַבע האָבן מיר ערפילט. די יוגנט דאַרף אַ נייע רעליגיע. איר גופא האָט טאַקע פאָרמו־לירט די פאָרשריפטן. אימעטום זענען איצט פאַראַן מוטערס, וועל־כע הייבן זיך אָן דורכצידרינגען מיטן באַוווסטזיין פון זייער מיס־יע. און מאָרגן וועלן מיר אין אלע לענדער האָבן יונגע, פריי־שע מחנות לויט אייער ווונש.

— אַן ארמעע אָן געווער!
— ברידער און שוועסטער!
— פאַר דער פאַציפיסטישער פארניכטונג פון קריג!
— פאַר דער הארמאָניע פון די געשלעכטער!
— פאַר דאס מענטשלעכע גליק!

די שטימען האָבן זיך צונויפגעגאָסן. שטימען פון פארשי־דענע אַקצענטן, אבער פון געמיינזאַמע אידעאַלן, באַגייסטערט פון אַ שטארקער האָפענונג, האָבן זיי זיך אויפגעהויבן איבער די גרעניצן פון די פעלקער, וועלכע זיי האָבן פאַרטרעטן. איבער זיך גופא. ביי איר גאַנצער באַגייסטערונג האָט אבער אַניקע נישט פארלוירן איר קלאָרן בליק.

אָן שום צווייפל וועט יעדערער פון די אַנוועזנדע האָבן אַן איינפלוס אויף אַ געוויסע צאָל פרויען און דורך זיי אומדי־

רעקט אויך אויף זי מענער. דער דורשט צו פרידלעכער אַרבעט וואַקסט אָן שום ספק אויף דער גאַנצער וועלט, פון איין פּאָליוס צום אַנדערן. דאָס אייביקע שרעקונגס-בילד, די ווילדע מאַכט וועט אָבער פרייוויליק נישט קאַפּיטולירן. ס'וועלן נאָך פּאַרקומען שווערע קאַמפן. נאָך די שרעקלעכע קאָנוואולסיעס, נאָך די בלוטיקע פעלקער-שחיטות אין נאָמען פון דער אָפּשטאַרבנדיקער רעליגיע פון שווערד — מוז אָבער קומען דער אַנטגילטיקער זיג פון דער רעליגיע פון ליבע, פון טאָלסטוי און גאַנדי, אין וועלבער זי האָט זיך די ערשטע אָנגעשלאָסן.

און דעריבער האָט זי מוטיק און פעסט געענטפערט:

— ניין, טייערע מיס סידניי, אונזער אַרבייט הייבט זיך ערשט אָן.

## 9.

דער קאָנגרעס האָט זיך געזעגנט ביים ענדיקן. אין טומל פון די אַפּלאָדיסמענטן, פון די באַגייסטערטע אָוואַציעס בעת אַניקעס שלוס־רעדע, האָט זיך פּלוצלינג דערהערט אַ פעסטע שטים:

— איך בעט אַ וואָרט!

אַן אַלגעמיינע פּראָטעסט־באַוועגונג... אַ טומל. מ'איז געשטאַנען פאַר דער אָבשטימונג פאַר אַקלאַמאַציאָן פון דער שלוס־רעזאָלוציע, ווו אין עטלעכע הויפּט־שטריכן איז געווען רעזומירט דער גאַנצער פּראָגראַם פון דער צוקונפטיקער פּראַקטישער אַרבעט. דער געדרוקטער טעקסט אונטערן טיטל „אויפרוף צו די מוטערס" איז פאַרטיילט געוואָרן צווישן די אַנוועזנדע.

סילוועסטרע און איר גרופּע האָבן אַממייסטן פּראָטעסטירט קעגן דער פאָדערונג פון דער שטערערין. אַלע האָבן געקענט דער „אומפאַרמיידלעכער" ווערא סעלענאַסק, דער רוסישער אַנאַרכיסטין, וועלכער האָט אומבאַדינגט געוואָלט פּראָקלאַמירן פאַרן קאָנגרעס איר פּראָגראַם און אין לעצטן מאָמענט אָנגרייפן די פּרינציפּן פון מאַניפעסט, פאַר וועלכן אַניקע און אירע אָנהענגערינס האָבן געפירט אַזאַ פאַרביסענעם קאַמף.

סילוועסטרע האָט שטאָלץ און מיט פרייד די ערשטע איינגעקריצט אין איר זכרון דידאָזיקע ווערטער, אין וועלכע ס'האָט געלעבט די נייע האָפענונג. זי האָט זיי געקענט אויסענווייניק ווי אַ קרעדאָ. פייערלעך האָט זי זיי איבערגעחזרט בעת די קאָנגרעס־

סעקרעטאַרין, פרוי דאָקטאָר מוסאלאָף, האָט מיט אַ באַוועגטער שטים, פארגעלייענט דעם טעקסט:

„צו די מאַמעס!

„אויב איר גלייבט אין דער מעגלעכקייט פון אַ בעסערער מענשהייט, אויב איר ווילט אַז אייערע קינדער זאָלן אויסוואַקסן אין דער ארבעט פון פרידן, אין דער איינציק פרוכטבארער; אויב איר ווילט נישט, אז אייערע טעכטער זאָלן בלייבן אין די הענט פון זייערע הערשער אלס תאוה־אָביעקט און אייערע זון אלס הארמאטן־פלייש, דערציט זיי אין רעספעקט צו זייער אייגענעם איך און אין ליבע צו מענטשן.

„אנטוויקלט אין זיי דעם שארפכטן האס קעגן קריג, וואס איז שטענדיק און אימעטום אַ ברידער־קריג, און זייט איבערגעציוגט, אַז פראָקלאַמירנדיק שטענדיק און אומעטום אייער פעסטן ווילן זיך נישט צו באַטייליקן אין קיין שום האַנדלונגען פון רציחות און געוואַלד, וועט איר באזיגן אלע פיינדלעכע קרעפטן, מיט וואס פאר אַ קראַפט זיי זאָלן נישט זיין באַוואָפנט."

די דאָזיקע עלעמענטאַרע פּרינציפּן איבערגעזעצט אויף אַלע שפּראַכן, וועלן איצט ווערן פּראָפּאַגאַנדירט און אפישירט אין אַלע לענדער פון דער וועלט... מיט באַגייסטערונג און אומענדלעכע בראַוואָ־רופן האָט דער גאַנצער זאַל אויפגענומען דעם פאָרגעלייענטן מאַניפעסט.

— איך בעט אַ וואָרט! — האָט זיך ווידער דערהערט די דורכדרינגענדיקע שטים.

— אָבשטימען! אָבשטימען! שלוס! — האָט לגמרי פארהילכט דאָס קול:

ארויפקלעטערנדיק אויף אַ שטול, האָט ווערא סעלענאָסק מיט אירע ביינערדיקע הענט אַ שאָט געטון אויף די קעפּ פון די פארזאַמעלטע אויפגערעגטע מענטשן־מאַסע אַ מבול געדרוקטע בלעטער און אויסגעשריגן מיט אַ דונערנדער שטים:

— שווייגט, איר אָנהענגער פון צווידייטיקייט!

די שטימונג אין קאָנגרעס־זאַל האָט זיך געטיילט. ווערא האָט געהאַט אָנהענגער. די פּראָטעסט־רופן פון דער צווייטער זייט

האָבן דערגרייכט דעם פרעזידיום-טיש, ווו אַניקע איז געשטאַנען און זיך בּאַראַטן מיט די איבעריקע מיטגלידער.

— לאזט איר רעדן! — האָט זיך דערהערט אַ שטימע-כאָר, די מערהייט אבער, נישט וועלנדיק באַנייצן די דיסקוסיע, האָט געהויבן די הענט:

— אָפּשטימען! אָפּשטימען!

אלע האָבן געקענט די טעאָריעס פון דערדאָזיקער אינטע-גראלער קאָמוניסטין, וועלכע זי האָט יאָרן-לאַנג געפּרעדיקט קעגן די פארבירגערלעכטע סאָוויעטן. אַ געוועזענע דירעקטאָרין פון טשעקאַ, האָט זי אָבער אין ריגאָר פון איר מיסטיציזם נישט גע-קאָנט מוחל זיין לענינען זיין מעאָ קולפּאַ*) אָנפּאַלנדיק אויפן אָפּאָרטוניזם פון זיינע נאָכפאָלגער, וואָס זיי האָבן זיך געלאָזט אויף שענדלעכע קאָמפּראָמיסן מיט מענטשן פון דער רעאַקציע. זי האָט שטאַרק געאַכטעט אין אַניקען איר אויפריכטיקן גלויבן, אָבער באַקעמפט איר נאאיוויטעט, אַז אַלץ וועט קומען דורך עוואָלוציע, אויף אַ פרידלעכן אופן. עראָבערן די צוקונפט קאָן מען בלויז דורך רעוואָלוציאָנערע מיטלען: מיטן ברוינינג, וואָס איז ווירקזאַמער ווי די גיליאָטינע; מיט דער באָמבע, וואס ארבעט גיכער ווי קאָנגרעס-ביולעטינען.

אַניקע האָט זיך באַמיט צו באַרויקן דעם עולם:

— זאל, ווייניקסטנס, דער געדאַנק זיין ביי אונז פריי! די חברטע סעלענאַסק האָט דאס ווארט...

קליין, מאָגער, איינגעבויגן, ווי זי וואלט נאָר וואָס אַוועק-געלייגט די סאָכע, האָט די רוסין מיט איר ענערגיש געזיכט, מיט אירע גליענדיקע אויגן מאָמענטאַל באַהערשט די מאַסע. אין זאַל האָט געהערשט אַ פולשטענדיקע שטילקייט.

— די רעזאָלוציע, פאר וועלכער איר אלע זענט גרייט צו שטימען — דאס איז אַ רעזיגנאַציע פון אלע אייערע האָפענונגען איר באַפרייט זיך נישט! איר שטרעקט אויס די הענט, מ'זאָל אייך בינדן...

אָנגעשפּאַרט מיט איין האַנט אויפן שולטער פון איר פריינ-דין, די האָלענדערין וואַן באָרן — האָט זי מיט דער צווייטער

---

*) מיין שולד

באַדראָט דאָס פּרעזידיום, איבערהויפּט אַניקען. אירע ווערטער האָבן געקלונגען ווי דאָס קול פון אַ וואָרנדיקן נביא:

— הערט זיך צו צום נגון פון פּאָסטוף! דאָס פּירט מען אייך צום שלאַכט-הויז... און בעת די מאַסן וועלן אייך דערלאַנגען אַ טויט-קלאַפּ אין אייערע בלינדע אויגן, דאַן... דאַן וועט שוין זיין צו שפּעט... די פרייהייט וועט שוין זיין טויט! מיט בעטן דערגרייכט מען גאָרנישט. שלאָגט די ערשטע, און דעמאָלט וועלן זיך פאַר אייך עפענען די טויערן פון דער צוקונפטיקער שטאָט. צי גלייבט איר, אַז די הערשער, הערנדיק אייערע געשרייען וועלן אייך גוטוויליק אָפּגעבן זייערע שליסלען? ווילט איר צוריק נעמען, דאָס וואָס אייך קומט, הרגעט, אָדער מ'וועט אייך הרגענען!

ס'האָט זיך דערהערט אַ פּייפעריי, זי האָט נישט איבערגעריסן און ווייטער גערעדט:

— ווייסט איר וואָס ס'האָט געלערנט איינער פון די פילאָזאָפן אין אַניקע רעמבערטס פּאָטערלאַנד?... אייער רענאַן, איינער פון די גרעסטע סקעפּטיקער צווישן די שוטים וואָס מ'רופט געלערנטע! „נאָר איבער חורבות קאָן די מענשהייט פּראָגרעסירן. די בריק פון די טויטע איז נויטווענדיק פאַרן ווייטערדיקן גאַנג פון דילעבעדיקע".

פאַרמאַטערט איז זי שטיל געוואָרן. פאַרהילכט פון אַלגעמיינעם טומל, וואָס ס'האָבן אַרויסגערופן אירע ווערטער. אַניקע האָט זיך אַ שטעל געטון און אויפגעהויבן די האַנט. זי האָט נישט נייטיק געהאַט דעם זאַל צו באַרויקן. שוין ביי אירע ערשטע ווערטער איז מאָמענטאַל שטיל געוואָרן... ס'איז נישט געווען, ווי אַ ווײַלע פריער, קיין באַרימטער אַדוואָקאַט, וואָס באַצויבערט מיט זיין רעדנערקראַפט, וואָס פאַרכאַפּט מיט זיין גראַציע און אויסגעלעכער שיינקייט. אַ פרוי האָט גערעדט... מיטן האַרצן, מיטן אומווידערשטייליכן אַקצענט, וואָס בלויז די מוטער-ליבע קאָן צוגעבן די טויטע ווערטער:

— איך ווייס, אַז ווען ווערא סעלענאָסק זאָל האָבן קינדער, וואָלט זי גערעדט מיט דערזעלבער שפּראַך, וואָס איר האָט דאָ נאָר וואָס געהערט. פּונקט ווי זי איז גרייט מיט אַ לייכט

הארץ מקריב צו זיין דאס לעבן פון אנדערע, וואלט זי אָן שום ספק אויך מקריב איר אייגן לעבן!... נישט אין איר מוט צווייפל איך, נאָר אין דער שרעקלעכער געפאַר פון אַזאַ פאַרצווייפלטן מוט... פונקט ווי זי, און נישט אראָפּלאָזנדיק די אויגן, וועל איך באַגעגנען דעם טויט, נאָר כּדי באַדינג אַז אונזערע קינדער זאָלן לעבן!... אַז אַ דאַנק זייער ארבעט זאָל אנטשטיין אַ נייע אָרדענונג! דאס ברוטאַלע מיטל, וואס ווערא סע״ענאַסט שלאָגט פאָר, וועט נישט היילן, וועט פאַרקערט, ערגער מאַכן!... פון איין ווילדן בלוט-פאַרגיסונג צום אנדערן, וועלן מיר דערטרינקען ווערן אין די טייכן בלוט! איין מאָרד רופט ארויס דעם צווייטן. רציחה איז אַ מאָטיוו פאַר נייע רציחות. פאַרקערט! לאָמיר אַנטקעגן שטעלן דעם תּליון די אומאיבערזיכטבאַרע אינערציע פון די קרבנות, און זיין ווילדער צאָרן ווערט מאָמענטאַל אונמעכטיק. שטענדיק אַ ווידערשטאַנד בלויז מיט אראָפּגעלאָזטע קעפּ, קאָן זיך די סטאַדע שעפּסן, קומענדיק צום באַוווסטזיין, באַפרייען פון שלעכטן פּאַסטוך און זיינע בייזע הינט. מ׳קאָן זיך לייכט אַן עצה געבן מיט דער עקשנות פון עטלעכע ווידערשפּעניקע. נישטאָ אָבער אַזאַ מאַכט, וואס זאָל איינברעכן דעם שטילן ווילן פון אַ פאָלק!... מיר ריזיקירן? עטלעכע גערעכטע אין די טורמעס אָדער אויף די תּליה!... און דערנאָך!... בלויז דאָס מאַרטירערטום, נישט דער מאָרד, עקזאַלטירט דאָס מאָראַלישע לעבן, וואס איז די אייגנטלעכע טרייב־קראַפט פון אונזער עקזיסטענץ. אויף דעם אופן האָט דאָס קריסטענטום פון דער אַלטער צייט פאַרטריבן די געצנדינערײַ, די עבודה זרה, אויף אַזאַ אַרט הייבט אָן דאָס פריי געוואָרענע אינדיען אַ נייע ציוויליזאַציע. ניין, חברטע ווערא, אונטער אייער בלוטיקן מיראַזש בלייבן נישט מער ווי פאַרברענטע בריקן! די געוואַלדטאַט פאַרשנעלערט נישט, זי האַלט בלויז אויף דעם מענטשלעכן גאַנג. דאס געזעץ פון לעבן איז נישט דער טויט, אַן עטאַפּ וואס קיינער מיידט אים נישט אויס, וואס הענגט אָבער אָפּ פון אונז אים אָפּצושטיפן, פאַרשענערנדיק דעם שווערן וועג. דאָס געזעץ פון לעבן, איז די ליבע!...

פון איר גאַנץ וועזן האָט געשטראָמט אַ פעסטע איבערצייגונג.

איר שוואכע, עטוואס טעמפּע שטים האָט ארייגגעדרינגען אַזוי טיף אין הארצן, אַז דער גאַנצער זאַל איז אויפגעשטאַנען און האָט מיט ענטוזיאַסטישע אַפּלאָדיסמענטן אויפגענומען די דאָזיקע אויפריכטיקע ווערטער.

אַניקע האָט זיך אַוועקגעזעצט און אראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אונטערן שטורם פון אַפּלאָדיסמענטן און בראַוואָ-אויסרופן. אַז דער עולם האָט זיך באַרוזיקט, האָט די וויצע-פאָרזיצענדערין, מאַדאַם סידניי, פאָרגעשלאָגן:

— ווער ס'איז פארן מאניפעסט, בעט איך אויפהייבן די האַנט.

אין ברען פון ענטוזיאַזם, האָט זיך דער גאַנצער זאַל אויפגעשטעלט. בלויז די אנאַרכיסטין און עטלעכע פראַזעליטן האָבן פּראָטעסטירט. פארלוירענע, אָפּגעריסענע טיילן אין אַ ברויזענדן ים... קלויד און סילוועסטרע, — זיצנדיק ווייט איינער פון אַנדערן האָבן פון דערווייטנס שטאָלץ און גליקלעך געשמייכלט. אַ שטילע פרייד, אַ זיסע האָפנונג האט פארגרעסערט אין זייערע אויגן דעם נצחון פון דערדאָזיקער שעה...

קלויד האָט געקלערט: ווען מאַריסע...

און סילוועסטרע האָט געזען שוועבן פון הערווייטנס אַ גליקלעכע דערשיינונג, אַן באַשטימטע קאָנטורן. וואס האָט געהאַט דאַס געזיכט פון איר שטילן פארלאַנג.

# צווייטער טייל.

ס׳איז א גליק צו וויסן,
ווי ווייט מ׳קאן זיין אומגליקלעך.
לא ראשע פיקאלד.

## I.

איר האָט געלייענט? סאַראַ חוצפּה!

זשאַן סערוויער איז מיט אַזאַ אימפּעט און שטורם אַריינגעלאָפן אין צימער פון שעף־רעדאַקטאָר, אַז דער צעטומלטער דינער האָט אויף אים אויסגעגלאָצט די אויגן.

אויף אַזאַ אופן זיך אריינצורייסן צו הער טורבאַ! מ׳קאָן טאַקע זיין אַ מיניסטער, אָבער דאָך איז עס אַ אומדערהערטע חוצפּה זיך אזוי צו באַציען צום פּרעסע־קעניג!... אמת, הער סערוויער איז איינער פון די הויפּט־אַקציאָנערן אין דערדאָזיקער גרויסער אונטערנעמונג, פילט זיך דאָ ווי ביי זיך אין דערהיים... אָבער דאָך!... דער דינער איז געוועזן אַ קריגס־אינוואַליד — איינער פון די, וואס האָבן געשטורמט וואַקאַאַ, האָט ער שטאַרק שטאָלצירט מיט זיינע אָרדענס און מעדאַלן — און דאָך פלעגט ער ווערן אַ פאַרציטערטער, אַז דער שעף־רעדאַקטאָר האָט געקנייטשט דעם שטערן. טורבא דער ערשטער, — אַזוי האָבן אים גערופן די טויזנטער מיטארבעטער אין „אינטער״ — איז געווען אַ שרעקבילד פאַר זיין פּערסאָנאַל.

דער פרידערדיקער העלד און איצטיקער דינער — מ׳דאַרף דאָך עסן — האָט פּאַמעלעך צוגעמאַכט פריער די לעדער-טיר, דערנאָך די אייזערנע און האָט שטאַרק חשק געהאַט אַ ביסל אונ־טערצוהערן. אויסגעצויגן מאַיעסטעטיש אויפן פּאָטעל ווי אַ פּאַ־טענטאַט אויפן טראָן, האָט הער טורבאָט רויק געוואַרט ביז ער איז פאַרשוווּנדן געוואָרן צוזאַמען מיט זיין בייגיריקייט און זיין אייזן-האַנדל.

זשאַן סערוויער האָט אַן עפן געטון אַ צייטונג. הער טור־באָ האָט אים אָפּגעהאַלטן און אַ מאַך געטון מיט דער האַנט, אויף וועלכער ס׳האָבן זיך נאָך געזען די צייכנס פון פריערדיקן לאַסט-טרעגער.

— נישט נייטיק. איך האָב שוין געלייענט.

אַן אַרטיקל פון אַמעדיי זשאַקמען, וואָס איז דערשינען אין ד׳ערפרי אין „אוניווערסאַל" האָט שרעקלעך אויפגערעגט דעם אַנ־קיר-מיניסטער. דער דירעקטאָר פון „אינטער" להיפך האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז דאָס הארט אים. ווי דער פאַראַיאָריקער שניי.

— און די שטרייקן אין דער טעקסטיל-אינדוסטרי! — האָט סערוויער אויסגערופן, — וואָס וועט זיין דער סוף פון דעם?

אַרויסנייענדיק פון רובאָ און טורקאָאינג, האָבן זיי זיך אַי־בערגעוואָרפן אויף ענגלאַנד און דייטשלאַנד, אַ דאַנק דער אינ־טערנאַציאָנאַלער דיסציפּלין האָט דער סאָציאַליזם זיך אַ נעם גע־טון שטאַרק אָפּצוהיטן דאָס געזעץ.

— דערדאָזיקער ענין, איז באמת אַ גאַנץ ערנסטער.

באַשטייענדיק אין גאַנצן נישט מער ווי פון אַ נאָז און אַ ברוסט-קאַסטן האָט ער געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ נאָז-האָרן. כּל זמן ער איז געזעסן איז נאָך געווען צו דערליידן. קוים פלעגט ער זיך אַ שטעל טון, האָט ער אויסגעזען קאָמיש, נישט געקוקט אויף די באַזונדערס הויכע קנאַפּל פון זיינע ספּעציעל געמאַכטע שיך. ביי זיין גאַנצער אומנאָרמאַלער פיגיר האָט ער אָבער דאָך אימפּאָנירט. מיט זיין גראָבער, אָבער אויטאָריטעטער האַלטונג, מיט זיינע מיליאָנען, וואָס ס׳איז אוממעגלעך געווען פעסטצושטעלן זייער צאָל, און ענדלעך מיט זיין אומגעהייער גע־

לונגענער קאַריערע: פון אַ פשוטן טרעגער, וועלכער האָט געהאָרכן פּאַפּיר־ראָלן אין קעלער איז ער אין משך פון איין צענדליק יאָרן געוואָרן דער אומבאַשרענקטער הערשער פון די גרויסע טעגלעכע פּאַריזער צייטונגען. דירעקטאָר פון „אינטער", פּרעזי־דענט פון די אומאָפּהענגיקע זשורנאַליסטן און — זעלבסטפאַר־שטענדלעך — גרויס־אָפיציר פון ערן־לעגיאָן.

זיינע אינטימע פריינט פלעגט ער זייער גערן דערציילן זיין לעבנס־געשיכטע. ער וואָלט זיכער געוווען דער זעלבער טרע־גער עד היום, ווען ער זאָל נישט האָבן אין איין שיינעם טאָג — אַלס עפנטלעכער אויסקערער — געפונען עטלעכע געהיימע דאָקו־מענטן, וואָס האָבן אים מאָמענטאַל געשטעלט אויף די פיס. „טרויט נישט אייער אייגענעם שאָטן!" מיט די ווערטער פלעגט ער תמיד פאַרענדיקן זיין אינטערעסאַנטע ביאָגראַפיע.

אַ דאַנק זיין ראַפינירטער איבערגעשפּיצטקייט, זיין ערמה און חוצפּה איז ער באַלד געוואָרן וויצע־דירעקטאָר. דערנאָך די־רעקטאָר פון „אינטער". אַוועקשטעלנדיק די צייטונג אויף אַ פעסטן באָדן, האָט ער זיך אַ נעם געטון צו באַנק־אָפּעראַציעס, און באַלד אליין געגרינדעט עטלעכע גרויסע בענק. דורך אַ שאַנטאַזש, וואָס האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן, האָט ער דערפירט די צײַ־טונג צו אַזאַ שטופע, אַז ער האָט זיך שוין אליין נישט געקאָנט מיט איר קיין עצה געבן און ער האָט צוגעצויגן צו דער אַר־בעט זשאַן סערוויערן און עטלעכע פון זיינע פריינט.

די גאַנצע פאַריזער פרעסע איז דעמאָלט געשטאַנען אויף אַ זייער נידריקער שטופע. די בלעטער זענען געוועזן פול מיט נאַרישע סענסאַציעס און פוסטע לעכערלעכע אינפאָרמאַציעס. דער „אינטער" האָט זיך גלייך אַרויסגעריסן פון זומפּ פון דאָזיקן קוואַטש און פון די קליינע סוחרישע מאַכינאַציעס. אויס מעשיות פון איבערגעפּאָרענע הינט, פאַרגעוואַלטיטע מיידלעך און רעוואָל־ווער־אָנפאַלן. נישטאָ מער קיין רעקלאַמעס וועגן קיכן־מעניוס און שיינהייטס־מיטלען, אָפּגעשאַפט די פעליעטאָנען מיט די שרייעדיקע, פאַרן הארצן כאַפּנדיקע ראָמאַנען... אָבער ברייט פונאַנדערגעעפנט דאָס פענצטער פאַרן אָפּקלאַנג פון דער גאַנצער וועלט. פאַר באַ־

ריכטן וועגן אינטערנאַציאָנאַלע געשעענישן אין יעדער פאָרם. אַ מאָמענט האָט דער „אינטער" באמת אריינגעלאָזט פרישע לופט אין די פארשטיקטע רעדאַקציע צימערן, אריינגעבראַכט אַ שטראָם ניי לעבן, פארברייטערט דעם האָריזאָנט — אָבער באַגרענעצט אים מיט אַ הענדלערישער פאַרבלענדקייט.

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די קאָנקורענץ, און דער אויפשטייג איז געפאַלן. די אַלטע צייטונגען האָבן זיך פאַרבעסערט און ווידער דערגרייכט זייער פריערדיקן טיראַזש. ס'זענען אויך צוגעקומען נייע, ווי דער „אוניווערסאַל" פון אמעדיי זשאָקמען, וואס האָט שטארק צוגעצויגן דעם פאָליטיש דענקענדן לעזער. דעמאָלט איז צו פאַול טורבאָ צוגעטרעטן זשאַן סערוויער, און ווידער האָט דער „אינטער" דערגרייכט זיין פריערדיקן טיראַזש פֿון זעקס הונדערט טייזנט לעזער און געקראָכן פון דער הויט כדי צו דערפירן ביז אַ מיליאָן. דער אינטערנאַציאָנאַלער פינאַנץ-וועלט איז געלונגען, אָפּפערנדיק אַ גאַנץ קליינע סומע, צו באַקומען אין די הענט אַ מעכטיק געווער לטובת אירע אינטערעסן. אונטער דער לייטונג פון דעמדאָזיקן עקספּלואַטאַטאָר, האָט די צייטונג פינאַנסיעל איבערגעשטיגן אַלע אירע קאָנקורענטן. אויסערן טיטל האָט איר באַקרוינט פאָלגענדע אויפשריפט: „די איינציקע צייטונג, וואס זאָגט דעם אמת".

— זשאָקמען איז גוט אינפאָרמירט, — האָט סערוויער געזיפצט. — נישטאָ קיין סודות, ווער האָט עס אים אַלץ איבערגעגעבן! ער וועט עס זיכער אויסנוצן, ווי נאָר דער קאַמער וועט זיך צונויפקומען איז דערדאָזיקער חצוף בכח אונז אראָפּצוּוואַרפן. ער קוקט שוין זיכער אויף זיך ווי אויפן קינפטיקן פרעזידענט!

— דער „אינטער" לעבט. מיין טייערער מיניסטער. — האָט הער טורבאָ אַ זאָג געטון. — זשאקמען פארגעסט די מעשה מיטן נאַז!

זשאַן סערוויער האָט געשמייכלט. ער האָט פארשטאַנען די שפּיל מיט די געהיימע פרובן, צו וועלכע מ'האָט זיך גראָד איצט אַ נעם געטון... אַ געוויסער אָריגינאַל האָט אין יאָר 1872, צוויי יאָר צו שפּעט, אַנטדעקט די ביידע גאַזן, דעם בראָמאַצעטישן

עטעך און דעם קלאָראַטעאָן, אַ דאַנק וועלכע ס׳איז אין 1915 געלונגען אָפּצושלאָגן די דייטשע גאַז אַ־גריפן, — איצט האָט אַ ברודער פון יענעם אָריגינאַל, לואי פּאַנזעט, אַ גרויסער כעמיקער, מיט גליק געפונען אַ נייעם גאַז פון אַזאַ שעדלעכקייט, אַז מיט איין קאַפּ האָט מען דערמיט געקאָנט נייטראַליזירן די שרעקלעכסטע גאַזן, די לעצטע ערפינדונגען פון דייטש רייך. דאס מיניסטעריום איז געווען דעצידירט גלייך אָנהייבן פאַבריצירן אומגעהייער גרויסע קוואַנטומס... דער קומענדיקער קריג וועט נישט זיין בלויז עלעקטריש, נאָר קודם כל כעמיש, — האָט זשאַן סערוויער געהאַלטן אין איין טענהן אויף די זיצונגען פון מיניסטאָרן-ראַט. סוף כל סוף איז אים כמעט געלונגען איבערצוצייגן דערין סאַלמוין גופא, כאָטש דער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, אַ פּערזענלעכער פריינט פון מאַרשאַל ליוקס, האָט מער געהאַלטן פון די אַלטע מעטאָדן פון גענעראַליזם.

— איר זענט פּונקט ווי ליוקס, מיין טייערער דירעקטאָר, — האָט געזאָגט סערוויער — איר חלומט כסדר וועגן קריג.

— אָנהייבן וועט מען מיט אַן אויסערלעכע און ענדיקן מיט אַ בירגער-קריג, — האָט געזאָגט טורבאָ. — און נאָך אַ געוויסן פאָלקס-אויפשטאַנד וועט אונז ענדלעך שוין געלינגען צו זיכערן די דעפיניטיווע הערשאַפט פון אָנשטענדיקע מענטשן. דאס איז דאס איינציקע, פאַרנונפטיקע פּראָגראַם, איר מוזט צוגעבן: אַלע אייערע קונצן מיט זשאַקמען דערפירן צו גאָרנישט, לגמרי אַרויסגעוואָרפענע ארבעט.

— אָ! — האָט סערוויער געזאָגט, — דערין האָב איך זיך שוין אליין איבערגעצייגט.

— אונזער טאַקטיק מוז זיין אַ פעסטע. מ׳מאַכט נישט קיין אָמלעט, אויב מ׳צעקלאַפּט נישט די אייער.

ביי דעמדאָזיקן קערנשפּרוך האָט זיך סערוויער אויפגערעגט, געריבן די הענט. דער אָמלעט! טורבאָ האָט ליב געהאַט אַ הייסן, צוגעגרייט אויף די שויס און דורך די געניטע הענט פון אַ

פּענסיאַנערין אין אַ געשלאָסענעם אַנשטאַלט, וווהין ער פלעגט איין מאָל אין דער וואָך, אונטער אַ פאַלשן נאָמען און גרימירט, קומען אַזוי רעגולער, פונקט ווי יעדן זונטאָק צו דער מעסע... צו אומשולדיקע מאַניע, וואס קיין מענטש, אפילו די פּראוואַל-טערין גופא, וואָלט אים דערין נישט חושד געווען.

זשאַן סערוויער האָט גערוועז אַ רוק געטון זיין פּאָטער, און ארומגעשפרייזט ארום טיש, וואס איז געווען אָנגעשטעלט פול מיט בראָנז:

— לאָמער קודם כל אָנזאַמלען אַזאַ צאָל אייער, וויפיל ס׳וועט נאָר מעגלעך זיין. אויף צעקלאַפּן זיי, וועלן מיר שטענ-דיק געפינען צייט.

נאָך זיינע אינטערוויוען אין ניו-יאָרק מיט די אַגענטן פון הארטמאַן און סודעקי, די וועסטפאַלישע און רומענישע נאַפט-קאָנטראָלערן, האָט סערוויער אריינגעכאַפּט אין זיינע הענט די פּראָדוצענטער נאַפט-גרובן און איז געווען זיכער, אַז איצט וועט אים לייכט געלונגען צו צעקלאַפּן אין פּארלאַמענט דעם מאַנעוור פון די סאָציאַליסטן. זיי האָבן באַשלאָסן, נאָך פאר די נאָענטע וואַלן, ארויפצישטעלן אויפן טאָג-אָרדנונג די נאַציאָנאַליזירונג פון די באָדן-אוצרות מיט די פּאָדערונג צו אַנולירן די אַלע פריער געשלאָסענע קניות. דאָס איז געווען פאַר אים דער שוואַכער פונקט, אויף וועלכן דער „אוניווערסאַל" האָט זיך אממייסטן גע-שטיצט, אַנטפּלעקנדיק פארשידענע אומבאַקוועמע סודות... מ׳מוז זיך אָבער האַלטן רויק! סוף כל סוף איז מען דאָך פאָרט די שטאַרקערע, און מאַכט איז רעכט.

טורבאָ פונקט ווי סערוויער, האָט זיך געשפּירט פעסט אונ-טערן שוץ פון זייער שווארצער ארמעע און דעם גאַנצן וויסנ-שאַפטלעכן ארסענאַל, מיט וועלכן די פּלוטאָקראַטן האָבן זיך איצט אימעטום באַוואָפנט. ברעסטנטיילס קעגן דער אומבאַוווסטזיניקער ענטלעכער זאָרגלאָזיקייט, אין יעדנפאַלס אָבער קעגן די געפער-

ליעבע אַנזיכטן פון אַ זשאָקמען. [illegible] האָט זיך ווידער צע-
רעדט:

— איר ווייסט זייער גוט, מיין טייערער, אַז זינט מיר
האָבן זיך פאַרייניקט מיט די ענגלישע און אַמעריקאַנישע פי-
נאַנסיסטן, און סטאַנדאַרט-אויל און ראָיאַל-דוטש האָבן געשלאָ-
סן טרעסט, זענען מיר, האַרטמאַן, סודעקי און איך, די בעלי-בתים
איבערן גאַנצן נאַפט אין אייראָפּע, פון אַזעלכע שוין אָפּגערעדט!...
און וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָבן קייגן אונז יענע, די אַלע ריקע,
ס'הייסט — אונזער נאַפט-שנאָבל — וואָס קאָנען אויפטון די ראָוויקע
כּנופיה בעטלער!...

— לאָמיר זיי זיך לאָזן אָרגאַניזירן, — האָט טורבאָ באַ-
מערקט, — פון דער באַנדע וועט זיך שאַפן אַן אַרמעע. קוקט
זיך נאָר צו צו די שטרייקן אין דער טעקסטיל-אינדוסטריע! לאָ-
מיר לאָזן זיך אויסשרייען אויף די שדים, די ווייבער... ווייל אַ
רעמבערט איז נאָך אפשר געפערלעכער ווי אַ זשאָקמען! דער
קאָנגרעס אין בודאַפּעשט האָט שטאַרק באַאיינפלוסט די עפנטלע-
כע מיינונג, און ס'וואָלט געווען זייער נאַריש צו פאַרמאַכן אויף
דעם די אויגן. די וואַלן — אין פינף חדשים אַרום — וועלן גע-
פירט ווערן אונטער די פאָלגענדע צוויי לאָזונגען: שטימערעכט
פאַר פרויען, דאָס הייסט דעפיניטיוו געזיכערט דער וועלט-שלום,
און נאַציאָנאַליזאַציע פון די באָדן-אוצרות, מיט אַנדערע ווער-
טער: אויס פריוואַטער אייגנטום!...

— מיט עטלעכע הונדערט מיליאָנען, ווי געהעריק, מיט
שכל אויסגענוצט...

— אָפּטימיסט!... אין דעם פּרט בין איך אינגאַנצן מסכּים
מיט לוקסן. ער האָט אַ טעות אויב ער קלערט נאָך וועגן ברוסט-
וואַלן און שיס-פולווער פון וווּנדערבאַרע אָפּענסיוועס!... ער איז אָבער
פולשטענדיק גערעכט, אַז דער איינציקער מיטל אויף צו שאַפן
איין מאָל פאַר אַלע מאָל אַ פעסטן שלום — איז אָנהייבן אויפ-
סניי אַ קריג. אָ! ווען 1918 וואָלטן מיר פרייען אין בערלין!
אַוועקשטעלנדיק, נאַטירלעך פריער צו די וואַנט אַלע שלום-אַגי-
טאַטאָרן, וואָלטן מיר נישט געווען געצוווּנגען אָפּצוגעבן צוריק

דאס רהיין-לאַנד און נישט געדארפט אויסהערן די אלע או: גע־
רעכטע פאָרווורפן פון דער גאַנצער וועלט. די סאָציאַלע גערעכ־
טיקייט! ס׳איז באמת נישט גע״ ווי אַ מיטל אָנצופאַלן! זייער
גערעכטיקייט באַשטייט אין דעם, אַז קודם כּל זאָלן זיי האָבן
די מענלעכקייט זיך אוועקצוזעצן מיט זייערע פעטע ווי רופט
מען דאָס... אויף מיין פאָטעל. אַ שיינעם דאַנק! אַ סך בעסער
איז פריער אויסצושיסן עטלעכע זשאָקמענס, און דערנאָך אָנהייבן
אַן אָרנטלעכן קריג!

ער האָט גערעדט וועגן דעם אזוי רויק פונקט ווי ס׳זאָל
זיך האַנדלען וועגן דער קלענסטער קלייניקייט, וואס האָט אים
אָבער נישט געשטערט אַ קלאַפּ צו טון מיט דער פויסט אין טיש:

— מאַקס דע לאָם און לוקס זענען טאַקע פאָרט גערעכט!
צופּעסטיקן די שרויפן! אויב נישט פאַלט איין דער גאַנצער
בנין!

— לכל הדעות, — האָט זיך סערוויער געקאָכט, — מוז
מען וואס גיכער אָננעמען א בעשלוס. איך לויף אוועק צום
מיניסטער-פרעזידענט. אפשר גייט איר מיט?

— אַן איבעריקע זאַך. ס׳איז גענוג אַ טעלעפאָן...

ער האָט אַן עפן געטון אַ שיכלאַד און צוגעטראָגן צום אוי־
ער דאָס טרייבל פון אַ באַהאַלטענעם טעלעפאָן:

— דעם הער מיניסטער-פרעזידענט!

מאָמענטאַל האָט זיך דערהערט אַ שטים:

— פארן „אינטער״... אָ, דאָס זענט איר מיין טייערער
מאַקס. ס׳רעדט טורבאָ... גוט, איך דאַנק אייך... איך ערווארט
אייך היינט אין אָוונט צום עסן... ניין אַ זייגער... דער באַנקעט
פאר די פארלאמענטס-זשורנאַליסטן?... איך פייף אויף דעם!
שיקט אַן אנדערן מיניסטער... אַ מיגרען... נישט ביים גאַנצן גע־
זונט... דרינגענדע אָנגעלעגנהייטן... גוט, איך הער. היינט אין
אָוונט ביי מיר, צום ווידערזען.

— דעם, הייסט עס, האָבן מיר שוין! איצט סאלמוי... אָ!
ער איז איז אויף יאַגד אין מארלי, אמת. איך וועל אים נאָכ־
מיטאָג אָנטעלעפאָנירן, אָדער אריבערשיקן עמעצן קיין עליסיי.

זייט גאַנץ רויק. איך וועל שוין אַלץ איינאָרדענען אויפן בעסטן אופן.

נאָכן אָננעמען אויף איין פוס דידאַקטישע אַלע באַשלוסן, האָט זיך הער טורבאָ אַ הויב געטון פון שטול, געדריקט די האַנט פון זיין שותף און פריינט: — „אויף ווידערזען היינט אין אָוונט!“ די ביידע אַלמעכטיקע האָבן זיך צעשיידט, צעפרידן איינער מיטן אנדערן און יעדערער אין דער פעסטער איבערצייגונג אַז ער שטייגט איבער דעם אַנדערן. טורבאָ מיט זיינע קליינע פאַפירלעך, סערוויער מיט זיינע גרויסע באַנקגאָטן... אַ פּאָר העלדן, פאַריינ:קט דורך געלט-גיריקייט און שרעק.

## 2.

אין דעמזעלבן אָוונט, ווי זיין מאַיעסטעט העך טורבאָ האָט באַשלאָסן, האָט זיין אַלטער פּאַלאַץ גיך וואָלטער-גאַס אויפגענו-מען דעם מיניסטער-פּרעזידענט און דעם פּרעזידענט פון דער רע-פּובליק. זיי זענען געקומען צולויפן ממש אין איין אָטעם. מאַ-דאַם סאַלמוי האָט צוליב אַ קאַטאַר, וואס זי האָט געכאַפּט אויף דער יאַגד אין אלטן וואַלד, זיך נישט געקאָנט באַטייליקן אין דער קאָנפערענץ.

אויף דעם אופן איז ביים טיש פון שיינעם געשלעכט גע-ווען נישט מער ווי מאַקס דע לאָמס טיילווייזע פרוי, די אומ-פאַרמיידלעכע מאַרקיזין ד׳אַנטראַג. זשאַן סערוויער האָט אין אַזעלכע פאַלן נישט ליב געהאַט זיך צושלעפּן מיט זיין פּלוניתטע, און דער בעל-הבית ווי דער מאַרשאַל לוקס, וועלכן סאַלמוי האָט אין דער לעצטער מינוט געבראַכט צו פירן, זענען געווען אַלטע בחורים.

— ער געפינט זיך גראָד איצט ביי מיר אין קאַבינעט, — האָט ער פּראָפּאָגירט, בעת טורבאָ האָט אים גערופן. — ער קאָן געבן אַ גוטע עצה... — זאָל ער טאַקע אריינקומען! אַ הילצער-נער קאָפּ, האָט אָבער צייטנווייז אויך גוטע המצאות... אַ קראַפט, וואס מ׳דאַרף אויסנוצן.

די מאַרקיזין מיט איר פויגל-פּנים און די ביינערדיקע אַק-סלען איז געזעסן צווישן די ביידע פּרעזידענטן, צווישן די העכ-סטע שטאַטס-מענער... און האָט זיך געבלאָזן ווי אַ אינדיק. זי איז געווען די עגעריאַ, די נימפע...

קומענדיק אין די יאָרן אריין, האָט מישעל כסדר געדאַרט. די גריגע פּרוכס איז זויער געוואָרן, די חטאים האָבן זיך ביס־לעכווייז פאַרוואַנדלט אין מדות טובות, די באַרימטע רויזע צערע.. נישט געבליבן מער ווי אַן אויסגעפּטריקנטע, צעקנייטשטע הויט אויף שפּיציקע ביינער. איר הויכע פּריזור, — זי האָט געהאַלטן, אַז ס'איז אימפּאָזאַנטער — האָט אויסגעזען ווי אַ שנאָבל פון אַ קלאָאון. און מיט איר הייזעריקער שטים האָט זי געהאַלטן אין איין שיטן אָראַקעל-שפּרוכן.

פון איר מאַמען, דער טענצערין, איז בלויז געבליבן אין זכרון פון די אַלטע לייט די רענאָמע פון זשאַקעטס סאַלאָן, וואָס איז געוואָרן דער עס-צימער פון ד'עטראַנג מיטן הייליקן מאַקס דע לאַם, אַ הייליקער, וואָס פלעגט כסדר אַראָפּבערענגען צו זיך קליינע מינדעריעריקע מיידלעך. מישעלן איז געלונגען צו פאַר־וואַנדלען דעמדאָזיקן אינטערעסאַנטן זאַל אין אַ מלוכה-צענטער, אין אַן אויבערמיניסטעריום און אויבעראַקאַדעמיע. נישט בלויז די אַלטע אומשטערבלעכע האָט מען דאָ געשטאָפּט און געקרעפּטיקט, נאָר אויך נייע צוגעגרייט און געפּיטערט. אַ געהיימער מיניסטאָרן־ראַט ווו מ'האָט פאַבריצירט אַלע געזעץ-פּראָיעקטן.

וואָס אָנבעלאַנגט דעם מאַרקיז ד'עטראַנג איז ער געלעגן אין אַ סאַנאַטאָריום און האָט געוואַרט אויפן טויט.

— נאָך אַ פּאַרציע פון דער אויסגעצייכנטער פּאַשטעטע, הער מיניסטער, — האָט זי געראָטן.

זי האָט דאָ געבעל־הבית'עוועט ווי בײַ זיך אין דער היים. אַ לאַקיי אין קורצע הויזן און אַ בלויען פראַק — טורבאַט'ס לי־בערייע — האָט צוגעטראָגן סאַלמוין אַ זילבערנע שיסל. אָנגעגעסן איבער האַלדז האָט זיך דער הער פּרעזידענט קאַטעגאָריש אָפּ־געזאָגט.

— איר זענט באמת אַן אָריגינאַל, טייערער הער טור־באַ, — האָט זיך געצחנדלט די מאַרקיזין אוועקזעצנדיק זיך אויף אַ סאָפע, נאָכן דערפילן אירע פליכטן אַלס ווירטין — די צערע איז געוועזן זייער אָנשטענדיק, קיינער האָט נישט אזוי פון פּראָ־גרעס ווי איר, און דאָך זענט איר דאָ לגמרי ארומגערינגלט מיט

אַלטע זאַכן. אַזאַ אַלטפֿרטימלעכע באַלויכטונג ווי וועקסענע ליכט: גרויסע פּיראַמידן פֿון וואַקס־ליכט האָבן געברענט אין הויכע לייכטערס, וואָס מ'האָט ארויסגענבעט פֿון ווערסאַיל. זייער בילדער, אומרויקער שיין האָט באַשטראַלט די פּרעכטיקע גאָבעלינען אויף די ווענט, די באַרומטע גאָבעלינען־בילדער פֿון די קעניגלעכע פּאַלאַצן. אויפֿן אומגעהייער גרויסן אַקטקאַנטיקן עסטיש האָט געבלאַנקט דאָס זילבערנע געשיר מיטן פֿאַמיליען־צייכן פֿון די בורבאָנען און אין אַ בלומען־טאָפּ, דאָס ווערק פֿון עלטערן גערמען, האָבן געוועלקט די רויזן פֿון לאַ פֿראַנס.

— יאָ — האָט געזאָגט טורבאָ — ס'איז אַ סטיל, אַ שאַנר.

— און דער בעסטער, האָט צוגעגעבן סאלמוי. נישט אַריינפֿאַלנדיק אין עקסטרעם, וואָס באַמיט זיך תמיד אוועקצושטעלן דעם עבר קעגן דער געגנוואַרט, מוז מען אָבער צוגעבן אַז בנוגע געשמאַק און עלעגאַנץ גייט מען שטאַרק צוריק... צו קלאַסישע קולטור...

די מאַרקיזין האָט אים איבערגעהאַקט, און אים געקלאַפּט מיטן פֿעכער איבערן האַנט. גלייך האָט זי זיך אויפֿגעדרייט צום מיניסטער־פּרעזידענט. די קלאַסישע קולטור — מאַקס דע לאַמ'ס ספּעציעלער געביט. גראָד איצט האָט ער צונויפֿגעשטעלט אַ געזעץ־פּראָעקט־ לויט וועלכן ס'זאָלן צוריק איינגעפֿירט ווערן בערנאַרדס אַלטע דעקרעטן.

— דו ביסט גערעכט, מאַריק, — האָט דערקלערט דער קאַמפֿער פֿאַר קלאַסישער בילדונג. — סאַלמוי און ער, האָבן זיך פֿון זייער דעביוט אָן, געדוצט, לויטן אַלטן פּאַרלאַמענטאַרישן שטייגער. מ'האָט זיך קעגנזייט באַקעמפֿט, ממש אויף מעסערס, אָבער אין בופֿעט חבריש געקלאַפּט אין פּלייצע.

— די טראַדיציע, דאָס איז דער עיקר. לאַטיין און גריכיש, קאָן מען בכלל לאָגיש נישט טראַכטן.

— דערלויבט, — האָט סערוויער פּראָטעסטירט, — טורבאָ און איך, מיר האָבן קיין אנונג נישט פֿון די טויטע שפּראַכן, און

ס׳האָט אונז לחלוטין נישט געשטערט צו לעבן אין אַ פּראַכטן מאקס דעם לײַם האָט נישט פּראָטעסטירט.

– אויסגעמיטן באַשטעטיקן די אַלגעמײַנע רגילות.

וואָס אַנבאַלאַנגט סאָלמוין, איז בײַ אים דער עיקר געווען די פֿאַרדײַאונג. דער פּרעס איז געווען זײַן שוואַכקייט, אָדער גיכער, ווי בייזע צינגער פּלעגן זאָגן, זײַן שטאַרקע זײַט.

טורבאָ האָט זיך אַ נעם געטאָן אויפצומונטערן אַביסל דעם הער מאַרשאַל לוקס, פֿאַרטרײַבן זײַן מרה־שחורה. מיט זײַן אויסזען פֿון אַ פּאָסט־דירעקטאָר אין אַ וויזיט פּראַק איז ער געזעסן אָנגעבלאָזן, בלויז פֿון צײַט צו צײַט אָנ׳עפּן געטאָן דאָס מויל און אַרײַנגעזאָגט אַ פּאָר ווערטער. פּונקט ווי סאָלמוי האָט ער אויך ליב געהאַט עסן, דאָס איז, אייגנטלעך געווען זייער טרעדיציאָן, זייער פֿרײַנטשאַפֿטס־בונד. נאָך מער האָט ער ליב געהאַט זײַן בעט. זיך אָנפּרעסן און אַרײַנלייגן אין בעט דאָס זענען געווען זײַנע צוויי הויפּט־תאוות. אַלע איבעריקע ענינים, צוזאַמען מיט דער סטראַטעגיע, האָבן אים אינטערעסירט ווי דער פֿאַראַיאָריקער שניי. שול־רעפֿלעקסן און אַלגעמײַנע מיינונגען, אויף אַלע פֿראַגן פּלעגט ער פּשוט ענטפֿערן מיט אַ פּערמאַנענטן אמת, אויסער בעת ס׳האָט זיך געהאַנדלט וועגן זײַנע אייגענע, פּערזענלעכע אינטערעסן. דעמאָלט פּלעגט זיך אין אים אויפֿכאַפּן דער פֿויער פֿון סעווענען און ער פּלעגט ווערן ווילד. בײַם אָנהייב קריג האָט ער זיך דערמאָנט, אַז אייגנטלעך איז ער אַ קרוב פֿון איינעם די קאָמאַנדירנדע גענעראַלן. אַ דאַנק דעם איז אים געלונגען צו באַקומען אַ בריגאַדע, און אין פֿאַרלויף פֿון די פֿיר און צוואַנציק יאָר פֿרידנס־צײַט האָט ער זיך בהדרגהדיק דערשלאָגן ביז צו אַ מאַרשאַל. זײַן פֿרײַנטשאַפֿט מיט סאָלמוין האָט אים דערפֿירט ביז אַ גענעראַל.

– ליבער הער מאַרשאַל, – האָט אים טורבאָ אַ פֿרעג געטאָן, – וואָס זאָגט איר עפּעס צום פֿאַרלאַמענט־באַשלוס פֿון היינטיקן טאָג, זענט איר באַפֿרידיקט?

די מערהייט האָט, נישט געקוקט אויף זשאַקסאָנס אינטערווענץ קאַטעגאָריש אָפּגעוואָרפֿן דעם פֿאָרשלאַג וועגן שטימרעכט

פאר אָפיצירן. די רעגירונג האָט אפילו נישט געשי . . . די גע־
וויינלעכע פארטרויאונגס־פראַגע.

מאַרשאַל לוקס האָט באַמערקט:

— צי דען האָב איך געשטימט בעת די נצחונות ביי . . . ער
סאר . . . ? ...און איצט, ווי איר זעט, ווילן אונז די געגער־אָפיצירן
צעשטערן די גאַנצע ארבעט. און מיר טאָרן מער נישט פארמאַכן
די אויגן אויף פאקטן: אונזער פארביקע ארמעע הייבט זיך אָן
אָנצושטעקן מיטן רעוואָלוציאָנערן גייסט פון אונזערע פראַנצויזי־
שע זעלנער; און ווי וועלן מיר אויסזען אָן אונזערע טרייע־גע־
נעגאַל־שיסערס? זיי זענען דאָך פּאָרט אונזער בעסטער אינפאַנ־
טעריע. און ווי מ׳זאָל איר אויף נישט קוקן, איז דאָך פאָרט די
אינפאַנטעריע די הויפט זאַך בעת׳ן קריג, נישט געקוקט אויף די
אלע עלעקטרישע און כעמישע ערפינדונגען, וואס דער פינאַנץ־
מיניסטער פראָיעקטירט אומבאַדינגט איינצופירן. אלץ ווערט איצט
מאָדערניזירט — דאס איז דער גרעסטער אומגליק.

— בנוגע דעם ערשטן פונקט בין איך מיט אייך איינשטי־
מיק. ווי זעלן מיר באמת אויסזען, אויב די אָפיצירן פון נידע־
ריקן און אפילו פון העכערן ראַנג, וועלן קאָנען זאָגן אַ דעה?

— די דיסציפּלין! דאס איז דער עיקר, — האָט אַ זאָג גע־
טון לוקס. — קוקט זיך נאָר צו, צו וואס ס׳האָבן אונז דערפירט
די אלע נייע רעפאָרמען זינט דאָס געזעץ פון די אַכצען חדשים!...
דער אָפיציר קאָן איצט עסן ווי ער וויל און חתונה האָבן ווען
און מיט וועמען ער וויל. אויסער שטימרעכט אין דעם מונדיר
אין דער צייט פון דינסט, — איז ער אַ ציווילער, פונקט ווי די
ארמעע, ווייל מיר זענען אינגאַנצן ארונטערגעפאַלן אונטערן שווייצ־
צאַרישן סיסטעם! מיט אייער איינפאַכער מיליטערישער צוגרייט־
טונג ביז אַ דריי־מאָנאַטלעכן דינסט, און אייער אנולירן די דריי־
וועכנטלעכע איבונגען איז בכלל נישטאָ מער קיין ארמעע! איך
וויל אייך דערמיט חלילה קיין פאָרוואורף נישט מאַכן, מיינע הערן
פרעזידענטן!

נישט קוקנדיק אויף זיין פרידלעכן כאַראַקטער, האָט לוקס
נישט געקאָנט איבערטראָגן, וואס ער האָט געלאָזט סאַבאָטירן די

וויכטיקססטע מלוכה-אינסטיטוציע. אָך! אָן די טרייע קאָנטינגענטן שמאַרצע אין דעם מעכטיקן פּאַכמעניש אָפּיצירן-קאָרפּוס, וואס פילט נאָך אָן, צום גליק, די ביוראָס!

מאַדאַם ד'אַנטראַג, וואס די גאַנצע טעכנישע קאָנווערסאַציע האָט איר שטאַרק געלאַנגווייליקט, האָט געוואָלט איבערבייטן די טעמע, און אַ פרעג געטון ביי טורבאָנען:

— צי ווייסט איר, אַז די חתונה פון מאַדאַם רייכמייער מיטן הערצאָג פון אַלטאַמירא איז שוין אַ געשעענער פאַקט און קימט פאַר דעם צווייטן מאָנאַט?

— דער „אינטער" ווייסט אַלץ, מאַדאַם. איך קאָן אפילו זאָגן ווער ס'וועט זיי געבן די ברכה אין מאַדעליין-קלויסטער.

— דער אַרצבישאָף פון היפּאָ, הער אוידעאָן.

ער איז געווען איינער פון אירע סאַלאָן-געסט, רייכמייערס אַן אַלטער קנייפּע-חבר, שפּעטער אַ מיסיאָנער אין ליביען, וווּ ער האָט געמאַכט געשעפטן מיט די שונד-אַרטיקלען פון די גרויסע געשעפטס-הייזער „אַלץ פאַר גאָרנישט".

— איר האָט טאַקע נישט געטראָפן. אַ פּרעלאַט פון דיאָצעזע.

— אַ געהילפס-בישאָף? — האָט זי זיך געוווּנדערט. זי האָט געהאַט אַ גרויסע ידיעה אין די פאַרשידענע קירכע-ענינים. ווערנדיק עלטער האָט זי אָנגעהויבן ווערן פרום. אין אַנטראַג האָט זי מיט אירע מעשים טובים שטאַרק געשטיצט דעם אָרטיקן קלויסטער, אין פּאַריז איז זי געווען די פּאַטראָנעסע פון עטלעכע רעליגיעזע אַנשטאַלטן, מיט איין וואָרט די פילאַנטראָפּין פון דער קירך. און דאס איז געווען איר שטאָלץ.

טורבאָ האָט געשמייכלט:

— איר וועט נישט טרעפן: דער הויכער הער שאַמעלאָט בכבודו ובעצמו.

— דער קאַרדינאַל! — האָט אויסגערופן די מאַרקיזין, גאַנצלעך צעטומלט. — אַלץ איז גוט וואס ס'ענדיקט זיך גוט.

מאַדאַם רייכמייער, אַ זעכציקיאָריקע אלמנה, האָט געוווּנען דעם פאַנגעדווירענדן פּראָצעס, וואס אירע זין האָבן קייגן איר

פּאַרפּירט, נישט ווײַנדיק, אַז זייער מוסערס הונגעריס פֿײַן פֿראַנק זאָלן אַרײַנפֿאַלן דורך אַ „סקאַנדאַליעזער" צווייטער הייראַט אין די הענט פֿון אַ פּסיידאָ-גראַף ד'אַלטאַמיראַ. „ער איז פּונקט אַזוי אַלטאַמיראַ, ווי אונזער מוטער ביים נעזונטן פֿאַרשטאַנד" — האָבן זיי געטענהט. דעם הער גראַף איז אָבער געלונגען צו באַווײַזן, אַז זײַן אַדעל איז טאַקע נישט קיין דירעקטער. ער שטאַמט אָבער פֿון אַן אַדאָפּטאַציע נאָך פֿון קאַרל דעם פֿיפֿצנטענס צײַטן. און די אָנקלאָגער האָבן פֿאַרשפּילט. מאַדאַם רייכמייער האָט זיך פֿון אַ משוגענע פֿאַרוואַנדלט אין אַן אָריגינאַל. זײַענדיק רײַך, האָט זי זיך געקאָנט ערלויבן אָפּצאָלן פֿאַרן מאַן וויפֿל זי האָט געוואָלט. און איצט וועט דער אָרגל פֿון נאָטר-דאַם שפּילן אונטערן פּראָטעקטאָריאַט פֿון אַרצבישאָף פֿון פּאַריז.

— איך בין תּמיד געווען איבערגעצייגט, — האָט געזאָגט סאַלמוי, — אַז וועגן מאַדאַם רייכמייער טרייבט מען כּסדר רכילות.

ער האָט בלויז פֿאַרגעסן צוצוגעבן, אַז פֿון פֿאַרשטאָרבענעם רייכמייער האָט ער יאָרנלאַנג באַקומען גרויסע סומען געלט פֿאַר זײַן פּאַרטיי, און דערפֿאַר טאַקע פֿאַרשאַפֿט דעם פֿריינט דאָס שלייפֿל פֿון ערן-לעגיאָן. בכלל איז עס געווען דאָס געלט פֿון גרויסן וואָרן-הויז „אַלץ פֿאַר גאָרנישט", וועלכן ער גופֿא האָט געהאַט צו פֿאַרדאַנקען די האַרמאָנישע אַנטוויקלונג פֿון זײַן קאַריערע. שטייענדיק איצט אויף דער העכסטער שטופֿע פֿון גליק, האָט זיך סאַלמוי געקאָנט פֿאַרגינען אַרויסצווייזן דעם פֿאַרשטאָרבענעם אַ געוויסע דאַנקבאַרקייט, בפֿרט, אַז ס'האָט אים גאָרנישט געקאָסט.

דער גלענצענדער מיטאָג און דאָס פּוסטע פּלאַפּלען, האָט זיך סוף כּל סוף געענדיקט. אַלע — אויסער דער מאַרקיזין — זענען געווען געצווונגען איבערצוגיין צו ערנסטע ענינים, — צו אַ כּוורפּריז וואָס האָט באַפֿרידיקט פֿאַר אַלע פֿריערדיקע ליידן: אין רויכער-צימער, וואָס איז געווען איינגעאָרדנט אויפֿן עכט אָריענטאַלישן סטיל — איז אויפֿן אָרט ווו ס'איז פֿריער געהאָנגען אַ פּראַכטפֿולער טערקישער דיוואַן — דער טייערסטער אויף דער

וועלט — איז איצט געווען אויפגעשטעלט אַ קינאָ-אַפּאַראַט מיט אַ שפּרעך-מאַשין און קאָלירטע בילדער.

— וואָס האָט איר געטון מיטן דיוואַן?

— ווייטער פאַרקויפט אַן אַמעריקאַנישן מוזעאום. ער האָט מיר וויניק אינטערעסירט. און פאַרן ריינעם ריווח האָב איך מיר געלאָזט אינסטאַלירן אָט ראַפּסאָדיקע קליינע שפּילעריי... די לעצטע נאַכריכטן פון טאָג... דער „אינטער" ביי זיך אין דערהיים... ס'איז דאָס אַקטועלסטע, אָדער איך האָב קיין אַנונג נישט וועגן געשעפט. וואָס זאָגט איר דערצו?

כאָטש סעדרוויער האָט שוין לאַנג געהאַט ביי זיך אין דער היים אַזאַ מין אינסטאַלאַציע — אמת צוליב גאַנץ אַנדערע צוועקן — האָט ער צוזאַמען מיט די פּרעזידענטן און דעם מאַרשאַל, געמאַכט דעם אָנשטעל אַז ער איז איבעראַשט. אַלע ווי איינער זענען זיי געווען גרויסע באַרימער. סורבאַ אָבער האָט געהערט צו יענעם מין, וואָס לעבן אָב יגאַטאָריש פון שקרים.

מ'האָט זיך צעזעצט אויף טיפע פאָטעלן ביי נידריקע טישלעך, וועלכע זענען געווען סערווירט מיט קאַווע און פאַרשידענע מינים ליקער. אַ מאָמענט איז דער גאַנצער עולם געווען אויפגערעגט פון די מעלדונגען פון ספּיקער. באַלד האָבן זיך אויפן לייוונט איינע נאָך די אַנדערע באַוויזן די געשעענישן פון טאָג: אַ באַן-קאַטאַסטראָפע אין לאָנדאָן, אַ שרפה אין די קיל-אַנלאַגן אין באַרדאָ, דאָס שטעלן אַ מאָנומענט — דורך סאַלמוני — די זיבן און צוואַנציק טויזנט קריגס-געפאַלענע, מיט רעדעס און הספדים, און די יאַגד אין מאַראָקאָ פון היינט נאָכמיטאָג...

מאַדאַם ד'אַנטראַג האָט האַרציק אַפּלאָדירט, בעתן אויפן לייוונט האָט זיך באַוויזן די פרוי פּרעזידענטין סאַלמוני אין רייט-הויזן און גימנאַסטן לעבן זיין עקסעלענץ, דעם אַמבאַסאַדאָר פון מאָוויעט-רעפּובליק און דערנאָך דער פּרעזידענט סאַלמוני אַליין אין אַ פילץ-הוט מיט פאַראַזאָנען-פעדערן.

— אונזער ליבער פּרעזידענט איז אומערמידלעך. — האָט די חניפהדיק אַ זאָג געטון...

ער האָט באַשיידן אונטערגעשמייכלט. ער איז געווען בעכט

איבערגעצייגט, אַז די רעפּובליק פון די נאַציאָנאַלע אינטערעסן — סערוויער, טורבאָ און שותּפים — פאַרמאָגן אַ מוסטער־פּרע־זידענט. ער איז געווען אומפּאַראַנטוואָרטלעך און זייער צופרידן מיט זיין אומפּאַראַנטוואָרט־עכקייט. נאָך דער אומאָנגענעמער אַוואַנטורע מיט איינעם פון זיינע פאָרגענגער, וועלכן ס'האָט זיך פאַרגלוסט צו שפּילן די ראָל פון אַ דיקטאַטאָר און דערפאַר האָט ער טאַקע באַקומען דעמיסיע, האָט זיך סאַלמוי באַגנוגנט בלויז מיט דער ראָל פון אַ דעקאָראַטיוון מאַנעקין... אַ שאָטן פון מאָנאַרכיע — איז ער געווען די רעדעוודיקע לאַלקע, וועלכע מ'פלעגט אָנדרייען בעת יעדע פייערלעכע געשעעניש ווי די עפּע־נונג פון אַן אויסשטעלונג, אַ באַנקעט אָדער אַ יובילעאום... ער האָט באמת אויך אויפריכטיק געגלייבט אַז דער עליסיי איז גאַנץ פראַנקרייך.

פלוצלינג האָט זיי אַלעמען אַרומגעכאַפּט אַ קעלט: אויפן עקראַן האָט זיך באַוויזן אַמעדיי זשאָקמען, און ס'האָט זיך דער־הערט זיין שטים פון דער טריבונע אין פּאַרלאַמענט. ביים אָנ־בליק פון דערדאָזיקער שווארצער חיה, האָבן זיך אַלע פּנימער פאַרוואָלקנט. זדן געזיכט איז נאָך געווען אַ האַלבע צרה, אָבער זיין שטים, זיין מעטאַל־האַרטע שטים, זיין טאָן, דער האַרמאָני־שער ריטם פון די זאַצן — דאָס איז שוין פּשוט געווען נישט איבערצוטראָגן... טורבאָ האָט אַ דריק געטון אַ קנאָפּ: דער אַפּאַ־ראַט איז תּיכף געוואָרן שטום, דער עקראַן גרוי.

— ער ווירקט אויף מיינע נערוון, דערדאָזיקער מענטש! — האָט דערקלערט די מאַרקיזין.

— ער איז אַן עפּנטלעכע געפאַר, האָט צוגעגעבן דע לאָם, מ'מוז זיך אָנטון אַ כּח און אַזעלכע פאַנטאַזיאָרן אומבאַדינגט מאַכן אומשעדלעך.

— הפּגן דעם האַנדלט זיך טאַקע, האָט געזאָגט טורבאַ.

סאַלמוי האָט נישט פּראָטעסטירט. פאַר אים איז זשאַקמענס גלייכער וועג געווען אַ סך ערגער ווי פאָרוווּרף; פּשוט אַן עפנט־לעכער פּראָטעסט קעגן דעם קרומען וועג, וואָס ער האָט אויסגעע־קליבן. זשאקמען. אַ בירגערלעכער ליבעראַל — בעת סאַלמוי האָט

שוין דעביוטירט אַלס אויסגעשפּראָכענער כאַציאַליסט, — איז, אָן שום סתירות און ווידערשפּרוכן, דערגאַנגען ביז יענעם אינטער-נאַציאָנאַליזם, וועלכן ס'האָט מיט דרייסיק יאָר צוריק פּראָקלאַ-מירט זשאָרעס... און וואָס איז אין גרונט געגומען דער העכס-טער אויסדרוק פון פּאַטריאָטיזם. אַ טראַדיציאָנאַליכט אין דעם זין, אַז ער האָט זיך נישט „בגעטרייסעלט פון עבר, ווי פון אַ טויטן באַלאַסט, רעוואָלוציאָנער, ווייל ער האָט נישט פאַרשטאַנען די צוקונפט און דער פאַרניכטונג פון אַלע קייטן פון דער קע-געגוואַרט. קודם-כל אָבער אַ רעאַל-פּאָליטיקער.

און טאַקע צוליב זיינע גרויסע פעיקייטן, האָבן אים גע-האַלטן פאַר העכסט געפערלעך די אַלע פּאַרטייען, ווי סאַלמוי, למשל, וועלכער איז פאַר מזומנים געלאָפן פון איין לאַגער אין אַנדערן. געפערלעך איז ער אויך געווען פאַר די שפּעקולאַנטן, ווי אַ כערוויער און אַ טורבאַט, וואָס האָבן אויסגענוצט זייער פּאָליטישע שטעלונג פאַרן אייגענעם נוצן.

טורבאַט האָט ענערגיש ווידערהאַלט:

— קודם-על מוז מען פאַרמאַכן דאָס מויל זשאַקמפּענען... און, ועלבסטפאַרשטענדלעך, אויך זיין פּרוי... זיי זענען ביידע ווי איינער. און לאָזט זיך נישט פאַרפירן, זייער זון איז נישט ווייַ-ניקער געפערלעך פון זיי. זייגע טאַטן דעמאָראַליזירן די מאַסן מער ווי דעם פּאַטערס פייערדיקע רעדעס אויף דער טריבונע; דורכן רעאַליזירן זיינע אוטאָפּיעס, דורכפיהרנדיק זיי אין פּראַק-טישן לעבן, וועט דער יונגער קלויד... זיינע נייע אַרבעטס-מע-טאָדן אין טשעסנוי, למשל, ווירקן דאָך פשוט דעמאָראַליזירענד... ס'איז די אָרגאַניזירטע אַנאַרכיע, אַן אָפענע אויפפאָדערונג צו אומאָפּהענגיקייט, צו בעסערע לעבנס-באַדינגונגען פירן אונז די נידעריקע, איצט פולשטענדיק גאַנגרענירטע קלאַסן, דירעקט צו אַ זיכערן באַנקראָט. שוין איצט רואינירן מיר זיך דורכן הויכן אַר-בעטסלוין. און אויב מיר וועלן נישט זעען באַצייטנס צו מאַכן אַ שטיקל אָרדענונג, וועלן אונז די אינטערנאַציאָנאַלע שטרייקן לגמרי עקספּראָפּריאירן. יעדן טאָג ציען זי פון אונז אַ/ך מער ארויס

הייבט פארלאַנגען זיי ארבעטס-שטעט, גימנאַזיעס, ספאָרט-פּלעצער, בעדער, מאָרגן וועט זיך זיי ווע̇לן האָבן אונזער לוקסוס...

— אונזערע אַקציעס, אונזערע דיווידענדן, — האָט מוסיף געווען סערוויער.

— און אונזערע פאָסטנס, — האָט דער מאַרשאַל צוגעגעבן מיט אַ זיפץ — הער טורבאָ האָט פולשטענדיק רעכט. דער קאָמוניזם איז דער ערגסטער שונא! ווען דער מיניסטער-פּרעזידענט זאָל מיר ווע̇לן פאָלגן...

— אַן אָפּענגיווע? וואָס

— דורכאויס, און טאַקע תיכּף. איך בין נאָך דערוויל פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַלע אונזערע קאָמאַנדירן אין דער פּראָווינץ.

סאַלמוי האָט פולדייטיק געשוויגן. ער האָט געהויבן די אַקסלען, זייענדיק געוווינט צו מאַכן מיטן פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, אַלץ וואָס זיין הארץ גלוסט, אריינרוקן אים, ווי מ׳זאָגט, אין קעשענע און ארויסנעמען אים בלויז און אויסקצווזעצן אויף דער עסטראַדע. ער האָט אים אפילו נישט בעערט מיט קיין בליק. און מיט זיין טרוקענער שטים האָט ער ארויסגעזאָגט ווי אַ בעפעל, אַ מין טויט-אורטייל — די זשאָקמענס, אַז ס׳וועט נייטיק זיין, נעם איך אויף זיך. אָבער איידער מיר נעמען זיך צו אַזעלכע... עקסטרעמע מיטלען, — ער האָט זיך איבערגעוואָרפן מיט סערוויער און טורבאָ מיט אומבארהמנותדיקע בליקן — דאַרפן מיר דאָך נישט פארגעסן, אַז מיר זענען נאָך דערוויל פּאַרלאַמענטאַריש די שטארקערע. אונזער מערהייט איז אַ פולשטענדיק געזיכערטע. די נאַענטע וואַלן פאַרשארפן, נאַטירלעך, די לאַגע, ווייל ס׳האַנדלט זיך וועגן לעבנס-פראַגן פון דער דעמאָקראַטיע, ווי פון אונז גופא. אפילו אין אונזער פּארטיי קאָנען פּלאַצן די איבערצייגונגען, וואָס מ׳האַלט פאַר דורכאויס פעסטע, אויב ס׳זאָל דערגיין צו דער פראַגע וועגן א נייע געזעצלעכע קערפּערשאַפט. פאַר די וואַלן שטייט יעדער דעפּוטאַט פאַר דער מעגלעכקייט פון געוויילט אָדער נישט געוויילט צו ווערן.

— דו קאָנסט פּראָסט פּשוט זאָגן פון זיין אָדער נישט זיין — האָט אונטערגעבראָכן סאָלמוי.

ס'האָט זיך דערהערט אַ שטיל כראָפּען. דאָס איז געווען דער מאַרשאַל, וואָס בלויז די קריגס-סטראַטעגיע איז געווען בכח אים צו דערהאַלטן וואַך אין די צייט, ווען ער האָט רעגלמעסיק באַדאַרפט רוען. סאָלמוי, אָן אויפגערעגטער, האָט אָנגעהויבן הוסטן דאָ האָט זיך געהאַנדלט וועגן שיקזאַל פון לאַנד, ס'הייסט וועגן די וויכטיקסטע נאַציאָנאַלע אינטערעסן. לוקס, האָט שוין, באמת, איבערגעבראָכן די מאָס בנוגע זיין רויק לעבן.

מאַדאַם ד'אַנטראַג, וואָס האָט אים טאָלערירט, ווייל אין דער פראַנצויזישער אַקאַדעמיע איז ער פּונקט געווען דערזעלבער מיטגליד ווי די ביידע פּרעזידענטן, האָט שטאַרק רחמנות געהאַט אויפן דרימלדיקן העלד. זי גופא האָט זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס נאָכן נעכטיקן מאַסקן-באַל לטובת די קליינע יתומות.

— איך נעם אונזער נאַפּאָלעאָנען מיט זיך, — האָט זי אַ זאָג געטון.

איינשלאָפן און זיך אויפכאַפּן, ווען אים האָט זיך געוואָלט — דאָס איז געווען דאָס איינציקע געמיינזאַמע צווישן לוקסן און דעם קייזער־לעבן זשעני. זי האָט אויסגעשריגן:

— הער מאַרשאַל!

ער האָט אין עפן געטון די אויגן ווי אַ דענקער, וואָס האָט זיך פּלוצלינג אָפּגעריסן פון זיינע מחשבות צו לייזן אַ זייער וויכטיק פּראָבלעם.

— פרוי מאַרקיזין?

— מיר גייען.

— איך האָב גאָרנישט דאַגעגן... אַ גוטע נאַכט, מיינע הערן.

בלייבנדיק אליין, האָבן די רוצחים געקאָנט רעדן אומגעשטערט, וואָס זיי האָבן געוואָלט. קודם כל דאָס אַבסאָלוטע שווייגן פון דער גרויסער פּרעסע. דער הער מיניסטער-פּרעזידענט האָט ארויסגעגעבן זיינע פאַראָרדנונגען. ושאָקמענס געוואַלד-געשריי מוז אומבאַדינגט תיכף פאַרשטומט און פאַרגעסן ווערן. דער-גאָר, אויב ס'איז מעגלעך, מוז מען אונטערקויפן די קליינע עקס-

טרעמיסטן-בלעטער און עקספלואַטירן זייער האָס קעגן דעם לידער פון „אוניווערסאַל" און זיין בורזשואַזן סאָציאַליזם... סערוויער האָט גענומען אויף זיך דידאַקטישע דעליקאַטע אונטערהאַנדלונגען...

— און אַז דער ענין וועט דערגיין צום פאַרלאַמענט? — האָט אַ פרעג געטון טורבאָ.

— ס'וועט זיכער דערגיין אהין, זייט רויק, — האָט געזאָגט סאלמוי. — איך קען מיין זשאָקמען צו גוט, באַלד מאָרגן מאַכט ער וועגן דעם אַן אינטערפעלאַציע...

— מיר האָבן אין רעזערוו עטלעכע באַווייזן, — האָט באַמערקט דע לאָם, — נאַטירלעך, גישט קעגן דעמאָקראַטיקן פארבלענדעטן, נאָר קעגן... אַ סך אַנדערע! — האָט דערקלערט מאַקס דע לאָם מיט אַ געוויסער רויקייט. ער האָט אָנגערופן פינף נעמען, וועלכע וועלן נאָכשלעפן מיט זיך הונדערט שטימען. אויסערדעם, האָט ער פאר אזאַ ארבעט אַ מענטש, אַ געוויסן לעוויאַל, אַ געוועזענער פרעפעקט, וואס טויג צו אַלץ און וועט דעריבער אויסגעצייכנט מאַנעווורירן אונטער די קוליסן.

סאַלמוי האָט גוטמוטיק צוגעשטימט. ס'פעלן נישט קיין מיטלען פון שוחד און עקספלואַטאַציע. אָנהייבנדיק מיטן שאַנטאַזש פון די קליינע פאַפירן, ביזן ווייןסאָפּ אין אלע זיינע פאָרמען; פון דער סומע, וואָס גייט איבער פון האַנט צו האַנט ביזן פאַלשנור פאר דער מאַדאַם און דעם ערן-צייכן פארן הער; נישט רעדנדיק שוין מכח אויסטיילן אַמטן און וועגן וואל-סובווענצן — דיביידע פרעזידענטן האָבן איינער צום אנדערן זיס געשמייכלט, קלערנדיק וועגן דער גרויסער צאָל עלעמענטאַרע דעמאָראַליזאַציע-מיטלען. דאָס זענען די גרונט-פרינציפן פון דער פאָליטישער קונסט...

ס'האָט זיך דערהערט אַ האַסטיקער טעלעפאָן-קלונג.

טורבאָ האָט אַן עפן געטון אַ קליין פערלמוטער-שאַכטעלע, וואָס איז געשטאַנען אויף אַן עטאַזשערקע און צוגעלייגט דעם אַפּאַראַט צום אויער.

— צו אייך, סערוויער, פון אייער ביוראָ-שעף.

דער באַנקיר האָט זיך צוגעהערט מיטן אויער און מיטן

אייג. זיין געזיכטס-אויסדרוק איז מיט יעדע מינוט געוואָרן ערנ־סטער.

— גוט. אַ דאַנק, לוסטאַנד... ניין, גאָרנישט... איך וועל אייך שוין מאָרגן איבערגעבן. — ער האָט זיך געווענדעט צו סאָלי־מוין — איר זענט אַ גוטער נביא... ושאָקמענס בריוו איז נאָר האָס אָנגעקומען.

— ער אינטערפעלירט?

— ער אַטאַקירט ממש: „צי איז עס אמת, אַז פרעמדע בענק האָבן בשותּפות מיט אַ פראַנצויזישער געקויפט אַ טייל פון די נאַציאָנאַלע באָדן-אוצרות?"

— שקרים זענען נישט געשאַפן געוואָרן פאַר הינט, — האָט געזאָגט מאַקס דע לאָס. — לאָמער, קודם כל פרובן בייקומען דעם גרויסן פיש...

— און אויב ער וועט אונז ארויסשווימען פון אונטער די האַנט?

— דאַן...

אלע זענען געבליבן שטיל.

סאלמוי האָט אראָפּגעלאָזט די אויגן, מוראָ האָבנדיק זיך צו קאָמפּראָמיטירן. סערוויער, טורבאָ און דע לאָס האָבן זיך אי־בערגעקוקט. זיי האבן געמוזט פּרעזיזירן דעם געדאַנק, וואָס האָט אָנגענומען אין זייערע אויגן אַ פאָרם פון אַ שוואַרצן שאָטן. אַלע זענען געווען איינשטימיק.

— אויב אַזוי, — האָט מאַקס דע לאָס דראָענדיק אַ זאָג געטון, — וועל איך זיך נעמען פאַר די מיטלען צו קאָנקרעטי־זירן.

## 3.

קלויד איז צוזאַמען מיט זיין מוטער געזעסן אין דער לאָזשע פון די פריערדיקע מיניסטאָרן און זיך צוגעהערט צו דער דעבאַטע איבער דער באַרימטער אינטערפּעלאַציע. פלוצלינג האָט ער זיך אופגעשטעלט און אויפגעהויבן די פויסט.

זשאַקמען איז געשטאַנען אונטן אויף דער רעדנער־טריבונע און האָט געענטפערט אויף די לאָמס רעדע. אין זאַל האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט. פלוצלינג האָט זיך פון דער שכנות־דיקער לאָזשע דערהערט אַן אויסרוף „פוי” און גלייך איז אויסגעבראָכן אַ שרעקלעכער שטורעם: פון אַלע זייטן קולות. געוואַלדן, בראַוואָ־רופן און אַ פייפעריי.

דער טומל האָט ארומגעכאַפּט דעם גאַנצן זאַל און איז געוואַקסן מיט יעדער מינוט. אָנהייבנדיק פון האַלבראַנדן באַלקאָן כאָרן אָרקעסטער ביז דער טריבונע, אויף וועלכע זשאַקמען איז רויק געשטאַנען מיט פאַרלייגטע הענט, דער גאַנצער זאַל, האָט אונטער דער פאַרצווייפלטער זשעסטיקולאַציע פון פּרעזידענט, געברענט ווי אַ פייער. ס׳האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון עפּעס אַ מין משוגעים־הויז; די אַגיטאַטאָרן פון די פראַקציעס האָבן זיך געוואָרפן איינער אויפן אַנדערן, די לאַקייען האָבן דערלאַנגט מיט די פויסטן ווער ס׳איז זיי נאָר אונטערגעקומען. דאָס פּובליקום האָט זיך ארויפגעכאַפּט אויף די בענק. ס׳האָבן געקנאַלט רעוואָלווער־שאָסן און זיך געטראָגן ווילדע פאַרצווייפלטע קולות: פאַררעטער! שפּיאָנען! אַן ענדע!

די אַרטיסטן און . . צושויער האָבן זיך געמיינזאַם גע־
שפּילט מיטן שיקזאַל פון ,,אַנד, געזידלט און זיך געוואָרפן אײי־
נער אויפן אַנדערן ווי ווילדע חיות, בעת דער פּרעזידענט, שטיי־
ענדיק אויף דער בינע, ארומגערונגלט פון זיינע יועצים ווי פון
אַ מחנה פליגן, האָט פלוצלינג אַ שטעך געטון אויפן טיש זיין
מעכטיקן גלאָק, אַ כאַפּ געטון זיין הויכן צילענדער און איז נעלם
געוואָרן. מאָמענטאַל האָט זיך באַוויזן אין זאַל אַ גרופּע שוואַרצע
מיט פּיקעס און באַגנעטן.

אין אַ האַלבע שעה שפּעטער, בעת דער לאַרם אין די
קולואַרן האָט אויפגעהערט און די גאַלעריע האָט זיך באַרויקט,
האָבן זיך צוריק געעפנט די טירן און קלויד, ציטערנהיק אינ־
גאַנצן פון אויפרעגונג, האָט זיך ווידער אוועקגעזעצט אויפן אָרט
לעבן דער מוטער. ענדלעך איז איר געלונגען אים צו באַרויקן,
און גינע, וועלכע איז צוזאַמען מיט הער בלאַנשעט און סיל־
וועסטרען געזעסן אין אַן אנדערע לאָזשע, איז צוגעגאַנגען צו
אים און אָנגעהויבן דערציילן וועגן אירע באַוויזענע גבירות: זי
האָט צעבראָכן איר רעגנשירם אויפן רוקן פון אַ ווילדן שרייער.
אויך סילוועסטרע האָט געבראַכט אירע טריומפן: אַ רויטן פּאַרוק,
וואָס זי האָט אראָפּגעריסן ביי אַ שכנה, אינגאַנצן באַדעקט מיט
פּעלץ און פּערל... מ׳האָט איר געמוזט ארויסטראָגן פון זאַל, ווייל
זי האָט באַקומען אַ שטאַרקן נערוון־אַטאַק... ארויסטראַנספּאָרטירט
האָט מען אויך דעם שטערער מיט אָ:געבויקערטע ביינער און
אַ געשוואָלן פּנים... פאַר זיין עובדה זיך צו שפּילן מיט אַ ברוי־
נינג!

— דריי קוילן! אין דער ריכטונג צום פאָטער, — האָט גי־
נע איבערגעגעבן.

— דאָס קאָן מען נישט אַזוי געננוי חיסן — האָט געזאָגט
סילוועסטרע, — איינס איז אבער זיכער, קיין פּאָליציי האָט מען
נישט געדאַרפט מיט אים זיך אָפּצופּאַרטיקן. אלע האָבן אים דער־
לאַנגט וויפיל ס׳האָט זיך נאָר געלאָזט.

—ס׳גייט און ס׳קומט די צייט פון נישט באַנוצן קיין גע־
וואַלד! — האָט מילד קאָנסטאַטירט דער פּראָפעסאָר בלאַנשעט —

הייל מ׳זעס עס גאַנץ דייטלעך, די עפּעטלעכע מיינונג, מיין טייערע אַניקע איז אויף אייער זייט, ס׳הייסט פאַר אמעדיי...

פונקט ווי קלויד איז אויך אַניקע געווען פעסט איבערגע־צייגט, אַז דער „פּוי״־אויסרוף איז געקומען פון ווייט און אַז דער גאַנצער אינצידענט פון דעמדאָזיקן סעאַנס איז געווען אַ זאָרג־פעלטיק אָרגאַניזירטער... ס׳האָט זיך בעיקר געהאַנדלט וועגן דעם, צו שטערן דעם רעדנער אויסצוזאָגן אַלץ פון חדר... אויב, נישט קוקנדיק אויפן גאַנצן מאַנעוור פון דער אָבסטרוציע, וועט זיך דער פּלאַן נישט איינגעבן, זאָל מען ווייניקסטנס אָפּרוקן אויף אַ צייט דידאָזיקע געפערלעכע דעבאַטע, איינטאָמעווען איר מיט אַלע כשרע און נישט כשרע מיטלען. זייער אומגעשיקטקייט האָט זיך אָבער צו שטאַרק געוואָרפן אין די אויגן. אַניקען גופא איז נישט געגאַנגען אזוי ווייט זי זאָל קאָנען צולאָזן דעם געדאַנק וועגן אַ ווירקלעכן אַטענטאַט... העכסנס איז עס אַן אומגעלומ־פערטער איינפאַל פון אַן איבערגעשפּאַנטן פאַנאַטיטער. קלויד אָבער האָט וועגן דעם געהאַט אַ גאַנץ אַנדערע מיינונג:

— זיי זענען באַנדיטן און אַז זיי ווילן עס געפונען פאַר פּאָליטיק, קאָנען זיי אויך ווערן מערדער.

נאָכן צוזאַמענברוך פון זיין שענסטע אילוזיע האָט זיך קלייד שטאַרק געענדערט, פיזיש און מאָראַליש. נאָך דער צייט־ווייליקער באַרויקונג בעת דער קורצער רייזע קיין בודאַפּעשט האָט זיך זיין שמערץ אָפּגעפרישט מיט אַ נאָך שטאַרקערער קראַפט און האָט אים אומאויפהערליך גענאָגט. סילוועסטרע האָט זיך גע־שראָקן זעענדיק ווי ער ווערט מיט יעדן טאָג מאָגערער און האָט גוט געוווּסט וואָס אים קוועלט. ער האָט געלט פון געדאַנק, וואָס ער האָט זיך אַזוי שטאַרק טועה געווען אין כאַראַקטער פון אַ מענטש און נאָך מער אפשר פון געפיל, וואָס ער באַזיצט נישט דעם נייטיקן קראַפט זיך צו באַפרייען פון דידאָזיקע שענדלעכע קראַפט...

אומזיסט האָט ער געפּרובט אָפּצונאַרן אַנדערע מער ווי זיך אליין. סילוועסטרע האָט זיך נישט טועה געווען: ער האָט בסדר געזוכט מאָטיוון צו אַנטשולדיקן מאָריסעס

עובדות. זיין גאַנצן גיפטיקן האַס האָט ער איצט איבערגעטראָגן אויף סערוויערן און זיינסגלייכן. פאַרביטערונג פון אַ גערעכטע שנאה... ער האָט איצט פאַרדעכטיקט און באַשולדיקט אַלץ און אַלע אויסער דער ווירקלעך שולדיקער.

מיט פאַרצווייפלונג האָט סילוועסטרע קאָנסטאַטירט, אַז ער הייבט ווידער אָן אַרונטערצופאַלן אונטערן אַלטן צויבער. יענע דאַרף בלויז ווידער אים אַריינכאַפּן אויף אַ ווײַלע אין נעץ פון אירע שקרים, און ער וועט נישט בייַשטיין דעם נסיון... צוויי חדשים נאָכאַנאַנד האָט זי טאָג איין טאָג אויס געפּרוווט אים אויפצומינטערן מיט אירע איבערגעגעבענער חברשאַפט; צוויי חדשים נאָכאַנאַנד האָט זי כסדר געלעבט אין אַ צושטאַנד פון פאַרצווייפלונג און האָפנונג.

מאָריסען האָט ער מער נישט געזען. אָבער גראָד דאָס טאָג טענלעכע באַגעגנען זיך מיט סילוועסטרען האָט פאַרשטאַרקט זיינע געפילן צו יענער, און אַ צווייטע האָט פאַר אים „גמרי נישט עקזיסטירט. איר פאַרזיכטיקע, דיסקרעטע צערטלעכקייט, מיט וועלכע ער האָט זיך פשוט נישט געקאָנט קיין עצה געבן, האָט ביי אים אַרויסגערופן געוויסע חשדים. ער האָט שווערער איבער־געטראָגן דאָס, וואָס סילוועסטרע האָט אים ליב קעגן זיין ווילן, ווי דעם שמערץ, וואָס מאָריסע האָט אים נישט ליב, בעת ער איז אין איר שטערבלעך פאַרליבט... די זאַטקייט פון דער זיכער־האָט אים מער געקוועלט ווי די אומזיכערקייט פון זיין באַ־גערן.

באַמערקנדיק פון זיין פּלאַץ דעם דיקן סערוויער, וואָס איז געזעסן האָפערדיק און האָט ווי אַ ווילדע חיה גאָכגעשפּירט זשאַקמענס יעדע באַוועגונג, האָט קלויד, אפילו אין דעם מאָמענט קעגן זיין ווילן, געקלערט וועגן מאָריסען. ער האָט איינגעוויליגט זיך צו באַווייזן אין איינע פון די אָפיציעלע לאָזשעס אויסשליס־לעך אין דער האָפנונג זיך דאָ מיט איר צו באַגעגענען. אומ־זיסט האָט ער געזוכט אויפן פאַרטער צווישן דער מחנה פרויען־קעפּ איר ראָזיק געזיכט, אירע גאָלדענע האָר.

און דאָך האָט ער געהערט דעם קלאַנג פון זיין פאַטערס

שטאַרקער שטים, ווי ער האָט געדונערט קעגן זײַנע שווין האַלב־באַזיגטע קעגנער. ס׳איז געווען צו מערקן ווי ס׳ענדערט זיך אין פּאַרלאַמענט די שטימונג. לכתחלה האָט זשאָקמען געהאַט אויף זײַן זײַט בלויז דעם ענטוזיאַזם פון זײַנע פּאַרטיי־חברים; אַ מינדערהייט, געשטיצט, אמת, אויפן בײַפאַל פון דער גאַלעריע נישט געקוקט אויפן מיש־מאַש פון איר צוזאַמענשטעל. אָבער אפילו צוזאַמען מיט די עקסטרעמיסטן, — וואָס האָבן דאָס מאָל פּרינציפּיעל אײַנגעוויליקט זיך צו בלאָקירן מיט די סאָציאַליסטן און מיט דער אלטער פּארטיי ראַדיקאַלן — וועט מען קוים אָנציען אַ דריטל שטימען.

די שוואכקייט און אומגעשיקטקייט פון דער רעגירונג, די נאַרישע טאַקטיק פון איר פארטיידיקונג, די קלעפּ, וואָס זשאָקמען האָט איר איצט דערלאַנגט — דאָס אַלץ האָט ארויסגערופן אַ גרויסע ענדערונג אין דער סיטואַציע.

די געשטיגענע אויפמערקזאַמקייט פון די פּאַרזאַמלטע, די נערוועזע איבערעגונג פון דער מאַסע, — זענען געווען פּאַר קלוידן א געגנוגענדער באַווייז, אַז די אומצופרידנהייט וואַקסט מיט יעדער מינוט, דער טומל פארשטארקט זיך מיט יעדער מינוט, דער טומל פארשטארקט זיך.

אויסגעוויילט אויפן גרונט פון אַ שענדלעכן שקר: „די לינקע פּאַרטייען — דאָס איז קריג און פארניכטונג״ האָט דער ראַדיקאַלער עקסטרעם רעכטער, רעאַקציאָנערער פּאַרלאַמענט איצט, אין די לעצטע טעג פון זײַן עקזיסטענץ. זיך שטארק דערשראָקן פאַרן מאָרגן וואָס רוקט זיך אויף אים אָן. די מורא פאַרן ווייטער — איז דער אָנהייב פון חכמה.

דער הויפּט־מאָטיוו פון זשאָקמענס רעדע איז געווען די נאָענטסטע וואַלן, און די מערהייט האָט געשפּירט, ווו די וואָלקנס זייערע הימלען ווערן ווּאָס מער געדעכטער. נאָכגעבן איצט דעם לאָמס פארלאַנג? צי איז עס אָבער נישט פאַר דערדאָזיקער מאַיאָריטעט אָן שום פּרינציפּן אונטערן וואַקלענדיקן רעפּובליקאַנישן געביקעט, דער זיכערסטער וועג צום אונטערגאַנג?... דאָס לאַנד איז געווען פארמאַטערט אונטערן דרוק פוי דער פינאַנץ־

דיקטאַטור מיט אירע בורזשואַזע דאָקייען. נאָכן דורכפאַל פון שענדלעכן ווערסאַלער טראַקטאַט און דער מעטאַלורגישער הער־שאַפט האָט זיך ביי די מאַסן, אַ דאַנק דער אַגיטאַציע פון די קאַפּיטאַליסטישע אַגיטאַטאָרן, מיט אַ מאָל דערוועקט אַזאַ ענערגיע, אַזאַ באַנייאונג פון די פאָלקס-קרעפטן, אַז די מאַכטהאָבער האָבן זיך דערשראָקן פאר דערדאָזיקער געפאַר.

דער פּאַרלאַמענט, צוהערנדיק זיך צו זשאָקמענס רעדע, איז געקומען צו דער איבערצייגונג, אַז די ערא סערוויער-דע לאָם האַלט ביים סוף. זיינע מיטגלידער — כמעט אויסשליסלעך אַלטע לייט — האָבן להלוטין נישט געוואָלט גיין ברעכן דעם קאַרק צוזאַמען מיט די דיקטאַטאָרן, אריינרייסנדיק זיך אין אַ קאָנטער־רעוואָלוציאָנערן טעראָר.

קלויד האָט זיך אויפמערקזאַם צוגעקוקט צו דער ערנסטער שטימונג, וואס ס'האָט ארויסגערופן ביי די פארזאַמלטע זיין פאַ, טערס איבערצייגנדע רעדע, זיינע וואָגיקע ארגומענטן. זשאָקמען האָט נישט אויסגענוצט זיין זיג איבער סערוויערן — וואס אַלע זיינע שענדלעכע שקרים האָבן אים לגמרי נישט געהאָלפן — און איז באַלד איבערגעגאַנגען צו פראגן פון אַלגעמיינעם אינ־טערעס.

נאָכן הינקעדיקן שלום, וואָלט אייראָפּע זיכער אומגעקומען, דערשטיקט דורך די פארשידענע פּראָטעקציאָניזמען. פּאַר׳סמ׳ט פון די גרויסע און קליינע נאַציאָנאַליזמען. און איצט זאָל מען די זעלבע שפּעקולאַנטן ערלויבן, אונטער דער אינטערנאַציאָנאַ־לער מאַסקע פון צאָל-אוניאָנען, פארברייטערן זייע־ע טעטיקייטס־געביטן? שטיצנדיק זיך אויפן געשעענעם פאקט: די קניה פון די פראָוואַנסער נאַפט-גרובן דורכן זעלבן קאָנסאָרציום, וואס האָט שוין זיינע לאַגערן אין פארעך, האָט ער געפאָדערט אַלס סאַנק־ציע פון זיין אינטערפּעלאַציע, אַז דער פּארלאמענט צוזאַמען מיט דער רעגירונג, זאָל תיכף ארויפשטעלן אויף דער טאָג-אָרדנונג די דעבאַטע וועגן דער נאַציאָנאַליזירונג פון די באָדן-אוצרות, וואס איז שוין איצט אומפארמיידלעך, שוין גלייך היינט מוז מען זיך דעריבער ארויסזאָגן: נישט וועגן פרינציפּ, אויף דעם איז

פון פעברואַר ביז מאי פאַראַן געגוג צייט — נאָר וויפל דער פּראַגע עס אַרויפצושטעלן אויף דער טאָג-אָרדנונג, אָדער זיין געזעצלעכער פאָרשלאַג, וואָס וואַלגערט זיך שוין יאָרן-לאַנג אין די פאַרשידענע ביוראָס וועט געגומען ווערן אין באַטראַכט, אָדער אים אָבוואַרפנדיק, וועט דער פּאַרלאַמענט נעמען אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פאַר די וויילער-מאַסן.

— און מיינט ניט, הער מיניסטער-פּרעזידענט, אַז איך וועט זיין ערלויבט צו געפינען וועלכע ניט, איז אונטערוועגן, איבער דער פּאַרלאַמענט — אין דערין בין איך זיכער — וועט באַשליסן, לויט מיין פאָרשלאַג, צו באַפרידיקן די עפנטלעכע מיינונג. זי וויל אומבאַדינגט וויסן צו האָט אייער פינאַנץ-מיניסטער דאָס רעכט איבערצוגעבן די פראַנצויזישע באָדן-אוצרות אין די הענט פון פרעמדע באַלעבאַטים? צי דאַרף ביי אונז הערשן דער אינטערנאַציאָנאַלער קאַפּיטאַליזם און פאַרוואַנדלען אונזער פאָלק, דעם אייגנטלעכן באַלעבאָס אין אַ מחנה שקלאַפן, וועלכע מ׳קאָן אומרחמנותדיק עקספּלואַטירן, אַראָפּציען פון זיי די הויט!... סוף כל סוף מוזט איר זיך דאָך צוהערן צו די ווייגעשרייען פון פאָלק און ענטפערן אויפן אולטומאַטום וואָס איך שטעל אייך אַלס וואָרט-פירער פון עכטן פראַנצויזישן געדאַנק... איר און אייער מאַיאָריטעט וועט אונז די צייט ניט פאַררעדן: ענטוועדער איר ערפילט נאָך פאַר מאַי די באַדערונגען פון פאָלק, אָדער איר וועט ענטפערן פאַר אייערע מעשים...

די דראָונג האָט געווירקט. די אום-ויקייט איז געוואַקסן און האָט כסדר פאַרכאַפּט גרעסערע קרייזן. בראַוואָ-רופן און פּראָטעסטן האָבן זיך געטראָגן פון אַלע זייטן. די טיפּע שטימונג האָט זיך נאָך ניט געוואָגט דורכצורייסן. דעם לאָם האָט פון זיין מיניסטער-שטול אַ ווונק געטין סערוויערן ער זאָל זיך אוועקזעצן.

— איך בעט אַ וואָרט — האָט ער אויסגעשריגן מיט זיין שניידנדיקער שטים.

ער האָט זיך געקליבן אַרויפצוגיין אויף דער רעדנער-טריבונע, אָבער זשאָקמען האָט אים אָפּגעהאַלטן:

— איין וואָרט נאָך, — האָט דער מיניסטער-פּרעזידענט, אַ פּשוטע פּראַגע, די לעצטע. איר זאָגט אַז דער פינאַנץ-מיניסטער באַזיצט גרויסע קאַפּיטאַלן, וואס וועגן זייער אָפּשטאַמונג האָט ער אונז געקאָנט אינפאָרמירן, ווייל מ'רעכנט אַז זיי ווערן געליפערט דורך דער סערוויער-באַנק, — איך ווארט רויק אויף בייזע חשדות — זאָגט, אַז נישט געקוקט אויפן אָפּמאַך פון זשענעווער אַקטן צו פאַבריצירן גאַזן אויסשליסלעך צו אינדוסטריעלע צוועקן, ווערט פאר דידאָזיקע קאַפּיטאַלן איינגעאָרדנט אַ ריזיקע פאַבריק פאר גיפט-גאַזן, וואס צו דעם צוועק האָט איר ביים דערפינדער לויט פאַנסעט אָבגעקויפט זיין פּאַטענט...

— אַזעלכע ידיעות דערציילט נישט אויף דער פּאַרלאַמענט-טריבונע, — האָט אויסגעשריגן דע לאָם פון זיין פּלאַץ.

— זיך צוקוקן און שווייגן? אויב דער פאַקט איז אַ ריכטיקער — איז עס דאָך אַ דירעקטער פאַרברעכן קעגן סטאַטוט פון פעלקער-בונד, אַ שטאַרקע באַדראָאונג פון שלום. וואָלט איך געזאָגט, ווען אייער אויסווערטיקע פּאָליטיק זאָל זיך כלל מורשט — ער האָט שטאַרק באַטאָנט דאָס וואָרט כלומרשט — נישט אָריענטירן אויפן שאַפן אַ קאָנפעדעראַציע פון פאַראייניקטע שטאַטן פון אייראָפּע... איך זאָג: כלומרשט ווייל דאָס, וואָס איר ווילט שאַפן מיט דער הילף פון די אינטערנאַציאָנאַלע בענק, איז נישט מער ווי אַ קאַריקאַטור פון דאָזיקן לעבעדיקן אָרגאַניזם, אויסשליסלעך לטובת אייערע פּערזענלעכע אינטערעסן! די פאַראייניקטע שטאַטן פון אייראָפּע — דאָס איז דער ווילן פון די פעלקער און נישט אייערער... (אַפּלאָדיסמענטן אין צענטער און אין לינקן פליגל).

— וווהיןווילט איר אַוועקפאָרן? — האָט געפרעגט דער מיניסטער-פּרעזידענט, באַהאַלטנדיק זיין געענעך.

— איך פיר דערצו. אַז קיין געבורט זאָל מען נישט לאָזן אויספירן דורך טויטן-גרעבער!... אייער אויסערליכע פּאָליטיק רופט ארויס קריגס-געפאר...

— איר ווייסט זייער גוט, אַז ס'איז נישט אַזוי! זשאַקמען האָט אים איבערגעריסן מיט אַ ברוטאַלער אויטאָריטעט:

— אויב אַזוי, טאָ צוואָס און פאַר וועמען גרייט איר די

דאָזיקע אומגעהייער גרויסע אַפּראָוויזאַציע-לאַגערן, וואָס די ווייסנ־שאַפט קאָן זיי מאָרגן געפינען פאַר אומנוצלעך אָדער פּאַרעל־טערט, און איר שטענדיקן זוכן מער מערדערישע מיטלען ווי צום ביישפּיל טויט-שטראַלן אָדער טויט-גאַזן?

— דער פּאַרלאַמענט וועט פאַרשטיין און ווי געהעריג אָפּ־שאַצן מיין טאַקטיק נישט צו ריידן עפנטלעך וועגן אַזעלכע דערפינדונגען!... ווען מיר זאָלן נישט וויסן, אַז דער רעדנער איז אַן איבערצייגטער אינטערנאַציאָנאַליסט, האָבן מיר אים לויט די עלעמענטאַרסטע רעגולן פון נאַציאָנאַלער פאַרטיידיקונג, נישט געדאַרפט צולאָזן צום וואָרט...

— איר זענט זיך, הייסט עס מודה, און איך וואַרף אייך אין צורה אייער לעקציע! איך וועל אייך טאַקע באַווייזן צו וועלכן צוועק איר האָט איינגעאָרדנט דידאָזיקע פאַבריק און שוין אפילו אָנגעהויבן צו זאַמלען לאַגערן.

אַ געמורמעל, פאַרשידענע צווישנרופן — איר געהערט, איך ווייס עס, צו יענע, וואָס מיינען אַז זיי פאַרפעסטיקן דעם שלום צוגרייטנדיק דעם קריג... אַ טרויריקע אילוזיע, קודם-כל; די גרונד-יסודות פון פרידן באַזירן נישט אויפן פערמאַנענטן צוגרייטן פון פאַרניכטונגס און טויט-מיטלען, נאָר אויף דער אַנטוואָפנונג פון די שאָוויניסטישע לייַדנשאַפטן!... איר גופא ווייסט עס בע־סער ווי אַלע אַנדערע, אַז קיין שום קריג וואָלט נישט באַדראָט די וועלט, ווען די פּלוטאָקראַטיע זאָל נישט זיין תמיד גרייט אים פונאַנדערצופלאַקערן, כדי צו זיכערן איר הערשאַפט און איר אינטערנאַציאָנאַליזם, וואָס איז אַ סך שטאַרקער פון מיינעם!... ניין? אָדער אפשר זענט איר טאַקע אַזוי פאַרזיכטיק, הער מיני־סטער-פּרעזידענט, אַז איר באַוואָפנט זיך בלויז, כדי צו שיצן אייער אינערלעכע פּאָליטיק? זייט זשע, אַלזאָ, וויסן, אַז איך האַלט פאַר נויטיק, בעני כל עם ועדה, אין קעגנוואַרט פון פאָלק, וואָס הערט זיך צו צו אייך און הערט אויס מיר אייך צו מאַכן די פאָלגענדע התראה: קיין זאַך אין דער וועלט, אייערע אַרסע־נאַלן פון גיפט-גאַזן, נישט די שוואַרצע, באַוואָפנטע גוואַרדיע, וואָס מיר האָבן דאָ נאָר וואָס געזען, וועט אונז נישט שטערן

אַרויסצירייסן בײַ די סערוויער-וועלף דאָס רויב, וואָס זיי ג ל שוין צו האַלטן אַזוי פֿעסט פֿראַנקרײַכס באָדן-אוצרות — און ו וואָס זיי שאַרפֿן נאָך די ציין צו פֿאַרכאַפּן דורך דער מיט פֿון נײַע אייראָפּעאישע אָרגאַניזאַציעס!

סערוויער איז אויפֿגעשפּרונגען, ווײַס ווי קאַלך, געמאַכט מיט די הענט אונטער די ווילדע געשרייען פֿון זײַנע כּלומרשטע אָנהענגער, געדונגענע טומלער; ס'האָבן זיך געהויבן פֿויסטן, געקנאַקט שטענדערס. „שלוס!" „שלוס!" האָבן געליאַרמט די לאָמס באַצאָלטע מאַמעלאַקן. איבערהויפּט האָבן זיי זיך געקאָכט פֿאַר די אָוואַציעס, וואָס ס'האָבן זיך כּסדר געטראָגן פֿון אַלע בענק. זשאַקמען האָט אַ הייב געטאָן די הענט. ס'איז געוואָרן שטיל. און דאַן האָט ער דערלאַנגט דעם לעצטן קלאַפּ:

— ס'האָט געשלאָגן אײַער לעצטע שעה, מײַנע הערן פֿון דער מערהייט. קאַפּיטולירן אָדער פֿאַרשווינדן. קאַפּיטולירן הײַנט, ווי קלוגע, וואָס זעען פֿאָרויס די צוקונפֿט און זענען נאָך נישט מיאש פֿון מיטאַרבעטן, אָדער פֿאַרשווינדן מאָרגן, ווי שטרויעלעך, וואָס ווערן צעיאָגט, צעטריבן פֿון אַ שטאַרקן ווינט.

איין טייל פֿון פּאַרלאַמענט האָט זיך אומאָנטשלאָסן געוואַקלט. אונטערן אײַנדרוק פֿון דערדאָזיקער דראָונג האָבן זיי זיך געשפּירט איבער זייערע געבויגענע קעפּ דאָס בלאָזן פֿון אומווידערשטייעלעכן ווינט אין דערזעלבער צײַט האָבן אים די צווייטע העלפֿט דעפּוטאַטען צוזאַמען מיטן גאַנצן עולם פּראָקלאַמירט הויך זייער צושטימונג, און אונטער אַ מבול פֿון גליקווונטשן און באַגריסונגען האָט ער צוריק פֿאַרנומען זײַן פּלאַץ.

אַניקע האָט זיך צוגעקוקט פֿון ווײַטן צו אַלע באַוועגונגען פֿון זײַן שטאַרקער פֿיגור. די ווײַסע באָרד האָט פֿאַרשטאַרקט די רויטקייט פֿון זײַן אויפֿגערעגטן, ערנסטן געזיכט; די אויגן האָבן געלויכטן מיט אַ קינדישער פֿרישקייט. ער האָט זיך אָוועקגעזעצט. אַלע האָבן אים אַרומגערינגלט. אומגעריכטע, נײַ דערוואָרבענע פֿרײַנט. מענטשן, וואָס זענען ערשט נעכטן געווען זײַנע פֿײַנט, זײַנע אויסגעשפּראָכענע קעגנער, האָבן זיך דורך אַ צויבער-וואָרט פֿאַרוואַנדלט אין זײַנע הייסע אָנהענגער. דער מיניסטאָרן-קריזיס

וואָס זיך געטראָגן אין דער לופט. מ'האָט זיך שוין געחנפעט צום נייען פרעזידענט.

מיט פאַראַכטונג און צאָרן, — ווען ער זאָל קאָנען וואָלט ער אים פשוט גלייך דערוואָרגן — האָט דע לאָם געקוקט אויף זיין קעגנער און בלוטיקן שונא, אַרויפגייענדיק מיט האַסטיקע טריט אויף דער טריבונע! אַניקע און קלויד האָבן קיינעם נישט געזען. אויסער זייער „גרויסן", און האָבן אים באַגלייט מיט זייערע בליקן פול באַוואונדערונג און פרייד... איידער ער האָט זיך געזעצט האָט זיי זשאַקמען פונדערווייטנס באַגריסט, אַ שאָקל געטהון מיטן קאָפּ.

דע לאָם האָט אָנגעהויבן זיין פאַרטיידיקונגס-רעדע. שפּירנדיק ווי ס'וואַקלט זיך דער באָדן אונטער זיינע פיס, האָט ער אינגאַנצן פאַרלאָרן דעם קאָפּ. ער האָט פאַר קיין מאָל נישט געקאָנט צוגעבן, אַז ער, דער הערשער, זאָל פלוצלינג פאַלן אַ קרבן פון פאַרלאַמענטאַרישע קאָמבינאַציעס. זיין אויפרעגונג האָט געוואַקסן מיטן מאָמענט. אָנשטאָט צו פאַרטיידיקן איז ער אומגעפאַלן... זיינע באַשולדיקונגען האָבן געהאַט אַזאַ פערזענלעכן בייגעשמאַק. זיינע עקרים האָבן זיך אַזוי בולט געוואָרפן אין די אויגן, אַז זיין גאַנצער אָנפאַל האָט לחלוטין נישט געהאַט קיין שום ווירקונג. אומזיסט האָט ער זיך באַנוצט מיט די געוויינלעכע קלישעס, מיט די אַלטע שרעק-בילדער: דער מאַן מיטן מעסער צווישן די ציין, די האַנט וואָס איז אויסגעשטרעקט, נאָכן פויערשן באָדן, דער רויטער אייזערנער בעזעם אויף די פלאַקענדיקע פאַבריקן... אומזיסט האָט ער געפרווט אַפעלירן נישט צו דער פאַנטאַזיע, נאָר צום בויך פון זיינע ביז איצט נאָכגיביקע קליענטן... זייער אומרויקייט האָט מער באַזירט אויף דער מורא אַלץ צו פאַרלירן, ווי אויף דער האָפענונג דורך אָפּציען נאָך צו קאָנען עפּעס געווינען.

מיט זיין עקשנותדיקער פּאָליטיק האָט זיי דע לאָם דירעקט געפירט צום אָפּגרונט פון אַ רעוואָלוציע, קעגן וועלכער דאָס עלנט פון דער רוסישער עמיגראַציע און דער שטרענגער סאָוויעטישער רעזשים האָט ביי זיי, ביי די יונגע, צרו סגער. פּן

אַ פֿאַרשטענדלעכן שרעק.. מיט זשאקמענען, — אַ רעוואָלוציאָנער אָן שום ספק, — אָבער זיין עוואָלוציאָנערע פּאָליטיק חקרנט זיך נישט אַזוי עקס-אַבסטראַקטאַ ווי דער שגעון פון די ערשטע מאָסקווער מיסטיקער — מיט אים בלייבט זיי דאָך אַ פּונק האָפֿע-נונג, און ווי שוואַך זי זאָל נישט זיין, אויך אַ געוויסע מעגלעכ-קייט זיך צו פֿאַרשטענדיקן. אַרויסוואַרפן דעם באַלאסט לוינט שטענדיק בעסער, איידער אונטערצוגיין אין גאַנצן. — ער פּייערט צו לאַנג,—האָט קלויד אַ זאָג געטאָן זיין מוטער, זיך צוהערנדיק ווי דע לאָם ציט קעגן זיינע אַנטלויפנדיקע מחנות דעם בלאַנקן שווערד פון זיין אייביקער צוטרוי-פראַגע.

— ער ליגט אין דער אדמה,—האָט אַניקע קאָנסטאַטירט.

אָבער דאָך האָבן זיך דערהערט אַפּלאָדיסמענטן, בעת דע לאם האָט געענדיקט זיין רעדע, ס'האָט זיך אָנגעהויבן די נאָ-מענטלעכע אָפּשטימונג — זיין לעצטע אומגעשיקטע, גאווהדיקע פּאָדערונג — מיט צוואָנציק. שטימען איז די רעגירונג — האָפנדיק אויף אַ שוואַכע מערהייט — געבליבן אין דער מינדערהייט. אַ דאַנק דערדאָזיקער אומפּאַרזיכטיקייט איז די דעמיסיע איצט גע-וואָרן אַ געשעענער פֿאַקט.

דעם אויסברוך פון די שטורמישע מאַניפעסטאַציעס, און בראַוואָ-רופן פון דער אָפּאָזיציע האָט איבערגעריסן דער גענע-ראַל-אויפשטאַנד פון די מיניסטאָרן: — ווי אונטערגעשאָסענע האָבן זיי זיך אַ הויב געטאָן פון זייערע פּלעצער. אין אַ לאַנגער רייע, די פּאָרטפעלן אונטערן אָרעם, זענען זיי אַרויס פון זאַל מיטן שעף אָן דער שפּיץ. טויט-בלייך פון כעס, האָט דע לאָם בלומרשט געמאַכט אַ גלייכגילטיקע מינע, — חייל ער האָט עס געהאַלטן פֿאַר עלעגאַנט — דערדאָזיקער אָנשטעל איז אָבער גע-ווען אַזאַ טראַגי-קאָמישער, אַז אַ גרויסער טייל דעפּוטאַטן אויפן טריבונע האָבן זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן פון געלעכטער.

— מיין דעציזיע וועל איך איבערגעבן דעם הער פּרעזידענט פון דער רעפּובליק — האָט ער געמאָלדן זיינע געציילטע טריי-גע-בליבענע אָנהענגער.

— די דעמיסיע פון קאַבינעט ז—האָט זיך געקאָכט סערוויער,

און אים אַ נעם געטאָן זונטערן אָרעם. — אויפלייזן די פּאַרטיי! דאָס וואָלט פּשוט זיין אַ משוגעת!

דע לאָם האָט אָבער געוואָלט האַנדלען שטרענג פּאַרלאַמענטאַריש, וואָס ס'האָט אים, נאָט־רלעך, נישט געשטערט צו זוכן מיטלען צו בלייבן אויף זיין פּאָזיציע דורך דער הילף פון סאַלמוין. אַן אינטערפּעלאַציע צום פּרעזידענט, אַז די וואַלן זענען דורכגעפירט געוואָרן אומגעריכט, לגמרי נישט צוגעגרייט און דעריבער זענען זיי נישט גילטיק. מ'מוז אומבאַדינגט באַשטימען אַ נייע דעבאַטע. ווען אפילו אויף מאָרגן וועט נאָך אויך זיין גענוג צייט זיך ווי געהעריג צוצוגרייטן... פאַר געלט קאָן מען שטענדיק באַקומען די נויטיקע צאָל שטימען... אָדער באַאיינפלוסן דעם פּרעזידענט פון דער רעפּובליק, אַז ער זאָל אים פּראָסט פּשוט באַפולמעכטיקן צו שאַפן אַ נייען קאַבינעט...

אָבער די פּאַניק וואָס איז אָנגעפאַלן אויף דע לאָמען האָט אויך פאַרכאַפּט סאַלמוין. ער האָט נישט געפונען קיין שום גרונד אויף זיך מקריב צו זיין פאַר דע לאמען. ער גופא בלייבט דאָך אויף זיין פּאָסטן, און דאָס איז דאָך זער עיקר ווי פאַר אים אַזוי אויך פאַרן לאַנד. דאָס האָט ער זיך איצט באמת אויפצוווייזן זיין באַזיגטן פריינט: — באַקעמפנדיק איצט זיין דורכפאַל, זיך אַנטקעגנגעשטעלדיק דעם פאַרלאַמענט, נעם איך אויף זיך די פאַראַנטוואָרטלעכקייט — ער האָט אַרויסגעזאָגט דידאַקטיש ווערטער מיט אַזאַ הייליקן שרעק — אַז...

— דיר פעלט דער מוט — האָט דע לאָם געענדיקט מיט פאַרביטערונג, ער איז אָבער לגמרי נישט געווען איבעררעשט.

— סאלמוי האָט פייערלעך דערקלערט:

— איך וואָלט שוין געהאַט גענוג מוט, ווען איך זאָל נישט צווייפלען אין רעזולטאַט פון אונזער געמיינזאַמען ענין... אויסנוצן, ביי אַ געוויסן צופאַל, די פערזענלעכע מאַכט, איך, וואָס לויט דער דעפיניציע ווי אויך פאַקטיש, בין איך לגמרי אומפאַראַנטוואָרטלעך, — דאָס דאָזיקע וואָרט איז אים דאָס מאָל אַרויס פון מויל זייער גלאַט — וואָס מער איך טראַכט יועגן דעם, אַלץ וויניקער פּאָליטיש קומט עס מיר אויס... זיין פּאָליטיק איז איצט

מער ווי קלוג, ס׳איז פשוט פאר אונז אן אומבאדינגטע נויט, ווענדיקייט... זשאקמען וועט ווערן מיניסטער פ־עזידענט. און דער, נאך?... קיינער איז נישט אומשטערבלעך... ער וועט פארשווינדן, ס׳איז פאטאל... נישט היינט איז מארגן.

ער האט איבערגעריסן, אראפגעלאזט די אויגן. ער האט אויסגעמיטן די בליקן פון זיין מיטשולדיקן. דער געדאנק מיט וועלכן ער, סערוויער און טורבא האבן זיך זינט יענעם אווגט געטראגן איז איצט אויסגעוואקסן פאר זיינע אויגן ווי א שרעקלעכער בלוטיקער שאטן. ער האט ווידער גערעדט:

— אביסעל צייט... גינסטיקע אומשטענדן... ווער ווייס?... אפשר קאנען מיר דאך אויסמיידן א רעוואלוציע, נאך אלעמען קאנסטו מיר דאך היינט נישט גאראנטירן, אז דו וועסט כריוב־פירן... זאל קומען וואס ס׳מוז, מיר זענען נישט בכח עס צו פצוהאלטן. איך ווייס, אז דו ביסט נישט מסכים מיט מיין אפאר־טוניזם. אבער בלויז אים פארדאנק איך מיין פרעזידענטן־פטול... ס׳איז א פלאץ פונוואנען מ׳זעט אלץ רויקער און קלארער, איך פארזיכער עס דיר. לכל הדעות איז אבער דא איין זאך און וואס דו קאנסט נישט צווייפלען: אין מיין צוגעבונדענקייט צו דיין פערזאן און צו אונזערע אידעען.

דער עקס־פרעזידענט האט א וואַרף געטאן אויף זיין פריינט א פינצטערן בליק. זיי האבן זיך געזעגענט ווייט נישט הארציק. און באלד האבן זיך אנגעהויבן די ריטועלע קאנסולטאציעס. דע לאב קומענדיק אהיים האט אנגעהויבן זיך ארייַנטראכטן. אפשר איז טאקע דאס כלומרשטע נאכגעבן די בעסטע טאקטיק?

...מ׳האט נישט געקאנט צווייפלען נישט אן סאלמויס דערפארונג, נישט, ווי ער האט געזאגט, אין זיין „צוגעבונדענקייט״.

די געלט־ענינים פון דער „געזעלשאפט פאר די נאציאנאלע אינטערעסן״ זענען נישט געווען אינגאנצן אין ארדענונג. אינטערעסאנטע דאקומענטן זענען זיך געלעגן גאנץ רויק, אין אייזערנעם קופער ביי מישעל ד׳אנטראג. סאלמוי האט דערפון געוווסט, און אויך אנדערע, וועלכע האבן איצט פארראטן און וואס דע לאב

האָט זיך שטאַרק געשראָקן פאַר זייער נקמה... איצט ווײַ־
זיך פלוצלינג געכאַפּט, אַז ס׳מוז אומבאַדינגט מבער זיין די דאָ־
זיקע קאָמפּראָמיטירנדע דאָקומענטן. אַ סך פון זיי וואָלטן טאַקע
איצט שטאַרק צונוץ געקומען, אַנדערע זענען אָבער ממש גע־
פערלעך, אויף אַ רעוויזיע קאָן מען זיך לכל הדעות ריכטן, און
טאַקע אומפאַרזוימט. ושאָקמען האָט איצט די מאַכט אַריינצורייסן
זיך מיט געוואַלט — דערויף איז אַזאַ מענטש ווי ער נישט פעיק־
אָבער אַ גהזעצלעכע רעוויזיע וועט ער זיכער דורכפירן... „שיין
וואָלט מען אויסזען ווער ער געפינט די בריוו פון גוטן פריינט:
רע קרעטע״! —

דאָס איז געווען דער פראַנצויזישער אַמבאַסאַדאָר אין בערלין. אַ גאַנץ פערזענלעכע קאָרעספּאָנדענץ, וואָס האָט עדות געזאָגט וועגן טראַנזאַקציעס צווישן פראַנצויזישן מיניסטעריום פון אויסערן און אָטאָ פון וויטעלסבאַך, דעם אולטראַ־נאַציאָנאַ־ליסטישן רייכס־קאַנצלער פון דייטשלאַנד. זי האָט אויסגערעכנט בפרטות, זיך שטיצנדיק אויף באַוווסטע נעמען, די מאָסרעגעלן, וואָס ס׳דאַרפן אָנגענומען ביידע לענדער אין פאַל פון אַ קריג אָדער אַ רעוואָלוציע: קעגנזייטיקע געלט־אונטערשטיצונגען, אומשעדלעך מאַכן די סאָציאַליסטן, קודם־כל די ערשטע, נאַטירלעך, די זשאָקמענס, ראַנס און זיינע שותפים...

דע לאָם האָט באַש׳אָסן, וואָס גיכער זיך צו בעם טאָן אָפּ־רייניקן זיינע אַרכיוון.

נאָך אַ פריילעכן מיטאָג און איינעם פאַמיליען-קרייז האָבן ערשט די זשאַקמענס אָנגענומען די וויזיטן פון זייערע אינטימע פריינט. פרוי רישאַן, די פּאַרטיערין, האָט זיי אַלעמען גוט געקענט. אַלע איבעריקע האָט מען אומברחמנותדיק געוויזן די טיר, און אין דערזעלבער צייט אויך אַראָפּגענומען דעם טעלעפאָן... קלויד און גינע. נאָך אַלץ פאַרשפּורט מיטן אָפּגעהאַלטענעם נצחון, האָבן געהאַלטן אין איין צוזאַמענשטעלן, אַראָפּוואַרפן און ווידער צונויפשטעלן דאָס מיניסטעריום, פּונקט ווי זיין צוזאַמענשטעל, טיילווייז עקסטראַ-פּאַרלאַמענטאַריש, וואָלט נישט געווען דורכגעטראַכט און פאָראויס באַשטימט דורכן טריומפאַטאָר. זשאַקמען האָט צוזאַמען מיט דער פּרעזידענטשאַפט רעזערווירט פאַר זיך אויך דאָס מיניסטעריום פון אויסערן. דערווייל האָט ער, ווי מ'פאָרט פון אַ געפערלעכער רייזע, גענאָסן די שטונדן פון זיסן אָפּרו.

בעתן מיטאָג האָט זיך אַניקע באַמיט מיט אַלע קרעפטן אויך דאָס מאָל, ווי ביז אַהער, צו באַהאַלטן די אומרויקייט, וואָס ס'האָט אַרויסגערופן ביי איר דער שינוי אין זייער ביז-איצטיקן לעבנס-שטייגער, דער שווערער פּאָליטישער דינסט — ווייל זי האָט נישט געצווייפלט, אַז מאָרגן ווערט אַמעדיי פּרעזידענט.

זיי האָבן אפילו נישט געקלערט צו פאַרלאָזן זייער אַלטע, טייערע וווינונג, דעמדאָזיקן ראַספּאַיל-בולוואַר, וווּ זיי האָבן אין משך פון צוויי און צוואַנציק יאָר, טאָג איין טאָג אויס, פריהער אין [illegible]דן, דערנאָך איז פריידן, געשפּינען די סאָלידע הילע

פון זייער קלוג... אפילו ווען עס איז שוין געווען מיניסטער־פלעגט זשאַקפּען יעדן טאָג קומען צוהע־ צו מיטאָג, כדי זיך צו פאַרהאַרטעווען אין דעמדאָזיקן רויקן נעסט.

קיין איינציק מאָל, זינט קלוידס געבורט, האָט זיך דאָס פּאָר פּאָלק נישט צעשיידט, אויסער די רייזעס צו וועלכע ס׳האָבן זיי פאַרפליכטעט זייערע פּראָפעסיעס: פאַרטיידיקונגס־פּראָצעסן אין גרויסע שטעט, פּניקעס פּעסעמיסטישע פּראָפּאַגאַנדע, זשאַקמענס אַפּיציעלע אַמט־וויזיטן... — דאָס פלעגט זי אים תמיד זאָגן, אַ גליקלעכע צו בלייבן אינדערהיים מיט גינען און קלוידן. בעת ער פלעגט זיך איבערטאָן צו וועלכן נישט איז באַנקעט, קבלת־פּנים אָדער עפּעס אַן אַנדער מין אומפאַרמיידלעכער צערמאָניע, דאָס איז מיין איינציקער געווינס... אין דער פרייער פאַרייניקונג, וואָלט איך אפשר געווען געצוווּנגען דיר צו באַגלייטן, גיין שפּילן די ראָל פון אַ מאַלפּע ווי אַלע אַנדערע...

כלומרשט זיך בייזערנדיק, פלעגט ער איר אָבער ענטפערן איינשליסנדיק איר אין זיינע אָרעמס:

— דו מיינסט אַזוי? צו דען האָסטו ווען נישט איז געהאַנדלט קעגן דיין ווילן?... זאָג!... זיכער נישט! און ער האָט געלאַכט מיט זיין גאַנצן, גוטן געזיכט.

דאָס לעבן, וואָס רופט געוויינלעך ארויס יענעם מין האַס צווישן מאַן און ווייב, וועלכע קלערן אויסשליסלעך וועגן אייגענעם עגאָיזם האָט ביי זיי באַזירט אויף פולשטענדיקער פאַרשטענדעניש, אויפן גלייכגעוויכט פון זייער אַבסאָלוטער אומאָפּהענגיקייט. זיי זענען איינגעגאַנגען אויף קעגנזייטיקע קאָנצעסיעס, האָבן אָבער געהאַט אַ געמיינזאַמען אידעאַל. קלויד, גינע... די דערציונג פון נייע פאַרלצך! די פאַרביטערונג פון מענטשלעכן גליק...

ווי נאָר ס׳האָט זיך דערהערט דער ערשטער קלונג האָבן זיי גלייך פאַרענדיקט דעם מיטאָג ביי האַלב־געעפנטע פענצטער, כאָטש ס׳איז ערשט געווען בלויז פעברואַר. אין פּאַריז איז אָבער געשטאַנען אַ פריצייטיקער פרילינג. אָנגענעמע ריחות האָבן זיך געטראָגן פון די דערבייאיקע גערטנער און. זיצנדיק אויפן באַלקאָן,

ראַט זשאַקמען ליב געהאַט צו קוקן אויף די מיט מאָך באַוואַקסענע בעכער פון מאַדאַם שאַטאָבריאַנס קראַנקען-הויז... די מעמוארן פון ד'אויטר-טאמב, וועלכע האָבן אָנגעפילט זיין זכרון מיט זייער פּראַכטיקן לאַסק, אַרויסרופנדיק די גייסטער, וואָס האָבן ביי זייער לעבן, דאָ אַרומגעשפּאַצירט, — אַדיע, מיינע ביכער! האָט ער געזיפצט. אימעטום, — פאַרפּיצענדיק די ווענט מיט זייערע פאַרשיידנפאַרביקע אָדער פאַרגאָלדעטע לעדער-איינבונדן — האָבן זיך געצויגן די לאַנגע רייען פון זיין רייכער ביבליאָטעק, פאַרפלייצנדיק די צימערן.

דערהערנדיק דעם גערויש פון סאַלאָן-טיר, וואָס האָט זיך אָן עפן געטאָן, זענען די צוויי פרויען געשווינט אויפגעשטאַנען פון טיש.

— איך בין זיכער, אַז דאָס איז זשאַרזשי, האָט גינע אַ זאָג געטאָן.

קלויד האָט געוואַרט ביז דער פאָטער האָט צונויפגעלייגט זיין סערוועטקע. העכער פון אים, האָט ער אים חבריש אַרומגענומען מיט איין האַנט און מאַרשירט מיט אים איבערן צימער. ער האָט אים פאַרגעטערט פאַר זיין פיל וויסן און פאַר זיין גרויסער עניוות. דידאָזיקע אומגעוויינלעכע הויכקייט, וואָס אפילו זיינע אויסגעשפּראָכענע קעגנער האָבן איר אָנערקענט — אין ערשטער ריי קודם-כל זיין רעדנער-טאַלאַנט — האָט געשטאַמט פון דער באַגייסטערונג וואָס זשאַקמען — אַלס תלמיד פון דער נאָרמאַל-שול, אין פּערמאַנענטן קאָנטאַקט מיט די אונטערדריקטע, האָט געהאַט פאַר יעדער ליטעראַרישער קולטור. אָבער דאָרט, ווו אַ דע לאָם האָט בלויז געריסן די פאַרדאַרטע בלימלעך, די צעפוילטע פרוכט, האָט ער — זשאַקמען — אויסגעצויגן דעם גאַנצן זאַפט, די גאַנצע קערנדיקייט.

— אַ! זשול, האָט ער אויסגעשריען, אַריינגייענדיק אין זאַל.

ס'איז געווען דער זון פון באַרימטן כעמיקער לואי פּאַניסעט, דעם העלד פון טאָג, וואָס זשאַרזשי האָט אים מיטגעבראַכט.

ווו איז דיין מוטער? — האָט גינע אַ פרעג געטאָן זשאַרזשי,

וועלכן זי האָט גלייך, אונטערן צערטלעכן בליק פון אַניקן, אָקופּירט פאַר זיך.

— נאָך אַלץ נישט מיט אַלעמען... ניין! נישט חלילה קיין ערנסטע זאַך, ווייל סילוועסטרע און דער פּאַטער זענען אוועק אויף אַ קאָנצערט און צוריקוועגס וועלן זיי נאָך מיר אַהערקומען. זיי ווילט זיך אויך אַרומנעמען דיין פּאַטער.

מיט אַ צופרידענער מינע האָט זשאַקמען אויסגעהערט זשו פאַנסעטס קאָמפּלימענטן:

— צוליב אייך האָט מיך מיין פּאַטער שיער נישט אָנגעבויקערט די ביינער, הער פּרעזידענט. אָבער איך בין גליקלעך! אַ דאַנק אייך וועט אונזער דערפינדונג נישט אַריינפאַלן אין די הענט פון דידאָזיקע אויסוואורפן, וואָס וואָלטן איר קאָמפּראָמיטירט.

— איך האָב אייך שוין איבערגעגעבן געגנוי... קוים געפינט זיך די דערפינדונג ביי אייך אין די הענט, בין איך לגמרי רויק... און מיין פּאָטער וועט זיך אויך טרייסטן ביים געדאַנק, אַז אויב אפילו נישט פאַרן פריער אָנגעמערקטן ציל, וועט דאָך זיין דערפינדונג נישט גיין פאַרלוירן. אויב מ׳וועט זיך מיט זיי באַדינען — איז טאַקע דוקא קעגן די פיינט פון די פעלקער.

— שווייגט! — האָט אַניקע פריינטלעך אַ זאָג געטאָן. איר וואַרפט אויף מיר אָן אַ שרעק! איר, קלוידס אַ פריינט! איר האַלט נאָך פון אַזעלכע משונהדיק ווילדע מעשים!... איר גלויבט נאָך אין דער ווירקזאַמקייט פון מאָרד, און נאָך פון וואָס פאַר אַ מאָרד... פון שרעקלעכסטן אויף דער וועלט!

אויף אָפּצוטויטן דעם מאָרד, מאַדאַם, איז נישט קיין בעסערער מיטל ווי אונזער גאַז און ווען איך זאָל זיך נישט מורא האָבן פאַר אייער דונערן, וואָלט איך זאָגן אַז ס׳איז דער איינציקער מיטעל!... נאָר דאַן, בעת אַלע קעמפּענדע, — און צווישן זיי די גרעסטע צאָל, וואָס שלאָגט זיך נישט — וועלן זיין גלייך באַדראָט — איז דאָ אַ האָפענונג סוף כל סוף פּטיר צו ווערן פון דאָזיקן ווילדן שגעון. אין דעם טאָג ווען אַלע, מענער און פרויען, וואָס לאָזן זיך צוליב דעם אָדער יענעם מאָטיוו פאַרנאַרן הינטערן פראָנט, ווי אַלע, וואָס ממיתן זיך אויפן פראָנט

גופא, אלע קראנקע, אלטע, צעבראכענע, קרעמער, העגדלער, זייבער — וואלטן דערשפירט, אז איבער זייערע קעפ טראגט זיך דער אומפארמיידלעכער טויט...

— די באמבע פון דאמאקלעס! — האט א זאג געטאן זשאקמען.

— אין יענעם טאג, זייט זיכער, ווען נעמען א סוף צו די מלחמות, זיי וועלן שטארבן פון דער אלגעמיינער מורא, נאכדעם ווי זיי האבן אזוי לאנג געלעבט א דאנק דעם בלומרשטן מוט פון א געוויסער מינאריטעט און דער פחדנות פון דער גרויסער מערהייט! דער היילזאמער שרעק וועט לייכט פארטיק ווערן מיטן דאזיקן ביליקן העלדענמוט. און דער מוט פון די ווירקלעכע העלדן וועט פאר זיך געפינען קלוגערע און דאנקבארערע אויפגאבן...

— צו מיינט איר, אז מיר וועלן נישט דערגרייכן דיזעלבע רעזולטאטן אן דעמדאזיקן געווער? — האט אניקע געפרעגט. — אייער מיטעל איז א צווייטשארפיקער שווערד. דער שרעק איז אפשר א טארמאז, איך בין מיט אייך מסכים, אבער אזא ברוטאלער, אז ער קאן אין דערזעלבער צייט אין גאנצן צעברעכן די רעדער. אין א טיפן גלויבן, איבער אזא שיינעם, אז מ׳זאל זיך פאר אים וועלן מקריב זיין, וועלן מיר נישט ארויסשלעפן די מענטשהייט פון זומפ אין וועלכן זי טרינקט זיך!... די מורא האט קיין מאל מער ווי פחדנים נישט געשאפן...

— איך גלויב, אז איך פארשטיי אייך, — האט געזאגט פאנטעס. איך וועל אייך געבן א ביישפיל, וועט איר מיר זאגן, אז בין איך זיך טועה: פאריגע וואך האב איך און קלויד זיך געדארפט שטעלן. אין אקטאבער וועלן מיר שוין זיין זעלנער. לאמיר אננעמען, אז נישט געקוקט אויף אונזערע האפענונגען, וועלן די וואלן, א דאנק דער רייכער קאסע פון אונזערע קעגנער, ארויסשטעלן ביים רודער די קריגס-פארטיי... און אן אומפארויסגעזעענער, אומאויסנערעכנטער צווישנפאל, ווי למשל א פרעטעקסט אלא סעראיעוואָ שטעל׳ט אונז פאר א מאביליזאציע!... קלויד, איך, זשארזשי, אלע!... ווייל, וואס דער מארשאל לוקס זאל דארט נישט קלערן, מיט קיין אנגריפ־ארמעע, זאל זי אפילו

זיין אַ שוואַרצע, וועט מען די קריגס־פּראַגע נישט לעזן... און דאָס מאָל וועט זיין פאַן אייראָפּע, אַ סוף צו אַלעם! אַלע נאַציאָנען ווערן אָפּגעווישט פון דער ערד־אויבערפלאַך, און די גאַנצע וועלט איז הרוב!... וואָס וועט דאַן זיין אונזער פליכט? זאָלן מיר זיך אָפּזאָגן פון דינסט, כדי די ערשטע צו פאַלן אַ קרבן פאַר אייער פּרינציפּ? אָדער זיך נעמען פאַרן געווער און דורך אַ געלונגענעם פלי צעשטערן בערלין, מינכן און נאָך אַנדערע שטעט?

צי הערסטו מ׳טער? האָט גינע אַ פרעג געטאָן.—

זי איז אונטערגעאַנגען צו פאנסטער צוזאַמען מיט זשאָרזשין, ווייל אַניקע, זייענדיק פאַרנומען מיטן אויפנעמען די אָנגעקומענע פריינט, האָט נישט געקאָנט פאָרזעצן די דיסקוסיע. דערזעענדיק זשאָקמענען, אַרומגערינגלט פון אַלע זייטן, איז זי בונקט אָנגעקומען צו די לעצטע ווערטער; אָבער באַלד האָט זיך דערהערט קלוידס שטים:

— וואָס ס׳וועט זיין אונזער פליכט אין פאַל פון אַן ענלעכן קריג? פּראָסט כשוט זיך אָפּזאָגן פון דינסט. נישטאָ אַזאַ קראַפט אויף דער וועלט וואָס זאָל מיך צווינגען צו גיין הרגענען אָדער אַליין געה׳הרגעט ווערן לטובת דעם פּרסום פון וועלכן ס׳איז מאַרשאַל אָדער פאַר דער קעשענע פון אַ מלחמה־שפּעקולאַנט. לכל־הדעות איז עס מיט מער ווי אַ דעראָבערונגס־קריג, אַ רויב־מלחמה! ...נישט אמת? — ער האָט אַ וואָרף געטאָן אַ בליק אויף זיינע חברים — אַלע זענען מיר דערין אייניק? און אַזעלכע ווי מיר זענען פאַראַן הונדערטער, טויזנטער, אין אַלע לענדער. און דאָס וועט אונז אָנשפּאָרן, — רו טרייסלסט זיך — האָט ער חוזק געמאַכט פון זיין שוועסטער, זיך נישט צו רעכנען מיט קיין שום געפאַר... נישט מיט צוועלף באַרימטע כלומרשט פראַנצויזישע קילן, נישט מיטן רעוואָלווער־שאָס פון וועלכן נישט איז נעגער־אָפּיציר!

— שווייג, — האָט זי געשריען, אויסשטרעקנדיק די הענט, ווי זי זאָל וועלן אָפּטרייבן דאָס דאָזיקע שרעק־בילד.

זשאַרזשי האָט איר באַרויקט:

— האָב קיין מורא. ניעט — דאָס מאָל וועלן נישט זיין כעד די שחיטות פון 1917, אָדער ווי אין דער צייט פון די ווערסאַלער מיטראַליעזן! — די טויט-מיטלען קאָנען זיך געשווינט איבערדרייען אין די הענט פון פאָלק, — האָט קלויד באַמערקט.

— מסכים, — האָט פאַנסעט באַשטעטיקט. — אָבער מיט איין תנאי, אַז די קעגנערישע מחנות זאָלן זיך אויך גלייכצייטיק אַנטקעגנ־שטעלן! איר רעדט אַזוי, פונקט ווי אַלע נאַציעס זאָלן נישט זיין בלויז פון זעלבן עלטער, נאָר זאָלן אויך האָבן צוזאַמען געוואַקסן און אין דערזעלבער מאָס גייסטיק זיך אַנטוויקעלט!... ס'זענען נאָך פאַראַן פאָלן ווו זיך אָפּזאָגן פון דינסט איז נישט קיין פליכט, נאָר אַ דעזערציע! אָט באַפאַלן אונז, למשל, מאָרגן גאָר אומגעריכט, די דייטשן, די רוסן, די געלע, איך ווייס ווער נאָך... זשאָרזשי האָט ס'רעכט צו טראַכטן ווי גינע. אָבער דו, סען-זשו!... דאַרפן מיר זיך אויך אַנטקעגנשטעלן קעגן אַ פאַר־טיידיקונגס-קריג...

— דער הייליקער בונד, נישט אמת? — האָט געחוזקט זשאָרזשי.

— דער הייליקער בונדפון אייזערנע קאַסעס, אויסגעטאַפּעטירט מיט אונזערע ברוסט-קאַסטנס?

— דאָס פאָטערלאַנד אין געפאַר. פראָסט פשוט.

— צום טייוול! — האָט קלויד אויסגערופן מיט פאַרביטערונג. מיט איין וואָרט האָט אַניקע אָפּגעשטעלט די דעבאַטע.

— מ'קאָן שטענדיק אויסמיידן אַ קריג, ווען ער זאָל נישט זיין.

— אַ גוט וואָרט! — האָט געזאָגט פאַנסעט!

— דער אמתער אמת!

— מ'וואָלט לגמרי נישט נייטיק האָבן אייערע גאַזן, ווען ענגלאַנד זאָל ביי דער ערשטער דראָונג געוואָרפן איר שווערד אויפן וואָגשאָל... און ווען אונזער נייע פעלקער-פאַראייניקונג פון איראָפּע זאָל בלויז האָבן מאָרגן איין ארמיי, איר אייגענע זשאַנדאַרמעריע... דאַן איז אויס מלחמות!

— נעכטן. מאָרגן!... אָבער היינט?

— קיין שום אומגערעכטע קריג, — אַז אַלע מלחמות זענען

דאָך אומנערטעסע — קאָן נישט דערקלערט און געפירט ווערן אפילו ביים איצטיקן שוואַכן צושטאַנד פון דער אינטערנאַציאָנאַלער פאַרשטענדיקונג, קעגן פעלקער, וואָס ווילן זיך מוטיק אָפּזאָגן צו שלאָגן...

— זאָלן מיר, הייסט עס, מיט פאַרלייגטע הענט, זיך לאָזן אונז באַפאַלן, אויסשחטן!

— באַפאַלן, יאָ, כדי אויסצומיידן די שחיטה. איך זאָג אייך נאָך אַמאָל, אַז דער אומווידערשטאַנד איז דאָס שטאַרקסטע פון אַלע געווער! די אַלגעמיינע צאָרן קעגן דעם אָנפאַלער וועט זיין אַזוי גרויס, אַז ביים ערשטן פּראָטעסט, ביי דער ערשטער אוניווערסאַלער דראָונג וועט ער, אונטערן דרוק פון אַ שידס-געריכט, וואַרפן דאָס געווער.

— פאַר אייך איז שוין דאָסדאָזיקע פּראָבלעם געלייזט. ווייל איר האַלט די וועלט פאַר בעסער ווי זי איז.

— ניין! — האָט אַניקע געזאָגט. אָבער פונקט ווי דער ווירקלעכער סען-זשוסט, וואָס איר האַלט קלוידן פאַר זיין נאָכפאָלגער. באַהויפּט איך אויך: „ווען דאָס אַלגעמיינע שלעכטס איז אַזוי גרויס, אַז די עפנטלעכע מיינונג גפינט פאַר גוטיק אָנצונעמען מיטלען צו טון גוטס...‟ דערמאָן מיר נאָר, קלויד, דעם סוף!

— „...דאָס אַ/געמיינע גוטס ווערט שטענדיק געבוירן פון שרעקלעכסטן. און זעט אויס „משונה ווילד, אַז מ׳הויבט אָן דערמיט צו פרי״.

— אָן, האָט זיך בעקשנט פאַגסעט, נאָך גאַנץ לאַנג, מאַדאַם, אויב נישט שטענדיק, — און דאָסמאָל וועט אירס דאָך נישט אָפּלייקענען, נישט וועלנדיק אַריינפאַלן אין קיין ווידער־שפּרוך מיט הער זשאקמען, וואָס זיין דאָקטאָרין איז געבליבן אומפאַרענדערט, — די ערשטע און ווכטיקסטע פליכט איז דער נאַציאָנאַלער שוץ.

— די וויכטיקסטע פליכט, — האָט פּראָטעסטירט גינע זיך אויסדרייענדיק צו איר מוטער מיטן געזיכט, וואָס האָט געשטראַלט פון טיפן, אינערלעכן גלויבן איז צו ערפילן דאָס העכסטע מענטשלעכע געבאָט: — „דו זאָלסט נישט טויטן!״ נישט אמת זשאַרזשיש

ער האָט זיך געוואָקלט, זיך נישט געאײַלט צו ענטפערן, מיט זײַן גאַנצער נשמה איז ער געהאָנגען אין דער רעליגיע פון דער צוקונפט. זײַנע פיס זײַנען אָבער געשטאַנען אויפן באָדן פון דער קעגנוואַרט...

ס'איז פאַראַן דעזערציע און דעזערטירן, איך מיין, אַז איך וואָלט אײַסקלײַבן די, וועלכע ס'וואָלט מיר געווען אַמשווערסטן..

— ס'הייסט? — האָט פּרעציזירט זשול פּאַנסעט.

— איך וויל בעסער גילטן אַלס אַנטי-פּאַטריאָט.

— זאָל אַלזאָ פראַנקרײַך אונטערגיין!... פּונקט ווי ס'זאָל נישט נויטיק זײַן דאָס בלוט פון אַלע פּאַטערלענדער, כדי אויפצוהויבן די מענטשהייט צו אַ געזעץ פון אַ העכערן לעבן! אָבער טאַקע מיט מײַנע גיפט-גאַזן באַשיץ איך די מענטשהייט, זיי גיבן פראַנקרײַך די מעגלעכקייט צו לעבן, פאַרגיסנדיק אַמווייניקסטנס בלוט...

— צו קלערעסטו, אַז איך וואָלט נישט אָפּגעגעבן גערן מײַן בלוט, כדי אָפּצוהאַלטן דאָסדאָזיקע בלוטפאַרגיסונג האָט זשאָרזשי געענטפערט.

— ניין! ניין! — האָט גינע געבעטן, — רעד נישט אַזעלכע זאַכן!...

— עקזעקוציעס, שחיטות, טײַכן בלוט, בעת מ'קאָן זיך נישט מיט איין פלי אויפהייבן צו די פראָנטן. מאַכן אַליאַרם, אַרויסרופן אימעטום אַ רעוואָלוציע פון די מחות, פון דער גערעכטיקייט, פון לעבן!...

פּאַנסעט האָט זיך אָבער געהאַלטן בײַ זײַנס און האָט געטענהט:

— אַ טויט פאַר אַ טויט, די נאַטור גופא לערנט אונז, אַז דער קיום המין איז נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַ לאַנגע, האַזאַרד-שלאַכט אין זײַן וואַל פון די עמבריאָנען, פון די זוימען-קערנדלעך, און איך וויל בעסער פאַרניכטן, למשל, עטלעכע שונאים פון פּראָגרעס, איידער זיי זאָלן מיך הרגענען לכבוד דעם הייליקן גאָנדי!

— ער האָט רעכט, האָט געזאָגט קלויד.

זשאַקמען, וועל ער האָט אויפגעכאַפּט דידאַזיקע לעצטע ווערטער בעת אַן הפסקה פון געשפּרעך זייט זיינע פריינט, האָט זיך צו־גערוקט צו זיין זון. מיט גרויס רעספּעקט האָבן אים אַלע געמאַכט פּלאַץ. אַניקע, זיצנדיק אויף דער גרויסער באַנק לעבן אייוועלע האָט אים צוגעצויגן צו זיך און צערטלעך אַ זאָג געטאָן:

— ווי ס'זעט אויס ווילסטו זיי צוהעלפן, דעמדאָזיקן יונגען עולם!

אַניקעס גלויבן אין דער ריינקייט פון איר מיצטיציזם איז געווען אַן אַבסאָלוטער, אַ סך שטאַרקערער ווי זשאַקמענס. דער אומווידערשטאַנד קעגן אַלע געוואַלט־טאַטן איז אויך ביי אים געווען אַ פּרינציפּ, אָבער — אַ שטאַטס־מאַן קודם־כל. און מער רעגירונגס־שעף ווי פּאַרטיי־לידער, — איז ער נאָך נישט דערגאַנגען צו דער עקסטרעמיטעט פון שוין אים דורכפירן אין לעבן.

נישט געקוקט אויף דעם, וואָס פּרינציפּיעל איז ער געווען פאַר דער נאַציאָנאַליזירונג פון קליינעם ווי פון גרויסן באָדן־אייגנטום, האָט ער דאָך בעת זיין ערשטן אַמט אַלס מיניסטער־פּרעזידענט, זיך געמוזט באַנוגענען, — ווי פאַר דער אינדוסטריע און האַנדל, אַזוי אויך פאַר די באָדן־אוצרות און קאָמוניקאַציע — וועגן מיט אַ בינז־סיסטעם, וואָס האָט, פאַקטיש, בלויז קאָמפּלעטירט, מאָדערניזירט דעם אַלטן צושטאַנד. אַ טראַנסמיסיע אין שטענדיק מעגלעך געווען, ירושות און מכירות זענען אָבער באַשווערט געוואָרן מיט גרויסע אָפּצאָלונגען לטובת דער געמיינדע שאַפט; די פּריווילעגיע פון דער אינדיווידועלער אַרבעט איז אָבער געבליבן אין איר קראַפט.

דיזעלבע מעשה איז אויך געווען מיט זיינע העפטיקע אָנגריפן קעגן אַלע אַרבעטער, וואָס באַשעפטיקן זיך אין פאַבריק פון קאַנאָנען, קאמבעס, פאַנצער־פּלאַטן און גאַזן און פאַררעטערמיט דעם פּאָלקס־אידעאַל. גאַנץ גיך האָט ער זיך איבערצייגט, אַז אויב מ'וויל נישט אונטערגיין אין בלוטיקן זומפּ, אין וועלכן ס'האָט זיך, נאָכן ווערסאַילער טראַקטאַט, דעם באַנקראָט פון ווילסאָנס חלום, אויפסניי געטרונקען די מענטשלעכע האָפע

נוגעון מוז מען נאָך כסדר פאַבריצירן האַרמאַטן, באָמבעס און און גאַזן...

אויף אַניקעס אַנווענדונגען, פּעסט איבערצייגט, אַז ס׳וועט געוויס זיין, אַז איין פאָלק, דאָס ערשטע, זאָל זיך אַנטוואָפענען, און די גאַנצע וועלט וועט נאָכטון זיין ביישפּיל, פלעגט ער זיך תמיד אַנטקעגנשטעלן אַ טרויעריקער אָבער אומבאַשטרייטבאַרער פּעסט־קייט, אַ״ס עלטערער מענש מיט אַ גרויסער דערפאַרונג, דערצויגן אויף געוויסע טראַדיציעס פון וועלכע ער האָט זיך נאָך ער־היום, ניט געקוקט אויף זיין גוטן ווילן, נישט געקאָנט באַפרייען.

אומזיסט האָט זיך אַניקע מיט איר צערטלעכקייט, איר ליבע אַלס פרוי און מוטער, אין איר נביאישער ווייטזיכטיקייט, געטראָגן אין די הימלען, — ער איז מיט איר מסכים געווען, האָפנדיק, פונקט ווי זי, אויף אַ בעסערע צוקונפט, האָט אָבער פאָראויסגעזען די אומפאַרמיידלעכע עוועטועליטעטן.

— איר זענט אַלע גערעכט, איינער ווי די אַנדערע — האָט ער באַשלאָסן, אַוועקלייגנדיק זיין האַנט אויף אַניקעס קני. — און איך גלויב אויפריכטיק, אַז זשאָרזשי גינע און דו זענט אַלע אויפן ריכטיקסטן וועג. כ׳וועט קומען אַ טאָג, ווען די קאַמפן צווישן פאָטערלענדער וועלן אונז אויסזען אַזוי משונה־ווילד פונקט ווי די ברודער־מאָרדן. די מענטשהייט וועט און מוז זיך סוף כל־סוף — און אפשר טאַקע גיכער ווי מיר קלערן, לויטן לאַנג־זאַמען ביז־איצטיקן פּראָגרעס, — דערהויבן צו יענעם הויכן געזעץ, וועגן וועלכן ס׳האָט דאָ גערעדט גינע.

ער האָט געשמייכלט:

— ס׳איז נאָך אָבער נישט אַזוי שיין, „לויט מיין מיינונג, דאָס, וואָס דו פּראָפּאָגאַנדירסט, מיין טאָכטער. „דו זאָלסט נישט טויטן!״ דאָסדאָזיקע געבאָט איז טאַקע אַביסל נישט לאָגיש פאַר אַזעלכע פליישׁ־פרעסער ווי מיר זענען און וועלן עס נאָך, בּיז האָב מורא, לאַנג בלייבן, וואַרטנדיק ביז דער דאָקטאָר לאַגרע וועט מיט זיינע פילן אָפרייניקן אונזער פּיזישע, פונקט ווי דיין מוטער אונזער מאָראַלישע דערנערונג.

ווידער איז ער געוואָרן ערנסט.

דאָס שענסטע פון די גרונט-געזעצן, נישט בלויז פון די קריסטלעכע, נאָר פון די מענטשלעכע, — ווייל ס'איז נישט אויס־שליסלעך קיין עטאַפּ — ווי אַנדערע — נאָר דאָס ציל גופא, און וואָס אַנטהאַלט אין זיך, אין גרונד גענומען דעם קערן פון דער גאַנצער צוקונפט. — איז: „האָט איינער דעם אַנדערן ליב!" יאָס איז בעסער ווי אַ גוטע עצה! ס'איז דאָס עקסיסטענץ-געזעץ גופא: די אומצורייסבאַרע סאָלידאַריטעט, וואָס פאַרייניקט. ווילנ־דיק נישט ווילנדיק, די גלידער מיטן מאָגן... דאָס שטערט מיר אָבער נישט, איבעריקענס, — זיך אָפּגעבנדיק מיט לייב און נשמה דעמדאָזיקן גלויבן, וואָס איז פאַר אונז אַלע דער איינציקער, — צו האָבן מיין אייגענע מיינונג, וועגן דער וואַל פון בעסערע מיטלען.

— יאָ, האָט זיך אַניקע געוויצלט, אין גרונט גענומען ביסטו נישט אַוועק ווייט פון דע לאמען! דו האַלסט אויך, אַז מ'דאַרף פאַרפעסטיקן דעם שלום, גרייטנדיק אַ מלחמה...

— גרייטנדיק דעם שלום — האָט ער אויסגעבעסערט מיטן זעלבן לוסטיקן טאָן... — ווייל ס'איז פאַראַן אַ קלענער ניואַנס: איך קוק אויף דע פּאַנסעטעס גיפּס-גאַזן נישט מער ווי אויף אַן אַסעקו־ראַציע פון דער סאָציאַלער זיכערקייט קעגן די דע לאָמס און זייערע מלחמות! ס'איז אַלזאָ דער שלום און אויסשליסלעך דער שלום דאָס וואָס איך גרייט נישט בלויז צו, נאָר וואָס איך פאַר־זיכער, מאַכנדיק אים אַזוי שטאַרק, אַז מ'זאָל זיך נישט נויטיקן מער אין דער געוואַלד, וואָס איך האַס, דו ווייסט עס גוט, נישט ווייניקער פון מאיר...

דאָס אָנקומען פון הער בלאַנשעט און סילוועסטון האָט איבערגעריסן די דיסקוסיע. דער פּראָפעסאָר האָט איבערגעגעבן די לעצטע „נייעס". ער האָט איבערגעלאָזן דעם צווייטן טייל פון קאָנצערט און איז אַוועק אין דער רעדאַקציע פון „אוני־ווערסאַל". די פּרעזידענטן פון סענאַט און פּאַרלאַמענט האָט מען גערופן אין עליסיי און זיי האָבן דאָרט איבערגעגעבן גאַנץ גע־נוי, אַז זשאָקמען איז דער איינציקער קאַנדידאַט אויף מיניסטער־פּרעזידענט. נאָך דער בעראַטונג האָט סאַלמוי געקלונגען אין רע־

דאקציע הייל ער האָט זיך פאַר קיין פאַל נישט געקאָנט קאָ־
מוניקירן מיטן ראספאַיל־בולוואַר.

— ער וואַרט אויף דיר מאָרגן פאַרמיטאָג. זיין גענעראַל־
סעקרעטאַר קומט גלייך אהער דיר עס איבערצוגעבן.

עס האָט זיך ווירקלעך דערהערט אַ קלונג. ס׳איז אריין
סאלמויס סעקרעטאַר. זשאָקמען האָט אים אויפגענומען אין זיין
אַרבעטס־קאַבינעט. אין זאַל האָט מען זיך ווייטער אַמוזירט. גינאַ
האָט גענומען סילוועסטערין אָן אַ זייט, שטאַרק באַאומרויקט, וואָס
זי זעט אַזוי שלעכט אויס:

— וואָס איז מיט דיר? צו ביסטו אומרויק וועגן דיין
מוטער?

סילוועסטרע איז רויט געוואָרן און האָט געענטפערט:

- יאָ, זי פילט זיך נישט גוט, שוין אַ געוויסע צייט...

באמת איז נישט דאָס געווען די סבה פון איר שלעכט־
אויסזען. די מוטער האָט לעצטנס געליטן אויף האַרץ־אָנפאַלן. זי
איז אָבער געווען שטאַרק און ווידערשטאַנדס־פעיק, און אַז מאָ־
ניקע פלעגט אמאָל אַ זאָג טון וועגן פלוצלינגען סוף, וואָס
ס׳וואַרט אויף איר, פלעגט איר דער מאַן און די קינדער תמיד
ענטפערן: „דו? דו וועסט נאָך אונז אלע איבערלעבן!..״ לגמרי
אַן אַנדערע דאגה האָט פאַרציטערט סילוועסטרעס בליק.

נאָך אַ צייטווייליקער געהויבענער שטימונג איז זי פלוצ־
לינג אַריינגעפאַלן אין אַ צושטאַנד פון מעלאנכאליע, אין שרעק־
לעכער נערוועזיטעט. גינע, נישט וויסנדיק די ווירקלעכע, סיבה
סבה, — זייענדיק אליין שטאַרק אבסאָרבירט פון איר אייגענער
ליבע — האָט דאָך צום באַדויערן באַמערקט, אַז סילוועסטרע, פונקט
ווי קלויד, זעט מיט יעדן טאָג אויס ערגער...

זי האָט געהאַלטן איר ברודער פאַר אַ גרויסן שוטה, וואָס
ער קווע׳ט זיך צוליב אַ מאַריסע, און סילוועסטרין פאַר צו גוט,
זי זאָל זיך נעמען צום האַרצן פון אַ געפיל, וואָס האָט איר נאָר
בכלל אָנגערירט בלויז אויבערפלעכלעך... אַזוי האָט זי זיך
זויניקסטענס די זאַך פאָרגעשטעלט, ווייל סילוועסטרע, איינגעשלאָסן

מיט דער צניעות פון איהר שמערץ, האָט אויסגעמיטן זיך צו־
טיילן מיט וועמען נישט איז מיט אירע ליידן.

נאָר דיביידע מוטערס, אַניקע און מאָניקע האָבן געלייענט
אויף די יונגע געזיכטער פון זייערע קינדער, וואָס ס׳קומט פאָר
אין זייערע הערצער. גאַנץ אָפט פלעגן זיי זיך דורכריידן וועגן
זייערע באַאָבאַכטונגען אין צוזאַמען באַדויערן. ביידע האָבן זיי
גערן געוואָלט, אַז קלויד און סילוועסטרע זאָלן זיך אזוי גוט
פארשטיין ווי זשארזשי און גיגע... ביידע האָבן זיי פאַראורטיילט
דידאָזיקע זינלאָזיקייט פון די מענער, וואָס זוכן עקשנותדיק
דאָס גליק דאָרט ווו ס׳איז נישטאָ, אָנשטאָט צו געניסן דאָס,
וואָס סליגט אין זייערע הענט. פונקט אַזוי קוקט קלויד אויף
סילוועסטרען און זעט איר נישט...

— אין גרונט גענומען, האָט גיגע זיך געקלאָגט פאַר איר
פריינדין, אָנווייזנדיק אויפן קליינעם צימער פול געסט, ליינגווייליקט
מיר שוין די גאַנצע אוואַנטורע. מיר זענען שוין מער נישט ביי
זיך!

— מ׳האָט אייך שוין לעצטנס אויך אזוי אָפט נישט געזען!

— וואָס רעדסטו פאַר א נארישקייטן!. די גאַנצע וואָך
זענען מיר געווען אלע צוזאַמען...

— אָבער — ער האָט סילוועסטרע געטראַכט... — די פאַבריק, די
פּראָפּאַגאַנדע, די געשעפטן, קיינמאָל איז ער אינדערהיים נישט
געווען. און אַז ער איז שוין איינמאָל יאָ געווען! אַ פאַרבי־
טערטע האָט זי געקערט וועגן די לעצטע פאָר מאָל וואָס זי
האָט קלוידן באַגעגענט און איר גאַנצער פאַרגעניגן איז געווען
פאַרשטערט — ווי איצט — דורך דער גלייכגילטיקייט מיט וועלכער
ער האָט איר אויפגענומען... גלייכגילטיקייט, ס׳איז ווייניק צו
זאָגן! אין זיין באַנאַלער פריינטלעכקייט אין געלעגן אַזאַ מין
שלעכטקייט, אַז דידאָזיקע אומגערעכטיקייט האָט איר ממש גע־
ריסן דאָס האַרץ. פאַרגיפטעטע דערנער האָבן איר אומברחמנות־
דיק געשטאָכן, דעם שמערץ האָט זי אָבער געהאַלטן בסוד, אַ
גאַנגרענע, וואָס האָט געוואַקסן אונטערן כּלומרשטן סטאָאיציזם.
זשאָקמען איז צוריק אַריין אין זאַל און האָט איבערגעגעבן,

אַז ער איז ווירקלעך איינגעלאַדן צום פּרעזידענט פון דער רעפּובליק.
— איצט, מיינע טייערע פריינט, — האָט געזאָגט אַניקע, — בעט איך אַלעמען אַרויס! איך מוזט מודה זיין, אַז דער טאָג איז געווען אַ גענוג שמוציקער...
איינס נאָכן אַנדערן, אָדער גרופּנווייז האָט זיך דער עולם פּאַנגעטראָגן, גייענדיק אין דער האָפענונג אויף אַ פּאָרטפעל, אַנדערע נורדן דערמיט, וואָס אַ דאַנק דעם טריומף פון זייערע אידעען האָבן זיי זיך אויך אין אַ געוויסער מאָס אַרויסגערוקט. בלויז די בלאַנשעטס זענען נאָך געבליבן. דער פּראָפעסאָר האָט געוואָלט זיין דער לעצטער, כדי צו פאַרברענגען מיט זיינע פריינט אַ קורצע צייט אין אַ אינטימען קרייז.
זשאָקמען האָט אויסגענוצט דעם מאָמענט און ווידער אים פאָרגעשלאָגן דעם פּאָרטפעל פון בילדונגס־מיניסטער, פון וואָס בלאַנשעטס האָט זיך אָפּגעזאָגט נאָך בעתן לעצטן סאָציאַליסטישן קאַבינעט. אויך דאָס מאָל האָט ער נישט געוואָלט נאָכגעבן.
— איך טויג נישט פאַר פּאָליטיק. זי פאָדערט אַ שטאַרקן גלויבן, און איך פאַרמאָג אים נישט... מאָניקע, וועלכע באַוווּנדערט אים ביי דיר, וועט אים פאַראַכטן ביי מיר... און קיין זאַך שטייט נישט העכער אין מיינע אויגן ווי די זיכערקייט פון מיין גליק.
איך אַזוי וועט זשאַרזשי, לעבן מיר, רעפּרעזענטירן די פאַמיליע, אויב ער איז מסכים צוזאַמען מיט קלוידן צו פירן מיין סעקרעטעריאַט.
— און איך? — האָט גינע אויסגערופן.
— דו, — האָט זשאָקמען אַ זאָג געטאָן מיט אַ געלעכטער...
— דו וועסט זיין די געהילפס־סעקרעטאַרין.
— געהילפס־סעקרעטאַרין ביי זשאָרזשין! דאָס וויל איך זאָגן.
— איך וואַרט אויף עפּעס בעסערס, — האָט אַ זאָג געטאָן אַניקע גליקלעכע, האָבן זיך אַלע צעלאַכט.
מיט עטלעכע טעג צוריק האָט זיך דאָס יונגע פּאָר פאַרטרויט אַניקען און אויך די בלאַנשעטס. אַ פאַרייניקונג פון פרייער ליבע, לגמרי לויט אַניקעס ווינטשן און פּרינציפּן!... ביידע יונגע,

געזונטע, האָבן זיי האָפנונגספול געקוקט אין דער צוקונפט: אַ גלייכע לעבנס־ליניע, פאַראַלעלן, וואָס גיסן זיך צונויף... זיי זענען געווען איבערצייגט, אַז נאָכדעם ווי אַניקע וועט זיך בײַ דער ערשטער מעגלעכקייט דורכריידן מיט מאַניקען און זשאַרזשי און גינע וועלן דורכפירן דערנאָך די נויטיקע פאָרמאַליטעטן, זיך פאַרשרייבן אין ציוויל־רעגיסטער. באַשטעטיקן מיט זייערע אונטערשריפטן זייער ווילן זיך צו פאַרייניקן, וועט עס זיין פולשטענדיק גענוג זיי זאָלן גילטן אַלס מאַן און פרוי.

אַלס איבערצייגטע אָנהענגערין, מיט איר פערזענלעכן בײַשפיל פון אַ פרייער פאַרייניקונג, האָט זי נישט געצווייפעלט, אַז בלאַנשעט און מאַניקע וועלן רעזיגנירן פון אַלטן מנהג, הגם, אַז אַ דאַנק איר איינפלוס און אמעדייס אַגיטאַציע זענען אין קאָדעקס די פונקטן וועגן הייראַטן און גטן באַדייטנד פאַרברייטערט געוואָרן... ווי גרויס, וואָלט געווען איר שמחה, ווען קלויד!...

בעת גינע און זשאַרזשי האָבן זיך צערטלעך געזעגנט מיט אַ פריילעכן: „ביז מאָרגן", האָט זיך דערהערט די אומעטיקע שטימע פון סילוועסטרען... זי האָט געהאַלטן קלויד'ס האַנט און פריינטלעך געזאָגט... — ווען וועל איך דיר ערשט ווידער זען? איך האָב קיין שום שאַנסן נישט דיר צו דינען אַלס סעקרעטאַרין, אפילו נישט אַלס געהילפן... דו לאָזט מיך אַזוי, ס'איז גאָרנישט פיין פון דיין זייט!...

— אונטערן וויץ פון דער ביטע האָט ער גוט געשפירט דעם ביטערן פאָרוואורף און לעבהאַפט געענטפערט:

— דו לאַנגווײַליקסט מיך!

סילוועסטרע איז אָפגעשפרונגען, ווי אַן אָפגעבריטע. אַ פלוצלינגע בלייכקייט האָט באַדעקט איר ברוינעם געזיכט. אַניקע און אמעדיי האָבן זיך איבערגעוואָרפן מיט אַ שמערצפולן בליק. קלויד'ס אומגליקלעכע ליידנשאַפט צו מאָריסען האָט זיי נישט געלאָזט רוען. דער שוטה... בעת דאָס גליק איז איהם אַזוי נאָענט... הער בלאַנשעט, וועלכער האָט גאָרנישט געהערט, האָט אַ

פּאַטש געטאָן מיט די הענט. מעלדענדיק די פאַרליבטע אַז ס'איז צייט זיך צו שיידן.

צערטלעך האָט אַניקע אַ נעם געטאָן סילוועסטערין צו זיך און איר דערלאַנגט אַ לאַנגן, מוטערלעכן קוש. אויגן פול שמערץ האָבן זיך באַגעגנט מיט אויגן פיל טרייסט.

אַלס מוטער און פרוי — האָט אַניקע, מיט איר באַליידיקטן שטאָלץ, פון גאַנצן האַרצן זיך באַמיט אָפּצושוואַכן סילוועסטערס פאַרצווייפלונג און שטיל אַ זאָג געטאָן:

— מוט און געדולד!

5.

שוין אַ מאָנאַט צייט האָט געווילדעוועט אַ גריפּע־עפּידעמיע, אַ פּערינע גריפּע, וועלכע דער מעריצינישער פאַקולטעט האָט איר דערקלערט אַלס זייער געפערלעך. די עפנטלעכע מיינונג איז נאָכן דאָזיקן דיאַגנאָז געקומען צום באַשלוס, אַז די פּערינע — הייסט דער טויט. אָבער דאָך איז עס געווען נישט מער ווי אַן אינפלוענציע, אַ שפּאַנישע גריפּ, אַ פּשוטע אינפלוענציע. מ׳דאַרף אָבער וויסן, אַז די קראַנקהייטן, ווי אַלע מאָדעס, בייטן די נעמען.

שוין כמעט פינפצן טעג איז מאַניקע געלעגן צו בעט, צוריקקומענדיק פון איינע פון אירע אָרעמע קראַנקע: אַן איינזאַמע יונגע פרוי מיט אַ קינד פון זעקס חדשים אויפן טויטן בעט. און מאַניקע האָט זיך טאַקע גלייך אָנגעשטעקט.

דער קלאַפּ איז געקומען אַזוי אומגעריכט, אַז סילוועסטרע, און איר שרעק, איז געווען זיכער אין אַ קאַטאַסטראָפע. אין פאַרלויף פון פיר און צוואַנציק שעה האָבן אָבער די שמערצן נאָכגעלאָזן, די נידעריקע טעמפּעראַטור האָט געגעבן די האָפענונג, אַז דער קריזיס איז אַריבער. דווקא אין דעם מאָמענט, בעת אַלע האָבן זיך געפרייט מיט דער פאָרגעקומענער ענדערונג, און סילוועסטרע צוזאַמען מיטן דאָקטאָר פערמאָנט זענען געווען באַשעפטיקט מיט דער קראַנקער, האָט זיך מאַניקע דורך איינע פון יענע מיסטעריעזע אָנזאָגן פון אָרגאַניזם, בעת דער גייסט

פילט פריער ווי דער קערפּער, פּלוצלינג דערשפּירט פולשטענדיק אויסגעשעפּט.

מיט בייגיריקייט און, גישט געקוקט אויף איר מוט, אויך מיט אַ געוויסן שרעק, האָט זי זיך אַליין אַנאַליזירט. נאָך אַן אומרויקער נאַכט, האָט זיך איר געדוכט, אַז זי שלאָפט ענדלעך איין, זי חלומט... ס'אַרא מערקווירדיקע עמפּינדונג!... ס'איז דאָס באַוווסטזיין, דאָס שטענדיק לעבהאַפטע, וואָס קעמפט מיטן קערפּער. דאָס איינע וויל אַנטלויפן, דער אַנדערער האַלט אים צוריק... מיט פאַרמאַכטע אויגן האָט מאַניקע אַריינגעקוקט אין זיך: „צי דען גייט זי פאַרשאַפן אַ טרויריקע איבערלעבעניש פאַר די וועלכע זי האָט ליב?... פאַר וועלכע זי האָט זיך ביז איצט אַזוי פריידיק געאָפּפּערט? צו זעט זי שוין איר..."

זי האָט זיך איינגעהאַלטן. איר געדאַנק האָט זיך ענטזאַגט צו פּרעציזירן דאָסראָזיקע שרעקלעכע וואָרט. אַ ציטער האָט איר אַדורכגענומען... צו איז עס שוין דאָס, וואָס ס'זאָגט אָן?" אַן אַנדער ציטער, אַן העפטיקערער, האָט איר אַ טרייסל געטון. ס'האָט זיך איר געדוכט, אַז אין קאָנטאַקט מיט אַן אומזיכטבאַרער האַנט, וואָס גלעט איר גאַנצן קערפּער וואַקסן אַרויס פון אירע הויט-פּאָרן אַ מין שיטערדיקע האָר, וואָס פאַרשווינדן באַלד ווידער ווי נאָר די האַנט רוקט זיך אָפּ, ווידער און אָבער אַ ציטערן, און צווישן איין אָנפאַל און דעם צווייטן אַ משונהדיקע רויקייט.

דאָס מאָל האָט זי זיך אָנגעשטרענגט און ארומגעקוקט. עפּעס האָט זי זיך געשפּירט גאָר אַן אַנדערע... נאָך לעבנדיק, אָבער שוין אַ געשטאָרבענע.

דער טויט, וואָס האָט מען זיך אַזוי מורא אים אָנצורופן? פון דערנאָנט איז ער גאָרנישט אַזוי שרעקלעך ווי פון ווייטן, ווען זיין נאָמען, זיין נאָמען אַליין פאַרגליווערט אייך דאָס בלוט... לאָמיר זען וואָס פילט זי איצט אין דער סעקונדע? אַ פאַרדאָפּלונג פון איר איך וואָס איבעררעשט, אָבער קרענקט איר נישט. איר גייסטיקע הילע אויסערהאַלב דער קערפּערלעכן. נישט ביי דער זייט... נאָר עטוואָס העכער... און אַ פרידן... אַן אינער-

לעבער פרידן... אַן אומבאַקאַנטער... אַן העכערער... „צו וואָס. פאַר אַ מין קליניקייטן זײַ זענען צוגעבונדן, די לעבעדיקע?“

זי קוקט זיך צו ווי איר טאָכטער גייט איבערן צימער מיט שטילע טריט. סילוועסטרע ברענגט עטלעכע שטיק וועש און לייגט זיי אַריין אין שראַנק. און מאַניקע זעט נאָכאַמאָל איר אייגענע פאַרגאַנגענהייט: „ווי שרעקלעך האָב איך געליטן אין איר עלטער! איך בין געווען ווי זי ליידנשאַפטלעך און ווילד... לוסיען... דידאָזיקע ערשטע אַנטוישונג האָט חרוב געמאַכט מײַן גאַנצע יוגנט. סילוועסטרע ליבט איך און איז נישט געליבט. קלויד ליבט אַן אַנדערע... און איך וועל שוין דאָ נישט זײַן, און וועל זײַן אַוועקגעגאַנגען, ווי די מומע סילוועסטרע!... אַ מערקווירדיקע ענלעכקייט פון שיקזאַל, וואָס באַאומרויקט איר.

סילוועסטרע ענדיקט איר אַרבעט ביים וועש-שראַנק און. גייט אונטער שטיל צום בעט, די מוטער ליגט מיט אָפענע אויגן

— טייערע מוטער, איך האָב דיר אויפגעוועקט?

מאַניקע מאַכט אַ צייכן, אַז נישט.

די טאָכטער בויגט זיך צו צו איר און נעמט איר ארום:

— ווי פילסטו זיך, מײַן טייערע?

— גוט:

— יאָ?

אַ שטילער זיפץ האָט זיך איר אַרויסגעריסן פון הארצן

— זעץ זיך, האָט מאַניקע באַפוילן.

— דו ווילסט גאָרנישט? אפשר עפּעס טרינקען?

— ניין! זעץ זיך און גיב מיר דײַן קליינע האַנט.

— לויט אייער באַפעל, האָט איר, מאַדאַם.

סילוועסטרעס טאָן האָט נישט אויסגעדריקט קיין אמתע פרייליכקייט. ס'איז געווען אַ מין זינד, אויסצופּרוּוון די רויקייט, „די ווירקלעכע אָדער געמאַכטע פון איר „מאַמאַ“... זי האָט באַמערקט, אַז דער נאָז האָט זיך פאַרשפּיצט, די אויגן זענען ווי פאַרגרעסערט, מיט אַן אומגעוויינלעכער עפּעס אין בליק.

מאָניקע האָט אַ שמייכל געטון, אָבער איר געזיכט איז באַלד ווידער געוואָרן ערנסט.

— איך געפין, אַז היינט ביסטו מער ווי געוויינלעך ענלעך צו מיר. ס׳איז מערקווירדיק... קוקנדיק אויף דיך, זעע איך זיך בעת איך בין אַלט געווען אַזוי ווי דו. איך ווייס אַז איך ליג אין מיין בעט און דאָך דוכט זיך מיר, אַז איך זע דאָ, לעבן זיך...

איר שטים האָט עפּעס געקלונגען מאָדנע. סילוועסטרע האָט נישט דערקענט איר מוטערס קול... פון וואַנען נעמט זיך דידאָזיקע האַרטע, מעטאַלענע שטים? צום ערשטן מאָל אין לעבן הערט זי די מוטער אַזוי ריידן.

— ווי דערקלערסטו דידאָזיקע פענאָמענאַלע דערשיינונג פון דער פּאַרטאָפּלונג פון מיין איך, פריילין דאָקטאָר?

— אַ! ווי אַנטיפּאַטיש, ווי פּיינטלעך קלינגט דידאָזיקע שטים!

— איך דערקלער עס, מיין ליבע פרוי רעקאָנוואַלעסצענטן, אויסשליסלעך מיט אייער שוואַכקייט.

— ניין!

וואָס דען?

— מיט דער קלאָרקייט פון געדאַנק. מיין גייסט איז אויס־סערהאַלב פון מיין קערפּער.

— וואָס ווילסטו דערמיט זאָגן?

— גאָרנישט, מיין קינד, נאָר פּשוט, אַז מיינע שטונדן זענען געציילט, און ווייל איך קוק זיך צו צו אונז ביידן. פּונקט ווי דו בין איך דאַן אַלט געווען צוואָנציק יאָר... פּריז, פון פּאַרטרויען און פיל ליבע... די פאַרקערפּערונג פון ענערגיע און מוט... און דאָס האָט מיך אומגליקלעך געמאַכט.

— ווייל דו האָסט נישט געהאַט קיין מוטער, וואָס זאָל דיך דערציען אַזוי ווי מיר!

— איך האָב געהאַט מיין מומע סילוועסטרע, וועלכע האָט מיך ליב געהאַט פּונקט ווי דו מיר און וועלכע... האָט מיט

פארלאָזן אין מאָמענט, ווען איך האָב זיך אין איר אמייסטן נענייטיקט.

דאָס קינד האָט זיך דערשראָקן און דריקענדיק דער מו־טערס האַנט האָט זי געזאָגט:

— דו שטרענגסט זיך אָן, דו דאַרפסט נישט אַזוי פיל רעדן.

סילוועסטרע האָט געהאַלטן מיט די פינגער דער מוטערס האַנט... דער פולס איז געווען שוואַך, אַזוי שוואַך, אַז זי האָט אים קוים געהערט קלאַפן... זי האָט זיך שטאַרק דערשראָקן. ווי ס׳שרעקט זיך אַ חיה וואָס דערשפירנדיק דעם פיינט, זוכט זי ווו ער ליגט באַהאַלטן. אָבער מאָניקע האָט ווייטער גערעדט:

— זאָג מיר צו, אַז נאָך מיין שטאַרבן וועסטו נישט טון קיין שום זאַך, איידער דו וועסט זיך נישט באַראַטן מיט דיין פאָטער ...און מיט אַניקען.

סילוועסטרע האָט געפרוווט צו שמייכלען:

— וואָס קלערסטו דען, וועט זיין? רעד נישט אַזעלכע נאַ־רישקייטן, אויב נישט וועל איך אַוועקגיין פון דיר.

זי האָט איר געדראָט מיטן פינגער, איר האַנט האָט אָבער געציטערט.

— זאָג עס מיר צו, מיין קינד, און פאַרגעס קיינמאָל נישט דיין צוזאָג.

— מיר וועלן דעריבער רעדן, אַז דו וועסט ווערן געזונט. דערווייל וועל איך גיין און דיר לאָזן רוען.

זי האָט בלויז נישט צוגעגעבן, אַז זי גייט געשווינט טע־לעפאָנירן דעם דאָקטאָר פערמאַט... ער וועט געפינען אַ מיטל, ער וועט איר ראַטעווען!... זי ווייסט נישט וואָס צו טון, זי איז שוין צעמישט אויפן קאָפּ. אָבער ווי נאָר זי האָט זיך אַ הויב געטאָן, האָט איר מאָניקע גלייך צוריקגעהאַלטן:

— בלייב לעבן מיר און זאָג מיר צו וואָס איך בעט דיר. איך האָב זייער געוואָלט, אַז דו זאָלסט זיין אַזוי גליקלעך ווי דיין ברודער... שווער מיר, אַז אויב דו וועסט אַמאָל... שטאַרק

ליידן... זאָג מיר צו אַז דו וועסט... קודם-כּל... זיך באַראַטן מיט דיין פאָטער.

— אָבער יאָ, יאָ, ס׳פאַרשטייט זיך! אָבער דו ערגערסט מיך! סילוועסטרעס אויפרעגונג האָט זיך אָפּגעשטעלט אין אירע אויגן. איך וויל אַרויסרופן דעם דאָקטאָר פערמאַט!

— ס׳איז איבעריק.

מאָניקע האָט געוווּסט, אַז אירע שטונדן זענען געציילטע און האָט נישט געוואָלט פאַרלירן קיין איין מאָמענט. קוים וועט דער קלאַפּ זיין אַ געשעענער פאַקט, וועט זיך איר טאָכטער אָננעמען מיט מוט און געדולדיק אַריבערטראָגן דעם שמערץ.

— נישט דו, נישט די וויסנשאַפט, קיינער אויף דער וועלט קאָן מיך איצט נישט רעטן... איך בין שוין אַ שעה אַ געשטאָרבענע.

— מאַמע!

סילוועסטרע האָט געוויינט און פאַרמאַכט די אויערן כּדי נישט צו הערן דידאָזיקע ווערטער און נאָך קאָנען האָפן. מאָניקע האָט איר אויסגעצויגן די האַנט.

— הער מיר אויס, אויפמערקזאַם...

— מאַמע, מאַמע!

זי שפּירט זיך ווי אַ פּיצעל קינד, וואָס רופט צו הילף איר מאַמען.

— אַז דו וועסט האָבן אַ גרויסן שמערץ, לעב נישט אַזוי ווי איך און מיינע ערשטע יוגנט-יאָרן.

— דו, מיין הייליקע, דו וועסט מיר שטענדיק דינען אַלס ביישפּיל!

— ס׳אַראַ שולע איך האָב געמוזט דורכגיין ביז איך בין זוכה געווען צו קאָנען דינען אַלס ביישפּיל!

— לאָז מיר, איך בעט דיך, רופן דעם דאָקטאָר פערמאַט!

— צו שפּעט! דאָס רעדט מיין קערפּער, פון געוווינהייט... ס׳איבעריקע איז שוין ווייט פון מענטשלעכן לעבן.

— איך וועל זיך עס קיין מאָל נישט קאָנען מוחל זיין!

דידאָזיקע פראַזע האָט סילוועסטרע אויסגעשריגן מיט אַ האַרצרייסנדיקער שטים:

— זאָל דאָס שטוב-מיידל טעלעפאָנירן!

סילוועסטרע איז אויפגעשפּרונגען:

— און דער פאָטער איז נישטאָ, נישט זשאָרזשי?

— אָ! איך וועל אויסהאַלטן ביז זייער קומען. מאַך מיר אַ קאָמפּאָר-איינשפּריצונג!

סילוועסטרע האָט דאָך טעלעפאָנירט, געהייסן דעם שטוב-מיידל קלינגען צום פאָטער און זשאָרזשן. און געשווינט גע-מאַכט די איינשפּריצונג. די גוסס האָט זיך אָנגעשטרענגט צו ריידן אירע לעצטע ווערטער:

— שווייג! הער מיר אויס... אפילו אין דיין גרעסטער פאַרצווייפלונג, זאָ, סטו נישט ווערן קיין רעוואָלוציאָנע־ין קעגן זיך אַ, יין! דיין לעבן זאָלסטו זיך כאָטש אויפהיטן, מיין קינד... אין דיינע יאָרן האָב איך אויך פאַרלאָרן אַ מענטשן, וועלכן איך האָב ליב געהאַט מער ווי אַלעמען אויף דער וועלט, בעת אַ לי-בעס-טראַגעדיע האָט צעריסן מיין האַרץ אויף שטיקלעך.

סילוועסטרע האָט פאַרדעקט מיט די הענט איר געזיכט. מאָניקע האָט צערטלעך געגלעט איר שטערן און אירע האָר.

— האָף! אפשר וועט ער דיך נאָך אַמאָל ליב האָבן!

דידאָזיקע ווערטער האָבן ארויסגערופן ביי סילוועסטרן אַ שטורם פון ,יידן. זי האָט אַליין נישט געוווּסט אויף וואָס זי וויינט, די פאַרצווייפלונג האָט ממש פּאַראַליזירט איר געדאַנק.

איך האָב דורכגעמאַכט אַזאַ זעלבסטפאַרניכטונג רעג זיך נישט, ווי איך האָב עס געמאַכט... די עמפּערונג איז נור דאַן נוצלעך, ווען מ׳אבדיקירט נישט אַליין. איך האָב אַלץ גע-לייקנט, כדי מער נישט צו ליידן, און ערשט דאַן האָב איך באַגריפן, וואָס ס׳איז אַזוינס אמתער שמערץ... דער שמערץ פון פאַרלאָרענעם גלויבן... אָ! ווען איך זאָל נישט געווען באַגעגע-דיין טייערן פאָטער!... טו קיין זאַך נישט אָן זיין עצה, דו שווערסט מיר צו? נאָר אַ דאַנק אים האָב איך באַגריפן דעם זין פון לעבן און בין געוועןן אין שטאַנד דיר עס איבערצוגעבן.

איך פלעג עס דיר תמיד זאָגן און איבערחזר עס דיר איצט צום לעצטן מאָל. האַנדל שטענדיק לויט דיין געוויסן, רעכן זיך נישט מיט קיין פאָראורטיילן, און געוווינהייטן... ברעך אַלע רוטינעס, אָבער אויף אַן איידעלן אופן... קודם-כל לייד נישט אומפּרוכטבאַר אין דיין ליבע. זאָל דיר אין ליבע טרייסטן די אַנדערע, אָבער הויפּטזעכלעך זאָל דיר דיין אַרבעט און דיין מסירת-נפש פאַר אַנדערע טרייסטן פון דער ליבע. מ׳קומט אַהין, דו ווייסט זען...

דער אָטעם האָט איר פאַרכאַפּט... זי האָט געשפּירט ווי איר גייסט דערווייטערט זיך כסדר פון איר קערפּער... זי האָט געמורמלט:

— ס׳איז מערקווירדיק... מיין טייערע, איך ליג ביי זיך אין בעט און דאָך זע איך, איך פיל ווי איך גיי אַוועק... אַוועק... ס׳האָט געמאַכט דעם איינדרוק ווי זי זעט איר בילד פון דער־ווייטנס.

סילוועסטרע איז אויפגעשטאַנען ווי אַ געשאָסענע.

— מאַמע! מיין טייערע, מיין געליבטע מאַמע!

אין דעמזעלבן מאָמענט האָט זיך אַן עפן געטאָן די טיר: זשאָרזשי אין דער באַגלייטונג פון קלוידן האָט זיך באַוויזן אויפן שוועל. נאָנעס טעלעפאָן האָט זיי ביידן צוזאַמען געטראָפן אין מיניסטעריום... צעשראָקענע, צעטומעלטע, זענען זיי געקומען צולויפן. מאָניקע האָט זיי דערקענט אירע אויגן האָבן פריידיק אויפגעלויכטן. זשאָרזשי איז צוגעלאָפן צום בעט. קלויד האָט ברי־דערלעך אַ נעם געטאָן סילוועסטערס הענט, און אירע טרערן האָבן זיך פאַרדאָפּלט.

— און דער פאָטער קומט נישט, און דער דאָקטאָר...

מאָניקע האָט צוגעצויגן איר זון צו זיך:

— „מיין ליב קינד... נעם מיך אַרום, שטאַרק.

ער האָט מער נישט געקאָנט אַרויסשטאַמלען:

— מאַמע:

די לונגען זענען שוין געווען פאַראַליזירט, און ס׳האָט זיך דערהערט אַ קורצער, הייזעריקער כריפּ פון דער נשמה־אויסגאַנג.

סילוועסט־ע האָט אָנגעהויבן שרייען:

— מוטער, מוטער, קעמף! איר בעט דיך!... פאַרלאָז אונז נישט! קלויד ברענגט גלייך דעם דאָקטאָר, מ׳וועט דיך ראַטעווען! מיט אַ מידן זשעסט האָט מאַניקע געעגעבן צו פאַרשטיין, מ׳זאָל איר נישט רירן: ס׳איז געענדיקט.

— איר וועט זאָגן אייער טייערן פאָטער... איך... האָב נישט...

מיט די לעצטע קרעפטן האָט זי אַרויסגעזאָגט „קלויד״.

ער איז צוגעגאַנגען און האָט איר געקושט די האַנט. זי האָט אַ הויב געטאָן דעם אָרעם און געוואָלט אָנווייזן אויף סילוועסטרן. אָבער דער אָרעם האָט זיך אַראָפּגעלאָזן, בלויז אירע בליקן זענען געווען געווענדעט אויף דער טאָכטער. מ׳האָט פאַרשטאַנען וואָס זי האָט גערעדט:

האָב... איר... ליב... ווייל זי ליבט...

דאָס איז געווען אַלץ. זשאָרזשי האָט אַ ווינק געטאָן קלוידן ער זאָל צונעמען דער שוועסטער, אָבער יענע, באַמערקנדיק דאָס, האָט זיך אַ וואָרף געטאָן איבער קערפּער: — מאַמע, מאַמע! איך וויל נישט דו זאָלסט שטאַרבן!... זאָג מיר... צו האָסטו מיך ליב, זאָג מיר!

ס׳האָבן זיך דערהערט עפּעס אומדייטלעכע קלאַנגען: סילוועסטרע איז געפאַלן אין חלשות לעם דער מוטערס בעט, זשאָרזשי, וועלכער איז געפאַלן קלוידן אויפן האַלדז און האָט קאָנוולסיוו געוויינט, האָט פאַרגעסן אויף אַ מאָמענט זיין אייגענעם שמערץ און זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער שוועסטער; קלויד האָט צוגעמאַכט דער טויטער די אויגן.

אין דעם מאָמענט איז אַריין הער בלאַנשעט.

דער קלאַפּ איז געווען אַזוי אומגעריכט, אַזוי שטאַרק, אַז ער איז געבליבן שטיין און ס׳האָט אים פאַרכאַפּט דער אָטעם. אים האָט זיך געדוכט, אַז זיין האַרץ, זיין גאַנץ וועזן ווערט פאַרשטיינערט. פּלוצלינג מיט איין מאָל, ווי ס׳פּלאַצט אַ גלאָז און איז צעבראָכן געוואָרן אויף שטיקלעך זיין גאַנצער גליק און דידאָזיקע שאַרפע שערבלעך שניידן אומבארחמנותדיק זיין

הארץ.. פֿון איר איז אונטערגעגאַנגען צוקאָפּנס פֿון זיין פֿרוי. האָט איר גוטמאַמאַטיש אַ קוש געטאָן אין שטערן. אַלץ האָט זיך אַרום אים געדרייט. ער האָט זיך געפֿילט אַזוי שוואַך, ער האָט זיך געמוזט אויסקוועטשן, פּונקט ווי צוזאַמען מיט די פּיניקעס האָט אויך זיין בלוט לגמרי אויפֿגעהערט צו צירקולירן.

6.

דער מערץ האָט באַגאָסן דאָס טרויער-הויז פון די בלאָנ־שעטס מיט די ערשטע פרילינגס-שטראַלן. זיי האָבן אָנגעפילט מיט אַזאַ להכעיסדיקער ליכטיקייט דאָס אַלטע הויז, דעם גאָרטן, אַז אַלץ אַרום האָט נאָך אויסגעזען טרויעריקער, פּאַריתומטער, ווייל ס'האָט געפעלט די פּערזאָן, וואָס ס'איז געווען און געבליבן די נשמה פון דאָזיקן הויז.

דער אומגעריכטער קלאַפּ, וואָס האָט אַלע דריי גלייך דערשיטערט האָט בלאַנשעטין אינגאַנצן דערשלאָגן. ווי אַ פאַר־חלומטער פלעגט ער אַריינקוקן אין זיינע ביכער שטענדיק אויף דעמזעלבן זייטל, אָדער אַ פאַרצווייפלטער זיך אַרומגעדרייט פון איין צימער אין צווייטן, אַ שאָטן וואָס זוכט אַ שאָטן. סילוועסטרע און זשאָרזשי וואָס האָבן זיך ווילנדיק נישט ווילנדיק צוריק אַריינגעצויגן אין זייער אַרבעט גלייך נאָך די ערשטע טעג פון דער שרעקלעכער קאַטאַסטראָפע, האָבן געשפּירט, זיך צוקוקנדיק צום פאָטער, אַז זיי מוזן איצט קלערן וועגן אים.

אויך זיי האָבן זיך נישט געקאָנט טרייסטן, איבערהויפּט זילוועסטרע, וואָס האָט פאַרלוירן איר נאָענטסטן, פאַרטרויטע, איר איינציקע טרייסטערין. ווייל ווי גוט אַניקע האָט זיך צו איר נישט באַצויגן, ווי דעליקאַט זי האָט נישט באַרירט איר דאָ־זעלטע פאַרצווייפלונג, האָט דאָס יונגע מיידל געשפּירט, אַז קיין שום צערטלעכקייט וועט איר נישט פאַרבייטן דער מוטערס מיט־

נעפיל אין וועלכן זי נייט־קט זיך אזוי שטאַרק אין איצטיקן מאָמענט.

אָבער דער־דריקט פון איר שמערץ, האָט זי דאָך, מער פון זשאָרזשין, וועלכער איז געווען פאַרנומען מיט זיין ליבע צו גע־פונען מיטלען צו לינדערן דעם טיפן שמערץ פון זייער פאָטער... מיט דער גרעסטער איבערגעגעבנקייט האָט זי זיך באַמיט צו אונטער־שטיצן דעם, וואָס האָט געלייקנט איר שוואַכע קינדהייט און וועלכער האָט זיך איצט מיט זיינע אומזיכערע טריט, מיט זיין איינגעבויגענעם רוקן, גענויטיקט אין איר הי׳ף...

דייטלעך האָט זי גע׳ייענט אין איר ברודערס האַרץ מיט יענער פּאַראַויסזעונגס־קראַפט, וואָס ס׳גיט דער שמערץ די מענטשן, וועלכע ער פאַרבלענדט נישט, נאָר באַלויכט... אין אַ געוויסן טאָג בעת זשאָרזשי איז געקו־מען פון פּאַריז צו זיי צום פרישטיק און האָט מיטגעבראַכט גינען, זי זאָל אַביסל פאַרברענגען מיט איר פריינדין, האָט זיי סילוועסטרע אַ ווייז געטאָן אויפן פאָטער.

מ׳איז אויפגעשטאַנען פון טיש. דער ריח פון דער גע־שמאַקער קאַווע האָט זיך צונויפגעמישט מיטן אָנגענעמען גערוך פון גינעס פּאַפּיראָס...

— עלענדער פאָטער! האָט סילוועסטרע אַ מורמל געטאָן, צונויפגעדרייט אויף אַ פאָטעל, האָט ער זיך צוגעקוקט דורכן פענצטער צו די גאָלדענע זונען־שטראַלן, וואָס האָבן גע־שפּילט אויפן גרינעם גאָרטן־טעפּיך.

— פאַרוואָס — האָט זי געזאָגט — דערפילט איר נישט עד־היום דאָס, וואָס ס׳איז געווען דער הייסער ווונש פון אונזער מוטער? אויב ס׳איז פון איר נישט געבליבן מער ווי דערינערונג, וועט איר זי נישט באַליידיקן רעאַליזירנדיק וואָס גיכער דאָס וועגן וואָס זי גופא האָט געחלומט. איז זי — להיפך, נאָכנישט אינגאַנצן טויט וועט איר קיין זאַך נישט זיין אַזוי אָנגענעם ווי זעען אייער גליק אויפבליצן אין איר הויז. דו מוזט פאַרנעמען איר פּלאַץ, גינע...

שטילשווייגנד האָט זשאָרזשי פאַראייניגט זיין פאַרלאַנג מיט דער ביטע פון דער שוועסטער, אויף וואָס גינע האָט, אַ

צופרידענע, געגעבן איר הסכמה. די פריינדינען האָבן זיך אַרומ־גענומען.

— איין געדאַנק וועט מיר כּסדר קווּעלן—האָט גינע פּשוט אַ זאָג געטאָן... צו געניסן עגאָיסטיש מיין גליק, בעט קיין זאַך קאָן נישט לינדערן דיין שמערץ.

סילוועסטרע האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

— דאָ פעלט די אמתע ווירטן. און גלייכצייטיק די טאָכ־טער, וואָס זאָל זאָרגן פאַרן פאָטער בעת איך פון מיין זייט...

— וואָס ווילסטו דערמיט זאָגן?

— גאָרנישט. אַ פּראָיעקט... איר וועט עס וויסן אַ ביסל שפּעטער. אומזיסט זענען זיי צו איר צוגעשטאַנען, זי איז גע־בליבן עקשנותדיק.

— ניין, איך וויל נישט, איך קאָן נישט... אַז איך וועל האָבן געפּאַסט מיין באַשלוס.. וועט נאָך דעמאָלט זיין גענוג צייט... ביז דאַן?... מאַך נישט אַזאַ זויערע מינע שוטה! האָט זי געזאָגט, באַרויקנדיק איר ברודער. מיין פּראָיעקט איז חלילה נישט קיין טראַגעדיע. לעת־עתּה דאַרף איך בלויז מעלדן דעם פאָטער, ווייל אין פּרינציפּ זענען מיר דאָך איינשטימיק... און אין אַ אַכט טאָג אַרום!... ווייסטו וואָס דו דאַרפסט טון גינע? אָנשטאָט זיך אָוועקצוזעצן אויפן גאַנצן טאָג מיט מיר, פאָר בע־סער מיט זשאָרזשין צוריק קיין פּאַריז, און בעט דיין מוטער צו אונז אויף מיטאָג, דיין פאָטער אויך, נאַטירלעך, אויב ער איז פריי... זאָל אַניקע טאַקע קומען בייצייטנס, אויב זי קאָן!...

— וואָרט!... דער פאָטער איז פאַרנומען דאָס ווייס איך... אָבער די מוטער, זיי רויק, זי וועט גלייך דאָ זיין. און מיר, מיר וועלן קומען דערנאָך, ביידע...

— און קלויד? — האָט זשאָרזשי אויסגערופן,—אים פאַרגעסט מען אינגאַנצן...

קענענדיק אין אַ געוויסע מאָס זייערע באַציונגען האָט אָבער זשאָרזשי נישט געהאַט די מינדעסטע אַנונג, ווי ווייט ס'פאַרשאַרפן זיך פון טאָג צו טאָג סילוועסטרעסליידן. גינע, פילנדיק בעסער, האָט

אָבער גלייך געלייענט אויף איר געזיכט דעם אויסדרוק פון שרעק, צונויפגעמישט מיט האָפענונג, און האָט אַ פרעג געטאָן:

— צי ווילסטו אַז ער זאָל אים זאָגן?...

ווייטער איז זי נישט געגאַנגען, נישט זיכער אין דעם, וואָס סילוועסטרע פאַרלאַנגט. זי האָט פאַרשטאַנען ווי גרויס ס'איז סילוועסטרעס שמערץ, זי האָט געקענט זיין ביטערקייט, אָבער נישט זיין גאַנצע טיפקייט. זי האָט אויך מורא געהאַט קלוידן איינצולאַדן, ווער ווייס וואָס אים קאָן איינפאַלן... אפשר וועט ער גאָרנישט קומען, געפינען עפּעס אַ תּירוץ כּדי זיך אַרויסצודרייען פון דערדאָזיקער פאַמיליען-סצענע, פון די פאָרוווּרפן, אמתע שטומע, וואָס ס'דריקט-אויס, קעגן איר ווילן, סילוועסטרעס גאַנצע פערזענלעכקייט?... אמת, ער האָט איר גאַנץ ליב, אָבער צי דען איז עס נישט די שענדלעכסטע נדבה, די שווערסטע באַליידיקונג פאַרן ליידנסאַפּטלעכן שטאָלץ פון אַ ליבנדער? נאָך אַ מאָמענט פון אינערלעכן קאַמף האָט סילוועסטרע געענטפערט:

— קלויד איז שטענדיק אַ געוואונשענער גאַסט, ער ווייסט עס גוט, הגם איצט אין הויז פון זיין שוועסטער. זאָל ער קומען, אויב ער וויל: איך האָב נאָך קיינמאָל קיינעם נישט געצוואונגען...

זי האָט בלויז נישט צוגעגעבן, אַז זי וויל מיטן גאַנצן האַרצן ער זאָל קומען... זינט יענעם אומגליקלעכן טאָג פון נאָך דער לויה אָן, שוין גאַנצע פינף וואָכן, האָט זי אים געזען אפשר אַ דריי, פיער מאָל, און דאָס נאָר צו עטלעכע מינוט... פונקט ווי זשאָרזשי, וואָס מ'זעט אים קוים ביים פרישטיק, — מיטאָג עסט ער אין מיניסטעריום אויף ראַספּאַיל-בולוואַר איז אויך קלויד געווען אַבסאָרבירט מיט זיינע אַרבעטן, — וועלכע קאָמפּליצירטע — מיט זיין דירעקציע, געפירט פון פראַנט ביזן פאַבריק, אַז ער האָט נישט דיספּאָנירט מיט קיין פרייע שטונדן פאַר נישט קע באַשעפטיקונגען!... וואָס איז זי דען איצט נאָר אים געווען? נישט מער ווי אַ חברטע, איצט אַן איבערפליסיקע, אַ געוויינהייט, וואָס האָט זיך געהאַלטן אַ האָר און וואָס דער קלענסטער זכר פון איר האָט אים ממש דענערווירט... ס'האָט זיך איר שטאַרק געוואָלט, אַז וועלכער נישט איז צופאַל

זאָל איר צוריקברענגען ...ווי גוט וואָלט זי פאַרשטאַנען מיטצו־פילן זיין שמערץ, זאָרגן פאַר אים, אפשר קורירן! און גלייכ־צייטיק האָט זי אפילו נישט געגלויבט, אז זי זאָל אים גאָר זען... זי האָט פאַר קיין פאַל נישט געוואָלט פאַרסירן זיין סימ־פאַטיע, וואָס ער באַמיט כסדר צו דערשטיקן. ס'איז אים געווען אַזוי לייכט פאַרנדיק קיין טשעסנוי זיך אָפּצושטעלן ביי זיי אויף עטלעכע מינוט, ווי אין די פריערדיקע צייטן!

די רעזיגנאַציע־שטימונג, מיט וועלכער זי האָט זיך לכתּחלה באַצויגן צו דער גאַנצער געשיכטע, — ווייל זי האָט געהאַלטן מאָריסען פאַר פעיק גליקליך צו מאַכן קלוידן, ענטפערנדיק אויף זיין שיינער ליבע, ווי ער האָט עס פאַרדינט — האָט באַלד באַנקראָטירט, צעגאַנגען ווי שניי פון דעם פייער, וואָס האָט איר אויפגעגעסן. וואָס מער זי האָט געזען קלוידן ליידן פון דערדאָזיקער אומפּרוכטבאַרער אָנשיקעניש, אַלץ שטאַרקער איז ביי איר געוואָרן דער ווילן צו קעמפן קעגן איר פיינט.

איצט, פאַרצווייפלט אין איר אָנמעכטיקייט איבערהויפּט נאָך קלוידס לעצטן, ברוטאַלן אַרויסטריט און זיין אָפּטראָגן זיך אינ־גאַנצן, האָט זי אַראָפּגעלאָזן די הענט און זיך געוואַקלט צווישן איר שמערץ און איר שטאָלץ.

אומזיסט האָט זי זיך געוואָרפן מיט לייב און לעבן אויף איר פאַך, איבערגענומען, אויסערדעם, מאָניקעס גאַנצע אַרבעט און אַלע אירע פילאַנטראָפּישע אינסטיטוציעס. די גריפּע האָט געווילדעוועט מיט אַ פאַרטאָפּעלטער קראַפט. סילוועסטרע האָט זיך ממש צוריסן אין קאַמף קעגן דערדאָזיקער פּלאָג, עקזאַלטירט דורך דער פאַרצווייפלונג ביז צו אַ פולשטענדיקער מסירת־נפש, האָט זי זיך אויסגעזעצט די שרעקלעכסטע געפאַרן, פונקט ווי זי זאָל זען דערין וועלכן נישט איז מיטל פאַר איר דערלייזונג...

אָבער ווי מיד זי איז נישט געווען אין אָוונט, האָט זי זיך דאָך נישט געקאָנט באַפרייען פון דער שרעקלעכער שלאָפ־לאָזיקייט. דאָרט, אין פינצטערן צימער, ווו דער חשק איז גע־ווען אַזוי געדיכט, פונקט ווי די גאַנצע נאַכט, מיט אַלע אירע

קאָשמאַרן זאָלן זיך האָבן דאָ בעזעצט אויף אייביק, דאָרט האָט אָנגעהויבן עגבערן אין איר מח יענער געדאַנק... צום טאַקט פון וואַנט־זייגער האָט געקלאַפּט איר אויפגערעגט האַרץ... דער טויט?... וואָס באַפרייט פון אַלע געדאַנקען, וואָס היילט אויס אַלע ליידן?... גינע האָט געטראַכט וועגן פאַנסעטס ווונדערבאַרע דערפינדונגען. זי האָט זיך דערמאָנט זשאָקכ׳נס אַ פראַזע, אין טאָג ווען ער האָט איינגעוואָרפן דאָס מיניסטעריום... די מוטער איז נאָך דעמאָלט דאָרט געווען... די ווערטער האָבן איר געקלונגען אין די אויערן, נישט מיט דער פייערלעכקייט פון אַ הספד נאָך אַ טויטן, נאָר מיט זייער אָנציענדיקן טאָן פון אַן אָנפאַל: „דער גאַז, וואָס פאַרשלעפּערט אויף אייביק״... אפשר איז גאָר דער זעלבסטמאָרד אַ מין גענוס?...

די אידעע האָט זיך באַלד פאַרוואַנדעלט אין אַ פּראָיעקט...

מיט דער דאָזיקער אומבאַגרייפלעכער כמעט אומדערקלער־לעכער לייכטקייט פון דער יוגנט, ווען ס׳פאַרכאַפּט איר פלוצלינג דער ווידערווילן צום לעבן בעת ס׳באַווייזט זיך ברוטאַל אויפן גאַנצן שטח פון זיין שרעקלעכער פוסטקייט. מיטן דאָזיקן געפיל איז סילוועסטרע נישט געווען בכח מער צו קעמפן.

— איך וועל זיך נעמען ס׳לעבן עטלעכע טעג נאָך זייער התונה, האָט זי געזאָגט, נאָכדעם ווי זשאָרזשיס אַעראָפּלאַן וועט זיי האָבן אַוועקגעטראָגן ווייט פונדאַנען.

מיט לאַנגזאַמע טריט איז זי צוריקגעגאַנגען פון דער טע־ראַסע, וווהין זי האָט זיי באַגלייט. הער בלאַנשעט איז אַריין צו זיך אין קאַבינעט, ווו ער האָט כלומרשט געדאַרפט צוזאַמענשטעלן די נאָטיצן פאַר זיין נייעם קורס פאַרלעזונגען, וועלכן ער האָט איבערגעריסן אין קאַלעזש דע פראַנס. זי איז אים נאָכגעגאַנ־גען, פעסט איבערצייגט, אַז ווי געוויינלעך, וועט זי אים אויך איצט געפינען זיצנדיק אומבאַוועגלעך ביים טיש לעבן די אָפענע ביכער און ווייס פּאַפּיר.

אָ! זי וועט אַלץ אַזוי איינאָרדענען, אַז זי זאָל פאַר־שווינדן גאַנץ נאַטירלעך, אַז דער דאָזיקער נייער קלאַפּ זאָל זיך לגמרי נישט מערקן. נאָכן ערשטן שרעק וועט זיך דער פאָטער

באַלד ווידער צוגעוווינען דערצו, וואָס אין שטוב פעלט נאָך אַ געזיכט... זי וועט פאַרשווינדן אַזוי פלוצלינג פונקט ווי די מומע סילוועסטרע, און אפילו נינע און זשאָרזשי וועלן גלויבן אין כלומרשטן אומגליקספאַל, און סוף־כל־סוף זיך טרייסטן... נישט אַזוי געשווינט ווי קלויד! אָבער גיכער ווי זיי האָבן לכתחילה אַליין געקלערט...

מאָמענטענווייז האָט איר שטאַרק געקוועלט איר צוזאָג, וואָס זי האָט געגעבן דער מוטער... זי האָט נישט אויפגעהערט וועגן דעם צו קלערן... יאָ, זי האָט געשוואוירן... אָבער וואָס פאַר אַנ׳עצה קאָן איר דאָ געבן דער פאָטער? צי וואָס זאָל זי אים קוועלן אומזיסט און אומנישט? צו וואָס און צו ווען. אַז איר באשלוס איז פעסט... סילוועסטרע האָט געמאַכט שנעלערע טריט... קודם כל דאַרף מען זיכערן דאָס גליק פון ברודער!... גינע האָט א פיל רויקערן כאַראַקטער פון איר, און איז ווירקלעך די פרוי, אין וועלכער ער נייטיקט זיך, „און אויך די פאַסנדע טאָכטער צו פאַרלייכטערן דעם פאָטערס שמערץ". סילוועסטרע, ברענגענדיק איר קרבן, האָט זי געשפּירט נישט בלויז אַ פאַר־לייכטערונג, אַן אינערלעכן פרידן, נאָר אַ פולשטענדיגע, פרייד, קלערנדיק וועגן גינעס גליק. אַ מערקווירדיקער כאַראַקטער פע־היק צו אבסטראַהירן דעם אייגענעם איך אפילו אין מאָמענט, פון דער ווילדסטער ליידנשאַפט...

— דאָס בין איך פאָטער! — האָט זי געזאָגט זעענדיק ווי דער פאָטער האָט אַ ציטער געטאָן.

זי איז אריין אין צימער מיט שטילע טריט פונקט ווי ס׳פלעגט מאַכן מאָניקע, בעת זי איז געקומען זיך אָוועקזעצן לעבן אים. ער האָט אַ פיר געטאָן מיט די הענט איבער די אויגן ווי ער זאָל וועלן פאַרטרייבן עפּעס אַ בילד...

— איך האָב געמיינט...

ער האָט איבערגעהאַקט, מורא האָבנדיק מיט זיין אייגענעם שמערץ צו פאַרשאַרפן סילוועסטרעס. ער האָט איר באַטראַכט, פאַ־מאַטערט מיט אַ מין אומווילקירלעכן כעס. צו איז עס ריכטיק זיך צו דערפירן צו אַזאַ צושטאַנד צוליב אַ ליבעס־טראַגעדיע,

בעת מ׳האָט פאַר זיך אַן עקזיסטענץ און אַ צוקונפט. זי שפּירט הייסט עס נישט, אַז בלויז איין אומפאַרגעסלעכער אומגליק איז דאָ אויף דער וועלט: דער טויט!...

זיין מאַטעריאַליזם, ענלעך אויף דעם וואָס מאָניקע האָט שוין לאַנג אפּישירט, האָט אים קענען זיין ווילן געטריבן צום לעבן, וואָס איז איצט געוועזן אַזוי אָרמזעליק און וויסט, אַז אַלץ וואָס ער האָט ליב געהאַט, נשמה און גוף, איז פאַר אים נישט געוועזן מער ווי אַ הויפן ערד.

סילוועסטרע האָט אים צערטלעך אַ קוש געטאָן אין שטערן אין ערנסט זיך אַוועקזעצט קייגנאיבער אים... אָפּטמאָל פלעגט זי לעצטנס צו אים אַריינקומען בעת זשאָרזשי איז נישט געווען אינדערהיים, כדי אים זיין צו געזעלשאַפט. זיי האָבן צוגעפּאַסט זייער שווייגן צו זייערע ליידן. ער האָט אָבער געשפּירט, אַז היינט עקסיסטירט עפּעס צווישן זיי אַ נייע אידעע, אַזאַ באַדערפעניש צו רעדן דאָס געטריבן סילוועסטרן צו אים צו קומען, און איצט אין מאָמענט ווען זי דאַרף עס טאָן, פעלט איר דערצו דער מוט... און דעריבער האָט ער פריער אָנגעהויבן:

— ס׳איז דיר ווארשיינלעך שווער, דאָס, וואָס דו ווילסט?...

ער האָט באַטראַכט דאָס געקוועלטע געזיכט. די אָפּגעמאָגערטקייט פון זיין טאָכטער, און זיין אומרויקייט האָט זיך פאַרשטאַרקט, ווי ס׳ווייזט אויס נאָגט איר נאָך אַ שמערץ, אַ שטאַרקערער ווי זיינער, אַז זי איז אַזוי געוואָרן... און אַזוי ווי ער האָט איר ליב געהאַט, אויב נישט מער, איז ווי זיך גופא געוויס, האָט ער איר באַקלאָגט, כאָטש ער האָט זיך געוואונדערט אויף איר שוואַכקייט.

— קלויד, נישט אמת?

— ניין! ניין! האָט זי געשריגן, — און דאָס גאַנצע בלוט האָט איר אַ זעץ געטאָן אין געזיכט. דער פאָטער האָט באַמערקט איר אויפרעגונג און האָט אַ טראַכט געטאָן: „דאָס אומגליק איז אַ סך ערנסטער ווי איך האָב מיר עס פאָרגעשטעלט“ ער האָט זיך געמאַכט צאָרוורפן, וואָס ער האָט זיך נישט צוגעקוקט אויפמערקזאַמער צו דער אַנטוויקלונג פון דערדאָזיקער ליידנשאַפט.

איבערהויפּט נאָכן פאַרשווינדן פון יענער, וועלכע האָט אַזוי גוט פאַרשטאַנען ווי צו פּלעגן אַ קראַנק מיידל־הארץ... — פאַרצייי מיר, האָט געזאָגט בלאַנשעט. דיין מוטער און איך, ביידע האָבן מיר שטאַרק רעספּעקטירט דיין שווייגן, אָנטייל גענומען אין דיין שמערץ. איצט, אַז זי איז דאָ מער נישטאָ, מיינאיך אַז דו ווייסט, אַז איר געדאַנק און מיינער זענען איינס. כדי דיר צו אונטערשטיצן... מיט מיין אַלטער וויסנשאַפט, וועל איך נישט אויפטאָן פאַר דיר קיין גרויסע זאַכן, איך זעע דאָס גוט... אָבער דאָך וויל איך, אַז דו זאָלסט אָפּשאַצן ווי געהעריק מיין אומענדלעכע ליבע צו דיר...

סילוועסטרע האָט זיך אַ וואַקל געטאָן. אין ערשטן מאָמענט איז זי כמעט גרייט געווען אַרויספאַלן אים אויפן האַלדז און דערציילן דעם גאַנצן אמת... אָבער ניין! מיט וואָס פאַר אַ רעכט קאָן זי נאָך פאַרגרעסערן די ליידן, וואָס ס׳ליגן אויפן דאָזיקן געקוועלטן געזיכט. פון רחמנות צו אים וועט זי בעסער נישט דערפילן דעם צוזאָג, וואָס זי האָט געגעבן דער מוטער. זי געהערט אויסשליסלעך זיך, זיך אַליין! אויך מיט איר שמערץ האָט קיינער קיין שייכות נישט אויסער זי גופא... פאַר אַנדערע איז זי נאָר מחויב צו טאָן דאָס, וואָס ס׳קאָן זיי פאַרשאַפן פרייד!... זי האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ.

— איך דאַנק דיר פאָטער, אָבער נישט וועגן זיך האָב איך געוואָלט מיט דיר רעדן, נאָר וועגן זשאַרזשין...

ער האָט באַהאַלטן זיין מורא פונקט ווי זי איר סוד:

— וועגן זשאַרזשין? וואָס וויל ער דען?... אין זיין נאַכט האָט ער פונקט אַזוי נישט געזען דעם טאָג וואָס ס׳גייט אויף, פאַר זיינע אויגן, פאַר גינען און זשאָרזשין, חוץ דעם חשך, וואָס ס׳לאָזט זיך אַראָפּ פון סילוועסטרען... זי האָט געוואַרט, אפשר וועט ער זיך כאַפּן. פלוצלינג האָט ער פאַרשטאַנען.

— ער איז, שיינט מיר, נישט מינדעריעריק ער זאָל זיך שיקן אין דיין אפּיטרופּסות!

דער ערשטער אומצופרידענער רעפלעקס וועגן דאָזיקן אומגעדולדיקן גליק, באַלד האָט ער זיך אָבער געמאַכט פאַר־

וואָרפֿן, וואָס ער האָט לגמרי אין דעם פֿאַרגעסן... מיט אַן אויס-
דרוק פֿון צערטלעכקייט האָט ער פּלוצלינג צוגעגעבן:
— דאָס איז הייסט עס דער צוועק פֿון דיין שליחות?
— דאָס איז עס פֿאָטער. אָבער מיין נישט, פֿאָטער, אַז
די איניציאַטיוו שטאַמט פֿון זשאָרזשין... נישט גיכע, נישט ער
האָבן דערפֿון קיין אַנונג נישט... זיי האָבן ביידע מורא געהאַט,
אַז דו וועסט זיין בייז, וואָס זיי איילן זיך אַזוי. איך אַליין
בין געקומען דערביי, אַז איצט קאָנען זיי זיך אפשר פֿאַרייניקן...
זיי האָבן דיך זייער ליב, האָבן נישט ווייניקער געליבט דער
מוטער, און אין זייער גליק וועלן זיי אָפּהיטן דאָס אָנדענקען
אָן אונזער גרויסן אומגליק... דאָס הויז וועט אונז אַלעמען נישט
אויסזען אַזוי וויסט, אַז אַ יונגע מאַדאַם בלאַנשעט... דו ביסט
מסכּים, יאָ? איך האָב דערין נישט געצווייפֿעלט!
הער בלאַנשעט האָט געמורמעלט:
— ווען די שטים פֿון דער וואָס שווייגט זאָל זיך קאָנען
הערן, וואָלט זי געוויס מיט דיר מסכּים געווען, איך פֿיל עס.
איך האָב געזען דיין מוטער בעת דו האָסט צו מיר גערעדט...
ס'טרעפֿט ט״ג וואָס — נישט געקוקט דערויף וואָס דו ביסט איר
ווייניק ענלעך — זע איך אין דיינע אויגן איר גאַנצע נשמה פֿון
דער צייט ווען איך האָב איר דערקענט.
ער האָט אַ זיפֿץ געטאָן און לעבהאַפֿט, ווי אַפּטרייבנדיק
אַ שמערצלעכע דערינערונג, געזאָגט:
— זי האָט אַזוי ליב געהאַט ס'לעבן, אַז זי וואָלט זיך
פֿרייען ווען זי קאָן זען ווי ס'ליט אויף אַ ביי לעבן... קיין
אומפֿרוכטבאַרע ליידן טאָר נישט פֿאַרטונקלען איר אָנדענקען.
כאָטש ער האָט ביי דידאָזיקע ווערטער געפֿלערט בלויז
וועגן זיך, האָבן זיי דאָך כּלומרשט צערודערט. צעשטעלט,
אָבער גלייך האָט זי זיך געפּאַסט, באַרויקט.
ער האָט ווייטער גערעדט:
— נו גוט! זאָל זיין אַזוי! דאָס הויז איז גענוג גרויס,
ס'וועט זיין פּלאַץ פֿאַר אונז אַלע, מיר וועלן זיכער נישט דאַרפֿן
שטערן איינער דעם אַנדערן מיט אונזערע קעגנזייטיקע פֿגאָיז-

מען... ס'האַנדלט זיך נאָר מכח באַשטימען, וואָס פריער איז בעסער!

... וואָס פריער גינע וועט דאָ זיין אַלץ גיכער וועט זי מיט איר אַנוועזנהייט צעשטרייען סילוועסטרען!... האָט ער גע־טראַכט.

זי האָט זיך אויפגעהויבן, אַ שוואַכער שמייכל האָט גע־שוועבט אויף אירע אייגנזיניקע ליפּן.

— אַניקע דאַרף דאָ באַלד זיין. איר דאַרפט זיך בּלוי פאַרשטענדיקן.

— דו וועכסט נישט זיין דערביי? דו גייסט שוין ווידער לויפן פון איין קראַנקן צום אַנדערן, מאַכן פון זיך תל? אין האַרץ, אַז גינע וועט היינט... בלייב, איך בעט דיך...

— איך קאָן נישט...

הער בלאַנשעט האָט איר נאָכגעשיקט אַ לאַנגען בליק.

ער פלעגט גאַנץ אָפט פאַרדויערן, אָבער קיינמאָל נישט אַזוי שטאַרק ווי אין איצטיקן מאָמענט, וואָס די אומאָפּהענגיקייט פון די קינדער איז שוין דערגאַנגען אַזוי ווייט, אַז די פאָטערס אַבדיקירן לגמרי פון זייער איינפלוס און ביכלעכווייז פאַלט אינ גאַנצן דער פאַמיליען־אויטאָריטעט. ער האָט לחלוטין נישט גע־האַט קיין שום ווירקונג אויף דער אָנפירונג פון זיינע קינדער־אפשר מיט זיין ליבע... אָבער גראָד איצט האָט ער זיך איבער־צייגט ווי אָנמעכטיק ס'איז געווען דידאָזיקע ליבע. ער האָט זין נעפּרוווט אַ נעם טאָן צו דער אַרבעט, ס'איז אים אויך געלונגען אַ גאַנצע שעה ווי געהעריק צו אַרבעטן. דערשפּירנדיק זיך אַביסל שטאַרקער, איז ער אַראָפּ אין גאָרטן. ער איז אַרומגעגאַנגען און האָט כסדר אָפּגעזוכט אַלע ערטער, וווּ ער האָט אַזוי ליב גע־האַט צו זיצן אויף זיין וויג־שטול לעבּן מאָניקען... ער איז צוגע־קומען צו דער מאָך־באַנק אין דער סיקאמאָרע, פון וואַנע ס'האָט געזען — ווי פון אַ באַהעלטעניש — דעם שאָסיי קיין באַיז, דעם ווייטן הימל, ווו ס'האָבן זיך נעקרייצט אייניגע לופט־שיפן. דאָ האָט ער געפונען סילוועסטרען, די הענט אויפן גע־ויכט, אַ ווייענדיקע. זי האָט דערהערט די טריט צו שפּעט און

האָט נישט באַוויזן זיך אָפּצוטראָגן, איר אויסזען איז געווען אַזאַ פאַרצווייפלטער, אַז דער פאָטער, אַ שטאַרק אויפגערעגטער, איז איר געפאַלן אויפן האַלדז...

— וואָס האָט עס אייגנטלעך פּאַר אַ זין? דו האָסט איצט, קעגן מיין ווילן, געזען וואָס איך לעב איבער... און דו ווייסט גאַנץ גוט די סבה פון מיינע ליידן. איך האָב זיך פריער געשעמט אָנהויבן די ערשטע...

ביי אַ געוויסער אָרט ליידן איז נישטאָ מער קיין שאַנד, ס'איז בלויז פאַראַן אַן עלנד.

גערירט פון אַזאַ עקזאַלטאַציע, האָט ער איר געצערטעלט ווי אַ קליין קינד. זי האָט געכליפּעט:

— אָ! איך האָב זיך שוין אַלץ געזאָגט... אַז מאַריסע פאַרדינט נישט דעמדאָזיקן פּחדנישן שמערץ..., אַז אַנדערע, אויסער קלוידן, פאַרדינען מ'זאָל זיי ליב האָבן... אָבער ס'איז איצט שטאַרקער פון מיר, נאָכדעם ווי די מוטער איז אַוועק... ס'איז אויס, אַ סוף צו אַלעם! איך קאָן נישט מער, איך קאָן נישט...

נאָך איר בלאָנדזשענדיקן בליק, האָט ער, אַ צעשראָקענער, באַמערקט, אַז זי האַלט ביים עקסטרעמסטן, אַז איר באַשלוס איז אַ פעסטער. ער האָט איר געדריקט צו זיך, געהאַלטן פאַר די הענט...

— סילוועסטרע, הער מיך אויס... איך בעט דיך אין נאָמען פון מאָניקען... ניין! רעד מיר נישט מער. איך פאַרשטיי...

זי האָט אַראָפּגעלאָזן דעם קאָפּ, ער האָט אים אָבער אויפגעהויבן... איר געצוווּנגען אים אָנצוקוקן.

— איז עס, הייסט עס אמת! דו האָסט געקלערט וועגן אַ אַ שרעקלעכן שריט?... אָבער דו האָסט זיך לגמרי נישט פאַרטראַכט וועגן די קאָנסעקווענצן, פון אַזאַ נייעם קלאַפּ!... דו האָסט, הייסט עס קיין שום רחמנות נישט, נישט אויף מיר און נישט אויף זיך?...

— פאָטער!

די גרויסקייט פון אַ לעבן און ליבע, ריינער און טרייצ-ליבע, דאָס באַוווסטזיין פון אַן איבערגעבנקייט, וואָס

האָט קיין מאָל נישט בוגד געווען, האָט צוגעגעבן בלאָנשעטס שטים אַן אומגעווײנלעכן אַקצענט. ער האָט געזאָגט:

— צו ווייסטו, אַז ווען איך זאָל נישט קלערן וועגן אייך, וועגן דיר נאָך מער ווי וועגן זשאָרזשין, ווייל דו ביסט אומגליקלעך, זואָלט איך, פאַרלירנדיק דיין מוטער — מער ווי די העלפט פון זיך גופא! — געלעבט אָן איר איין שעה?... איך האָב אויך געקלערט וועגן זעלבסטמאָרד. איך שרעק זיך פאַר אים אפשר ווייניקער ווי דו. איך האָב אָבער געזען דיך, דיין געשטאַלט... די קאָפּיע פון דיין מוטער. צו פינף און צוואַנציק יאָר. און דאָס האָט מיך אָפּגעהאַלטן. אַ פליכט, מעכטיקער פון מיין רעכט, האָט מיר געגעבן מוט צו לעבן... ווייל אויב מ׳דאַרף האָבן מוט צו מאַכן אַזאַ פאַרצווייפלטן טריט, וועגן וועלכן דו קלערסט, מוז מען אָבער האָבן נאָך אַ גרעסערן מוט צו לעבן אויסשליסלעך פאַר געוויסע פליכטן... די פשוטע, אָרעמזעליקע, טעגלעכער פליכט, הייליק, ווייל מ׳קען דערמיט העלפן אַנדערע... דו מיין טאָכטער, אַ געלערנטע פרוי! דו מיט דיין יוגנט, געזונט, ווילנסקראַפט... דו, וואָס דיין פּראָפעסיע איז די שענסטע פון אַלע!...

ער האָט איר אַזוי אריינגערעדט, אַז זי האָט אראָפּגעלאָזן די אויגן, ווי צעטומעלט...

— דו ביסט אין דעם עלטער, ווען מ׳קען נאָך בכלל נישט דאָס לעבן, נישט זיינע מאוסע זייטן, נישט זיין פאַרבאָרגענע שיינקייט... ווען מ׳שטעלט אַלץ אויף דער קאָרט מ׳געניסט אָן חרטה... וואָס ווייסטו דען פון דער צוקונפט?... אפשר קומט נאָך גאָר קלויד צוריק?...

— אוממעגלעך!

— דער וועג, וואָס ליגט פאַר דיר, איז אַ לאַנגער!... און שוין ביים ערשטן טריט האָסטו זיך דערשראָקן?... און וואָס וועסטו מאַכן מיטן אומפּאָראויסגעזענעם, וואָס וואַרט אפשר אויף דיר, גלייך ביים צווייטן? די ליבע, אפשר טאַקע קלוידס, ווער ווייס? וועט אויסהיילן די ליבעס־וווּנד, ווייל דאָס לעבן האָט אין זיך גופא די הייל־מיטלען, ווייל דו טאָרדינסט גליקלעך צו זיין,

ווייל דו האָסט בײַ זיך אין האַנט, — יאָ דו, דו אַליין, ווען דו זאָלסט עס נאָר ווע׳לן, די עלעמענטן פון דיין גליק... זיי זיך מקריב! ער האָט זיך נאָר דאָן, בעת מ׳גיט זיך אָפּ פּאַר אַנ־דערע... דער טויט! דער טויט! מ׳מוז קעגן אים קעמפן ביזן לעצטן אָטעמצוג! ווי וואָלט מאַניקע ווייטער געלעבט, אויב נישט אין אונזער זכרון? איידער דו גייסט זיך אומברענגען צוליב אַ חלום, וואָס קאָן זיך נאָך רעאַליזירען, קלער בעסער וועגן איר און וועגן אַלע, וועלכע ס׳נייטיקן זיך אין דיין עקזיסטענץ, אין דיין הילף... און קודם־כּל, דאָקטאָר, הייל אויס דיך אַליין.

— ווי וועל איך עס קאָנען? איך בין אפילו נישט געווען בכּח צו ראַטעווען דער מוטער!

— דו קאָנסט עס, קלערענדיק בלויז וועגן מיר? וואָס וועט פון מיר ווערן, אויב איך זאָל נאָך דיך אויך פאַרלירן... ווידער האָט זי אויף אים אַ קוק געטאָן, אַ פאַרציטערטע.

ער האָט איר נאָך אַ מאָל אַרומגענומען, און איז אוועקגע־גאַנגען, — כּדי צו לאָזן איר אַ׳יין מיט אירע געדאַנקען — אין אַ געוויסער מאָס איז זי געווען באַרויקט.

---

אַניקעס באַזוך, אַ צווייטער געשפּרעך מיטן פּאָטער, און אוונט אין דער געזעלשאַפט פון די גליקלעכע חתן־כּלה, אַ דורכ־געטראַכטע נאַכט מאָדיפיצירט, אויב נישט פון גרונט אויס, איז ווייניקסטנס די אומגעלומפּערטע פאָרם פון סילוועסטרעס באַ־שלוס. ניין! זי וועט נישט פאַרראַטען דער מוטערס אָנדענקען. נישט אומזיסט האָט עס דער פּאָטער באַטאָנט, ס׳זענען נישט בלויז קיין אַל־טרואיסטישע געפילן, נאָר גיכער אַ וויכטיקער דערציונגס־אַקט...

אָבער באַזיצנדיק איצט געווג ענערגיע צו רעזיגנירן פון זעלבסמאָרד, האָט זי זיך בשום אופן נישט געוואָלט אָבזאָגען פון באַשלוס ווי נישט איז צו פאַרשווינדן... אַביסל שפּעטער אפשר, ס׳זאָל זיך נישט אַזוי וואַרפן אין די אויגן. בײַ דער געלעגנ־

הייט מוז זי זיך אומבאַיינגעט אַרויסרייסן פון דערדאָזיקער מיל, ווי אַלץ דרייט זיך נאָכאַנאַנד אַרום דעם זעלבן קרענקלעכן פונקט. איצט איז זי לגמרי רוהיג מכח די, ווען זי האָט ליב, איר פאָטער, זשאָרזשי, זי איז זיכער, אַז גינע וועט איר פולשטענדיק פאַרבייטן אין דער ווירטשאַפט, און זי וועט אַנטלויפן פון פּאַריז, פון קלוידן, פון אַלע באַדינגונגען, וואָס פאַרשאַרפן אירע ליידן.

מיט אַ קורצער צייט צוריק האָט מען איר פאָרגעשלאָגן אַ פּאָסטן אַלס גינעקאָלאָגן אין פראַנצויזישן קראַנקן-הויז אין קאַלקוטע. זי האָט באַשלאָסן אָנצונעמען, אין דער שטיל אָבער דעצידירט נישט אַוועק אַזוי ווייט, נאָר בלייבן אין אַלעקסאַנדריע. דאָרט האָט געהערשט אַ פּעסט-עפּידימיע. וועגן וואָס ס'האָט איר לעצטענס געשריבן אַן עגיפּטישע דאָקטאָרין, אירע אַ געוועזענע חברטע פון מעדיצינישן פאַקולטעט, די מגפה ווילדעוועט אומברחמנותדיק אין ס'פעלן אויס דאָקטורים. זי האָט גלייכצייטיק טעלעגראַפירט קיין קאַלקוטע און צו דער פריינדין אין אלעקסאַנדריע. ווי נאָר זי וועט בעקומען אַן ענטפער — ס'וועט שוין זיין נאָך זשאָרזשיס התונה — וועט גינע איבערנעמען די ווירטשאַפט און זי וועט זיך אָפּטראָגן. הער בלאַנשעט וועט לכתחלה פּראָטעסטירען, אָבער סוף כל סוף נאָכגעבן.

מיט פרישן מוט, נאָכדעם ווי אַלץ איז איצט געווען איינגעאָרדנט, האָט זי זיך ווידער אַ נעם געטאָן צו אירע וויזיטן און אירע לעקציעס. זי האָט גערעכנט אָפּצופּאָרן נישט דערעסענען דיק קלוידן מיט קיין שום דערקלערונג. דער צופאַל האָט אָבער געוואָלט, אַז גייענדיק פון דער קליינער מירא, וועלכע איז געלעגן קראַנק אויף אַ גריפּע, האָט זי אים גראָד געטראָפן ביים פּאַב־ק טויער פון טשעסנוי. זי האָט זיך צו איהם געווענדעט ווי זי זאָל אים ערשט נעכטן האָבן געזען, ווי צווישן זיי זאָל קיין שום זאַך נישט זיין אַנישט זייער שטענדיקע חברשאַפט. ער איז געוואָרן אַביסל צעטומעלט, ווי איינער וואָס שפּירט, אַז ער איז די סבה פון אַ דראַמע און קאָן דערצו גאָרנישט העלפן.

זיי האָבן גערעדט וועגן די לעצטע פּאָליטישע געשעענישן. וועגן זיין אַרבעט אין מיניסטעריום אין פאַבריק, וועגן געזונט-

צושטאַנד פון הער בלאַנשעט. שפּעטער, אַז דער געשפּרעך האָט זיך אויטאָמאַטיש געענדיקט, האָט ער פריינדלעך אַ פרעג געטאָן:

— די מוטער האָט מיר געזאָגט... אַז דו פאָרסט אַוועק?

— זי האָט אויף אים גלייכגילטיק אַ קוק געטאָן און האָט געזען, אַז ער האַלט איר אַוועקפאָרן פאַר אַ גאַנץ נאַטירלעכע זאַך, אפשר גאָר פאַר ווינטשנסווערט. דאָך — זי האָט גוט געמערקט — האָט ער איר באַדויערט. און דאָס האָט איר מער געקרענקט, ווי ער זאָל האָבן געוואָלט בלייבן אין גאַנצן גלייכגילטיק...

— איך ווינש דיר גליק, האָט ער געמורמלט.

— סילוועסטרע — האָט ער געשטאַמעלט... איך האָב אַזוי געוואָלט...

אָבער נישט אויסהערנדיק דעם סוף פון דער פראַזע, האָט זי אַ זאָג געטאָן: „אויף ווידערזען”, ווייל זי האָט דערשפּירט, אַז איר שטאָלץ ווערט שוואַכער, אין די צערטלעכקייט שטאַרקער. אויף אַ לאַנגע צייט, אפשר אויף אייביק, האָבן זיי זיך געזאָגט אַלץ, וואָס זיי האָבן געהאַט אייגעה דעם אַנדערן צו זאָגן.

## 7.

קלויד איז געווען אין ניצע.

די אונטערגייענדיקע מערץ־זון האָט געשטראַלט איבערן קאַרנעוואַל־אָוונט מיט אַ בלויליכער פרישקייט פון אַן אויסגע־שטערנטן הימל...

ער איז אַראָפּ צופוס אויף דער דיגעס־עוועניו, זיך קוים דורכשניידנדיק אַ וועג דורכן ליאַרם און געטומל פון גרויסן יום־טוב עולם. גירליאַנדעס פּאַפּיר לאַמטערנעס אין ליכט, רעקלאַמעס האָבן געברענט אין אַלע עקן און באַלויכטן די צעפּאַלנדיקע פּינצטערקייט. קולות, געשרייען, אַ פּייפעריי, טרומייטער־שפּילן, פּע־טאַרדעס, זידלווערטער אַלץ האָט זיך צונויפגעגאָסן אין איין אומ־ענדלעכן ליאַרם.

קלויד איז געווען אויסער זיך, צוקיקנדיק צו דערדאָזיקער מענטשן־מאַסע, צום דאָזיקן מאַסקאַראַד פון חיות... דער פלעבסט פון אונטערגייענדיקע מלוכות!

ער האָט באַדויערט, וואָס ער איז נישט אָפּגעפאָרן דירעקט פון מאָנטא־קארלא קיין פּאַריז, נאָכדעם ווי ער האָט דערלעדיקט זיין מיסיע...

אָ! ווען ער זאָל נעכטן נישט געזען, אַריינגייענדיק אין האָטעל, באַגעגענען מאָריסען, בעת זי איז אַרויס פון דאַנסינג „...ווינד" און זיך נישט בעשטעלט מיט איר אויף אַ ...א דקע... ער האָט זיך געוואונדערט: צי איז בלויז אַ צופאַל אָדער... טאָמער באַשערט!

דערזעענדיק אים, איז זי פֿון איבעראַשונג געוואָרן רויט ווי פֿייער, כמעט ווי צוגעלאָפֿן צו אים, און אירע ליכטיקע אויגן האָבן געשטראַלט פֿון פֿרייד.. אירע פֿריינטלעכע ווערטער האָבן נאָך געקלונגען אין זיינע אויערן... „ווי לאַנג זענט איר דאָ?“ — פֿון היינט פֿרי —

— אויף לאַנג? אויף דריי טעג.

— צו ווייניק! זענט איר נאָך אַלץ אויף מיר בייז?

— אויסער דעמאָלט, ווען איך זע אייך.

— אויב אַזוי, טאָ זעט מיך אָפֿט. מער פֿאַרלאַנג איך נישט.

— ווירקלעך?

זיי האָבן אַ ווײַלע ביידע שפּאַצירט. יעדערער מיט זיינע באַהאַלטענע ווונשן, זוכנדיק זיך צו באַהערשן. זיסע ווערטער, וועלכע מ׳רעדט אַרויס און מ׳וויל דער אַנדערער זאָל זיי הערן, אַ היץ וואָס שטראַלט אַרויס פֿון דער אָנוועזנדער געליבטער און באַהאַלט זיך נישט... ער האָט נאָך געציטערט פֿון דידאָזיקע לייכטע באַרירונגען, פֿון דערדאָזיקער אָנגענעמער נענטקייט.

מאָריסע האָט אים איבערגעלאָזן ערשט דאַן בעת זי האָט דערזען איר מוטער שפּאַצירנדיק געאָרעמט מיטן הערצאָג ווירענט, ד׳עכּפּיטא. נאָך זיי איז געגאַנגען אַן אימפּאָזאַנטע גרופּע: די גרעפֿין הופֿעל, דער קרוינפּרינץ פֿון אובאַנגהי און די ד׳אַנטראַג און מאַקס דע לאָם מיט איר הונט אויף די הענט.

— איך וואָלט זיך מיטן דאָזיקן עולם נישט באַגעגענען וואָס?... איך פֿאַרשטיי עס זייער גוט!... אָבער איך וואָלט זיך דאָך וועלן מיט אייך זען, זיך דורכרעדן... מאָרגן נאָכמיטאָג, אוממעג-לעך... איך מוז צוגרייטן מיין אַניטאַ צום בלומען-קאָרסאָ. קומט אין אָוונט אין קאַסינאָ, צום אָוונטברויט. טיש פֿינף און צוואַנ-ציק, אָדער אויב דאָס לאַנגווייליקט אייך, אויפֿן באַל, דערנאָך... זייט רויִק איך וועל אייך געפֿינען, איך דאַרף אייך איבערגעבן אַ סך זאַכן! וואָס האָט זי אים געהאַט איבערצוגעבן?

אַ צעטראָגענער האָט ער זיך אויפֿגעכאַפּט אין דער פֿרי ווי נאָך אַ פֿיבער-נאַכט, אַ בעצויבערטער.. אַ נייע מאָריסע, די ריכטיקע, איז איצט געשטאַנען פֿאַר זיינע אויגן, אַ מאָריסע, וואָס

האָט זיך אָפּגעטרייסלט פון פריערדיקן שמוץ, וואָס באַדויערט דאָס געשעענע און ליבט אים אויך... דער געשלעכטלעכער אינ־סטינקט האָט אים פאַרכאַפּט מיט זיין גאַנצער אומווידערשטאַנדס־קראַפט, אַוועקגעריסן אים פון אַלץ, פון דערווירקליכקייט, פון זיין אויפגאַבע, וואָס האָט אים פלוצלינג אויסגעזען אַזוי ניש־טיק.

צו וואָלט ער עס געגלייבט, בעת ער איז אַריינגעשפּרונגען אין ווייסן צוג, — דער נייער איבערראַשנדיקער צוג פון קאָליע קיין מענטאָן, אָנשטאָט דעם אַלטן בלויען — אַז איין איינציקע מינוט וועט אומוואַרפן אַלץ, וואָס ער האָט דערגרייכט אין משך פון די לעצטע וואָכן?... די היילקראַפט פון דער אַרבעט. דאָסדאָזיקע נייע שאַפן, וואָס אַ דאַנק אים האָט ער שוין זיין אַלטן שמערץ פאַרגעסן... אינגיכן זאָל חתונה האָבן סילוועסטרע, אַניקע. פרידן מיט די רעפאָרמען, וואָס זענען דורכגעפירט געוואָרן אין די פּאָליציַן־געזעצן, האָט זי פאַרשטאַנען, אַז אַמעדיי גופא, פונקט ווי הער בלאָנשעט, וואָלטן געוועזן צופרידענער פון אַ באַפרייטער הייראַט, ווי פון אַ פריער פאַרבינדונג, ווי, יענע איז נאָך אַלץ נענטער צו די אַלטע מנהגים... זי גופא האָט דעמאָלט אָפּגע־וואָרפן דידאָזיקע כלומרשטע פאַרבעסערטע פאָרם, כדי צו באַווייזן איר אומגערעכטיקייט.

סילוועסטרע! דאָסדאָזיקע אייגענזיניקע מיידל איז איר אפשר געוועזן אַ סך נענטער ווי איר אייגענע טאָכטער מיט איר רויקן כאַראַקטער. זי האָט געהאַט גרויס קרענקונג, זיך צוקוקנדיק, ווי קלויד לאָזט זיך פאַרדרייען דעם קאָפּ פון מאָריסען און זעט נישט צוליב איר זיין אמתן חבר. אָבער צו דען איז איר נישט אין דער יוגנט, אַ געוויסע צייט, געוועזן געפעלן בעסער פּיער לעבא ווי אַמעדיי?

אויפן צווייטן טאָג נאָך גינעס חתונה און סילוועסטרעס אָבפאָר האָט זי געהאַט מיט קלוידן אַ לאַנגען, ערנסטן געשפּרעך. די צערמאָניע איז געוועזן אַ גאַנץ איינפאַכע, בלויז אַ גאַנג צום געמיינדע־פאָרשטייער, ווו דאָס האַרץ האָט זיך אונטערגעשריבן אויף זייער קעגנזייטיקער איינוויליקונג...

— וואָס זאָגט דיר גאָרנישט? האָט אַניקע נאָכגעפרעגט ביי קלוידן?

— אָבער ער האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געענטפערט:

— דו קאָנסט דאָך אויף מיר קיין פאַראיבל נישט האָבן, וואָס אין גרונט גענומען קלער איך אַזוי ווי דו: „וואָס איז אַזוינס חתונה האָבן אָן ליבע״?״ סילוועסטרע. יאָ, איך האָב איר ליב. אָבער זיי אויפריכטיק: צו גלויבסטו, אַז פריינטשאַפט איז גענוג לכתחלה אויף זיך צו פאַרבינדן?...

— ניין, אָבער... מאָריסען ליבסטו... זייער אַ קורצע צייט, צי וועסטו רעדן מיט איר חתונה האָבן?

ער האָט זיך געוואַקלט צו ענטפערן. זי האָט מער נישט גערעדט. צוויי זוימענקערנער, איינער אַ צעפוילטער, דער צווייטער אַ געזונטער וועלכער וועט אויסוואַקסען? זי האָט געהאַט צוטרוי: דער באָדן איז געווען אַ געזונטער.

קלויד איז געפאָרן קיין ניצע, וווּהין דער פאָטער האָט אים געשיקט אויף אַ קאָנפערענץ — ווייל ער אַליין האָט קיין צייט נישט געהאַט — נישט הער זשעמס ראַמסאי, דערנאָך קיין מאָנטע-קאַרלאָ אויף אונטערהאַנדלונגען מיט אַן עמיסאַר דע ראַן, און אים איז נאַטירלעך נישט איינגעפאַלן, אַז דאָרט וועט ער זיך באַגעגענען מיט מאָריסען... ער איז אויסשליסלעך געווען באַשעפטיקט מיט דער וויכטיקייט פון זיין פּאָליטישער רייזע. זינט ער איז לעבן פאָטער אַריין אין געשמאַק פון דער פּאָליטישער אַרבעט — איז די פאַבריק, זיין קליינע אַרבעטער-שטאָט, אַראָפּ אויפן צווייטן פּלאַן. ער פלעגט קיין טש.סנוי כמעט מער נישט קימען, האָט זיך פאַרלאָזן אויף דער איינמאָל גוט איינגעפירטער אָרדענונג. הער לורמאָל איז געווען אַ גענוג פאַראַנטוואָרטלעכער מענטש און ס'איז דעריבער נישט שווער געווען זיך צו באַגיין אַ קורצע צייט אינגאַנצן אָן אַ שעף. אויסערדעם פלעגט אים מיראָ יעדע וואָך איבערגע ן אַן אויספירלעכן באַריכט...

ווי קליין האָט בכלל אויסגעזען דערדאָזיקער גאַנצער ענין אין פאַרגלייך מיט זיין איצטיקער גרויסער אַרבעט. נאָך דע

לאַמס דורכפאַל האָט זיך די אייראָפּעיִשע לאַגע פּלוצלינג שטאַרק באַרגעסערט. פון די צוויי גרויסע רעפאָרמען וואָס זשאָקמצנס מיניסטעריום האָט געוואָלט דורכפירן נאָך פאַר מאַי, איז די ערשטע: — שטים און וואַל־רעכט פאַר פרויען — קעגן דעם פּראָטעסט פון די קלעריקאַלן, דורכגעגאַנגען מיט אַ גרויסער מערהייט. די צווייטע — די נאַציאָנאַליזאַציע פון די באָדן־אוצרות איז געשטאַנען אויף דער טאָג־אָרדענונג דיסקוטירט צו ווערן. די באַנדע האַרטמאַן־סודעקי־סערוויער, געשטיצט דורך די ענגלישע און אַמעריקאַנישע בענק, האָט זיך באַמיט מיט אַלע כשרע און נישט כשרע מיטלען צו העצן די עפענטלעכע מיינונג, שרעקנדיק מיט קאָמוניזם און מלחמה. פאַקטיש זענען אָבער געווען זיכערע ידיעות, אַז די הערשענדע פינאַנץ קרייזן אין ענגלאַנד און דייטשלאַנד באַמיען זיך מיט אַ/ע כחות צו פּראַוואָצירן דאָס פרידלעכע פראַנקרייך.

סיר דזשעמס ראַמסיי, מיט וועמען קלויד האָט נעכטן קאָנפערירט, האָט געוווסט פון זיכערע קוועלן, אַז נאָך פאַר די נייע וואַלן וועלן געשאַפן ווערן אינצידענטן אויף אַריינצוציען פראַנקרייך אין אַ קאָנפליקט... „ווו״? דאָס האָט נאָך דער כריערדיקער אַ־בעטס־מיניסטער נישט געוווסט.

— אָבער אייער פאָטער קאָן זיין רויק, ער וועט פון אַלץ רעכטצייטיק וויסן. מיר האָבן אונזערע מענטשן אין ביוראָ פון רייכסקאַנצלער אין בערלין.

ער האָט געשמייכעלט און צוגעגעבן: — און אין לאָנדאָן זענען מיר אויך פאַראינטערעסירט פונקט ווי אייער פאָטער אין פּאַריז, און דערפאַר פון דער דעמאָקראַטיע! ער קאָן זיך לגמרי אויף אונז פאַרלאָזן.

דאָסזעלבע האָט ער אויך געהערט אין מאָנטע־קאַרלאָ, פון וואַנען קלויד איז באַר וואָס געקומען. ראַן, דער דייטשער סאָציאַל־סטן־פירער, האָט געגעבן צו וויסן זשאָקמענען, אַז ער זאָרגט פאַר זיין פּערזענלעכער זיכערקייט. „ס׳זענען פאַראַן רוו, אינספּירירטע דורך אטטא פון וויטעלסקאך, וועלכע רופן צו אַן ענערגישן אָנגריף קעגן די סאָציאַליסטישע און קאָמוניסטישע

יריער. דידאָזיקע בריוו זענען פאָרעסירט געוואָרן צו מאָקס דע לאָם. נישט געקוקט אויף דעם, וואָס דעם מאָסטן פון פריערדיקן אַמבאַסאַדאָר דע קרעט, פאַרנעמט איצט איינער פון זיינע פריינט פּורקאָאַ, ווערט דאָך זשאָקטען שלעכט בנוגע, אָרער ריכטיקער געזאָגט, פאַראַטן דורך עטלעכע פון זיינע דיפּלאָמאַטישע אַגענטן... ס׳פאָדערט זיך אומבאַדינגט אַ גרינטלעכע רייניקונג, הויפּטזעכלעך מוז מען זיך גלייך באַקענען זענטער מיט דער קאָרעספּאָנדענץ פון פריערדיקן מיניסטער-פּרעזידענט!... דאָן פון זיין זייט, שטייט אויף דער וואָך און גרייט זיך צום סאָרון. דאָכטאָ׳ וועט זיך דער דייטשער פּראָלעטאַריאַט לאָזן פירן „צו דער שחיטה ווי אין יאָר 1914“.

מיסגעשטימטע און צעטראָגן איז קלויד געקומען אויפן מאָסענא-פּלאַץ... אַ פולע האַנט קאָנפעטי, וואָס איז אים געפלויגן אין פנים אַריין, האָט אים דערמאָנט אָן די פריידן פון מאָמענט.

— אָ! — האָט ער אויסגעשריען אַ צעקאָכטער, גרייט זיך אַ וואָרף צו טאָן אויפן אָנפאַלער... ס׳איז געווען אַ שיין, יונג מיידל מיט צעפלאָסענע האָר, האַלב-נאַקעט, שוויס באַדעקט... לאַכנדיק האָט זי פאַרשטעלט מיטן האַנט ס׳פנים... אירע אַנטבלויזטע שיינקעל, איר שיינער ביוזם האָט פאַרשפּרייט אַן אָנגעגנצטען גערוך און אַ חיהשע פרישקייט... זי האָט זיך אָפּגעטראָגן מער אויפגערעגט ווי אויפגעבראַכט. מאָריסעס בילד האָט פאַרטריבן דידאָזיקע אומריינע וויזיע. ער וויל איר באַלד זען, אַזוינע ווי זי איז געווען נעכטן אויף דער פּראָמענאַדע דואַנגלע...

שטייענדיק איצט ביים פענצטער פון זיין צימער אויפן ערשטן שטאָק אין האָטעל מוינד — ווו ער וואַרט אויפן אָנפאַנג פון קאָרסאָ, געפינט ער פּלוצלינג, אַז דידאָזיקע שטאָט און די גרויסע מענטשן-מאַסע, פון וועלכע ס׳האָט אים נאָר וואָס געעקלט, זענען גאָר זייער סימפּאַטיש. ער קלערט שוין נישט מער וועגן דעם, אַז דערדאָזיקער גאַלאַ יום-טוב איז אָרגאַניזירט דורכן רעאַקציאָנערן דעפּאַרטאַמענט-זשורנאַל „דאָס ליכט פון דרום“ כלומרשט לטובת די אינוואַלידן פון גרויסן קריג. „דאָס ליכט“ קלערט נישט מער ווי וועגן איין זאַך: וועגן די טאַשן פון די

רייכע, איבערהויפּט פון די פרעמדע גבירים. אויב מ'זאָל אָראָפּ־רעכנען פון דעמדאָזיקן משוגענעם לוקסוס די הוצאות אויף רע־קלאַמעס און שוחד... וואָס וועט בלייבן פאַר די אינוואַלידן פון לעצטן גרויסן קריג?...

געוויינלעך קאָן קלויד נישט איבערטראָגן דידאָזיקע אַלע אינטערנאַציאָנאַלע פאַרגעניגנס־פּלעצער. די גרויסע ירידים פון דער דעקאַדענץ, ווו ס'הילדעווען אונטער דער מאַסקע פון שפּיל, אין קאָנוואַלסיע־צוועקן פון אַ גוססער געזעלשאַפט, אַלע מענטש־לעכע פאַרברעכנס, היינטיקן אָונט האָט אים ניצעע אויסגעזען שטראַלנדיק, און ס'לעבן וווּנדער שיין.

די פּראָמענאַדע, דער שטראַנד, אַלץ האָט געפינקלט פון טויזנטער ליכט, די גערטנער מיט זייערע קייטן פון לאַמפּיאָנען, אַלע הויז־פראָנטן ביזן קאַסינאָ, העל־ווייס. אונטן די שוואַרצע מחנה צושויער וואָס רוקט זיך פאַמעלעך פאָרויערטס. מ'פּרוווט אויס די נייסטע דערפינדונג: העלער טאָג און מיטן נאַכט. די הייזער זענען באַשמירט מיט „העליום" מיטן אָנגעזאַמעלטן זונען־ליכט... און אָט קומט דער צוג פון די קאָרעקטן, וואָס זענען אויס ווי באַפּוצט מיט בריליאַנטן, פול מיט אַ גאַנצן וואַלד קינסט־לעכע בלומען.

— גלייך זענען מיר זיך! שרייט אים, פאַרבייפאָרנדיק די פּרייז מאָריסע... יאָ, אַן אמתע פּרייז אין דעמדאָזיקן קאָסטיום פון אַ פּערסישער פּרינצעסין, האַלב נאַקעט אין איר אויטאָ פון טויזנט און איין פלאַם, אַרומגערינגעלט פון אַ פּורפּור־רויטן שטערן־הימל.

אַ דערינערונג שטייגט אויף אין זיין מח: ער זעט אַנדערע רויזן... רויזן רויט ווי בלוט, אויף אַ ווייסן מתים־טוך, ער זעט די גלייכע ליניעס פון אַן אויסגעשטרעקטן קערפּער... רויזן, וואָס האָבן באַדעקט מאָגיקעס טויטן־בעט... ער זעט איר אַ לעבעדיקע מיט אַ טאָג פאַר דעם... ער איז אַריין אין צימער צוזאַמען מיט זשאָרזשין... סילוועסטרע איז דאָרט, אַ טויט־בלייכע... ער פילט די הזעקסערנע האַנט פון דער גוססער אויף זיינער... הערט איר נישט דערזאָגטע ביטע... ליבן סילוועסטרען?... אַזוי ווי גינען,

יאָ!... נישט מער... ליבן! ער ווונדערט זיך, אַז אין און דאָס־וועלבן וואָרט קאָן האָבן אַזאַ פאַרשיידנאַרטיקן זין...

די מאַסע אַפּלאָדירט. קלויד הערט קיין זאַך נישט אין זיין אומענדלעכער התפּעלות. ער איז פאַרשיכּורט פון זיין שטי־לער פרייד, ער שפּירט ווי ס׳קלאַפּט זיין אומרויִק האַרץ.

ווי אַן אויטאָמאַט טוט ער זיך אָן צום באַל, אָדער, בע־סער, טוט ער זיך אויס, לויט דער פאָרשריפט אַן היינטיקער קאָסטיום... אַטוויקע, סאַנדאַלן... ס׳ווילט זיך אים זינגען, לאַכן צראָפּגייענדיק פון די טרעפּ, פייפט ער אונטער, ער פילט זיך אויסגעצייכנט אין גרויסן מאַנטעל, וואָס פאַרדעקט אינגאַנצן די פּרעמדע קליידונג. אפילו דער באָדן אונטער זיינע פיס איז לגמרי אַן אַנדערער, אַן עלאַסטישער, כדי צוצוקומען צום קאַסינאָ האָט מען געמוזט דורכשניידן אַ מחנה בלענדע, וואָס זענען געשטאַ־נען מיט אָפענע מיילער און געוואַרט אויף זייערע בעלי־בתים: די אויטאָס האָבן זיך געצויגן איינער נאָכן אַנדערן אונטער חוזק־קאָמענטאַרן, אָדער פיינטלעכן שווייגן. אויסשטייגנדיק האָבן די דאַמען האַלב אַן עפן געטאָן זייערע סאָבעל און טשינטשיא־פעלצן, כדי צו ווייזן, אַז אייגנטלעך טראָגן זיי אויף זיך אַזוי־גוט ווי גאָרנישט. אין די פון רינגען שימערירנדיקע פינגער האָבן זיי געהאַלטן ביילטלען פון עכטע פערל מיט דימענטענע שלעסער. דידאָזיקע לעצטע מאָדע האָט געמאַכט פוראָר. אייניקע זענען געווען באַהאָנגען מיט בריליאַנטן פון קאָפּ ביז פוס און האָבן אויסגעזען ווי ביזאַנטישע היילונגס־בילדער. דאָס אָנקומען פון דער גרעפין הויפעל מיט איר טאָכטער, דער פּרינצעסין הע־לענע מיט זייערע באַרימטע סאַפּירן פון דער רוסישער קרוין — אַרויסגעראַטעוועט פון די באָלשעוויסטישע הענט — האָט אַרויסגע־רופן אַ סענסאַציע.

קלויד האָט באַוווּנדערט די רעלאַטיווע פאַסיווקייט פון דער צושויער־מאַסע אין באַצוג צו דידאָזיקע זונות, וואָס האָבן געטראָגן אויף זייערע נאַקעטע קערפּערס דאָס גליק, דעם גע־זונט, דאָס לעבן פון טויזנטער מענטשן. רעוואָלוציאָנערן, אָדער אַזעלכע וואָס טאָלערירן נישט דעמדאָזיקן גאַנצן העסלעכן

שפיל זענען זיכער צווישן דעם עולם נישט געווען... ער האָט זיך אָבער לגמרי נישט געוווּנדערט וואָס ער גופא געפינט זיך דאָ צום ערשטן מאָל. זיין ווונטש, — אַוועקשטעלנדיק מאָריסען אַזוי הויך, אַז ער האָט איר אינגאַנצן סעפּאַרירט פון איר ליכט — האָט אים אויפגעהויבן העכער איבער דער דאָזיקער שמוציקער מחנה...

ביים אַריינגאַנג האָט מען אים דערלאַנגט אַ דאָמינאָ און פייער-רויטע מאַסקע. דאָס איז געווען אַ פּאַראויס באַשטימטער קאָסטיום אויף אָנצוטאָן נאָכן אָוונט-ברויט, בעת ס׳פּאַרלעשן זיך דורך א געוויסן סיגנאַל אַלע לאָמפּן, און ס׳הייבט זיך אָן די גרויסע אַנאָנימע וואַקכאַנאַליע.

אין אומגעהייער גרויסן באַל-זאַל ווערט שוין געטאַנצט אונטער דער גרעלער ליכטיקייט פון די עלעקטערישע קרוין-לייכטערס. אַ ליאַרם, אַ היץ, אַ שלייער פון רויך און פון פּאַר-שיידענע ריחות, וואָס פאַרשטאָפּן, ווי מיט וואַטע, די חושים און דעם ווילן... אין די גענג שטייען קליינע טישלעך, דער אָוונט-ברויט, טויזנט פראַנק אַ בויך, האַלט זיך שוין ביים ענדיקן, אינ-מיטן פון דער אַלגעמיינער צעקאָכטקייט... ריחות פון געקעכץ, אַ געראָך פון פאַרוועלקטע טובע רויזן און פאַרפומירטע קערפּערס, דער חיהשער ריח פון שווייס... קלוידן שטיקט אין האַרץ, עפּעס שפּירט ער אַ מין משונהדיקן דורשט, אַ דורשט נאָך אייז-קאַלטע געטראַנקען, נאָך אַ פרויען-קערפּער וואָס ציטערט אונטער די קישן, נאָך אַ סודותפולן, פאַרשכורנדיקן פאַרגעניגען... אַ מין נייער קלויד, אַן אומבאַקאַנטער, האָט זיך אין אים אַריינגעכאַפּט.

עפּעס מיט אַ מין בושה געפיל גייט ער נאָך נאָכן דינער, וואָס פירט אים צו זיין לאָזשע. ס׳דוכט זיך אים, אַז די בליקן פון דידאָזיקע אַלע פרויען, שטעכעדיקע, חוזקדיקע, חוצפּהדיקע, זענען געווענדט אויסשליסלעך אויף אים, דרינגען אַריין אין זיין נשמה. ענדלעך האָט ער זיך אַריינגעקריגען אין זיין ווינ-קעל. מיט דער לאָרנעטקע זוכט ער דורך דעם גאַנצן אומגע-הייערן זאַל מיט זיינע גאַלעריע-רעסטאָראַנען און בודואַר-לאָזשעס. ווער, צווישן דידאָזיקע נאַקעטע פאַרמען — איז די וועמען ער

זוכט? דאָס זיידנס און טיול פֿאַרדעקן קיין זאַך נישט, פֿאַרקערט, זיי שטרייכן נאָך אונטער, די צינישע אויסשטעלונג... ער האָט מורא און גלייכצייטיק ווילט זיך אים זייער געפינען צווישן זיי מאָריסען. זיינע אויגן צוגעוווינט צו ספּאָרט-נאַקעטקייט, זענען איבעררּאַשט פֿון דערדאָזיקער חוצפּה, צו אַנטבלויזן די קערפּער פֿאַר אַנדערע צוועקן.

— ווו איז זי ערגעץ?

ביי סערוויערס טיש זיצן זייער פֿייערלעך מאַקס דע לאָם און די ד׳אַנטראַנגס... דער אַקאַדעמיקער סענאַטאָר טראָגט אַ רויטע אַגע און אַ לאָרבער-קרוין אויפֿן צעזאַר-קאָפּ. די אַלטע מאַמע מישעל איז קאָסטיומירט אַלס אַ מאַטראָנע, אויף דער הויכער פֿריזור דער בריליאַנטן - שטערן — דריי מיט אַ האַלבן מיליאָן פֿראַנק... אַן ערנסטע קאָנקורענטן פֿאַר דער גרעפֿין הופּעל, וואָס די סאַפּירן האָבן געלויכטן אויף איר גרויצער הויט. דידאָזיקע גרויסע לייט זיצן עפּעס אין דער געזעלשאַפֿט פֿון מענטשן, וואָס קלויד קען זיי גאָרנישט, אַ דיקער מאַן מיט אַ חזיר-קאָפּ און אַ בלאָנדער גערמאַניא... און דאָס פֿאָר-פֿאָלק! זשאַן סערוויער פֿירט אַ לעבהאַפֿטן שמועס מיטן זיין שכן (מיטן חזיר-קאָפּ). מאַדאַם סערוויער איבערגעבויגן איבערן סאָלידן גוף פֿון הערצאָג לוירענטי ד׳עמפּעטאַ, אַזוי, אַז קלויד זעט נישט מער ווי איר רוקן, וואָס זעט אויס ווי צוויי גרויסע, פֿיל אָנגעשטאָפּטע קוישן, אָבער באַלד טוט זי זיך אַ הויב און אויף די קישענס שימערירט אַ האַלדז-באַנד פֿון שוואַרצע דימענטן... קלוידס לאָרגנעטע האַלט כּסדר אין איין זוכן.

— אַך!

זיין מויל פֿאַרקרימט זיך. אין די שלייפֿן האַקט אים ס׳בלוט ווי מיט האַמערס. ער האָט מאָריסן געפֿונען. מיט איין האַנט האַלט זי אַרומגענומען דעם הער מהאַמאַנדי קאַמאַראַ און פֿרעזידירט ביים טיש פֿון אירע שטענדיקע פֿריינט: לואיזע באַרלאַט, די דריי הובערטן, די דריי ספּעריסטן; דערצו נאָך נאָך דאָסמאָל העלענע פֿאַן הופּעל מיט אירע ביידע דינער: דעם שווייצער גראַבי דע מאַסיג און דעם אויסטראַליער זשאַן ראַ-

וועלין... ס׳ארא געמויזעכץ! גוא׳זע בארטאל טראָגט אזיך זיך נישט מער ווי אַ ביוסטן-האַלטער און אַ גאָלדענעם גאַרטל; זי האָט אָקופּירט דעם אויסטראַליער; העלענע איגנאָרירט דעם בעלגיער און לויערט אויפן שוואַרצן פּרינץ. יענער איז אָבער אויפן זיבעטן הימעל פון מאָריסעס וויצן און שצירעט זיינע ד...ט-ציין דורך די גראָבע תאוודיקע ליפּן.

דערצו, הייסט עס, האָט זי אים איינגעלאַדן, אים צו באַוויזן דידאָזיקע חברה? וואָס אייגנטלעך, האָט זי דערמיט אויסן געווען? וואָס וויל זי פון אים?... ער באַוואונדערט און האַסט איר גלייכצייטיק ווי זי ליגט דאָרט אַ נאַקעטע אונטערן דורכזיכטיקן פּעפּלאָן*) ווידער צינדט זיך אין אים אָן זיין גאַנצער פריערדיקער צאָרן... ס׳בלוט האַקט אים אין געזיכט אַריין... ס׳ווילט זיך אים עפּעס אַ כאַפּ טאָן... צו האַקן... צו בראָקן... ער ווייס נישט וואָס מיט אים טוט זיך. דער ווילדער כעס פון אַ געררייצטן אָגער, פאַרכאַפּט דורך אַ פּלוצלינגען סעקסועלן אינסטינקט. זיין גאַנצער רעספּעקט פאַר דער פרוי, דער גאַנצער קולט פון אַכטונג פאַר דער איינציקער איז פאַרשוואונדן ווי אַ רויך... ס׳זענען פאַראַן נאָך מאָריסעס, מ׳דאַרף זיך נאָר איינבויגן... און אַרויסנעמען איינע פון דער סטאַדע... וואָס וואַרפן זיך אויפן האַלדז.

ער טוט זיך אַ הויב, וואַרפט אַוועק די לאָרנעטקע און מישט זיך אויס מיט דער מאַסע, וואָס דרייט זיך אין אַ ווילדן טאַנץ. ס׳דערהערט זיך אַ פּאַטשן מיט די הענט, מ׳פאָדערט פון אָרקעסטער אַ נייעם טאַנץ. עפּיס אַ שטים רופט אָן זיין נאָמען:

— הער זשאקמען!

ס׳איז הענריעטע לעגאַס, קאָסטיומירט אַלס אַ שקלאַפין. אַ קליינע אַרטיסטין, די געוועזענע געליבטע פון זשול פאַנסעט. זי איז אַנטציקנט מיט אירע גרויסע אוירינגלעך, מיטן הויטן

*) אנ׳אלט גריכיש פרויען-קלייד לאנג ביז צו דר׳ערד, וואס מ׳פלעגט אנטון אויפן הוילן קערפער, אזוי, אז איין זייט און די הענט זענען געבליבן גמרי אויפגעדעקט. די איבערזעצער.

ניוסס און די פיינע פיס. זיי טאַנצן. און קלויד שפּינט אין ערדאָזיקער נאַקעטקייט, וואָס גיט זיך אים אָפּ, דעם פאַרבאָר־גענסטן געדאַנק פון הענריעטע לעגאס אין איצטיקן מאָמענט. ווי טרינקן. אין דער שאַמפּאַניער גיט אים אַזאַ זעץ אין קאָפּ, אַז ער פאַרגעסט לחלוטין ווו ער איז אין דער וועלט און אפילו אָן זיין טענצערין.

די שכרות פאַרכאַפּט אים אינגאַנצן, וואַקסט מיטן מאָמענט וואָס ער טראָגט זיך פון איין טענצערין צו דער צווייטער, וואָס ער שפּירט לעבן זיין קערפּער כסדר פּרויען ברוסטן, פרישע קני. ס׳האָט זיך דערהערט אַ סיגנאַל אַז ס׳הויבט זיך אָן דער מאַסקאַראַד. די געשרייען האָבן זיך באַלד פאַרוואַנדעלט אין אַ ווילדער אָרגיע, די צייטווייליקע פינסטערניש איז פאַרשוווּנדן, מיט אַמאָל איז געוואָרן ליכטיק ווי אין מיטן העלן טאָג. קלויד האָט געשפּירט, אַז ס׳דרייט זיך אים דער קאָפּ און דער גאַנצער קערפּער ציטערט ווי אַ מאַשין אונטערן דרוק.

ער זעט נישט אַז פון דער גאַלעריע פאַרפאָלגט אים איצט מאָריסע מיט אירע נייגעריקע בליקן. זי האָט אים געזוכט אין דערדאָזיקער מענטשן־מאַסע און ערשט איצט, קומנדיק צוריק צו איר טיש, האָט זי אים ענדליך געפונען... ער באַמערקט אויך נישט די נאָך פיל נייעריקערע בליקן וואָס ס׳וואַרפן אויף אים מיט איין מאָל זשאַן סערוויער, דע לאָם און דער חזיר־קאָפּ, ס׳איז דער באַרימטער הוגא הארטמאן, דער אייגענטימער פון די וועסטפאַלישע אייזנגרובן, דער קוילן־קעניג און נאַפט־קייזער אין איין פּערזאָן. אין הסכם מיט סערוויערן איז ער ספּעציעל אַראָפּ־געקומען דיקטירן דע לאַמען דעם ווילן סובערענעם קאָנסאָרציום... פון זייער זייט איז נישטאָ קיין שום מניעה... אַלץ איז גרייט; אין אַ געוויסן טאָג וועט אין אַ בעשטימטער שעה אויפפּלאַצן אַ באָמבע — אין דער פראַנצויזישער אמבאסאַדע אין בערלין, — און אויף אַזאַ אופן, אַז פון נייעם באַטשאַפּטער פּורקאַאַ זאָל קיין זכר נישט בלייבן... דער רייכסקאַנצלער אַנטשולדיקט זיך נישט און האַלט גרייט דעם דעקרעט וועגן קריגס־געפאַר־צושטאַנד פראַנקרייך ווערט אויף דעם אופן געצוווּנגען צו

מאָבילידירן, און מאָבילידאַציע הייסט אויך דאָסמאָל היינט קרי-
איז מאַקס דע לאָם גרייט זיך צו אנגאַזשירן כאָר דער מיטאַר-
בעט?... איז ער גרייט תּיכּף נאָך פורקאַ אָפּצורוימען פון וועג
אויך זשאָקמענען! דער געוועזענער מיניסטער-פּרעזידענט האָט
גלייכגילטיק, אָבער פאָרמעל געענטפערט: „אויפן צווייטן טאָג
נאָך דעם, אינדערזעלבער שעה. איך האָב אַ כּוטשי, וואָס וועט
עס מאַכן". דער ענין איז געמאַכט. דער אומזיכטבאַרער קול
טראָגט זיך — רויט, שוואַרץ — אויפן אומגליקלעכן שפּיל, און
דערזעלבער צייט וואָס קלויד כאַנצט דאָ אונטן, נישט באַמערקנ-
דיק לגמרי די דראָענדיקע בליקן וואָס פאַרפאָלגן אים כסדר.
ער האָט באַשלאָסן צו פאַרברענגען דעם אָוונט מיט העני-
ריעטע לעגאַס, מער איר נישט אָפּצולאָזן און גייט צוריק אין
זיין לאָזשע נעמען דעם דאָמינאָ, פּלוצלינג שרייט ער אויס נישט
מיט זיין קול:
— צום טייוול!
אַ פרוי ליגט אויסגעצויגן אויף צוויי צונויפגעשטעלטע
שטולן און רויכערט זיך רויק אַ פּאַפּיראָס.
— מאָריסע!
— פּרוויסטראַנספּאָרטירן איר, מיט איין וואָרט?... אָבער זי
האָט גאָר משלח געווען... דערזעענדיק דער אַרטיסטין, האָט זי
איר אַ זאָג געטאָן מיט אַזאַ פוריע! „ס'טאָגט זיך אָבי"! די
שקלאַפן האָט תּיכּף דערשפּירט די דערצערנטע הערין און גע-
נומען דעם וועג. אַ באַפרידיקטע האָט זיך מאָריסע אויפגעהויבן,
— איר האָט מיר גוט אָפּגעטאָן, געלאָזט שוויצן, — האָט זי
געזאָגט מיט אַ פאָרוואָרף.
— ווי איר מיך דערמאָלט. די שירים פון נעכטן דערפאַר
דאַנק איך אייך בכלל.
זי האָט אים אַרומגענומען ווי דאָ נישט לאַנג מאַכמעדן.
— איר זעט, אַז דאָס פאַרפליכטעט צו גאָרנישט...
ער איז רויט געוואָרן, דערשפּירנדיק איר פרישן אָרעם אויף
זיין ברענענדיק לייב.
— וויכטיק איז בלויז איינס, — האָט זי געפּליסטערט — ס'איז...

זי האָט נישט געענדיקט. ער האָט געלייענט דעם פאַר־שלאָג אין אירע אויגן און דערשפּירט, אַז ער וועט נישט בײַ־שטיין.

זי האָט געענדיקט, גאַנץ שטיל...

— און דאָס, ס׳איז... רעזערווירט...

— פאַר מיר?

— אויב איר ווילט...

אונטער דעם שטומען הסכם איז זי איצט, פון איר זײַט, רויט געוואָרן. דער „ליבע זשעסט", דאָס אײַנציקע, וואָס זי האָט נאָך נישט אָנגעגעבן, וואַרטנדיק אויף אַ שטאַרקע עמאָציע, וואָס זי האָט איצט דערשפּירט אונטער קלוידס בליקן. אַ פּשוטע שטי־מונג, וואָס וועט באַלד פאַרבײַגיין, — האָט זי זיך געטראַכט — ווי נאָר זי וועט באַפרידיקט ווערן... דער געדאַנק האָט איר פאַר־פּלאָגט זינט די סצענע און גאַרטשעס, און נאָך מער איצט, נאָך זשאָקמענס טריומף. בעת קלויד איז געוואָרן איר „שונא".

זי האָט פאַרויס הנאה געהאַט פון אינטערעסאַנטן עקספּע־רימענט... דערנאָך וואָס גיכער, אַדיע! בעיקר אָן שום סענטי־מענטן!... ס׳איז איר לגמרי נישט אײַנגעפאַלן, אַז פון דערדאָ־זיקער נאַכט, וועט פאַר בײדע אַרויסקומען פּונקט דער היפּך פון דעם, וואָס יעדערער פון זײ האָט פאַר׳אָגט און געהאָפט. קלויד, בגילופנדיק, האָט געמײנט זיך צו דעראָבערן זײַן פרוי, בעת מאַריסע האָט אויסשליסלעך געקלערט וועגן זיין... כח גברא.

— קומט! האָט זי באַפוילן. פון איצט אָן געהערט איר אײַנגאַנצן מיר.

ער האָט געפילט, אַז זי זאָגט נישט קײן ליגן. ער גע־הערט איר, פּינקט ווי זי גײט איצט ווערן זײַנע. אַ ליבע־גע־טראַנק האָט געברענט אין זײַן בלוט, זיך איבערגיסנדיק אומ־אויפהערלעך אין אַלע קנײטשן פון זײַן מוח... דרײַ אַ זײגער פאַרטאָג. דער ווילדער שגעון פון יום־טוב פאַרהילכט אין די אויערן, די ליכטיקייט פון רעגנבויגן פאַרבלענדט אים די אויגן. איצט זיצט ער בײַ מאַריסעס טיש ווי אַ יונגער באַקכוס, דער קאָפּ אָנגעגאָסן ווי מיט בלײַ. אונטן ווילדעוועט די סאַרע־

באַנדע*). די פֿאַרייניקטע קערפּערס באַהאַלטן נישט מער, אין עקסטאַז פֿון טאַנץ, זייערע צעווילדעוועטע אינסטינקטן...

פרוי סערוויער ליגט אין די אָרעמס ביי לוירן ד׳עפּיי-פּאַס; ער גלעט איר האַלז און טאַפּט גלייכצייטיק, ווי אַ מבין, איר קאָליע. נאָך אַן אַלטע, אויסגעדאַרטע לעדי, איז מקריב איר סקעלעט, אַ בלייכן, מיאוסן טענצער און לאָזט אַרויס, אין עקס-טאַז, פֿאַרשידענע משונהדיקע קולות. פֿון די האַלבאָפֿענע לאָ-זשעס אין דער הויך טראָגן זיך טענער ווי פֿון שלאָפֿצימערן. ווי אויף די באַרימטע בעלער פֿון קאַטרע-זארט, האָט זיך אויך דאָ דער עפֿענטלעכער קאָאַטוס**) פּראַקטיצירט מיט דער גרעס-טער רויקייט; פֿאָרלעך פֿון געמישטע אָדער גלייכע געשלעכטער.

אָבער קלויד האָט קיין זאַך נישט געזען און נישט גע-הערט. מאַריסע מיטן קאָפּ אויף זיין אַקסל, האָט אים מיט אירע גאָלדבלאָנדע האָר פֿאַרשטעלט די איבעריקע וועלט. העלענע פֿון הופּעל רויכערט אַ קליינע, זשאַד-פּיפּקע מיט אַ שאַרפֿער נאַרקאָ-טישער מיקסטור. זי גיט זיך אָפּ — בייטנדיק — דאָ קאמארן, וואָס קרעכצט אַזש פֿון גרויס הנאה, דאָ גראַפֿי דע מאסוגן, וואָס קאָן נישט אַריבערטראָגן דעם נייעם קאַוואַלער. לואיזע בארלאט איז טויט-שכור. זשאַן ראוועלין גיסט אויס אויף איהר אַ פלאַש שאַמפּאַניער, און זשאַן דע ראנסי אונטערזוכט ווו דער ווין איז אַוועקגעקומען. די דריי תּובערטס זענען נעלם געוואָרן פֿויל דע לוים און הענרי שאנטפרוי זיצן פונדערווייטנס און פֿילאָזאָ-פֿירן פֿלאַטאָניש. אַ דאַמע ביים צווייטן טיש, שטעלט זיך אַלע פֿינף מינוט אויפֿן שטול און שרייט אין עקסטאַז פֿון עפּעס אַ מין אידעע פֿיקס:

— איך אויך, איך האָב אַ שיינעם ביוסט!

און זי זעצט זיך יעדן מאָל ערשט דאַן, ווען זי ווייזט פֿאַרן גאַנצן עולם איר אויסגעדאַרטן בוזעם, די טראַגעדיע פֿון איר עקזיסטענץ.

---

*) סאַראַבאַנדע — אַלטפֿראַנקישער טאַנץ.

**) קאָאַטוס — פּריה-ורביה, באַפֿרוכפּערונג.

דער זאַל ווערט ביסלעכווייז ליידיק. ביים טיש פון זשאַן סערוויצער, וואָס האָט זיך צונויפגעפּאָרט מיט דער צווייטער הו־בערט, בעת די מאַלפּע איז אַוועק מיטן הערצאָג לוירענט, איז בלויז געבליבן די גרעפין פון הופער די פּופּציקיאָריקע דאַמע, געוווּינט צו גרויספּירשטלעכע אָרגיעס, איז אַזוי שכור, אַז זי זינגט אַ רוסיש לידל און צעשרייט זיך פּלוצלונג אויפן קול:

— אוי! בין איך אויפגערעגט!

זי נעמט אַרויס פון איר האַנטבייטל אַ באַרג באַנקנאָטן, פּאַכעט מיט זיי אין דער לופט און שרייט:

— פּאַר איין שעה ליבע!

מ׳רינגלט איר אַרום און מ׳מאַכט פון איר חוזק. אַ לע־וואַנטינער זידלט זיך אויף סיריש. אָבער זשאַן ראַנסי, וואָס זשאַן ראַוועלן האָט אים נאָר וואָס געגעבן אַ שטרענגע לעקציע, לויפט אונטער און עצה׳ט איר ריטערליך:

— טאַנצט מאַדאַם, וועט׳ס אייך גלייך איבערגיין!

מ׳אַפּלאָדירט. ער טאַנצט מיט איר, מיט איין האַנט כאַפּט ער איר ציניש אַרום, די אַנדערע שטרעקט ער אויס נאָך די באַנקנאָטן. דער עסק איז געמאַכט.

— איך ווער משוגע פון אומעט! האָט אַ זאָג געטון לואיזע באַרלאַט צו העלענע פון הופעל, קאָנסטאַנטירנדיק דאָס פאַר־שווונדן פון זשאַן דע ראַנסי... ביי דיר האָט ראַנסי צוגענומען דיין מוטער און ביי מיר מיין שאַכטל אוּאַבאַ!

אויף דער מאָה־רי־טסע קאָן מען נאָך עפּעס געפינען, האָט געזאָגט מאַריסע.

העלענע האָט פּראָפּאָנירט:

— אפשר גייען מיר אַהין ענדיקן די נאַכט?

— ס׳איז אַ גוטער איינפאַל. דער פּערסאָנאַל איז אויף אורלויב. אויסער דער דינערשאַפט איז דאָרט קיינער נישטאָ.

עפּעס אַ מין נישטגוטקייט האָט איר אָנגעכאַפּט אין קלוידס געזעלשאַפט. זיי האָבן גערעדט בלויז געציילטע ווערטער, זיך געטראָגן אין די הימלען, ווייט פון די דאָזיקע אָרגיעס...

— זאָל לעבן מאה-רי-טסע! האָט אויסגעשריען לואיזע באַר-לאָט. מיר גייען אַהיין!

— וואָס איז עס עפּעס אַ מין כינעזיש? — האָט זיך קלויד באַוּמרוהיקט.

— מיין יאַכטע!

זי האָט נישט געזאָגט דעם פּאָטערס יאַכטע, קלערנדיק, אַז קלויד וועט נישט וועלן מיטגיין. זי האָט געפילט אַ באַדער-פעניש, לופט פאַר אירע איינגעבילדעטע געפילן, נישט אין קיין ריינער לופט, נאָר אין פרייען ים-ווינט, וואָס פאַרטרייבט די מידקייט. און אויף דער יאַכטע איז נישט געווען בלויז אוּאַבּאַ, נאָר פאַרשידענע עסנוואַרג אין דער עיקר קאַבּינעס ווו...

זי האָט זיך אַ הויב געטון. קלויד האָט איר צוגעהאָלפן. זי האָט זיך געוואַקלט, און מיט די לעצטע כחות זיך באַמיט צו באַהאַלטן איהר שכרות:

— ניין! ניין! איך קאָן נאָך דערווייל אַליין גיין!

אָבער גראַבּי דע מאסוג און מוכמאַד קאַמאַרא האָבן זיך העפליך אַ וואָרף געטון און אויסגעשטרעקט די אָרעמס. קלויד האָט גראָב אָפּגעשטויסן דעם אויסטראַליער און מיט כעס אַ זאָג געטון צום נעגער:

— טראָג זיך אָפּ, שוואַרצער טייוול!

מוכמאַד האָט זיך פאַרמאָסטן מיט די פויסטן, אָבער מאַ-ריסע האָט אים באַרוהיקט:

— זיי נישט קיין שוטה! אַלע זענען מיר ברידער... און געבעטן קלוידן: זאָגט אים דו, דו ביסט דאָך אַ סאָציאַליסט! דאָס ערשטע דוצן.

ער האָט אמת געטיילט מיטן שוואַרצן פּרינץ — ווייל יע-נעם האָט זי אויך געדוצט. אָבער דאָך איז ער געווען אויפן זיבעטן הימל. אַן אומבאַשטימטער גליקס-געפיל האָט פאַרטשט זיין הויכמוט, אַפילו זיין שטאָלץ. אַן אומענדלעכע ברידערלעכ-קייט... מאַריסע איז גערעכט. זיין נייע סביבה האָט אים איצט אויסגעזען זייער צמוזאַנט, ער האָט געלעבט ווי אין אַ חלום און זיך נישט פאַרקלערנדיק מכח דעם אַבסורדן אינהאַלט פון דאָזיקן

לעבן, האָט ער בלויז געשפּירט אַ פאַרשכורנדיקן פאַרגעניגן. סוף כּל סוף איז גאָר נישט אַזוי שלעכט, זיך אַמאָל צו אַמוזירן!

פאַרבייגייענדיק דער גאַרדעראָבע האָט מאַריסע אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער. זי האָט זיך אָנגעשטויסן אויף אַ דיקן הער, וואָס האָט זיך געבלאָזן אונטער זיין גאָלד־גאַרנירטן פּאַנצער און געהאָלפן הובערטע דער צווייטער אָנטון איר פּראַכטפולן גאָרנאסטאי־מאַנטל. זשאַן סערוויער האָט געמאַכט אַ זויערע מינע בעמערקנדיק זיין טאָכטער.

— פּאָטער!

— איך באַגלייט פריילן פורסאַליאָן אַהיים. זי געפינט נישט איר שוועסטער...

— דו ביסט דאָ, זייער גוט!

אין זיינע קאַצן־אויגן האָט אויפגעבליצט אַ בייזער בליק. ער האָט באַטראַכט מאַריסען פון קאָפּ ביז פיס.

— בגילופין, אויף מיין וואָרט!

ס'איז אים שטאַרק נישט געפעלן וואָס זי טרייבט זיך דאָ אַרום אַזוי נאַקעט און אַזוי פריי מיט דער דאָזיקער באַנדע אונטערנעמונגסלוסטיקע מענער... מיטן קליינעם זשאָקמען, יאָ, וויפיל איר האַרץ גלוסט! ער איז נישט געפערלעך, אָבער מיטן אויסטראַליער און מיטן נעגער!... אַ געפיל פון אייגנטום־רעכט האָט זיך אין אים דערוועקט און עפּעס אַ מין אומקלאָרע איי־פערזוכט... מאַריסע איז אייגנטלעך, אַ טייל פון זיין פאַרמעגן... נישט חלילה קיין געפיל פון פּאָטער־ליבע, נאָר עפּעס אַ מין צערטלעכקייט, וואָס האָט אומבאַוווסטזיניק צונויפגעמישט דעם באַגריף פון פּאָטערלעכער אויטאָריטעט מיט דער באַוווּנדערונג פון אַ באַנספּערשוין פאַר אַ יונגער פרוי.

— ציי גייסטו אַהיים? – האָט ער אַ פרעג געטון אומרוהיק און שטרענג.

— נאַטירלעך, פּאָטער! די הערן באַגלייטן מיך נאָר ביז דער ווילע. אַמוזיר זיך גוט!

— אויף מאָרגן! האָט ער אומצופרידן געבורטשעט.

אין דרויסן האָט מאַריסע געדרוקט קלוידס אָרעם...

האָט געקלערט: ביז מאָרגן זענען מיר פון אים פּטור... פריער ווי ביז מאָרגן נאָכמיטאָק וועט ער נישט ענדיקן די פּראָצעדור פון „באַגלייטן" הובערטען.

אויפן שטראַנד האָבן געוואַרט „הידראָוויאַנס"*) די נייסטע באַקוועמלעכקייט פאַר די הערן נאכטטומלער, ווען זיי פילן א באַדערפעניש אין פרישער נאַכט-לופט.

— צו דער מאה-רי-טסע! האָט אויסגערופן מאָריסע.

די דאָזיקע אַלע אַוויאַטאָרס קענען זייער גוט די לוקסוס-יאַכטע, מיט אירע אַמעריקאַנישע מאַשינען, וואָס אַנקערט אין אַלטן פּאָרט. ביי דער רעטונגס-סטאַציע... זיי זעצן זיך אויס, זיבן מאַן אין גרעסטן שיף. ס'צינדן זיך אָן די עלעקטרישע לאָמפּן, ווי גרויסע, לייכטנדיקע אויגן; מאָריסע און קלויד נעמען זיך אַרום, די פּאַסאַזשירן ווילצלען זיך אידיאָטיש, דער נעגער זינגט אַן אַפריקאַניש לידל... אָבער שוין שיסט דער אַפּאַראַט אַראָפּ, כמעט אין ים אַריין און מאָמענטאַל שטייט ער זיך אויפן לאַדונגס-דעק פון דער יאַכטע.

פלוצלונג לויפט אויף די גאַנצע יאַכטע. דער וואַך-פּאָסטן האָט זיך אויפגעכאַפּט דורכן ליאַרם פון מאָטאָר, האָט אָנגעדריקט דעם אַלאַרם-קנאָפּ, וואָס שטייט אין פאַרבינדונג מיט אַלע לאָמפּן אויפן שיף.

— לעש אויס, איוועגס, דאָס בין איך.

דערזעענדיק מאָריסען און אי־ע פריינט, האָט דער מאַן אַראָפּגענומען דאָס היטל. אָן א שום איבערראַשונג. ער איז געווען געוווינט צו זייערע קאַפּריזן און באַקומענדיק גוט באַצאָלט האָט ער זיי ווי געהעריק רעספּעקטירט, ס'האָט אים אויך געלוינט.

— לעש אויס! — האָט זי ווידערהאָלט. ס'האָט זיך איר נישט געוואָלט, אז דער גאַנצער פּאָרט זאָל איר זען — און גיי שלאָפן. מיר וועלן שוין אליין אכטונג געבן.

העלענע און לואיזע זענען צוזאַמען מיט גראַבי און מאַכ-

*) „הידראוויאַן" — לופטשיף

מעד אַריין אין זאַל, ראַוועלין איז זיי נאָכגעגאַנגען, זיך האַלטנ־
דיק קוים אויף די פיס. דער בראָנפן, וואָס מ׳האָט צום סוף צו־
נויפגעמישט מיטן שאַמפּאַניער, איז געווען אַ ביסל צו שאַרף.
בעת דער נעגער־פּירשט און גראַבי האָבן זיך אויסגעצויגן
אויף איינער פון די קאַנאַפּעס אין גרויסן האַלברונדן צימער,
האָט לואיזע — וועלכע האָט זיך דאָ געפילט ווי ביי זיך אין
דער היים — אָנגעהויבן דעקן דעם טיש. העלענע און זשאַן
האָבן איר צוגעהאָלפן, דער לעצטער מיט דער ערנסטער מינע
פון אַ פּאַסטאָר. ער האָט געעפנט די קאָנסערוון־פּושקעס און
אַרויסגענומען פון אייזקאַסטן די בעסטע פרוכט. דערנאָך איז ער
אַוועק צום וויין־שאַנק און אָנגעהויבן דערלאַנגען די גרויסע
מאַגנום־פלעשער. האַלטנדיק ביי דער זעקסטער האָט ער אַ פרעג
געטון:
— ס׳וועט שוין זיין גענוג?
— ניין, האָט געשריען לואיזע, אויב מיר ווילן אַ ריכטיקן
לחיים. וואַרט! אין באָקאַל פון גרויסן פּריז פון קאַנעס!
זי האָט אָנגעוויזן אויפן גרויסן בעכער פון באַגילדעטן בראָנז,
וואָס האָט אויסגעזען ווי אַ זיך־וואַנע... און זיך שטעלנדיק אויף
אַ שטול האָט זי אַהין אַריינגעגאָסן די ערשטע מאַגנום־פלאַש.
זשאַן האָט אויפגעהויבן אַ הוראַ־געשריי און האָט איר אָנגעהויבן
טרייסלען.
— אידיאָט! — האָט זי אויסגעשריגן אָפּגיסנדיק אים מיט
דער צווייטער פלאַש — אָט האָסטו דיר פאַר דאָס דייניקע!
קלויד און מאָריסע, בלייבנדיק אַ קורצע ווײַלע אויפן
פּאָרדעק, האָבן זיך איצט באַוויזן אויפן מאַהאַגאַני־טרעפּ. לואיזע
האָט זיי באַגעגנט מיט דער מאָרסעליעזע און אונטערן אַקאָמפּאַניי־
מענט פון אַלע מיט די גאָפּלען אויף די טעלער און די גלע־
זער. מאָריסע האָט געדאַנקט, אויפהויבנדיק דעם אָרעם. ווען
קלויד זאָל איר נישט געווען האַלטן, וואָלט זי זיכער אַראָפּגע־
פאַלן פון די טרעפּ. די קאַלטע לופט נאָך דער שטיקנדער קאָ־
סינאָ־אַטמאָספער האָט ביי איר אַרויסגערופן אַ שטאַרקן קאָפּ־
שווינדל. אַלץ אַרום האָט זיך געדרייט ווי אין אַ קאַראַהאָד. זי

האָט לגמרי קיין וואָרט נישט געהערט פון די גאַנצע לאַנגע דרשות, וואָס קלויד דער שוטה האָט פּאַ־ איר געהאַלטן. זי האָט לחלומין גאָר נישט געשפּירט אין זיינע לכתחלה שרעקעדיקע און שפּעטער ווילדע קושן, מיט וועלכע ער האָט באַדעקט אירע אָרעמס, איר האַלדז און דערנאָך אירע ליפּן. זי איז נישט געווען מער ווי אַן אויטאָמאַט און, האַלטנדיק קאָפּ, האָט זי זיך באַמיט מיט אַלע כחות אויסצוזען נאַטירלעך.

דער טיש איז געווען לויט איר געשמאַק. קאַוויאָר, פּאַשטעטן מיט געגנזן־לעבער און געפּילטער פאַזאַן... און דער לחיים, אַ וואונדערבאַרער איינפאַל!... לוסטיק, לעבעדיק... לואיזע שרייט אויפן קול... זשאַן ראַוועלין אינגאַנצן ווי אויסגעבאָדן אין שאַמפּאַניער, רייסט איר די קליידער פון לייב: ער איז זיך נוקם... און האָפּ! אַריין אין זיצוואַנע!

און מיט דער רויקייט פון אַ שכור פירט ער אויס זיין עקזעקוציע, דעם אַקט פון נקמה. זי צאַפּלט זיך און דרייט זיך, און ער טוט דאָס זייניקע זעצט איר מיט געוואַלט אַריין אין וויין־באָד. לואיזע שרייט יאָמערלעך, ווייל דער וויין איז אייזקאַלט, באַלד אָבער פּלאַצט זי אויס מיט אַ לוסטיקן געלעכטער אונטערן וויין־רעגן, וואָס דער אויכט־אַליער גיסט אויף איר אַ פלאַש נאָך אַ פלאַש און מאַכמעד, אַנטציקט פון דעם איינפאַל — קוועלט פאַר נחת, זיך צוקוקנדיק ווי דער שאַמפּאַניער רינט איבער איר רוקן, איבערן קאָפּ, איבערן בוזעם און איבער די פיס מיט וועלכע זי האַלט אין איין האַקן...

— איצט גיט אַהער די פרוכט! שרייט העלענע פון הופּעל.

און באַלד באַוואַרפט מען איר מיט ווינטרויבן, מיט מאַרעלן.

אַ טייערער שפּיל! — זאָגט גראַבי אַ צופרידענער, בעת העלענע טוט זיך אַ נעם פאַר זיין פּיפּקע און רויכערט אַזוי האַסטיק, אַז זי הויבט אָן צו ברעכן.

— נאָר נישט אויף מיר, לואיזע!

העלענע פון הופּעל אַן אויסגעהונגערטע, זעצט זיך באַלד

צוריק צום טיש און נעמט זיך צום פאזאן. לואיזע גדעס מאַנ־
מעדס געקרויזטן קאָפּ, און ער באַלעקט זיך ווי אַ גוטער הונט.
זיינ׳ע ווייסע ציין בייסן די פרוכט און גלייכצייטיק די זיסע
הויט. לואיזע לאַכט כסדר היסטעריש... און דער נעגער לאָזט
זיך ווילגיין. ער איז זיך נוקם אָן דער ציוויליזאַציע, וואָס
עקספּלואַטירט אים און, איר פאַראַכטנדיק, זעטיקט ער זיך
איצט מיט איר אָן. כעלענע נעמט זיך באַלד ווידער צו דער
פּיפּקע.

מאָריסען גייט מער קיין זאַך נישט אָן. קיין זאַך איז
נישט בכח איר אַרויסצורייסן פון דער פאַרגליווערונג. איר נשמה
איז אַוועקגעפלויגן. און דער קערפּער ליגט אויסגעצויגן, לגמרי
ווי אַ טויטער. קלויד לעבן איר זעט פון דער גאַנצער וועלט
נישט מער ווי איר ריינעם, ווייסן קערפּער. דעם בוזעם, וואָס
גיט זיך אָפּ מיט זיינע רויזן — קנאָספּן, מיט די סודותפולע
בלומען... קלויד, ווי אַרומגעכאַפּט פון אַ רעליגיעזן עקסטאַז
נעמט איר אַרום, דריקט איר אומאויפהערלעך צו זיך. ער ציי־
טערט אינגאַנצן פון אומגעוויינלעכן גענוס... ברוסטן, וואָס ציטערן
אונטערן גענוס, וואָס זיי גיבן. ברוסטן פאַרשפּורנדיקע! די
לעבעדיקע פאַרייניקונג פון מאַן און פרוי! דער לעבנס־קוואַל,
פון וואַנען ער האָט, אַלס קינד, געטרונקען די נאַרהאַפטע
מילך...

ווערטער, פול ברענענדיקע ליידנשאַפט, הייסע ביטעס,
פייערלעכע צוזאָגן, אַ היילקער הימן זינגט אין אים. בעת מאָ־
ריסע קרעכצט, און אונטער זיינע קושן, רייסט זי אַראָפּ אויטאָ־
מאַטיש דעם לעצטן שלייער...

פלוצלונג שפּרינגט קלויד אויף אַן אויסגעניכטערטער. ער
געפינט אַ האַנט, וואָס איז נישט מאָריסעס.

— אָקופּירט! — דערהערט זיך אַ חוצפּהדיקע שטים, באַ־
גלייט פון אַ צופרידענעם געלעכטער.

מיט שרעק כאַפּט ער אָן אַ מענער אָרעם... ווי אַן אונ־
טערגעשאָסענער שפּרינגט ער אויף און דערלאַנגט מיט דער פויסט
גראַבי דע מאסוג אין פּרצוף אַריין.

— מנובל

דער שווייצער אַ צעטומלטער... שטאַמלט:

— וואָס איז דען, האַ! ברידער... מיר זענען דאָך אַלע ברידער!... וואָס נישט, מאַריסע?

זי טוט אַן ־פן, פאַרוווּנדערט, די אויגן, דערזעט ווי קלויד שטייט און מורמלט:

— ברידער!... געוויס!... קום קלויד! — זי שטרעקט אים אויס די אָרעמס...

אָבער דער צויבער איז פאַרשוווּנדן. קלויד, אַ צעשראָקע-נער, הויבט אָן קומען צו זיך. מיט געביילטע פויסטן וואַרפט ער זיך אויף גראַבי דע מאַסוג און שלאָגט אים אומברחמנותדיק ביז בלוט פון נאָז. כעלענע, זשאַן און לואיזע לויפן אונטער, נעמען פונאַנדער די קערפּער און באַקומען דערביי אויך אַ פּאָר קלעפּ. קלויד ברענגט זיך אין אָרדנונג, בעת זיין קעגנער, נעמט אַרויס, זייער העפלעך, פון זיין פּאָרטפּעל אַ וויזיט-קאַרטע און דערלאַנגט קלוידן...

אַ צעקאָכטער וואַרפט אים קלויד די קאַרטע אין פּנים אַריין.

— דו האָסט שוין פאַר דאָס דייניקע גענוג באַקומען!...

— אַ דועל מיטן דאָזיקן אויסוואורף!... הרגנען? זייער גערן, יאָ!... כאָטש באַלד, דאָ אויפן אָרט, ווען ער זאָל קאָנען... אָבער איצט... ער האָט אַ לאַך געטון, מיט אַ מין ווילד געלעכטער... איצט ווילט זיך אים קיין זאַך נישט, נאָר אַנטלויפן פון דאַנען! אָבער פריער מוז ער נאָך מאַריסע זאָגן...

ער גייט צוריק צו דער סאָפע, אָבער פון דאָרט טראָגט זיך אַ געשריי, אַ משוגעהדיק-ווילדער געשריי. ער בלייבט ווי צו-געשמידט צום אָרט. מאַריסע קרעכצט, — פון פאַרגעניגן, צי פון שמערץ? — אונטערן קערפּער פון מאַכמעדן, וואָס פאַרדעקט איר... מאַריסע, אין די אָרעמס פון דאָזיקן נעגער?... איז עס אַ קאָשמאַר פון שכרות צי ווירקלעכקייט?...

ער ווייסט עס בלויז פון זיך, אַז ער לעבט נישט ערשט קיין ווירקלעך לעבן. די צונויפגעגאָסענע קערפּערס וואַלגערן זיך אויף דרערד, אין שמוץ וואָס איז געבליבן נאָך כעלענעס ברעכן,

בעת זי דאָט פֿאַרטײדיקט אירע פּרײַנט קעגן קלױדס אָנפֿאַל.

קלױד רירט זיך נישט פֿון אָרט, װי אַ פֿאַרשטײנערטער.

מאַריסע, װי אין חלשות, מורמלט:

— װײַל מיר זענען... אַלע... ברידער...

ס'האַקן זיך אים אונטער די פֿיס; צי גײט ער אַראָפּ פֿון זינען? אין די אויערן האַקט װי אַ דונערשלאַק. מיט אַ שרעקלעכן הײַדערװײַלן װאַרפֿט ער נאָך אַמאָל אַ קוק אויף די צװײ חיות, צעגױפֿגעדרײטע אײנער אין אַנדערן, איבערגעזעטיקטע מיט זײער װילדער שמוציקער תּאווה.

אַ לעצטער פֿונק פֿון געװיסן װעקט זיך נאָך עפּעס אין מאַריסע:

— קום, קלױד!...

ער שטױסט איר אָפּ מיטן פֿוס, און װי אַ פֿאַרװוּנדעטע חיה, שלעפּט ער זיך אויטאָמאַטיש צום אַרויסגאַנג, די רײנע לופֿט, דער טאָג...

דער טאָג! ער װאַרפֿט אַ טראַגיש ליכט אויף דער שטאָט און אויפֿן ים. קלױד לױפֿט צום שיפֿס-געלענדער... ער לעבט איבער אַ שרעקלעכן קאַמף... דער אינסטינקט פֿון זעלבסטדערהאַלטונג קעמפֿט מיטן פֿאַרלאַנג נישט איבערצולעבן די פֿאַרצװײפֿלונג, די געװיסנסבּיסן, די שאַנד... דאָס באַשמוצטע לעבן, די געשטאָרבענע ליבע, אַלע זײַנע אילוזיעס צעבראָכן אויף שטיקלעך... און דאָך שפּירט ער אין דער דאָזיקער נױטנעקײט אַ געפֿיל פֿון באַפֿרײַונג... דאָס שװאַרצע װאַסער האַקט אין דער שיפֿס-װאַנט. קלױד האָט בדעה זיך אַרײַנצװואַרפֿן. נאָך אַ מאָמענט, און ער װאָלט נישט אויסגעהאַלטן!...

אָבער ס'דערהערן זיך טריט הינטער אים. איװעס, דער װאַכטפּאָסטן, מאַכט זײַן מאָרגן-טור איבערן פֿאָרדעק... ער קען זײַ גוט די דאָזיקע העלדן, װעלכע פֿאַרטראָגן נעבעך, נישט דעם געטלעכן געטראַנק!

— נעמט זיך נישט אַזױ צום האַרצן, מײַן אָרעמער הער. מ'מעג אָפּגעבן אַ ביסל פֿאַר די פֿיש, אַז מ'האָט צופֿיל צום עסן!...

— פירט מיך אַראָפּ אונטן, אויף דער יבשה.

קלויד ציטערט ווי אַ פיש. ער קומט זיך אַליין לעכערלעך פאָר אין זיין קאַרנאַוואַל־קאָסטיום און שעמט זיך פאַר די מאַטראָזן. אָבער דער גוטער איוועב נעמט זיך צום רודער, דאָס שיפל לאָזט זיך איבערן וואַסער. קלויד שפירט ווי די מאַ־הה־רי־טסע האַלט זיך כסדר אין דערווייטערן... יענע, דאָרט אויבן, ניכטערן זיך אויס פון זייער דעגראדאציע... איז ער דען בעסער פון זיי?

## VIII

צעמאַטערט פון דער נאַכט מיט הובערטן דער צווייטער, האָט איצט זשאַן סערוויער פאַרלאָזן דעם פאַמיליען-פּענסיאָן, ווו ער האָט געהאַט אַ יערלעך געדונגענעם צימער, צו בייטן די קליידער און וועש און אַ ציגאַב אַ מיידל, וועלכע ער האָט נישט געהאַט די חוצפּה צו אינסטאַלירן אין זיין ווילע פון מאָנטבאַראָן...

ער גייט און שלעפּט קוים די פיס. דער רוקן ברעכט און אין מויל איז ביטער... דאָס גאַנצע גאָלד פון דער וועלט, וואָס גיט די מעגלעכקייט צו קויפן אַלטע און יונגע — קאָן אָבער בשום אופן צו זעכציק יאָר נישט ברענגען צוריק די יוגנט... ער קלערט וועגן הובערטעס פלומרשט שטענדיקע נאַיוויטעט און עפּעס דורך אַן אסאסאציע, אין וועלכער ער זוכט זיך נישט צו פאַרטיפן, פאַלט אים פלוצלונג איין מאַריסע מיט איר עקסטרעמער אומאָפּהענגיקייט... ער מוז זיך צו איר נעמען, און באַלד ווערט ער ווייך זיך דערמאָנענדיק אָן אירע חניפותדיקע תשובות. זי ווייסט, די בעסטיע, מיט וואָס אים צו נעמען... סאַראַ חיות צו פילן איר קליינע האַנט אויף דער באַק!... אוי! שוין ווידער דער שרעקלעכער שמערץ אין רוקן, ווי נאָר ער טוט אַ קלער עפּעס וועגן אַן אָנגענעמער זאַך... אָבער וואָס פאַלט אים עפּעס פלוצלונג איין? ער פאַרטרייבט דעמדאָזיקן נאַרישן געדאַנק און ברומט: „קיין מאָראַלישער דרוק וועט אים נישט אויסבעסערן"

אייגנטלעך האָט ער זיך נאָך קיינמאָל וועגן דעם ערנסט נישט פאַרטראַכט, אָט וואָס...

ס׳פאָרט פאַרביי אַ דראָזשקע מיט צוויי פערד און אַ ווייסערביידל. ער שטייגט איין און פרייט זיך שטאַרק מיטן פאַרהיסטאָרישן געשפּאַן... מאָריסע וואָלט געלאַכט, ווען זי דערזעט אים איצט...

אָט שטייט ער פאַר דער קליינער טיר פון ווילע. די קיזלשטיינדלעך אין גאָרטן קנאַקן אונטער זיינע פיס... ער וואַרפט אַ בליק אויף די פאַרמאַכטע פענצטער. אַלץ שלאָפט... ניין! פאַרבייגייענדיק פאַר זיין ווייבס צימער, הערט ער אַ געוויין... וואָס אַזוינס איז געשען?... מונע צענויפגעדרייט אויף אַ שטול... דאָס קלייד און דער מאַנטל וואַלגערן זיך אויפן בעט... און איר רויזן קימאָנע זעט אויס ווי אַן אָ געבלאָזענער געלער שוואָם — ליגט און כליפעט אויפן קול. איר פאַרצווייפלונג ווערט שטאַרקער, בעת זי דערזעט איהר הער... וואָס וועט ער זאָגן?.. זי דערקלערט מיט אַ הארצרייסנדיקער שטים:

— מיין קאָליע, מיין האַלדזבאַנד האָב איך פאַרלוירן... מיין שיינע, קאָליע פון פערל און שווארצע דימענטן!...

וווּ? זי ווייסט אַליין נישט ווו... אויפן באַל?... ביים אַרויסגאַנג, איינשטייגנדיק אין אויטאָ... איינס ווייסט זי גאַנץ גענוי: זייענדיק מיט לוירענטי ד׳עמפאיטא אין קאָקאָטעאָס. אין קאַבאַרעט, האָט זי עס נאָך געהאַט. זי האָט עס אויסגעטון און אַוועקגעלייגט אויפן קאָמין. און פלוצלונג איז עס פערלוירן געוואָרן. לויו׳ענטי האָט נישט אָנגעזען, און קוים האָט זי אַרויסגערעדט אַ וואָרט, איז ער געוואָרן אַן אָנגעצונדענער פון כעס. זאָל זי מאַכן אַ לאַרם? גלייכער נישט. געדולד, אָבער ווי אַזוי דערציילט מען איצט די גאַנצע מעשה דעם מאַן? יענער קנייטשט דעם שטערן און זאָגט:

— צוויי מיליאָן פראַנק און זיבעציק הענט!

זי וויינט נאָך אונטער און געפינט פאַר ריכטיק זיך אָפּצוטראָגן.

זשאַן סערוויער גייט צו צום טעלעפאָן, קריגט אָבער באַלד

חרטה. נישט כדאי אַרויסצוטראָגן דעמדאָזיקן שמוץ, איידער די פּאָליציי... ער גייט צום טיר וואָס פירט דורכן קאַבינעט און נעבן-צימער רופט אויפן קול: „מאָריסע! מאָריסע" ! קיינער ענטפערט נישט. ער גייט ווייטער. קלאַפּט: „מאָריסע!" ער עפנט. נישטאָ קיינער !... די בעסטיע ! זי האָטאים אָפּגענאַרט. וווּ קאָן זי אָבער זיין ?

ער גייט צוריק צו זיין פרוי, אָבער זי באַמערקט אים כמעט נישט רירט זיך נישט פון אָרט. ער טוט איר אַ נעם פאַרן האַנט טרייסלט איר, אָבער אַזוי ברוטאַל, אַז זי הויבט אויף אַן אמת אָן צו קלאָגן, אַ דערשראָקענע.

— דיין טאָכטער!... דיין טאָכטער איז נישט געקומען נ״כטיקן !...

— מער גישט ווי דאָס ?... זי אָטעמט פריי אָפּ און פרוווט זיך אים באַרויקן.

— זי פאַרברענגט נאָך ערגעץ ווו אין קאַקאַטאַעס אַדער אין מוינד !...

— און דאָס זאָגסטו אַזוי רויק ? אַזוי גלייכגילטיק ? אַ מיידל. וואָס האָט שוין אַביסל צופיל געטרונקען !... אַליין מיט דידאָזיקע טויגעניכצן...

זי האָט אים אָנגעקוקט, שטאַרק פאַרוווּנדערט.

— מאָריסע איז גענוג גרויס און ווייסט ווי זיך צו האַלטן... איבריקנס, האָסטו מיר קיין מאָל נישט געלאָזן אויף איר אַכטונג געבן ! מאָריסע, — איך מאַך דיר קיין פאָרוווּרף נישט — איז דיין שפּיגל... איך האָב גענוג מיט מעריאַנען צו טאָן !... אָ! די קינדער !... ווען מ׳ווייסט פריער :... וואָלט מען נישט אַרויפגענומען אויף זיך אַזאַ לאַסט !... דו וועסט איר געפונען, דיין מאָריסן. וואָלט איך אַזוי זיכער זיין מיט מיין האַלדזבאַנד״

ער האָט זיך געקראַצט אין קאָפּ.

— וווּ קאָן זי זיין ?

— וואָס ווייס איך ? אפשר גאָר אויף דער מאה-רי-טסע?...

און דערצו האָט זי אונטערגעברומט :

— דו פאַרברענגסט אויך זייער אָפט דיינע נעכט אויף דער מאה-רי-טסע, דיין טעכטערל מאַכט דיר בלויז נאָך !

— אויף דער מאה־רי־טסע?... ער האָט זיך גלייך געוואָלט איבערצייגן. הענטנדיק פאַר איבעריק איר צו ענטפערן, האָט ער אַרויסגענומען זיין זייגער.

אַכט! אין אַ פּאָר מינוט אַרום הויבט זיך אויף דער גרויסער געל־בלויער הידראוויאַן פון שלאָס מאָנט־באַראָן... אַ קירצע, משוגענע רייזע... און אָט איז ער שוין אויף דער יאַכטע, גראָד אין דעם מאָמענט, בעת דער וואַכט־פּאָסטן האָט צוגעפירט דאָס שיפל מיט די מאַטראָסן פון אורלויב.

איוועס, דערזעענדיק דעם „קאַפּיטאַן" האָט פאַרבראָכן מיט די הענט. „וואָס וועט איצט מיט זיי זיין, זיי וועלן זיך זיכער אָנרייסן!" קודם־כל דאַרף מען אַראָפּוואַרפן די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון זיך און ער דערקלערט הכנעהדיק: „דעם הער מיניסטערס טאָכטער... צו דען האָב איך געקאָנט נישט דערלויבן..." אַ צעטומעלטער איז זשאַן סערוויער אַראָפּגעלאָפן פון די טרעפּ. באַלד איז ער געבליבן שטיין: פון שלעכטן גערוך און פון אומגעריכטן ספּעקטאַקל האָט אים ממש פאַרכאַפּט דער אָטעם.

צומאַטערטע זענען מאַריסע און כאַכמעד געלעגן אַרומגעוואָרפן אויפן זאָפע; לואיזע, העלענע פון הופל און גראַבי דע מאַסוג האָבן געכראָפּעט, אַלע אין איינעם, אויף אַ צווייטער. איין זשאַן ראָוועלין איז געזעסן אַ וואַכעדיקער ביים טיש און האָט זיך געקוויקט מיט דער לעצטער פלאַש וויסקי... דעם יקר־המציאות פון הענרי דעם זיבעטן.

דער אויסטראַליער איז געווען דער ערשטער אויף וועמען זשאַן סערוויער האָט אויסגעגאָסן זיין שרעקלעכן גרימצאָרן. ער האָט אים דערלאַנגט מיטן פויסט אַזוי שטאַרק, אַז יענער איז געפאַלן אויף דר ערד. דערנאָך האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן צום שלאָפנדיקן פּאָר און זיי אויפגעוועקט דורך אַ שטויס מיטן פוס. מאַכמעד, דערזעענדיק דעם בייזן כאַטן, האָט געמאַכט אַזאַ רחמנותדיקע מינע, אַז מאַריסן, נישט געקוקט אויף איר אייגענע אומרויקייט, האָט זיך געוואָלט לאַכן...

אויף איר עצם עובדה האָט זי, אייגנטלעך, קיין חרטה נישט געהאַט. ס'איז איר בלויז זייער נישט אָנגעשטאַנען, וואָס

זי האָט זיך אַזוי פאַרגאַלאָפּירט, אַז מ׳האָט איר געכאַפּט אין די אָרעמס פון אַזאַ מיאוסן פּאַרטנער... אויפכאַפּנדיק דעם כעס און די אויפרעגונג אין דעם פּאָטערס אויגן, האָט זי זיך אַ הויב געטאָן און פאַרדעקט די ציניש נאַקעטקייט מיטן צעריסענעם פּעפלאָן. נישט רעדנדיק קיין וואָרט, האָט זי זיך צוגעקוקט ווי איר דערצאָרנטער פּאָטער שלעפּט פון קאַנאַפּע איינעם נאָכן אַנדערן די שכורע פּעפּערס און שליידערט זיי אַראָפּ פון די טרעפּ צוזאַמען מיטן נעגער און זשאַנען.

וואַרט! האָט ער באַפוילן. איך קום צוריק.

זי האָט געקוועטשט מיט די באַרקעס. זאָל ער הנאה האָבן!

יאָ, זי האָט זיך אפילו נישט געקאָנט איינהאַלטן פון לאַכן, זעענדיק ווי די פינף אידיאָטן לאָזן זיך אַריינוואַרפן אין אַ מיסטשיפל ווי פּירפּיסיקע בהמות. זי האָט העפטיק אַן עפּן געטאָן אַ פענצטערל און אַריינגעלאָזן פרישע לופט... אונטן, אויפן וואַסער האָט זיך געהוידט דאָס שיפל, וואָס האָט טראַנספּאָרטירט פון דאַן די אומגעבעטענע געסט... אַ גליקלעכע רייזע!

אַז איר פּאָטער — מיט אַ געזיכט פון אַ צעווילדעוועטע חיה, איז געקומען צוריק, איז זי נאָך אַלץ געזעסן אין טואַלעטצימער. דאָרט האָט זי גענומען אַ דוש, אַרויפגעוואָרפן אויף זיך אַ פריזיר-מאַנטל, און איז אַרויף אַ פרישע, אַ געשטאַרקטע גרייט צום קאַמף... זי וואַרט אויפ׳ן אָנגריף, פאַרפאַנצערט אין איר שטאָלץ, אַ נשמה, וואָס דאָס רייניקנדיקע וואַסער האָט איר נישט אָפּגעוואַשן ווי דעם קערפּער. זי טוט אַ טראַכט וועגן קלויד׳ן: וואָס איז מיט אים געוואָרען? ווו איז ער אַהינגעקומען?...

— דו קליינע אומגליקליכע!

די ווילדע אויגן שיטן מיט פּייער... קוקט זיך נאָר צו! עפּעס האָבן זיי היינט לגמרי אַן אַנדער פאַרב. די גרויסע קאַץ האָט זיך פאַרוואַנדלט אין אַ טיגר... זי איז דרייסט, און פאַרכאַפּט פריער:

איך האָב פאַר דיר קיין מורא נישט! איך בין אַ פרייער מענטש!

— אַפילו האָבנדיק ליבהאָבערס?

ער האָט אַ הויבּ געטון דעם פּויסט. לאָזט אים אָבער גלייך פּראָפּ צוריק, באַמערקנדיק איר אייז-קאַלטן, גרויזאַמען בּליק.

— ס'איז מיין פּערזענלעכער ענין... און חוצפּהדיק — ...וואָס גייט עס דיר אייגנטלעך אָן?

ער האָט זיך געוואַקלט, אין דערנאָך, מורא האָבנדיק זיך צו אַנאַליזירן, האָט ער געשריען:

— דו האָסט אַ העזה!... מיט מיר אַזוי צו רעדן, מיט מיר, מיט דיין פאָטער, וואָס האָט אויסגעגעבּן אַ פאַרמעגן, כּדי צו מאַכן פון דיר אַן אויס־אַמס־מענטש... אַ מוסטער... און צום סוף בּזטו גאָר געוואָרן אַ פּראָסטיטוטקע, וואָס גייט פון האַנט צו האַנט, פון איין שכור צום אַנדערן!

— איך האָב געטון אַן עולה, וואָס איך בּין אַהער געקומען אָן דיין דערלויבּניש, ווייל דידאָזיקע נאַכט געהערט דיר אינגאַנצן, מיט איר שאַמפּאַניער, אירע פּרות אין דעם גאַנצן קלאַפּערגעצייג!... אין דער הינזיכט בּיזטו גערעכט.

זי האָט אַ ווייז געטון אויף לואיזעס שאַכטל אוּבּאַ, וואָס איז געלעגן אויפן טיש און מיט אַ חוזק געזאָגט:

— איך מיש זיך נישט אין דיינע געשעפטן, און מיש זיך דו נישט אין מיינע.

ער האָט איר מיט כּעס געדראָט:

— איך טו וואָס מיר געפעלט...

— דעריבּער איז עס! איך טאַקע אויך... זאַמל און פאַר־שווענד דיינע מיליאָנען ווי דיין האַרץ גלוסט, און מיך לאָז צורוה.

„לאָזן דיך צורו?... און ווער פאַרדינט ס'ברויט, וואָס דו עסט, איך צי דו? און אַז איך זאָג ס'ברויט!...

ער ווייזט אויף די אויסגעלײדיקטע עסן־שאַנק און גיט צו:

— רעד צו מיר מיט אַן אַנדער טאָן, איך בעט דיך, כּל זמן דו האָסט נאָך נישט חתונה געהאַט!

— גרויסאַרטיק! וועל איך הייסט עס איבּערבּייטן דעם פּאַראַנטוואָרטלעכן פאַרלעגער, נישט אמת?...

— זייער ריכטיק! אַז דו וועסט האָבּן אַן אַנדער פאַרווי־

ליאַן קאָנסטו טון מיט דיין סחורה וואָס דו יוילסט, דערווייל גפינסטו זיך אונטער מיין דאַך און איך פאָדער דו זאָלסט רע-ספעקטירן.

— רעספּעקטירט איר אייער דאַך, דו און די מוטער?... רעכט?... פון ווען אָן אינטערעסירט איר זיך דען מיט מיר?... דו באַקלאַגסט זיך, וואָס איך פאָלג אייער ביישפּיל.

— וואָס האָסטו געזאָגט?

— איך זאָג, אַז ווען דו זאָלסט זיך נישט געווען אַפּאַ-פּירן מיט דיינע קעפּסווייבער, און מיט קעפּסווייבער און מיינע יאָרן, איך זאָג, אַז ווען די מוטער זאָל נישט געווען ברענגען אין שטוב, זינט איך געדענק, קיין קאָלעקציע ליבהאָבער, פון נידעריקסטן סאָרט, וואָלט איך אפשר נישט געווען געצווונגען זיך אַליין צו דערציען?... איך האָב אַ ליבהאָבער?... יאָ, פון היינ-טיקער נאַכט אָן... אָ! קיין איינער נישט פון די, וואָס דו האָסט נאָר וואָס צוזאָגט, אפילו נישט דערדאָזיקער שמוציקער נעגער, וואָס וואָלט מיך אין לעבן נישט געהאַט!... יאָ, יאָ, איך האָב אַ ליב-האָבער. איז וואָס, אַ ליבהאָבער, וואָס איך האָב אויסגעוויילט און וואָס וועט מאַכן מיט מיר וואָס ער וועט ווען... צי דען בין איך דערמיט ערגער פון הובערטען, וואָס דו האַלטסט אויס, אָדער פון דער מאַמען מיט איר גימארדן און לוירענטוס?...

ער איז צו איר צוגעלאָפן און געוואָלט דערלאַנגען. מיט אַ גראַציעזן שפּרונג האָט זי זיך אויסגעדרייט פון זיינע הענט און איז אַנטלאָפן אין וואַנע-צימער. שטייענדיק אויפן שוועל האָט האָט זי געשריגן אויפן קול:

— און אויב דיר שטייט עס נישט אָן, דאַרפסטו מיר בלויז אַרויסוואַרפן, ווי דו האָסט נאָר וואָס געטון מיט יענע!... איינער מער אָדער ווייניקער, ס'איז שוין נישט חיכטיק!...

זי האָט זיך פונאַנדערגעלאַכט, קוקנדיק אויף זיין, פון כעס פאַרקרימט פּנים.

— און איצט, אַ גוטן טאָג!

מיט די ווערטער האָט זי אַזוי האַסטיק צוגעריגלט דעם

שלאָס, אַז זשאַן פּערוויער איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטער אַ האָס אָנגעהויבן האַקן מיט די פויסטן אין טיר:

— בעסטיע, קליינע בעסטיע!... מאַך אויף!

---

אַן אָנגעטועגער ליגט קלויד אויסגעצויגן אויפן בעט אין זיין צימער ביי מוינד, הערט זיך צו צום טיק-טאַק פון קאמין-זייגער. פון אינדערפרי אָן מאַטערט אים אָן אויפהער אַ שרעקלעכער מיגרען ס'פּלאַצט אים ממש אויף דער קאָפּ...

ביי זיין בעסטן ווילן איז ער נישט אומשטאַנד אָפּצוטרייבן די דערינערונגען פון דער נאַכט... אַ קראַנקער, אַ פאַרצווייפלטער איז ער אָפּגעלעגן אין בעט, זיך שעמנדיק פאַר זיך אליין, ביז דער גאָנג האָט גערופן צו מיטאָג. איצט ליגט ער ווידער, דעם קאָפּ איינגעגראָבן אין קישן, וואָס איז נאַס פון טרערן; די לאָדן פאַרמאַכט, די פאָרהאַנגער אַראָפּגעלאָזן, און איז אַזוי צעבראָכן פון פאַרצווייפלונג, אַז ער קאָן זיך פשוט נישט רירן פון אָרט.

אַ שוואַרצער וועג ציט זיך פאַר אים, אַ געקוועלטער, האָט ער מורא זיך צו אַנגאַזשירן. צושראָקן, פאַרוויקלט ער זיך אין זיין אייגענעם חשק... געשטאָרבן די ליבע, די יוגנט מיט אַלע אירע אילוזיעס וועגן דער צוקונפט, וואָס האָבן זיך געזען דורך דער פּריזמע פון דער האָפענונג. און ווי ביי אַ קבורה, ווו אַלץ קומט פאָר שטיל און טרויעריק, מיידט ער אויס די ליכטיקע שיין. רופט אַרויס צוריק אין זכרון די געדאַנקען, די חלומות פון פריער ווי מ'קוקט דורך די כאַפּירן פון אַ פאַרשווונ-דענעם.

זיך טויטן? ער האָט שוין ווידער געטראַכט וועגן דעם. אָבער עפּעס אַ העכערער אינסטינקט פּראָטעסטירט שטאַרק קעגן דעם. נישט אייגנטלעך, דער זעלבסטדערהאַלטונגס-טריב, נאָר אַלץ וואָס ס'איז דאָ אין אים ריינס און איידלס האָט ווידער אויפ-געוואַכט נאָך דער שרעקלעכער פּנעסטעזיע. זיך טויטן? צוליב

דעם ? ס'לעבן, דאָס סאַמע וויסטע, איז מער ווערט ווי אַזאַ טויט... יעגן מאָריסן קאָן ער אַנדערש נישט קלערן ווי מיט עקל, מיט האַס...

דריי אַ זייגער נאָכמיטאָג ?... ס'איז די העכסטע צייט ! ער מוז זיך אָפּטרייסלען פון דאָזיקן קאָשמאַר, אויב ער וויל זיין אין פאַריז נאָך פאַר אָוונטברויט:.. דער אַעראָפּלאַן רוים-לאָנדאָן גייט אָפּ פון סען-לוירען פיר אַ זייגער און בלייבט דאָ בלויז פינף מינוט. צום גליק האָט ער נאָך נעכטן באַשטעלט אַ פּלאַץ ?... איצט מוז ער זיך איי'ן אויסצובעסערן זיין פעלער, צו דער־פילן וואָס גיכער זיין פליכט, וואָס ער האָט אַזוי געוויסנלאָז פאַרנאַכלעסיקט...

ס'דוכט זיך אים, אַז זיינע גאַנצע האָט ער שוין אַ יאָר נישט געזען, ער קאָן זיך עס גאָר נישט מוחל זיין — בעת ס'דראָט אַ געפאַר... און וועמען ? זיין פאָטער, דעם מענטש, וואָס זיין לעבן איז וויכטיק פאַר אַלע און אים איז עס טייערער פון זיין אייגן... צו פאַרנאַכלעסיקן אַזאַ דרינגנדן, אַזאַ וויכטיקן ענין ער מוז אויך וואָס גיכער זען זיין מוטער, ווייל נאָר ביי איר וועט ער געפינען דעם נויטיקן טרייסט... געווגן ! זיפצט ער אָפּ טוט זיך מוטיק אַ הויב, צינדט אָן געשווינד דעם עלעקטרישן לאָמפּ... און אין דעם מאָמענט האָט ער דעם איינדרוק אַז אי־מיצער קלאַפּט אין טיר, און דידאָזיקע קלעפּ הילכן אָפּ ביי אים אין האַרצן.

— וואָס אַזוינס איז געשען ?

זיין שטים האַקט זיך איבער, ווייל ער ווייסט, אַז די וואָס קלאַפּט, וואָס וויל איצט אַריינגיין, איז מאָריסע... איר טונקעלער סילועט שלאָגט זיך אָפּ אויף די העלע ווענט אין קאָרידאָר, באַווייזט זיך אין טיר אַ בייזער חלום ? ציט זיך נאָך אַלץ דער קאָשמאַר ? ס'איז זי, איר פּערזאָן. ער הערט איר שטים !

— דאָס בין איך, פּאַרצייעט.

ער איז אויפגעשפּרונגען. אין זיינע אויערן קלינגען נאָך די שרעקלעכע ווערטער : ברודער... געוויס... קום אַהער... ער זעט אָבער נישט מער ווי די ווייסקייט פון אַ הכנעהדיקער מיידל

אין אַ שוואַרצער קערפּער, וואָס באַוועגט זיך... אומזיסט שטייט איצט פאַר אים אין העל באַלויכטענעם צימער כמעט אַזאַ מאַ־ריסע, וואָס האָט אים דערלאַבערט מיט צוויי טעג צוריק אויפן שוועל ביי מוינדן, אַ מאַריסע, אַ באַשיידענע, מיט אַ פעסטער אָבער ערנסטער מינע פון אַ יונגער פריילן... כמעט ענלעך? ניין, די פרוי וואָס ער האָט דאָ פאַר זיך אונטערשיידט זיך פון דער פריערדיגער מאַריסע עפּעס דורך אַ מין אויסדרוק פון שרעק, פון פחדנות, וואָס האָט מיט דעם מוט נישט צו גיין פאָרויס, נישט זיך אומצוקערן צוריק.

ער קוקט איר אָן, זי איז אים נאָנט, און דאָך פרעמד, אַ גאַנצער תהום ליגט צווישן זיי. ענדלעך מורמלט ער:

— איר?

זי פילט אין דעם איין וואָרט אַזאַ פאַרצווייפלטן פאָר־וואורף, אַזאַ האַס. אַז זי פאַרלירט מאָמענטאַל איר גאַנצע דרייסט־קייט: „ווען איז ער אַוועק? וואָס האָט ער געזען? וואָס ווייסט ער"?... בלויז איין זאַך זעט זי דייטלעך: אַ גאַנץ אַנדער קלויד שטייט איצט פאַר איר, זי דערקענט אים פּשוט נישט; פונקט ווי זי איז איצט אַן אַנדער מאַריסע, אַן אומרויקע, אַ צעבראָ־כענע, און איר ווילט זיך שטאַרק פאַרטושן דעם נעכטיקן סקאַנ־דאַל. דידאַזיקע נייע מאַריסע קלאַמערט זיך מיט אַלע אירע שוואַכע קרעפטן אָן מיראַזש פון אירע פאַרלוירענע האָפנונגען און וויל ווידער געפינען דעם אַלטן קלויד אין דעם נייעם. און אירע אויגן עפענען זיך איר אויף און זי זעט גאַנץ גענוי, אַז זי פאַרלירט אים, נעמלעך אין דעם מאָמענט, ווען זי וויל אים דורכאויס האָבן.

זי זיפצט:

— קלויד!

ער שווייגט. און דאַן פרעגט זי אַ דערשראָקענע, נישט וואַגנדיק צו מאַכן מער קיין טריט:

— ווען זענט איר צוריקגעקומען?

איר שטים ציטערט. אַ שמערץ, וואָס האַלט איר קוים אָפּ פון פאַלן פאַר אים אויף די קניע, אַ דורשט צו זיין אויפריכ־

טיק, אַ פאַרלאַנג אַרויסצורופן ביי אים רחמנות און גלייכצייטיק טרייסט... זי האָט געוואָלט אויסשרייען

„פּאַציינ! פּאַרצייע! איך האָב באַגריפן, איך אָנערקען מיין שאַנד, איך באַדויער דאָס געשעענע... פון דער טיפעניש פון מיין אומגעזונטער גייגיריקייט איז אויפגעשטאַנען אַן אַנדער מאָריסע, וואָס איך האָב איר נישט געקענט, אַ מאָריסע, וועלכע האָט אויך ליב"... אָבער ווי אַזוי, אויב ער העלפט איר גאָר נישט... איר אָנמעכטיקייט שטיקט איר אין האַלדז, זי הויבט אָן וויינען, פאַרדעקנדיק מיט די הענט ס'געזיכט..

— וואָס וויינט איר?

ענדליך!... זי כאַפּט זיך אָן אָן דער האַנט, וואָס גייט איר ראַטעווען, זי וויל פּרוּוון זיך רעכטפאַרטיקן, ער וועט איר פאַרצייען, אויב ער האָט איר נאָך ליב... אָבער ניין! ער האָט עס געזאָגט מיט אַזאַ קאַלטער מינע, מיט אַזאַ מידן טאָן, אַז זי פאַרצווייפלט... זוכן מיטלען, קעמפן, צו וואָס? ס'וועט נאָך ערגער זיין, אַז ער וועט דערגיין, אויב ער ווייסט נאָך נישט, ווי נידעריק זי איז! זאָל ער איר פאַרראַטן, אַרויסטרייבן! זי ווייסט איצט אַליין נישט מער וואָס זי וויל, וואָס מיט איר טוט זיך. וואָס פאַר אַ באַדייטונג האָט קלווידס אומגליק אין פאַרגלייך מיט אירן? זיין פאַרצווייפלונג לעבן איר דערנידערונג? ער, אַ דאַנק די גליקלעכע שטונדן, וואָס וואַרטן אויף אים, וועט זיך באַלד טרייסטן. וועט זיך נאָך אַמאָל פון איר אויסלאַכן. איר שמערץ וועט פון טאָג, פון שעה ווערן שטאַרקער, וועט איר טרייבן, כדי זיך צו פאַרגעסן, צו אַנדערע, נישט קיין שענערע עובֿדות... און איר קאָנוווּלסיווער געוויין האָט זיך פאַרדאָפּלט.

קלויד איז צו איר צוגעגאַנגען, גערירט קעגן זיין ווילן... דער כּח פון טרערן! באַפרידיקט צו זען ליידן צוליב אים דער, וואָס האָט אים פאַרשאַפט אַזוי פיל שמערצן... גערירט פון דער־ראָזיקער אומגעריכטער שוואַכקייט, פון דערדאָזיקער פולשטענדיקער פאַרניכטונג.

באַרויִקט זיך!

דאָס געזיכט אין טאַשנטוך, שאָקלט זי דעם קאָפּ. פריינטלעך

ליגט ער ארויף זיין האַנט אויף איר אַקסל. ביז איר צי צו זיך... מאַריסע קוקט אים אָן, מיט דאַנקבאַרקייט: ווי זיס איז דערדאָזיקער געפיל פון אויפלייזונג! ווען דערדאָזיקער מיטגעפיל זאָל זיין אימשטאַנד צו ברענגען די פאַרציִונג!

— קלויד... מיין קלויד...

ער וויל זיך אַרויס־רייסן, אָבער זי האַלט אים פאַר דער האַנט...

— ניין! לאָמיר אַזוי בלייבן... צווישן ליידן און האָפּענונג... אַ! איך וואָלט וועלן שטאַרבן!...

צום ערשטן מאָל זינט זי אַרייַן, האָט איר קלויד באַטראַכט מיט ווייניקער פאַראַכטונג... זי האָט, הייסט עס אויך גע־קלערט, מכח פאַרשווינדן?... כדי אויסצוקויפן, אויף דעם אופן, די זינד, וואָס זי איז באַגאַנגען? אַ פיינער געדאַנק, וואָס האָט אים געצרירט. מאַריסע האָט באַמערקט זיין ווייכקייט און איר האַרץ האָט אַ ציטער געטאָן פון האָפענונג. זי איז גרייט אַוועק־צוואַרפן אַלץ, כדי צו זיין מיט אים, דערנידעריקט, פאַרשקלאַפט, אָבער לעבנדיק ווינשנדיק און, ווער ווייס, אפשר נאָך צוריק אַ געווונשענע.

זי האָט זיך אויפגעשטעלט, וועלנדיק אים צוציען נענטער צו זיך:

— איך ליב אייך... מיין קלויד... איך ליב אייך... און קיינעם נישט, נאָר אייך.

ווי אַ שפין וואָס שפילט מיט דער פליג איידער זי כאַפּט עס אַריין אין נעץ, האָט זי זיך צו אים געחנדעלט, אויסגע־שטרעקט די ליפּן...

קלויד האָט איר ברוטאַל אָפּגעשטויסן.

— צו שפּעט!

— זאָגט עס נישט! שטויסט מיך נישט אָפּ! אויב איך האָב אייך אָפּגענאַרט, בין איך אָבער איצט גרייט צו טאָן אַלץ, כדי אייך גליקליך צו מאַכן! מיר קאָנען נאָך גליקליך זיין!...

קלוג, זאָנדירט זי איצט דעם באָדן זי וויל זיך נישט פאַרגאַלאָפּירן. זי קלערט, אַז אין זיין עקזאַלטאַציע האָט ער

אפשר דאָס ערגסטע נישט געזען... אפשר ווייס ער גאָרנישט אַלץ?... און ווארפנדיק דעם זאַנד:

— מיר האָבן געכטן אַביסל צו פיל געטרונקען!... זייט זיך מודה, אַז אין מאָמענט ווען איך בין איינגעשלאָפן, האָט איר נישט געחוסט וואָס מיט אייך טוט זיך...

— איר מיינט אַזוי?

דער באָדן וואַקלט זיך אונטער אירע פיס, אָבער דאָך שטאַמלט זי נאָך, מיט אַ פראַגע.

— יאָ... אָבער...

— גענוג קונצשטיק! אַז אַנדערער האָט אייך גענומען... גענומען ווי די ערשטע בעסטע פּראָסטיטוטקע אין אַ באַר אָדער אויף אַן הינטערגאַס... און וואָס פאַר אַן אַנדערער!

זי האָט געפּלאָפּעלט:

— איר ווייסט!

זי האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף אַ שטיל, נישט געוווּסט וואָס מיט איר טוט זיך.

— און איר ווילט, אַז איך זאָל אייך נעמען פאַר אַ פרוי?... אַז די איבערגעבנקייט, מיט וועלכער איך וועל אַרומרינגלען מיין לעבנס-חבר, די מוטער פון מיינע קינדער... אַז דאָס פאָר, מיין אידעאַל, וועגן וועלכן איך האָב געטרוימט? ניין! ניין! אוממעגלעך. נאָך דעם אַלעם וואָס איר האָט מיר באַוויזן!

זי האָט נאָך געמאַכט דעם לעצטן פּרוּוו:

— איך וויל גאָרנישט ווערן אייער פרוי, מאַכט מיט מיר וואָס איר ווילט... איך בין גרייט אַלץ אַוועקצוּוואַרפן, לעבן אָרעם, איינזאַם... איך וועל זיך אויסלערנען ליב צו האָבן אַלץ וואָס איר האָט ליב, איך וועל אַרבעטן...

— דער ווילן אַליין איז נאָך נישט גענוג. מ'דאַרף האָבן אַן אידעאַל...

— לייכט, אפשר, פאַר אייך, וואָס אייער הויכע אַמביציעס באַנוגענען זיך נישט מיט קיין מיטלמעסיקע ווונטשן!... אָבער איך! איך בין אַליין אויפגעוואַקסן, אַליין זיך דערצויגן! אָן אַן אַפּיטרופּוס... און ווירקלעכע עלטערן, אַן אמתע פריינט... און

ערשט היינט פרי האָב איך עס באַגריפן. ראַטעוועט מיך, אויב איר האָט מיך אמת ליב געהאַט!...

די טרערן האָבן זיך געגאָסן איבער איר, אין דעם מאָמענט, אויפריכטיקן געזיכט.

— איך האָב עס געוואָלט, מאַריסע... אַזאַ קרבן ווי איך האָב געוואָלט ברענגען, ס'נעמט זיך נישט אַזוי לייכט צוריק...

זי האָט אים אַרומגעכאַפּט, איינגעפּנצן זיך געטרייסלט.

— פאַרלאָזט מיך נישט! ראַטעוועט מיר!...

— אייך ראַטעווען?... איך קאָן עס נישט. ווען איך זאָל עס אפילו וועלן!... נישט געקוקט אויף אייער אָנוועזנהייט, אויף אייער פּערסאָן, אייער שטים, אויף אַלץ וואָס ס'רעגט מיך נאָך ערשט אויף, נישט געקוקט אויף מיין... — דו זעסט, דו זעסט גוט... ער האָט געמאַכט אַ זשעסט ס'אומפאַרמיידלעכע מוז דאָך געזאָגט ווערן.

— איך האָב אייך מער נישט ליב, מאַריסע...

דער אורטייל איז געפאַלן, אָן שום אַפּעלאַציע. זי איז געוועזן אַ דערשלאָגענע. ער האָט געוואָרפן אַ בליק אויף אַלץ, וואָס ס'האָט אין איר געקצמפּט, אויפן דאָזיקן קנויל שלאַנגען אין דער טיפעניש פון אַ קעלער, וווהין ס'דרינגט אַריין אַ ליכט-שטראַל... ניין! נישט געקוקט אויף זיין רחמנות-געפיל... ער האָט דערקלערט:

— איר וועט שטענדיק זיין אַזוי ווי איך האָב אייך געזען, אויסגעצויגן, שרייענדיג פון פאַרגעניגן אין די אָרעמס פון נעגער... פאַרגעסן? בעת מ'האָט געליבט פייערדיק מיטן גאַנצן מהות, מיט לייב און זעל? ווי איך האָב אייך ליב געהאַט, מאַריסע!... ס'זענען פאַראַן דערינערונגען, וואָס קיין זאַך קאָן זיי נישט אָפּווישן... (ער האָט געלייענט אין איר בליק אַן אומגלויבן, די ווידערשיינונג פון דער פריערדיקער מאַריסע, פון דער אמתער, וואָס האָט כלומרשט געוואָלט ווערן אַן אַנדערע...) פלעקן, שמוץ, וואָס לאָזן זיך קיין מאָל נישט אָפּוואַרטן... פאַר אייך און פאַר אַזעלכע ווי איר, איך ווייס עס, איז דער ליבעס-זשעסט נישט וויכטיקער פון יעדן אַנדערן... איר זעט איך אויך, איך דערמאָן

זיך... פאַר אייך איז עס אַ פּאַפּיראָס, וואָס מ'רויכערט אויס, אַן האַזאַרד — מיטאָג אין אַ רעסטאָראַן! פאַר מיר איז ער ס'גאַנצע לעבן. ער פאַרייטס אויס, ער מאָדעלירט, ער פירט עס ווייטער... זי האָט אים באַטראַכט ווי פון דער אַנדערער זייט פון אַ תהום זי האָט געוואָלט אויסשטרעקען צו אים די אָרעמס, אים אָנכאַפּן... אָבער צו וואָס? זי האָט גערעדט, אָן אַ צוזאַמענהאַנג...

— אפשר!... איך האָב ניט געוווּסט... און דאָך, קלויד, איך שווער אייך, איר זענט דער איינציקער, וואָס געפעלט מיר... געוויסע זאַכן, וואָס איר האָט מיר געזאָגט... אייער אָפנהאַרציקייט, אייער קראַפט... דורך אייך, האָב איך, אין מיין אומבאַוווסטזיניקייט, פאַרנעפּלט געחלומט וועגן דער ליבע, וואָס וואַכט ערשט אויף בעת איך פאַרליר זי... קלויד, נאָר נאָך איין מינוט!... איר איילט זיך? קיין פּאַריז, נישט אמת? ווו איר וועט געפינען די רו... אפשר יענע. וואָס וועט אייך ווערט זיין... נאָך אַ מינוט, איך בעט אייך! איך וויל אַזוי, איר זאָלט מיר פאַרצייען... אָדער ווייניקסטנס האָבן אַ האָפענונג... איך וועל איצט אַזוי פיל ליידן...

געריִרט האָט ער איר אַ נעם געטאָן פאַרן האַנט. ער האָט אין איר, באַקלאָגט די אומהיילבאַרע וווּנד. ער האָט באַקלאָגט, באַדויערט אין איר די נשמה, וואָס, זייענדיק בעסער אויספּאָרמירט, וואָלט זי זיך זיכער קאָנען צופּאַסן צו זיינער, דעם קערפּער, צו וועלכן זיין פלוצלונגער פאַרלאַנג האָט אויפגעוועקט אַזאַ פלאַם, וואָס איז כּמעט געלאָשן געוואָרן אַזוי גיך, ווי ער האָט זיך אָנגעצונדן... אָ! ווען ער זאָל זיין בכּח אָראָפּצונעמען אין דעם מאָמענט אַ דויערהאַפטן בילד פון דאָזיקן געזיכט, וואָס האָט געבריענט מיט אַ נייעם פייער און וואָס זיין אויסדרוק האָט זיך ווי פאַרזיסט, פאַרטיפט... אָבער דער איינציקער מאָמענט איז גלייך פאַריבער. מאָריסעס געזיכט איז ווידער געוואָרן קאַלט, האָט אָנגענומען זיין פריערדיקע טרוקענקייט.

טרויעריק האָט ער אַראָפּגעלאָזן די האַנט, וואָס איז אים געוועז אַזוי שרעקלעך אונטער דער הענטשקע, וואָס די דער-

ציונג האָט פאַר איר דערפונדן. מאַריסע איז שוין געווען ביים טיר.

— אויף ווידערזען, קלויד.

— אַדיע, מאַריסע.

די טיר האָט זיך געשלאָסן איבער דער פאַרגאַנגנהייט, גלייבציַיטיק האָט ער אָנגעקלונגען:

— מיין וואַליזע... צום אויטאָ.

ער האָט קוים געהאַט צייט צוצופאָרן קיין סען-לוירענט... די געגנוואַרט האָט זיך אומגעקערט צו אים ווי אַ רייזנדער אין אַ פאַרלאָזן צימער. אָבער שוין האָט פאַר אים ווידער אויפגעלויכטן די צוקונפט מיט די טייערע געזיכטער... אניקע, גינע... און, אין פרעציזירטע קאָנטורן, פונוויטנס, אויפן שיף, וואָס פירט איר אַוועק, האָט זיך געטראָגן צו אים, דאָס ווידערגעפונענע גליק — סילוועסטרעס ליבער געזיכט.

# דריטער טייל.

דאס מענטשלעכע געשלעכט
ויעט דויערן אייביק.
דאס פאטערלאנד מוז
דאך כל סוף פארשווינדן
דידעראט.

# I

— ...האַללאָ... האַללאָ... וואָס איז עס פאַר א טומל!...
הערט איר צו נישט?... יאָ, קומט אַליין, ס'איז בעסער.

קלויד האָט אַוועקגעלייגט דאָס טרייבל. ווי ס'שיינט האָט
מען היינט אונטערגעהערט אַלע קאָמוניקאַציעס פון מיניסטעריום...
ווער? דורך וועמען?... נאָר וואָס אפילו דעם געשפרעך מיטן
מיניסטער פון אינערן... און איצט מיטן פּאָליציי-פּרעפעקט!... אויף
זשאָקמענס באַפעל איז איצט זשארזשי אַליין אַוועק אין דער
צענטראַלע פון די טעלעפאָנען צו קאָנטראָלירן אויפן אָרט.

— מ'מוז שטיין אויף דער וואַך. דע לוים האָט אומעטום
איבערגעלאָזן זיינע מענטשן. איך גלויב, אַז אפילו דאָ גופא,
נישט געקוקט אויף זשארזשיס טעגלעכע אויספאָרשונגען... ער
האָט אַ ווייז געטון אויף די ווענט. אַפילו אונטער די טאַפעטן
קאָנען שטעקן אומזיכטבאַרע אַפּאַראַטן... צוויי אַ זייגער ביינאַכט
האָט ער באַקומען אין זיין וווינונג אויף ראספאיל-בולוואַר די
ידיעה וועגן דער אָרדנונג פון פורקאַאַ — איבערגעגעבן
דורכן אוניווערסעל — אַ באָמבע אין דער פראַנצויזישער אַמבאַ-
סאַדע אין בער׳ין. ער איז תיכף אַוועקגעלאָפן אין מיניסטעריום.
צום שמערץ, וואָס ס'האָט אים פאַרשאַפט דער טויט פון אַ פריינט
איז עפּעס צוגעקומען אַ מין שרעק פאַר נאָנטע בלוטיקע גע-
שעענישן. קיין שום אָפיציעלע מעלדונג איז נאָך נישט געווען.
אויף וויטעלבאַכס פאַראָרדנונג איז איבערגעריסן געוואָרן די טע-

לעגראַף און ראַדיאָ פאַרבינדונג, איזאָלירנדיק די אַמבאַסאַדע פון דער דייטשער גרענעץ.

ער איז צוגעגאַנגען צו דער אָפענער באַלקאָן-טיר, וואָס האָט געפירט אין גאָרטן אַריין און האָט טיף אָפּגעאָטעמט... אַ שטראַלנדיקער פּאַלמען-זונטיק, איז געשטאַנען איבערן שטאָט ראַמסאַי און ראָהן זענען געווען גוט אינפאָרמירט! מיט דריי וואָכן צוריק האָבן זיי וועגן דעם נביאות געזאָגט, און איצט האָט די באָמבע געפּלאַצט; און אין אַזאַ צעהיצטער אַטמאָספער... דורך דער פּראָוואָקאַציע פון דער דייטשער פּרעסע... די ערגסטע עווענטואַליטעטן איז געווען צו דערוואַרטן... דער „אוניווערסאַל" האָט זיך באַמיט צו באַרויקן די געמיטער, אָבער אַ טייל פון דער גרויסער פּרעסע מיטן „אונטער" אָן דער שפּיץ, האָט געזוכט אויפצוּוועקן און פונאַנדערצופלאַקערן די שאָוויניסטישע ליידנשאַפטן. אַפילו די אומפּאַרטייאישע בלעטער האָבן זיך נאָר האַלב געלאָזן האַלטן אין צוים פון דער רעגירונג... זיי זענען געשטאַנען נענטער צו דע לוים און סאַלמוי. די מעגלעכע פאַרטיילער פון מאָרגן...

קאַלטבליטיק האָט זשאָקמען זיך צוגעקוקט צו דער לאַגע· קודם כל נישט לאָזן זיך אַוועקרייסן פון מאָמענטאַלן שטורם- ער איז געווען פעסט אַנטשלאָסן נישט ארונטערצופאַלן אונטערן איינפלוס פון די שיבערס און צו טון אַלעס מעגלעכע כדי אויסצומיידן דעם קריג... די זאַך איז געווען גאַנץ קלאָר: מ'האָט זיך באַמיט אומעגליך צו מאַכן די דעבאַטע איבער דער נאַציאָנאַליזירונג פון די באָדן-אוצרות, וואָס איז געווען באַשטימט אויף ערשטער פּאַרלאַמענט-זיצונג נאָך די פּסח-פעריען. קודם כל דאַרף מען די דאָזיקע דיסקוסיע אויפשיבן, און צוגרייטן דאָס גיכער פאַר די נייע וואַלן, די געשעענישן, וואָס וועלן איר ענדלעך מאַכן אינגאַנצן אוממעגלעך... אַ בערזע-מאַנעוור! וואָס וועט זיך נישט אָפּשטעלן פאַר קיין זאַך: אַפילו נישט פאַר קיין שטאַטס-שטרייק, אויב דאָס מיניסטעריום זאַל זיך נישט לאָזן אַריינציען אין קיין מיליטערישן קאָנפליקט...

פאַרסאָג האָט זשאָקמען געהייסן רופן צו זיך דעם פּאָליציי פּרעפעקט און דעם אינערן-מיניסטער הוידאַרן און פאַראָרדנט אַ פערזענלעכע הויז-רעוויזיע ביי דע לוימען און דער מאַרקיזין: דיאַנטראַג... אויב ראַנס באַריכט זאָל זיין ריכטיק, קאָנען די בריוו פון דעקרעטע צום פּריערדיקן מיניסטער-פּרעזידענט האָבן אַ וויכטיקע באַדייטונג פאַרן פּרידנס-ווערק... אויפדעקנדיק דידאָזיקע אָרגאַניזירטע מאַכינאַציע, ביזן קאָנצערט פון די ערשטע חטאים, איז געווען גאַנץ לייכט אויפצוזהויבן קעגן אַ קריג צוליב אומגעלומפּערטע פּערזענלעכע אינטערעסן, נישט בלויז די פראַנצויזישע און גלייכצייטיק די דייטשע דעמאָקראַטיע, נאָר דאָס אוניווערסאַלע געוויסן...

— די געשעענישן נעמען אָן אַזאַ ווענדונג — האָט ער געזאָגט, זיך אַוועקזעצנדיק — אַז מיר קאָגען זיך ריכטן אויף נאָך... אויב מיר וועלן האָבן פון לומעלן אַ ידיעה, אַז דער פאַנג האָט זיך אים איינגעגעבן, קאָן זיך נאָך אַלץ איינאָרדנען לויטן ווונטש פון דיין מוטער... מיר וועלן האָבן מיט וואָס צו קומען צו די פעלקער, אַז זיי דאַרפן זיך נישט שלאָגן און פאַרוואָס זיי דאַרפן זיך נישט שלאָגן... די „נישט-געוואָלט" וועט ענדלעך טריופירן.

— דו קאָנסט זיין גאַנץ רואיק, פּאָטער. קיינער וועט גישט מאַרשירן!..

זשאָקמען האָט אַ פּיר געטון מיט דער האַנט איבערן שטערן... אַ שרעקלעך פּראָבלעם!... די סאַמע טראַגישע פאַר אַ מענטשן-פירער, וועלכער קלערט... זיין פאַראַנטוואָרטלעך פאַר אַ שטרייק קעגן אַ פאַרברעכערישן קריג, אַ קריג אויסשליסלעך צוליבן עגל-הזהב... מ'קאָן נאָך פאַרשטיין אַ קריג, אַ פאַרטיידיגונגס-קריג, ווו ס'האַנדלט זיך וועגן דעם עקזיסטענץ פון פאָלק... מיט איין זאַך איז ער געווען צופרידן, וואָס אים איז וויניקסטנס געלונגען צו רעאַליזירן זשאָרעס טרוים: די גאַנצע נאַציאָן באַוואָפּנט אַלס מיליץ כדי צו פאַרטיידיקן ס'פאָטערלאַנד ווען ס'געפינט זיך אין אַ סכנה בעת אַ קריג אויף לעבן און טויט... און

גלייכצייטיק האָט ער אויך געקלערט וועגן די שרעקלעכע מיט־לען פאָנסעטס גאזן איינגעשלאָסן, זייענדיק זיכער, אַז אַ דאַנק זיי וועט לפּחות מעגלעך זיין די מלחמות צו פאַרקירצן, אויב זיי וועלן שוין זיין אומפאַרמיידלעך.

— טעלעפאָניר שוין צו דיין פריינט זשול. זאָל ער תּיכּף אַהערסומען און איבערנעמען מיינע אינסטרוקציעס... איך וויל זיין צוגעגרייט אין פאַל פון אַן אָנגריף.

קלויד האָט געהאַט בדעה צו נעמען אין האַנט דאָס טעלע־פאָן־טרייבל, אָבער אין דעם מאָמענט האָט דער דינער גע־מאָלדן:

— דער הער פּאָליציי־פּרעפעקט!

— בעט אים אַריין.

זשאַקמען איז אים אַנטקעגן געגאַנגען און האָט גלייך גע־לייענט די אַנטוישונג אויף זיין באַזאָרגט געזיכט.

— וואָס הערט זיך!

— זיי האָבן זיך דערויף געריכט, הער פּרעזידענט, און אָנגענומען געצוויסע מיטלען. ביי דע לוימען האָט מען לגמרי קיין זאַך נישט געפונען. דערצו איז ער איצט נישט אין פּאַריז... פון אייערנעכטן אָן געפינט ער זיך אויף זיין גוט אין מעלון. אויך ביי דער מאַרקיזן ד׳אנטראג, האָט מען קיין זאַך נישט געפונען, נישט געקוקט אויף דעם וואָס מ׳האָט, קעגן איר פּראָטעסט, מיט געוואַלד אויפגעבראָכן איר אייזערנעם קופער. קיין זאַך נישט אויסער געלט, ווערט־פּאַפּירן און צירונג.

מ׳מוז נאָך היינט, האָט זשאַקמען געזאָגט, מאַכן אַן אויס־זוכונג אין מעלון, אין סערוויער־באַנק און אין „אונטער", גלייכ־צייטיק אויך אין גארטשעס און ביי טורבאטן.

— איך האָב, הער פּרעזידענט, צונויפגעשטעלט אַ ליסטע פון פאַרדעכטיקע פּערזאָנען, ביי וועלכע מ׳מוז נאָך היינט דורכ־פירן אַ רעוויזיע... אָט האָט איר די רשימה.

זשאַקמען האָט איר אויפמערקזאַם דורכגעלייענט.

— איך האַלט אָבער,—האָט דער פּרעפעקט ווידער געזאָגט, — אַז דע לוים איז אַ געניט אַלטער פוקס און האָט גוט באַגראָבן

זיינע סודות! פאַר זיינע קונצשטיק איז דאָ וויניקער וואָס מורא צו האָבן ווי פאַר אַנדערע... אַלנפאַלס, הער פּרעזידענט, קאָן איך אייך פאַרזיכערן, אַז פאַר אייער פּערזענלעכער זיכערקייט, זײַנען די־דאָזיקע דבֿרים אַוועקגעשטעלט.

זשאַקמען האָט רעזיגנירט אַ מאַך געטון מיט דער האַנט... ער האָט געהערט צו יענע סטאַאיקער, וואָס ברענגען זיך גופא אַלס קרבן און קעמפן אויסשליסלעך קעגן דער אַלגעמיינער געפאַר. ער איז אויפגעשטאַנען:

— ווי נאָר איר וועט פאַרטיק ווערן מיט דער אָפּעראַציע קומט גלייך אַליין צו מיר, ווייל דער טעלעפאָן...

הער לומעל האָט אויפגעהויבן די הענט צום הימל:

— ס׳איז נישט מיין שולד, מיר שטייען כסדר אויף דער וואַך. איך האָף, אַז מיר זענען געפאַלן אויף אַ שפור...

ער איז אַוועק.

איידער ער האָט זיך צוריקגעזעצט צו זיין שרייב־טיש האָט זשאַקמען שמייכלענדיק און מיט זיין גאַנצער פאָטערלעכער צערטלעכקייט אַ קלאַפּ געטון קלוידן אין פּלייצע:

— ס׳הויבן זיך אָן די רעוואָלוציאָנערע צייטן! איצט, מען זשיסט, מוז מען שטיין אויף דער וואַך, מיט אָפענע אויגן!...

מיט אַ זייטנבליק האָט ער אָבסערווירט זיין זון, וועלכער איז געשטאַנען אים קעגנאיבער. אַז קלויד איז צוריקגעקומען פון ניצע איז שאַקמען געווען איבערראַשט פון זיין טרויעריקן אויסזען, שפּעטער האָט ער זיך באַרויקט דורך דער פאַרזיכערונג, אַז ס׳איז נישט מער ווי אַ שלעכטע שטימונג, אַ פּערזענלעכע אומאַנגענעמלעכקייט און „זיין קליינער" באַמיט זיך, ווי ס׳ווייזט אויס, דאָס צו באַקעמפן... קלויד האָט נישט געוואַגט זיך מודה צו זיין פאַרן פאָטער אָדער גאָר פאַר דער מוטער אין יענער שמוציקער געשיכטע. ער האָט עס באַהאַלטן פאַר זיך ווי אַ סוד פון אַ שענדלעכער קרענק, וועגן וואָס מ׳מיידט אויס מיט עמעצן צו רעדן.

אין דעם מאָמענט איז ער געווען אינגאַנצן פאַרנומען מיט די געשעענישן פון דער נאַכט. די פינצטערע שטונדן, וואָס

האָבן זיך אָנגערוקט האָבן פּאַרכאַפּט זיין גאַנצן וועזן. ער האָט אפילו קיין ציטער נישט געטון בעת זיין פאָטער האָט אָנגערופן מערוויירס נאָמען. איצט האָט ער סטענאָגראַפירט פאַרן שיפער, ביורא אין בערלינער באָטשאַפט אַ דעפּעשע, וואָס זשאָקמען האָט אים דיקטירט... גלייך וועט ער אַראָפּלאַזן אַוועקטראָגן אַ קאָפּיע, דער אָריגינאַל בלייבט אין אַרכיוו...

אין פאָדער אייך אויף בעת דער דערקלערונג מיטן רייכס ביורא אָפּצוהיטן די שטרענגסטע מאסרעגעלן, ווייל אונזער כבוד לכל הדעות מוז מען אָבער זען אויסמיידן אַז...

---

אין דער זעלבער צייט איז מאַריסע געקומען צו איר פּאָ- טער אין באַנק-ביורא זיך דערוויסן וועגן די לעצטע גע- שעענישן.

עפּענענדיק צופעליק דעם „אונטער“ — ווו זי האָט געזוכט דעם באַריכט וועגן באַל ביי די באַרלאַטס, וועלנדיק וויסן צי האָט מען איהר דאָרט דערמאָנט — האָט זי זיך אָנגעשטויסן אויפן אַרטיקל וועגן די געשעענישן, וואָס האָבן אַרויסגערופן אַ שטאַרקן שטורם אין פּאַריז ווי אויף דער גאַנצער וועלט. זי איז מאָ- מענטאַל אַרויס פון בעט, אַרויפגעוואָרפן אויף זיך אַ פּידזשאַמע און דורך די סאַלאָנען, פאַרבייגייענדיק פאַר דער מוטערס שלאָפ- צימער, איז זי דירעקט אַריין צום פאָטער אין קאַבינעט, דאָס- דאָזיקע צימער איז דורך אַגעהיימע טרעפּ געווען פאַרייניקט מיטן באַנק-ביורא.

נאָכן דאָזיקן אַטענטאַט, האָט זי געקלערט, איז דער קריג אומפאַרמיידלעך!... דער קריג וועלכן מ'האָט פאָרויסגעזען, צוגע- גרייט... שוין גאַנץ לאַנג הערט זי כסדר ווי מ'רעדט וועגן אים!... אַ נויטווענדיקייט און אומפאַרמיידלעכע, און ווער ווייסט, אפשר טאַקע אַ געווונטשענע, ביי דערדאָזיקער וואַקסנדיקער חוצפּה פון פאָלק מיט זיינע פאָדערונגען... „ס'פאָלק“ — דאָסדאָזיקע אומ-

קלאָרע וואָרט האָט בײַ דער געבוירענער מיליאָנערן פּראָוואָקירט רופן אַ מין ווידערווילן, אַ שרעק פאַר אַ זאַך וואָס איז גראָב, אומבאַליבט, אָבער מעכטיק... דאָס צווייטע וואָרט „דער קריגער" האָט איר ווייניקער געשראָקן. ער איז רייך מיט גלענצנדע אויס־זיכטן. אמת, די ריזיקע האָט איר א ביסל באַאומרויִקט... אָבער דער אַלטער וועט איר זיכער באַרויִקן...

פון ערשט איז זי געקומען אינגאַנצן אַ באַדרייטע. די פרידע סצענעס מיטן פאָטער און מיט קלוידך, אַ קלאַפּ נאָך אַ קלאַפּ, האָבן איר אָפּגעשלאָגן פון גלייכגעוויכט... אינסטינקטיוו האָט זי געפילט, אַז צווישן איר און דעם אַלטן אַנטשטייט עפּעס אַ מאָדנער געפיל — נאַטירלעך, האָט זי זיך אים באַלד ווידער אונטערגעוואָרפן — אַ געפיל וואָס ווונדערט, שאָקירט און דאָך שמייכלט איר... אַ ליבהאָבער, ווייניקער אָדער מער... אומגעריכט למשל!... זי האָט געקוועטשט מיט די באַקס... געפערלעך איז ער לכל הדעות נישט!...

וועגן קלוידן האָט זי נישט געקאָנט קלערן אָן אַ שטאַרק קאָמפּליצירטער עמאָציע. אים ווידער דעראָבערן... דערנאָך, אַז זי וועט אים שוין האָבן אין די הענט, וועט זי זיך ערשט אין אים ווי געהעריק נוקם זיין!... נאָכן תאווה־אויסברוך וואָס האָט איר געטריבן צו אים איז געקומען די פאַרביטערונג קעגן זיין טפשות. דערמיט וואָס ער האָט נישט פאַרשטאַנען אויסצונוצן דעם מאָמענט, האָט ער איר אַליין געטריבן אין די אָרעמס פון נעגער... נישט געקוקט אויף אַלע אירע אָנשטרענגונגען אים צו פאַרגעסן, האָט זי כסדר געברענט פון פאַרלאַנג נאָך אים און דאָס האָט איר אַמיינסטן דענערווירט...

און איצט, פּלוצלונג, די דאָזיקע איבערקערעניש!

זשאַן סערוויער, דערזעענדיק ווי ס'טוט זיך פּלוצלונג אָן עפן דאָס געהיימע טירל, איז אַזוי האַסטיק אויפגעשפּרונגען פון אָרט, אַז מאָריסע האָט זיך דערשראָקן.

— ס'אַרא אידיאָט! — האָט ער געשריגן — צו מענטשן נייט מען אַזוי נישט אריין.

ער איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ גאַנצן באַרג באַפּירן

אין דעם ברייט-פונאנדערגעעפנטן אייזערנעם קופער האָבן זיך געוואַלגערט פעק אַלטע אַקטן. אין קאמין האָט געפּלאַקערט אַ גרויס פייער נישט פון האָלץ נאָר פון ברענענדיקע דאָקו־מענטן.

— דו רוימסט אויף? — האָט זי אַ פרעג געטון.

— ווען איך זאָל וויינזיקסטנס דאַרפן אויפרוימען בלויז ביינע פּאַפּירן!... האָב איך נאָך אַ צולאָג דע לוימס זאַכן.

— פון וואַנען האָבן זיי זיך אַהער גענומען?

ער האָט אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ און דערקלערט:

— נישט טרויענדיק דעמדאָזיקן שמוציקן זשאָקמען, וואָס איז פעיִק אים איינצוזעצן, האָט דע לוים באַהאַלטן זיינע פּאַ־פּירן ביי דער מאַרקיזן ד׳אַנטראָג און אַליין זיך אָפּגעטראָגן אויף עטלעכע טעג קיין מעלון. יענע ווידער האָט זיך שטאַרק דערשראָקן פאַר די געשעענישן פון די לעצטע טעג און אין מיטן נאַכט איבערגעשיקט אַהער דורך ליעוואַלן דעם גאַנצן באַרג פּאַפּירן, איך זאָל עס תיכף מבער זיין.

— ציִ זענען זיי ווירקלעך אַזעלכע קאָמפּראָמיטירנדיקע?

— ס׳הענגט אָפּ דערפון אין וועמענס הענט זיי וועלן אַריינ־פאַלן. ס׳זענען דאָ למשל פאַראַן אַזעלכע בריוו פון דע לוימן, וואָס ער וואָלט בשום אופן נישט וועלן, אַז זשאָקמען זאָל זיך באַקענען מיט זייער אינהאַלט!...

דער צוזאַמענשטעל פון די צוויי נעמען — דע לוים, זשאָק־מען האָט מאַריסן עפּעס פאַראינטערעסירט...

צו איר אַלטן כּעס אויפן פריערדיקן פּרעזידענט איז איצט צוזאַמען מיט קלוידס בילד, וואָס האָט איר אומאויפהערלעך פאַרפאָלגט — צוגעקומען גאָר אַ פרישער איינפאַל... אפשר וועט זיין אַ מיטל זיך נוקם צו זיין אָן יענעם פאַר דער אַמאָליקער באַליידיקונג און גלייכצייטיק אָפּשוואַכן קלוידס פאַראַכטונג, פון וועלכער איר שטאָלץ האָט איצט שטאַרק געליטן?... ווער ווייס אפשר גאָר קלוידן ווידער צו געווונען.

און זי האָט כלומרשט גלייכגילטיק אַ זאָג געטון:

— דע לוים — זשאָקמען... ס׳איז באמת אַמוזאַנט!... ווייז.

אָבער ער האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער הערט נישט. דערגירונגס-סודות זענען נישט געשאַפן פאַר אַזעלכע שייגעצים... שמייכלענדיק האָט ער זיך צו איר צוגעקוקט. ווי אַ טציקנד זי איז אין דעראָזיקער פּידזשאַמע!

— זאָגער וואָס האָט דיך אייגנטלעך אַהערגעבראַכט?

— גאָרנישט. איך האָב דיך געוואָלט זען... וויסן... דידאָזיקע באַמבע!...

— ס'איז נאָך נישט געענדיקט... איבריקנס, אַזוי ווי דו ביזט שוין דאָ, זעץ זיך נעבן מיר וועסטו מיר צוהעלפן.

ער האָט זיך ווידער גענומען צו דער אַרבעט און איר איבערגעגעבן די פּאַפּירן צום פאַרברענען. ער האָט בלויז איבערגעלאָזן די, וואָס האָבן אים ביי אַ געלעגנהייט געקאָנט דינען אַלס אַ פּערזענלעכעס געווער קעגן איינעם אָדער דעם אַנדערן... זי האָט אַוועקגעלייגט דעם גאַנצן פּאַק פּאַפּירן נעבן זיך, האָט זיי אַלע אויבערפלעכלעך אַדורכגעקוקט, מיינענדיק אפשר צו געפינען עפּעס אַזוינס וואָס וועט איר צונוץ קומען... גאָרנישט... דאַן האָט זי אַ נעם געטון דעם גאַנצן שטויס און אַריינגעוואָרפן אין אויוון. אַ פּאָרויטלטע פון פייער האָט זי זיך צוריק אַוועקגעזעצט נעבן פּאָטער.

ער האָט געמורמלט:

— צי איז עס נישט אַ נאָנסענס אַזעלכע שמאַטעס צו באַהאַלטן!... צו מיר קען מען קומען... אַלץ איז אין דער בעסטער אָרדנונג. און אויב זשאָקמענס פּאָליציי איז אַזאַ בריה, אַז זי וועט קאָנען געפינען מיינע באַהעלטענישן — אין וואָס איך בין שטאַרק מסופק, — וועט זי דאָרט נישט געפינען קיין שום זאַך, וואָס איז מיר נוצלעך און פאַר אַנדערע שעדלעך... וואַרט! אין פייער! אין פייער!... דער אידיאָט, ווען מ'געפינט דאָס זענען מיר אַלע קאַפּוט, צעשאָסן!...

ער האָט דערלאַנגט מאָריסן די קאָרעספּאָנדענץ פון דע קרעטן. אַ שמאָלער העפט מיט עטלעכע בריוו. זי האָט עס אין דער שטיל דורכגעבלעטערט, בעת ער איז שוין געווען פאַרנומען מיט אַנדערע עקטן. די ערשטע עטלעכע ווערטער, וואָס

האָבן זיך איהר געוואָרפן אין די אויגן האָבן איר גלייך באַוויזן די ווירקלעכקייט פון דאָזיקן דאָקומענט... „זשאַקמען... אָ!... איז איינער פון די ערשטע וואָס דאַרף פאַרשווינדן... ס'זענען דעם קאַנצלערס אייגענע ווערטער"... אָ! יאָ! ווען מ'זאָל דערפאַר נישט שיסן דעם לוימן און אָן שום ספק אויך איר פאָטער, וואָלט זי עס שוין, גלייך, געקאָנט אויסנוצן!... געשווינד האָט זי פלומרשט אַריינגערוקט דידאָזיקע בריוו צווישן דעם פאַק פאַפּירן, וואָס דער פאָטער האָט איר דערלאַנגט און, צוגייענדיק צום קאַמין, האָט זי זיי שנעל אַרויסגעכאַפּט, באַהאַלטן אין פּידזשאַמע צווישן העמד און לייב און אַלע איבעריקע פאַפּירן אַריינגעוואָרפן אין פייער.

זי האָט אַ נעם געטון דעם פייערצוואַנג, זיך געפּאָרעט אַרום די פאַפּירן כדי צו ווייזן ווי ערנסט זי מאַכט איר אַרבעט. ער האָט איבערגעריסן זיין אויסזוכונג, און איר אָנגעקוקט מיט מאָדנע בליקן. ער איז געווען אַנטציקט פון איר שיינער געשטאַלט, וואָס איז ערשט געשטאַנען ביים פייער צוגעבויגן צום קאַמין... דאָס בלוט האָט אים אַ זעץ געטון אין די שלייפן, דער קאָפּ האָט אים געשווינדלט און אין זיין זכרון פון אַ מאַניאַק האָט זיך כסדר געטראָגן דאָס העסלעכע בילד פון דעמאָלט... אויף דער מאה־רי־טסע... מאָריסע אַ נאַקעטע אין אַ באָד־קאָסטיום, הינטערן טיר ווו ער האָט געקלאַפּט... מאָריסע אַ נאַקעטע נעבן שוואַרצן קערפּער פון מאַכמעדן... מאָריסע נאַקעט... נאַקעט...

אָן אַ שום היגטערגעדאַנק האָט זי אים אַרומגענומען. ער האָט געפילט אויף זיינע שולטער איר ביוסט, אירע פיינע, ווייכע האָר האָבן געגלעט זיין באַק, זיין האַלדז... די ברוסטן־וואָרצלען פון אונטער די שפּיצן האָבן אים אינגאַנצן אַרויסגעפירט פון גלייכגעוויכט, ער האָט איר ברוטאַל אַרומגעכאַפּט און געשטאַמלט:

— מאָריסע!

ער האָט זיך אַ הויב געטון און האַלטנדיק איר פעסט בײַ זיך, האָט ער זיך אינגאַנצן געטרייסלט ווי אַ שכורער.

אַ צעטומלטע — ווייל זי האָט זיך נישט געריכט אויף אַזאַ דירעקטע אַטאַקע, — איז זי האַסטיק אָפּגעשפּרונגען און אויס־געשריגן מיט אַזאַ פּאַראַכטונג: „דו ביזט פון זינען אַראָפּ! אַז ער האָט איר גלייך אָפּגעלאָזן. ער האָט אָפּגעקערט די אויגן אַן אויפגערעגטער און האָט געמורמלט:

— וואָס! וואָס! משוגע ביזטו!... דיין פאָטער טאָר דיר שוין גאָרנישט אַרומנעמען?

איר איז נישט אַזוי לייכט געווען אָפּצונאַרן. זי האָט גוט געקענט די פאַרשידענע אויסדרוקן פון דעמדאָזיקן ווילדן תאוה־צושטאַנד... און וואַרטנדיק פון דאָזיקן פויגל אַלץ, האָט זי אויס־געשטרעקט די הענט מיט אַ פאַרטיידיקונגס־זשעסט און זיך גע־שווינד אָפּגעטראָגן צום טיר הינטערווײַלעכץ, נישט אַראָפּנעמענ־דיק פון אים די אויגן.

געשווינד האָט זי אַן עפן געטון די געהיימע טיר און ערשט אויף דער צווייטער זייט האָט זי פריי אָפּגעאָטעמט.

זי איז געווען אַזוי צעטומלט, אַז זי האָט ממש נישט גע־ווּסט וואָס מיט איר טוט זיך... משוגע! משוגע! אַלע זענען משוגעים!... און נעבן זיי קאָן מען אַליין אויך פון זינען אַראָפּ.

## הער קלויד זשאַקמען, ראַספּאַיל-בולוואַר פּאַריז

טייערער קלויד!

מיין בריוו וועט דיך איבעראַשן. איך האָב זיך אָבער מיט דיר דורכריידן וועגן מיינע אויפריכטיקע געדאַנקען און וועגן דעם טיפן שמערץ, וואָס צורייסט און שטיקלעך מיין נשמה. אויב איך האָב באַשלאָסן דיר איבערצוגעבן וועגן מיינע ליידן טו איך עס נאָר דעריבער ווייל איך ווייס אַז ווי אומגליקלעך דו זאָלסט נישט זיין וועט עס דיין שמערץ נישט פאַרגרעסערן מיין אומגליק איז אָבער אומפּאַנבעשרייבלעך, ווייל ער איז דעפי ניטיוו!

קלויד, דו וועסט מיך שוין קיין מאָל נישט זען אָדער דווייניקסטנס ערשט דאַן, ווען די קומענדיקע יאָרן וועלן לגמרי אָפּווישן דעם זכר פון די פאַרגאַנגענע. קלויד איך ליב דיך, דו ווייסט עס, אָבער דו ווייסט נישט ווי שטאַרק. דער טרויעריקער אָדער פריילעכער אויסדרוק פון מיין בליק מיין שטאַרקער מוט זיינען פאַרשטענדעניש פאַרן מענטשליכן עלענד, דער ערנסטער אָפּקלאַנג פון מיין לעבן אויפן לעבנס-רוף בכלל — דאָס אַלץ ביסטו געווען!

איך שרייב: דו ביסט עס געווען בשעת דאָס קלאַפּן פון מיין האַרץ, די טרערן וואָס איך פאַרגיס ווייט פון דיר, זאָגן מיר בסדר: ער איז עס נאָך בסדר, איז דו ליידסט און

די קעמפסט, עלענדע, פארפירטע, געפּײַגנע, נישט ווײַנדיק שפּירן דײַנע ווונדען... יאָ, יאָ, מײַן טײַערע, געליבטער קלויד... אָ! ווי גליקלעך בין איך וואָס איך קאָן דיר עס זאָגן נישט זעענדיק דײַנע פינצטערע בליקן! דאָרט קאָנסטו גאָר נישט טאָן! דאָסדאָזיקע פּאַפּיר איז מײַן מלוכה. איך קאָן וויפיל מײַן האַרץ גלוסט זיך אָנשפּאַרן אויף דײַן אָרעם, דריקן דײַנע הענט צו מײַן פייערדיקן געזיכט און מורמלען אָן אַ שיעור דאַנקען פון מײַן גאַנץ וועזן...

אַך! דאָסדאָזיקע גליק קאָנסטו מיר נישט געבן, ווײַל דו וואַרטסט אַליין אויף איר פון אַן אַנדערער. כּל־זמן איך האָב דיך געזען האָב איך פאַר קיין פאַל נישט געהאַט די קראַפט ווײַטער צו לעבן. איך האָב אָבער צוגעזאָגט מײַן טײַערער מוטער און מײַן פאָטער, וועלכער פאַרגעטערט איר אָנדענקען, אַז איך וועל נישט דערלויבן פחדנותדיק פון לעבן נישט ברענגענדיק קיין נוצן פאַר אַנדערע, און דעריבער האָב איך באַשלאָסן אָוועקצופאָרן ווײַט פון דיר אויף שטענדיק...

מײַן פאָטער ווייס נאָך נישט פון מײַן באַשלוס. איך רעכן, אַז די געוווינהייט וועט אים לערנען אים צו באַגרײַפן און צו אַקצעפּטירן. דערצייל דעריבער קיינעם נישט וועגן מײַן בריוו. אַלע ווייסן, אַז איך בין אין קאַלקוטע. באמת האָב איך זיך אָבער אָפּגעשטעלט אין אַלעקסאַנדריען צוליב דער פעסט־עפּידעמיע, וואָס פאָדערט מסירות־נפש. דו מעגסט ווייסן, אַז דאָס איז אויסשליסליך געווען דער ציל פון מײַן רײַזע און צוריק וועל איך שוין נישט קומען.

אַדיע טײַערער קלויד, בײַ מײַן גאַנצער רעזיגנאַציע, ווינטש איך דיר, אַז דײַן ליבע זאָל זײַן דערפאָלגרײַכער ווי מײַנע. ס'איז אוממעגליך, אַז מײַן גאַנצע איבערגעבנקייט זאָל אויף אייביק פאַרשווינדן. איך מיין, אַז זי וועט דיר מיטהעלפן צו זײַן גליקלעך.

סילוועסטרע

— — — — — — — — — — — — —

סילוועסטרע.! לייענענדיק דעם בריוו האָט זיך קלוידן גע־דוכט, אַז ער שפּירט איר אַ לעבעדיקע, אין זיינע אָרעמס. זיין אויפרעגונג האָט געדויערט אַ לענגערע צייט.

פאָרזיכטיק און לאַנגזאַם האָט ער צוזאַמענגעלייגט דאָס טייערע פּאַפּיער, פּונקט ווי ער זאָל מורא האָבן, אַז צו־קנייטשנדיק, זאָל ווידער נישט פאַרוואונדן דידאָזיקע צאַרטע נשמה, וואָס ס׳געפינט זיך דערין.

געוויסנסביסע און אַ צערטלעכע סימפּאַטיע האָבן זיך דערוועקט אין אים, בעת ער האָט דערפילט אין וואָס פאַר אַ טיפן אָפּגרונט ער האָט, אומווילנדיק, אַליין עס נישט באַ־מערקנדיק, אַריינגעוואָרפן זיין יוגנט חברטע, זיין דע׳יקאָטע פריינדין, וואָס אירע אויגן האָבן זיך אויפגעעפנט גלייכצייטיק מיט זיינע פאַר דער לעבנס-פרייד, פאַר דער שיינקייט פון זעלבן אידעאַל... פאַרוואָס האָט ער נישט אויפ׳ן נאַטירלעכן אופן גע־פאָלגט גינעס ביישפּיל? ווי איז עס מעגלעך געווען פאַרבייצו־גיין לעבן סילוועסטרן און נישט אַרונטערפאַלן דעם צויבער פון איר גראַציע?

די אָנדעקונג ווי שטאַרק זי האָט צוליב אים געליטן און ליידט נאָך עד-היום, דערדאָזיקער אַבסאָלוטער שמערץ, וואָס שטעלט זיך נישט פאַר קיין עקזיסטענץ אָן אים, דידאָזיקע ליבע, וואָס דער טויט איז איר ליבער ווי דאָס רעזיגנירן — אויף איר אַלץ האָט ביי אים אַרויסגערופן חרטה-געפילן אויף דער גלייכ־גילטיקייט מיט וועלכער ער האָט זיך צו איר באַצויגן, אויף די באַליידיגונגען, וואָס זי האָט אָפטמאָל פון אים איבערגעטראָגן... אַ בושה-געפיל האָט אים פאַרכאַפּט בעת ער האָט אַ קלער גע־טאָן וועגן מאָריסן, וועגן דער פאַרבלענדעניש, וואָס ער האָט אין איר פאַרפאָלגט אַ כימערע און ענטדעקט אַ מפלצת, אַ שרעקנס־ביילד... אַ בושה, וואָס האָט כסדר געוואַקסן פון מאָמענט, וואָס האָבן זיך אים געעפנט די אויגן און ער האָט דייט׳לעך גע־קאָנט אָפּשאַצן די דיספּראָפּאָרציע פון די רעזולטאַטן אין דער אורזאַך... פאַרשפּילטע צייט, פאַרלאָרענע געפילן, זיין שענער חלום פאַרניכטעט, אפילו זיין גלויבי אויסגעלייגן, און די אַ־

שפּיגלונג דערפון, סילוועסטרעס צוּבראָכנקייט... וואָס פּ׳ן בּו וואָט, און צוליב וועמען!

ביים געדאַנק, אַז גאָר גיך וועט ער ווידער זיין צוזאַמען מיט זיין טייערן אָפּפּער, האָט ער גלייכצייטיק געשפּירט אַ מין שאַנד און אַן אומגעוויינלעכע פרייד.

פאַרפאָלגט פון דעם בריוו, וואָס ער האָט פון איר באַקומען, האָט אים איצט איין אויסדרוק אין סילוועסטרעס בריוו צו הער בלאַנשעט פון איר פריינדין דער דאָקטערין, שטאַרק באַאומרויקט. זי האָט אים, נעמליך, געשריבן ער זאָל גלייך קומען קיין אַלעקסאַנדריען אָפּנעמען זיין טאָכטער, וועלכע האָט ערשט דורכגעמאַכט אַ שווערע גריפּע און איז איצט פּרעדיספּאָנירט זיך אָנצושטעקן מיט דער עפּידעמיע... נאָך דעמזעלבן אָוונט, זענען זיי ביידע געפאָרן קיין ווערסאַיל. בלאַנשעטס אַ דראַמאַטישע דעפּעשע פון שיף האָט באַרויקט זשאָרזשען און קלוידן. סילוועסטרע איז, אמת, זעהר שוואַך, אָבער געזונט און אויסער יעדער געפאַר...

שטייענדיק ביים געדעקטן טיש אין גרויסן עס-צימער ווו ער האָט געוואַרט אויף אַניקען און אַמעדייען, האָט קלויד — בעת זיין מוטער איז אַריין אין צימער, פאַרמאַכט צוריק זיין פאָרטפעל. נאָך אַ גאַנצן טאָג אָנגעשטרענגטער אַרבעט אין „הויז פאַר די פּרויען" פון וואַנען זי האָט צוגעשיקט אין אַלע סעקציעס פון אינטערנאַציאָנאַלען פּרויען-ראַט דרינגענדע אויפרופן וועגן אַ גענעראַל-אינטערווענץ אין פאַל, אויב די געשעענישן — וואָס האָבן זיך פון נעכטן אָן פאַרערגערט — זאָלן אָננעמען דעפיניטיוו אַ שלעכטע ווענדונג, פאַרוואָס זי האָט זיך אַזוי געשראָקן — האָט אַניקע אומבאַדינגט וואָס גיכער זיך געדאַרפט זען מיט אירע מאַנסלייט.

קלוידס ערנסטע מינע האָט זיך איר גלייך געוואָרפן אין אויגן. אָבער נישט האָבנדיק קיין אַנונג וועגן סילוועסטרעס בריוו, האָט זי עס צוגעשריבן די שלעכטע פּאָליטישע נאַכריכטען.

— דער פאָטער איז נאָך נישטאָ?

— ער האָט צונויפגערופן דעם מיניסטאָרען-ראַט... די זיצונג

וועט זיך זיכער פאַרציען. ער האָט געבעטן מ'זאָל אויף אים נישט וואַרטען.

שלעכטע נאַכריכטן? האָט זי צעשראָקן אַ פרעג געטאָן.

— ניין, וויטעלסבאַך וויל אפילו נישט אויסדריקן קיין באַדויערן, קיין אַנטשולדיגונג. ער מיינט, אַז קיינער האָט נישט געקאָנט שטערן דעמדאָזיקן אַטענטאַט... אַז די ווירקליכע פּראָוואָקאַטאָרן זענען די פראַנצויזישע סאָציאַליסטן. אומגלויבלעך! יאָ, דאָס האָבן מיר כלומרשט פּראָוואָצירט אין האַמבורג דעם דאָק-שטרייק און אין וועסטפאַליען דעם מינען-שטרייק! זיי ווילן מאַכן דערמיט אַן ענדע. זייער דעקרעט וועגן פּאָרמאָביליזאַציע איז שוין, וואַרשיינליך, אַרויסגעגעבן.

— ס'איז שרעקלעך!

זי האָט געזאַמעלט איר גאַנצע ווילנסקראַפט:

— ס'הייסט אַלזאָ קעמפען פאַר יעדן שריט. אָרגאַניזירן דעם געזונטען פאַרשטאַנד פון אַלע פעלקער קעגן דעם שגעון פון זייערע טיראַנען!...

— זעץ זיך עסען, האָט זי געזאָגט. איך האָב געמיטאָגט... צוויי פּילען און אַ גלאָז טיי אין פּרויען-הויז. איך בין געווען שרעקליך צובראָכן... עס, מיר האָבן ווייניק צייט, אויב מיר האָבן בדעה אָפּצוּוואַרטן בינען און זשאָרזשען אויפן ליאָנער באַנהויף... דו פאָרסט מיט?

כאָטש זי האָט, פּונקט ווי אַמעדיי, מיט צופרידענהייט קאָנסטאַטירט, ס'ארא וואַרעמען אָנטייל קלויד האָט גענומען אין סילוועסטרעס קראַנקהייט און מיט וואָס פאַר אַ שמחה ער האָט אויפגענומען די ידיעה, אַז זי איז אַרויס פון געפאַר, איז זי דאָך געווען זיכער, אַז ער וועט געפינען אַ תּירוץ און וועט זיך אָנטזאָגן. זי איז דעריבער געווען פריידיק איבערראַשט פון דעם אימפעט מיט וועלכן ער האָט געענטפערט: יאָ... נאַטירלעך, וואָס פאַר אַ פראַגע!..."

ווער ווייס, אפשר, איצט?... זי האָט געהאַט גענוג טאַקט מער נישט צו פרעגן... זי האָט אָבער געלייגט גרויסע האָפענונג אויף די געפילן פון דיראָזיקע יונגע הערצער... אַ קליינער, אַ

גאַנץ קליינער שיין אין דערדאָזיקער שטורמדיקער פינצטערניש, האָט זי געשפּירט, וועט זיך פאָרט דורכרייסן... זי האָט זיך פאַרלאָזן זוכנדיק מיטפילן און וויסן ווי אַזוי זיך אַרויסצודרייען פון דעם דאָזיקן קרייז, וואָס ווערט פון שעה ענגער, אויב ס'וועט זיך נישט דערהערן דער שטאַרקער, ענערגישער געשריי פון די מאַמעס, אויב די סאָלידאַריטעט פון די פרויען, ווי געהעריק אומעטום אָרגאַניזירט, וועט נישט באַצייטנס פאַרצוימען דעם וועג פאַר דעם נאָך אומזיכטבאַרן, אָבער שוין צוגעגרייטן מאַרש, פאַר די שווערע טריט פון די סאַמע פינצטערע כוחות!

---

— אָט איז דער צוג... האָט אויסגעשריגן גינע.

דער צוג האָט זיך אָפּגעשטעלט. מיט'ן גרויסן בוקעט רויטע רויזן וואָס קלייד האָט איר צוגעשיקט פאַר סילוועסטרען, האָט זיך גינע צוזאַמען מיט זשאָרזשין אַ לאָז געטאָן צום אָנגעקומענעם צוג.

קלייד צוזאַמען מיט אַניקען האָבן געוואַרט אויפן פעראָן ביים אַריינגאַנג...

— דאָ וועלן מיר זיי זיכער נישט דורכלאָזן!

ער האָט אַ ציטער געטאָן דערזעענדיק דעם רוישנדיקן לאָקאָמאָטיוו, די לאַנגע רייע וואַגאָנעס, און אומגעדולדיק געזוכט צווישן די גרופּן פּאַסאַזשירן, די באַקאַנטע געשטאַלט... ער האָט איר באַמערקט מיט גינען אונטער אָרעם. סילוועסטרע האָט געדריקט צום האַרצן די קבלת-פּנים-בלומען... בלאַנשעט און זשאָרזשי זענען געגאַנגען הינטער זיי אין פריינטלעך געוווּנקן. און אָט זענען זיי ווידער צוזאַמען, אַלע זעקס. מ'זעצט זיך אַרום, מ'פרעגט, מ'ענטפערט. קלייד, וועלכער דריקט הער בלאַנשעטס הענט, סילוועסטרע, וואָס ליגט אַ לענגערע צייט אין אַניקעס אָרעמס, האָבן נאָך איינער דעם אַנדערן נישט גוט געזען, זיי האָבן בלויז געהערט דאָס קלאַפּן פון זייערע הערצער...

אַ מאָגערע און אַ בלייכע שטייט סילוועסטרע פאַר קלוידן. זי דערלאַנגט אים די האַנט עפּעס ווי צושראָקן. האַלטנדיק די דאָזיקע קליינע האַנט איז ער ווי צעטומלט פון דעם סוד, וואָס

רערנענטערט זיי איצט און ער ווייס נישט צו זאָל ער לויפן צוריק, צו ערגעץ אַוועקגיין, כדי זי זאָל זיך אַליין אויסוויינען, זיך וויצלען אָדער זיין צערטלעך... ער קאָן נישט צופּאַסן די געהעריגע ווערטער און אויסשטרעקנדיק איר די באַק מיט אַן אומגעלומפּערטן זשעסט, וואָס מאַסקירט זיין אויפ־רעגונג, טוט ער אַ זאָג:

— נו, און איך?

סילוועסטרע האָט בדעה צו ענטפערן: „דו אויך!" אָבער אין דעם מאָמענט דערשפּירט זי אויף אירע ליפּן זיין אומגע־שיקטן ברודערלעכן קוש. איר אויפרעגונג איז אַזוי שטאַרק, אַז איר שוואַכקייט האַלט נישט אויס. זי ווערט נאָך בלייכער און האַלט זיכער אומגעפאַלען, ווען קלויד זאָל איר נישט צוהאַלטן. באַלד עפענט זי צוריק די אויגן.

— ס'איז גאָרנישט, האָט זי באַמערקט. אַ שווערע רייזע...

און אָפּנעמענדיק צוריק ביי גינען די רויזן, וואָס זענען איר אַרויסגעפאַלן פון האַנט, האָט זי צוגעגעבן:

— איך דאַנק דיר נאָכאַמאָל פאַר די שיינע בלומען!

— דער דאַנק קומט נישט מיר, נאָר קלוידן.

— קלוידן! אָ! ווי העפליך.

זי האָט אויף אים געוואָרפן, אַ צערטלעכן, האַרציקן בליק... אַ מאָרגנפרישקייט ווי ביי זונען אויפגאַנג... אָבער קלויד דרייט אָפּ דעם קאָפּ... און סילוועסטרעס נשמה ווערט ווידער שטאַרק פינצטער.

---

דעם צווייטן טאָג אינדערפרי זענען קלויד און זשאָקמען געזעסן אין קליינעם צימער, וואָס טיילט אָפּ דאָס ביוראָ פון פּריוואַטן סעקרעטאַריאַט און פון זשאָקמענס קאַבינעט און פירט דורך אַ געהיימע טיר, אין די אינערלעכע אַפּאַרטאַמענטן, — און האָבן דורכגעבלעטערט די אַקטן, וואָס זענען געווען צוגעגרייט צום אונטערשרייבן, די בריוו, וועלכע זשאָקמען האָט דיקטירט איידער ער איז אַוועק אין מיניסטאָרען־ראַט, וואָס איז אין איצ־טיקן מאָמענט געווען פאַרייניגט מיטן עליסיי... איבער נאַכט האָט זיך די לאַגע שטאַרק פאַרערגערט אוי דעריבער האַט מען צו־

אויפגערופן די זיצונג אויף אַ פרייטיקדיקע שעה.

אַ דינער ברענגט פון דער ... פון דער פּאָליטישער דירעקציע אין אַ פאַרחתמעטן קאָנווערט אַ באַריכט פון די לעצטע נאַכט־דעפּעשן. זשאָרזשי לויפט זיי שווייגנדיק דורך...

— וואָס ווייטער ערגער!... אַ מעלדונג פון גענעף: דער פעלקערבונד, אָנמעכטיק ווי תמיד, וואַקלט זיך צווישן וויסעלבאַכן און אונז... פון לאָנדאָן: ענגלאַנד זאָגט זיך אָפּ פון יעטוועדער פאַרמיטלונג דער פלאָט און די אַרמעע ווערן מאָביליזירט...

— איז עס בלויז פּאָזיטיקייט אָדער דראָונג מורמלט קלויד.

— דראָונג: געענטפערט זשאָרזשי. פון מאָסקווע: די רויטע אַרמעע מאַרשירט צו דער פּוילישער גרעניץ...

דער דינער באַווייזט זיך ווידער:

— אַ דאַמע בעט אַן אוידיענץ. זי זאָגט אַז ס'איז זייער וויכטיק און דרינגענד.

— מיט וועמען וויל זי ריידן? פרעגט זשאָרזשי.

— מיטן הער קלויד. זי האָט נישט געוואָלט אָנרופן איר נאָמען און זאָגט, אַז זי וועט נישט אַוועקגיין ביז איך וועל נישט איבערגעבן דעם דאָזיקן קאָנווערט.

קלויד האָט אַן עפן געטאָן דעם קאָנווערט: איבערגעלייענט די קאַרטע און דערלאַנגט זשאָרזשין.

— וואָס וואָלסטו געטאָן

— ס'איז ווירקליך קאָמיש... ער האָט זיך פאַרטראַכט. אָבער איך וואָלט איר געגונען... מ'קאָן אַמאָל נישט וויסן... אַז זי איז אַהערגעקומען אין דער צייט, אין אַזאַ מאָמענט.

— בעט איר אַריין, האָט קלויד געזאָגט. דורך דער קליינער טיר.

זשאָרזשי האָט זיך הויב געטאָן.

— בלייב! האָט קלויד געזאָגט.

זיי האָבן זיך איבערגעקוקט. פאַראינטריגירט. די טיר האָט זיך שנעל אָפּגעטאָן. מאַריסע שטייט פאַר זיי, רויט פון אויפרעגונג.

זי גריסט נישט און גיט קיינעם נישט די האַנט:

— פאַרצייט, קלויד, אויב איך שטער אייך. איך האָב אייך איבערצוגעבען עטוואָס זייער וויכטיקעס און שטרענג פאַרטרויליכעס...

— איך גיי, האָט זשאָרזשי אַ זאָג געטאָן.

— איך אַנטשולדיק זיך, וואָס איך פאַרהאַלט אייך נישט, אָבער דאָס וואָס איך האָב איבערצוגעבען קאָן וויסען נאָר הער זשאָ־־ין אַליין. איר מוזט מיר זאָגאַר צוזאָגן, אַז איר האָט מיר, נאָ־־־ל־ך, גאָרנישט געזען. ס'האַנדלט זיך מכּח אין לעבן פון אַ בע־זאָן, וועלכע איז אייך זייער נאָנט... אייב נישט, גיי איך גל ך אַוועק מיט מיין סוד...

זשאָרז־י האָט זיך פאַרנייגט איידער ער איז אַריין צו ז־ך אין קאַ־־עס.

— איך ־אָב אייך נישט געזען, געעדיקע פריילין.

— איך ־נק אייך.

זיי זענען געבליבן אַליין.

קלויד האָ־ איר געבעטן זיצן.

— איך הער ־ייך.

אָבער זי איז געבליבן שטיין.

— קלויד, אויך איך האָב קעגן אייך שלעכט געהאַנדלט, אויב איך האָב אייך פאַרשאַפט ־־ינקונג...

— איך מיין, אַז נישט דאָס האָט אייך אַהערגעבראַכט...

— ניין, אָבער האָט נעדולד!... איך פאַרזיכער אייך, אַז איר וועט מיר דאַנקען.

זי האָט זיך געזעצט.

— איך וועל אייך באַווייזן, אַז בעת איך האָב אייך אין ניצע געזאָגט, אַז פון דאָזיקן צוזאַמענבראָך איז אַנטשטאַנען מייןווירקליכע ליבע צו אייך, האָב איך נישט געלייגט... פון יענער צייט אָן האָב איך נישט אויפגעהערט וועגן אייך צו קלערן...

איך פאַרזיכער אייך, מאָריסע, אַז דאָס אַלץ, וואָס איר זאָגט מיר איז זייער פיינליך. גוטמוטיגט איר זיך אין מיין פריינטשאַפט; זאָגט געשווינט מיט וואָס קאָן איך אייך דינען.

– דוקא איר נויטיגט זיך איצט אין מיין פריינטשאפט

קלויד! אייער פאָטער איז אין געפאַר.

קלויד איז אויפגעשפּרונגען.

– פון וואַנען ווייסט איר עס?

– איך האָב דאָ בריוו, וואָס זאָגן דערויף עדות.

– ווייזט, איך בעט אייך.

– וואַרט! קודם-כל מוזט איר מיר געבן אייער ערנוואָרט, אַז איר וועט קיינעם נישט זאָגן וועגן וועמענס פאַרמיטלונג...

– איר האָט דערויף מיין וואָרט.

מאָריסע האָט אַרויסגענומען פון איר האַנט-בינדעל דעם בינדעל בריוו פון די קרעסן.

– נאַט אייך און זעט...

ער האָט האַסטיק געלייענט.

– אַ! די עלענדע, די פּחדנים!

– נו, וואָס זאָגט איר? ס'איז וויכטיק?

– נאָך ווי וויכטיק!

– יאָ, ס'איז אַ געוועזער, אָבער אפשר אַ צווייטשניידיקע?.. אפשר שטעלט מען אים גאָר אונטער אַ פּיסל... די פּאַפּירן האָבן געציטערט אין זיין האַנט. אָבער ניין, אַן שום ספק, זיי זענען נישט קיין געפעלשטע. ער האָט איר אָנגעקוקט ווי אַן אינקוויזיטאָר:

– ווי קומען צו אייך די דאָזיקע דאָקומענטן?...

– דאָס קאָן איך אייך נישט זאָגן.

איר דאַרפט בלויז וויסן, אַז ווען דע לוים זאָל דערגיין, אַז זיי זענען אין אייערע הענט...

ער האָט לגמרי נישט געקלערט מכּח די מאָטיוון וואָס האָבן איר באַוויגן צו אַזאַ האַנדלונג; אפשר אַ געפיל פון מעגליכקייט אָדער פון סימפּאַטיע. און גערירט האָט ער געזאָגט:

– איך דאַנק אייך, מאָריסע, נישט בלויז אונז פּערזענליך האָט איר געטאָן אַ טובה, נאָר דעם גאַנצן לאַנד, דער וועלט... וויל ענדליך וועלן ווערן אויפגעדעקט די פאַרברעכן...

פלוצלינג האָט זי דייטלעך דערזען די קאָנסעקווענצן פון איר עובֿדה. זי האָט בלויז געוואָלט באַפרידיקן איר נקמה-געפיל, צוגרייטנדיק זיך אַ רעוואַנש... און איצט...

— יאָ, איך פאַרלאַנג אָבער, אַז די ברייו זאָלט איר מיר צוריקגעבן. ס'איז גענוג, אַז איר האַט זיך באַקענט מיט זייער אינהאַלט.

— דאָס איז אוממעגליך, מאַריסע.

— אָבער מיין פאָטער געהערט דאָך צו דער פאַרטיי, וואָס אין אייערע אויגן זענען זיי פאַרברעכער, וועלכע איר האַסט. איך האָב אייך צופיל ליב איך זאָל אייך נישט אינפאָרמירען וועגן דעם, אַז אייך דראָט אַ געפאַר, אָבער איך ליב אייך אויף אַזוי פיל מיין פאָטער, אַז איך וועל נישט האַנדלען קעגן אים.

— איך קאָן דאָך אָבער נישט לאָזען דערמאָרדען מיין פאָטער און די פעלקער!

— איר קענט איצט די געפאַר און קאָנט איר אויסמיידן, זיך אַנטקעגן שטעלן.

— ניין, אפילו מיט דידאַזיקע באַווייזן קאָן מיר נאָך נישט איבערצייגן!...

— אויב אַזוי טאָ שווערט מיר צו, אַז מיט מיין פאָטער וועט קיין זאַך נישט געשען! איך קאָן אייך נישט איבערגעבן קיין גענויערע פרטים. אָבער איר פאַרשטייט דאָך, אַז אויב איך האָב אַזעלכע דאָקומענטן!...

— האָט עס אייך אייער פאָטער אַליין געגעבן? ער איז נאָך נישט געווען איז גאַנצן זיכער אין איר און איז געוואָרן פאָרזיכטיק.

— ניין! ניין! האָט זי אויסגעשריגן. איך אַליין — זי איז רויט געוואָרן — קלערט אייך וואָס איר ווילט.

אַ ווייטע עמאָציע האָט איר פאַרכאַפּט, אַ ווונש, אַ פאַרלאַנג... די פאַרלאָרענע ליבע, און קלויד דאָ פאַר אירע אויגען אַזוי יונג, אַזוי מוטיק. זי האָט זיך אַ הויב געטאָן און אונטערגעגאַנגען צו אים נענטער:

לכל-הדעות האָב איך ס׳רעכט פון אייך צו פאָדערן, אַז מיין פאָטער זאָל בלייבן אויסערהאַלב פון דעמדאָזיקן שפּיל... און איצט, קלויד...

זי האָט געפּילט ווי די צייט פאַרגייט, די מינוטן לויפן. איר האָט זיך שטאַרק געוואָלט זיי פאַרלענגערן, אויפהאַלטן.

— ווייסט אַלזאָ אַז מיט דעם אַלעם האָב איך בלויז געזוכט איין זאַך: זיך צו רעהאַביליטירן אין אייערע אויגן. צי איז עס מיר געלונגען?

האַסטיק האָט ער איר אויסגעשטרעקט די הענט.

— קיין מאָל אין לעבן, מאַריסע, וועל איך נישט פאַרגעסן וואָס איר האָט פאַר מיר געטאָן...

— אַלזאָ איז... אַלץ... פאַרגעסן... איר גיט מיר צוריק אייער ליבע?

— מיין פריינטשאַפט איז דער אויפריכטיקסטער אויסדרוק פון מיין דאַנקבאַרקייט.

— פון אייער ליבע, קלויד פון גיצע אָן... האָב איך אייך נאָך אויף קיין מינוט נישט פאַרגעסן. דאָס האָט מיך טאַקע אַהערגעפירט.

ער האָט זיך דערשפּירט אין אַן׳אומגעלומפּערטער לאַגע. ס׳האָט זיך אים זייער געוואָלט זי זאָל שוין אַוועקגיין. ער האָט איר געזאָגט דעם אמת:

— ביי מיר איז לגמרי פאַרקערט... פון ניצע אָן... באַמי איך זיך כּסדר אייך צו פאַרגעסן!

— אָבער איצט?

— איך זוידערהאָל אייך, אַז איר קאָנט רעכנען אויף מיין פריינטשאַפט.

— איך וויל אָבער אייער ליבע. ווי דעמאָלט, מיט אַ חדש צוריק, בעט איך אייך, ראַטעוועט מיר, אויב איר האָט מיך כאָטש עטוואָס ליב.

— ווי מיט אַ מאָנאַט צוריק, ענטפער איך אייך טרויריק: אומעגליך.

פאַרכאַפּט פון אַ מיראַזש, האָט זי פאַרגעסן אָן אַלע אירע

עובדות. וואָס האָבן אים אָראָפּגעפירט פון וועג. צומאַטערט און דענערווירט האָט זי געזאָגט:

אַז איך וועל זיך צו אייך נאָך היינט, אַז איך קעמף, כדי זיך אַרויסצורייסן פון מיין סביבה... אַז איך קום אייך איבער־צייגן אין מיין איבערגעבנקייט!... זאָגט איר זיך אָפּ מיר צו־העלפן... דאָס איז שלעכט.

— אייך צו העלפן? אָ! ניין! מאַריסע!

— אויב אַזוי, טאָ זאָגט מיר אַז איר קאָנט נאָך האָפן.

— קיין מאָל נישט...

די קאָקעטעריע האָט זיך דורכגעריסן דורכן כּעס:

— צי בין איך שוין מער נישט שיין?

— איר זענט נאָך שענער געוואָרן, איך באַוואונדער אייך פון מאָמענט וואָס איר זענט אַהער אַריין... אָבער...

— אָבער?...

ער האָט אַרויסגערעדט דידאָזיקע ווערטער, גליקלעך מיט זיין נצחון:

— דער רייץ איז פאַרשוווּנדן. מער וויל איר אייך נישט האָבן.

אַ שרעקלעכער קלאַפּ איר אייגען־ליבע.

ס'האָט זיך דערהערט אַ קלונג פון טעלעפאָן.

— איר דערלויבט

סילוועסטרעס געזיכט האָט זיך באַוויזן אויפ'ן ווייטזעער קליד איז געווען צופרידן מיט דער דאָזיקער ענדערונג. איצט וועט זיך טאַקע ענדיקן די קאָנווערזאַציע מיט מאַריסן... ענדלעך וועט זי ווייסן ווו ס'האַלט: „גוט מאָרגן, סילוועסטרע... ניין, מיין קינד... זשאָרזשי איז דאָ נישטאָ... אויב ער איז נישטאָ אין ביוראָ, האָט מען אים וואַרשיינלעך אַוועקגערופן... דער פאָטער? ניין, ער איז אין מיניסטאָרן־ראַט, ער גייט דירעקט אַהיים צום פרישטיק. ווילסטו עפּעס איבערגעבן דיין ברודער?... אפשר ניסטו מיט גינען אים אָפּנעמען?... ווו ביסטו איצט?... ביי קאָ־בין, דו ווילסט רעדן מיט פּערמאַטן?... האָסט זיך בעסער גע־דאַרפט אויסרוען נאָך דער רייזע... ביסט נישט מיד?... זייער

י... יאָ... אַלזאָ, אויף ווידערזען...

מאַריסע האָט אים איראָניש אָנגעקוקט. אין טאָן פון זיין שטים איז געלעגן אַלץ... מער האָט זי נישט געצווייפלט.

— איך פאַרשטיי, איך בין געקומען צו שפּעט! דער פּלאַץ איז באַזעצט.

ער האָט זיך פאַרטיידיקט. מער קעגן דער באַהויפּטונג, ווי קעגן דער פערזאָן וואָס האָט עס אַרויסגעזאָגט.

— אָבער ניין! וואָס קלערט איר דען?

— איך קלער דאָס וואָס ס׳איז, פּונקט ווי איך זאָל זיין נישט פאַרשטיין אויף געוויסע אינטאָנאַציעס!...

— סילוועסטרע איז אַ יוגנט-פריינדין, אַ שוועסטער.

רעזיגנירט, האָט זי שוין אַ זאָג געטאָן מיט איר בייזן, נאַטירלעכן טאָן:

— איז עס הייסט עס אַזאַ מין נאָכגעריכט!

— אָ! מאַריסע איר ווערט גאָרנישט אַנדערש!

— ס׳איז אמת, פאַרצייט מיר!... אַ מאָמענט פון אייפערזוכט... נאָך דעם אַלעמען, זייט איר טאַקע גערעכט... יעדערער גייט זיך זיין וועג!... מיינער און אייערער האָבן אינז כסדר דערווייטערט איינעם פון אַנדערן, דערנאָך דערנענטערט ...און איצט... זי האָט געמאַכט אַן אָנמעכטיקן זשעסט — ווי ס׳שיינט איז עס געווען נישט דאָס... איר דאַרפט אַזאַ פרוי ווי די קליינע בלאַנשעט... זי איז מער ווערט פון מיר... מיינע טוגנט-אָנפאַלען זענען זייער זעלטן און נישט דויערהאַפטיק. ביים ערשטן קלאַפּ בלייבט פון זיי קיין זכר נישט... איך וואָלט אייך קיין גליק נישט געגעבן.

— און איך אייך אויך נישט. אָבער איך בין געווע זייער אומגליקליך, איידער איך בין געקומען צו דערדאָזיקער איבערצייגונג.

זי האָט געפילט דעם פאָרוואורף אין זיינע ווערטער. פּונקט ווי ער, האָט זי געשפּירט ווי ס׳וואַקסט דער אונטערשייד פון זייערע אָנזיכטן, ווי ס׳פאַרברייטערט זיך דער אָפּגרונט צווישן זיי בכלל... פּלוצלונג האָט זי שטאַרק חרטה געהאַט אויף די בריוו! ווען זי זאָל געוועסט וויסן! בעטן זיי צוריק — ס׳פּאַסט

איר נישט, פאַרלאָרן דעם שפּיל ליבּעריו! ווייניקסטנס זאָל פּר־
כּישט האַלטן וואָרט בנוגע איר פאָטער!... דע לוים? וועגן אים
גאָרט איר ווייניק... די מענטשן, דאָס לעבן!... איצט איז זי בּאַ־
וואָרן און צו אַלץ געווען לגמרי גלייכגילטיק. ...אַביסל מעלאַנכאָ־
ליש, האָט זי זיך אָבער באַלד געפּאַסט און געדריקט זיין האַנט
וואָס ער האָט איר אויסגעשטרעקט:

— אַדיע, קלויד. איר האָט געשוואָרען...

אַביסל געריהרט האָט ער איר פריינטלעך געענטפערט.

— זייט גאַנץ רויק.

אַ סעקונדע פון פולשטענדיקן שווייגן. די טיר האָט זיך אָן עפן געטאָן. מאָריסע איז אַרויסגעגאַנגען און האָט זיך אפילו נישט אומגעדרייט.

ער האָט זיך געשווינט אַוועקגעזעצט צוריק צום שרייב־טיש, ווו ס'זענען געלעגן די בריוו האָט זיי גענומען אייגעם נאָכן אַנדערן!... זיי זענען נאָך געווען פול מיטן פּערפום, וואָס האָט אים אַמאָל אַראָפּגעפּירט פון זינען... ער האָט איינגעאָטעמט דעמדאָזיקן ריח און איז געבליבן רויק און געבלעטערט... ער האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז ער דרייט איבּער אַ בלעטל פון זיין אייגן לעבן.

אָבער וואָס לענגער ער האָט געלייענט, אַלץ שטאַרקער איז געוואַקסן זיין שרעק, זיין שוידער. מאָריסעס געזיכט איז פאַרשוואונדן, זיין אָרט האָבן איצט פאַרנומען דראָענדיקע פּנימער, לויערנדע מערדער, שרעקלעכע מאַסקעס. די ווערטער האָבן אים געשטאָכן ווי שאַרפע מעסערס:

„...פאַרגעזעצט, היינט פרי, מיט וויטעלסבאכן דעם נעכטיקן געשפּרעך... דער אינצידענט, וואָס וועט אָנצינדן דעם פייער איז, אייגנטלעך, בלויז אַ נעבנזאַך — האָט מיר געזאָגט דער קאַנצלער. דער עיקר איז דאָס אָפּרוימען פון וועג, אין ביידע לענדער, די סאָציאַליסטישע פירער. קודם־כל דערקלערן זשאָק־מענען און ראַיען אַלס פאַררעטער. די עפנטלעכע מיינונג גלויבט אַלץ וואָס מיר ריידן אין איר אַריין. דערנאָך וועט שוין זייער דערמאָרדונג זיין נישט מער ווי אַן אַקט פון גערעכטיקייט...“

## 3.

– דאָ וווינט דער דאָקטאָר מוילו?

– יאָ, דריטער שטאָק, רעכטס.

זשאַקמען האָט געוווינט אויפֿן פערטן. מיט אַ פֿאַרדעכטיקן בליק האָט די פּאַרטיערין, שטייענדיק אויפֿן שוועל, נאָכגעקוקט דעם לאַנגען, מאָגערן פֿאַרשוין, אַרומגעבונדן מיט אַ שוואַרץ טיכל, ווי ס'זאָלן אים וויי טאָן די ציין. ער האָט זיך אויפֿגעהויבן אויף דער ווינדע מיט אַ גאַנץ רויקער, נאַטירלעכער מינע.

זינט ס'האָבן זיך פֿאַרשפּרייט קלאַנגען וועגן קריג און פּאָליציי - און ציוויל - אַגענטן האָבן כסדר באַוואַכט דעם ראַספּאַיל-בולוואַר, איז דעם פּרעזידענטס הויז געוואָרן אַן היסטאָרישע וווינונג. פֿרוי רישוי איז געווען זייער שטאָלץ אויף איר פֿאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט. ס'איז איר געגאַנגען אום לעבן, אַז מיט איר באַרימטן לאָקאַטאָר זאָל קיין זאַך נישט געשען. „אַזאַ אָרנטלעכער מענטש! שוין צוויי און צוואַנציק יאָר וווינט ער אין דעמדאָזיקן הויז!“ זי איז געבליבן שטיין און האָט אַ ווײַלע געוואַרט. זי האָט געהערט ווי די ווינדע האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפֿן דריטן שטאָק און זיך גלייך צוריק אַראָפּגעלאָזן. אַ באַרויקטע איז זי אַרײַן צו זיך אין שטוב.

דער בלומרעטער קראַנקער איז מיט שטילע טריט אַרויף אַ שטאָק העכער. ער האָט צוגעלייגט דעם אויער צו זשאַקמענס טיר... דאָס בלוט האָט איהם געהאַקט אין די שלייפֿן... „פֿריי זיך מיט דײַנע לעצטע מינוטן, באַנדיט!“ האָט ער געמורמעלט, אַנטאַפּנדיק אין קעשענע די צוויי אָנגעלאָדענע בראַונינגס. געשווינט איז ער אַרויף אויפֿן פֿינפֿטן שטאָק און זיך אײַנגעזעצט דאָרט אויף אַ טרעפּעל. דאָ איז אַ גוטער באַאָבאַכטונגס פּונקט, וווּ קיינער וועט אים נישט שטערן! די וווינונג איז געווען אַ פֿאַרשלאָסענע, די לאָקאַטאָרן זענען אַוועקגעפֿאָרן אויף די פּסח-פֿעריען אויף אַ זומער-וווינונג...

היפּאָליט לונען האָט זיך געריבן די הענט פון שמחה.. אַלץ איז געגאַנגען ווי ער האָט אויסגערעכנט. באַלד וועט די גערעכטיקייט זיגן... ענדליך וועט ער זיך נוקם זיין. ס'לוינט זיך אפילו צוליב דעם צו ריזיקירן מיטן לעבן... נאָך פערציק יאָר, נויט עלענד און שרעקלעכע אַנטוישונגען!... זיין גאַנץ אומגליקלעך לעבן האָט זיך איצט דורכגעטראָגן אין זיין זכרון... אַדיוטאַנט, דערנאָך קאַפּיטאַן, אָבער כּסדר אַן אַלקאָהאָליקי באַלד איז געקומען דער קריג, דאָס זענען טאַקע געווען די בעסטע יאָרן, און נאָכדעם, אַביסל צו גיך, דער שלום, זיין מאוסע עובדה, די דעמיסיע און דאָס אַרומלויפן זוכן אַ נייעם פּאָסטן. געיאָגט און געטריבן פון איין אָרט אויפן אַנדערן, פירט ער אַ הונגער-לעבן מיט דריי קינדער אויפן האַלדז. איצט איז דער זון געשטאָרבן פון שווינדזוכט, די עלטערע טאָכטער פאַרשווונדן אין אַן עפנטלעכן הויז אין בוענאָס-איירעס, — געבליבן איז ער מיט דער עלטער מעגערע און אַ קליין מיידל, וואָס גיט אויף אים אַכטונג... און אין די אַלע אומגליקן איז שולדיק בלויז איין זאַך: דער פאַרפוילטער רעזשים, דער סאָציאַליזם, וואָס האָט רואינירט די אַרמיי, דערפירט איר צו שנאָרעריי. אַ באַנדע גנבים און פאַררעטער, וואָס אַן דעם שפּיץ שטייט ער, זייער פירער: זשאַקמען!

דעראָזיקער ווילדער האַס איז געווען פון דעמזעלבן מין, מיט וועלכן ס'איז אַמאָל געווען באַוואָפנט זשאָרעס מערדער. צען יאָר נאָכאַנאַנד האָט זיך היפּאָליט לונען געשפּייזט מיט די גיפטיקע אַרטיקלען פון דער רעאַקציאָנערער פּרעסע קעגן דעם אַפּאָסטאָל פון דער נייער ערא. דאָס ערשטע מאָל האָט ער די דאָזיקע געלעגנהייט דורכגעלאָזן. זיין סעאַנס אין פּאַרלאַמענט, בעת ער האָט צוויי מאָל אומגעלונגען געשאָסן אין זשאַקמענען ביים שטורץ פון דע לומס קאַבינעט.

נאָך אין דעמזעלבן אָוונט פון זיין מפּלה האָט דע לוים אויסגענוצט זיין שטאַרקן איינפלוס אין יוסטיץ-פּאַלאַץ און זיך באַמיט צו באַווייזן, אַז ס'איז בשום אופן נישט קיין אַטענטאַט, נאָר אַז אומבאַדייטענדער צווישן-פאַל, און נאָר אַ דאַנק זיין

פאַרטיידיקונגס-רעדע האָט מען דעם מערדער באַפרייט...

אויף מאָרגן האָט ליעוואַל אויפגעזוכט דע־ראָזיקן שנאָרער אין זיין דאכשטוב פאַר אַ קליינע סומע אים אַראָפּגעבראַכט צו זיך אין ביוראָ אויף אַ ראַנדעוווּ מיטן עקס-פּרעזידענט, וועלכער האָט זיך נאָך אַ קירצן שמועס איבערצייגט, אַז היפּאָליט לונען איז אַ ווערטפולע קראַפט פאַר זיינע אינטערעסן, וועלכע זענען דאָך בלויז אַ טייל פון די נאַציאָנאַלע.

היפּאָליט איז אַוועק פון ליעוואָלן אַן אונטערגעפייערטער ביז'ן מאַרך פון די ביינער, אין דער פעסטער איבערצייגונג אַז ער איז אַ פּאָלקס-העלד: צוליב פראַנקרייכס גליק מוז ער אויס-אויספּ־רן זיין מיסיע ביזן סוף. אַוועקלייגן דידאָזיקע שמוציקע חיה, די איינציקע שטערונג פון נאַציאָנאַלער דערגרייכונג! הונ-דערט טויזנט פראַנק מזומנים, — איינגעלייגט אויף זיין נאָמען ביי ליעוואַל'ס נאָטאַריוס איבערצוגעבן לונענס אלמנה אין פאַל פון זיין טויט, אָדער אים אין האַנט לויטן אָנווייז פון געלטגעבער,— האָבן פולשטענדיק באַזייטיקט אַלע זייע וואַקלענישן. וועט זיך דער פּלאַן איינגעבן, אים וועט געלונגען זיך אָפּצוטראָגן, אַרויס-גיין אַ לעבעדיקער פון זיין העלדנטאַט, איז ער לפּחות פאַרזאָרגט אויף דער עלטער. וועט אים עפּעס געשען, וועט וויי־יגסטענס זיין פאַמיליע האָבן פון וואַנען צו לעבן.

אַ געוויש פון אַ טיר האָט אים אויפגעוועקט פון זיין חלום אויפן וואר, ער איז אויפגעשפּרונגען, גרייט צו דער אַרבעט... ניין! פון דריטן שטאָק, פון דאָקטאָר מוילוי... ער האָט זיך איבערגעבויגן, געזען ווי אַן אַלטע דאַמע לאָזט זיך גאַנץ רויק אַראָפּ פון די טרעפּ... ער האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט, אַ ברוי-נונג אין יעדער האַנט, אינגאַנצן גרייט אויפצושפּרינגען.

אינדערזעלבער צייט איז זיך מאַקס דע לוים געזעסן ווייער רויק און צופרידן אין זיין רויכער־צימער אין פּאַלאַץ פון באַגאַסיס, מיט איין האַנט אָנגעשפּאַרט אויף דער ברייטער פּאָ-רענטש פון זיין באַקוועמען פאָטעל און זיך צוגעקוקט צו די ספּיראַלן פון בלויען רויך, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון זיין פּאַפּיראָס.

אים אַנטקעגנאַיבער איז געזעסן די מארקיזין ד'אנטראַג און שטאַרק אויפגערעגטער האָט זי אים איבערגעגעבן די געשעעניש פון דער פאַרגאַנגענער נאַכט; ווי די פּאָליציסטן האָבן איר אַ פגעווענדט פון בעסטן שלאָף, אויפגעהאַקט דעם געלט-שראַנק — זי האָט נאָך איצט אינגאַנצן געציטערט...

ס'מערקווירדיקסטע אָבער איז, דער גאַנצער מעשה איז דאָס, וואָס זיי האָבן קיין זאַך נישט געגנבעט. מיט וואָס וועט זיך עס אָבער ענדיקן?

— ס'וועט זיך ענדיקן גוט, האָט אַ זאָג געטאָן דע לוים, כלומרשט רויקער, הגם ער איז פאַקטיש געווען... אָבער איר האָט צוזאַמען מיט ליעוואַרן בעסער געדאַרפט אַליין פאַרברענען אַלע מיינע פאַפּירן! אָבער איך בין זיכער, אַז סערוויער האָט עס דערליידיקט...

די דערציילונג פון דער אַלטער פריינדין האָט לגמרי צו-שטערט זיין רויקייט, וואָס ער האָט זיך געשאַפן דורך זיין אַליבי. ער האָט שטאַרק באַדויערט, וואָס ער האָט אַליין נישט מבער געווען אַלע זיינע דאָקומענטן פאַרן אָפּפאָרן פון פאַריז... צי וואָס האָט ער זיך אָנפאַרטרויט סערוויערן?... דע לוים האָט אים געדאַרפט האָבן צוליב געוויסע אַמביציעס, ער האָט אים אָבער נישט געקאָנט אָנקוקן, נישט געהאַלטן אים פאַר ווערט צו האָבן אַזאַ פאַרמעגן, בעת ער גופא האָט עס נישט געהאַט... באַלד באַלד וועט זיך אַלץ איבערדרייען, ער וועט צוריק ווערן דער הערשער. דערדאָזיקער מאָמענט איז שוין נישט ווייט.

אויב אַלץ זאָל גיין, ווי ער האָט זיך צוגעשטעלט, וועט זיך לוינען — נאָך היינט פרי אָנגעלאָדן דורך ליעוואַלן מיטן נויטיקן מאַגנעטיזם — אומבאַדינגט דער קלאַפּ איינגעגעבן... דער עיקר, זשאַקמען זאָל נאָר גיין אַהיים צום פרישטיק!... ער האָט נישט געקאָנט רוען, כסדר געקוקט דאָ אויפן זייגער, דאָ אויפן טעלעפאָן... נאָך אַ האַלבע שעה און מ'מוז אים קלינגען...

דע לוים איז געווען זיכער, אַז אים וועט שפּעטער געלונגען צו לענקן — אויב נישט די געשעענישן, ווייל זיי קאָן קיינער נישט באַהערשן — לפּחות די מענטשן, פון וועלכע ער

ביז גרעססענסיידס אָפּהייגגיק.

דאָסמאָ, וועט ער זיך נישט אַרייגלאָזן אין קיין פּאַרלאַ-מענטאַרישע קאָמבינאַציעס, ווי ס'עצהן אים זיינע קליינקעפּלדיקע מיטאַרבעטער. מ'מוז פאַרשטיין אויסצונוצן דעם מאָרגנדיקן שרעק. סאַלמוי אַ זעראָ וואָס מ'שטרייכט איר אויס, ווי נאָר זי בלאָזט זיך צו שטאַרק אָן. דער איבעריקער עולם, מיליטער און ציווילע אַלע וואַרטן זיי אויף אַן אַנטשלאָסענעם דיקטאַטאָר!

ער איז געווען פעסט איבערצייגט און דידאַזיקע חוצפה האָט ער גערופן גערעכטער שטאָלץ — אַז נאָר ער איז די איינ-ציקע פּאַסענדע פּערזאָן, אויף וועלכער פראַנקרייך און די גע-שיכטע וואַרטן שוין גאַנצע צוואַנציק יאָר, זינט ס'איז אונמעגליך געוואָרן צו האָבן אַ קייזער...

דער זייגער האָט געשלאָגן... ער האָט אַ ציטער געטאָן און ווידער זיך צוגעהערט צי קלינגט נישט דער טעלעפאָן... נאָך אַלץ גאָרנישט! איינעם נאָכן אַנדערן האָט ער נאָכאַמאָל דורכגעלופטערט אַלע מאָטיוון אויפן סמך פון וועלכע ער קאָן האָפן: דער פּלאַן אויסגעאַרבעט ביז צו די קלענסטע פּרטים, די געוויסע קאָמפּליקאַציעס, די פריער צוגעגרייטע דעקרעטן ביז צו די פאָרויסבאַשטימטע פּאָסטנס, אין פאַל פון אַ בונט פאַרכאַפּן די אַרמייען... און מאָרגן, — צוזאַמען מיט לוקסן וואָס איז גרייט צו נעמען דעם גרעסטן אָנטייל אין דער פעסטער איבערצייגונג, אַז פון בירגערקריג וועט מען אַרויסגיין ווי זיגער — דער אויסוועהר-טיקער איז דאָך נישט מער ווי אַ תּירוץ, אַ מאַסקע — און דאַן קומט די מאָביליזאַציע מיט איר אייזערנעם ריגל אויפן גאַנצן סאָציאַליסטישן שווינדל.

ער האָט אָפּגעשאָקלט דאָס אַש פון זיין פּאַפּיראָס אין אַן אַלטן זילבערנעם אַש-בעכער... ווי לעבעדיקע זענען פאַר אים געשטאַנען די געשטאַלטן פון זיינע מיטאַרבעטער: סאַלמוי אין זיין קאַבינעט און עליסיי סערוויער אין זיין באַנק-ביוראָ... און דאָרט, אויף דער אַנדערער זייט רהיין, דיזעלבע אָרגאַניזאַציע, מיטן זעלבן פּראָגראַם... האַרטמאַן, וויטעלסבאַך...

— ווען וואָס קלערט איר האָט אַ פרעג געטאָן די מאַרקיזין.

ער האָט ארײַנגעלײגט אין שײדעל דעם בורשטינענעם ציגאַרן-שפּיץ, וואָס איז נאָך געווען הײס און האָט אַ זאָג געטאָן מיט אַ כיטרן שמײכל:

— איך קלער וועגן קלוגן שפּריכוואָרט:

מיטן טויט פון דער ש״אַנג שטאַרבט אויך איר גיפט.

---

אין דעם מאָמענט, וואָס דער אמתער מערדער האָט קאָנצענטרירט זײַן גאַנצן ווילן אויף דער מאָרד-טאַט, האָט היפּאָליט לונען, ווי דורך אַ מיסטעריעזן קאָנטאַקט, אָנגעשטעלט זײַנע ברויִנגס. שטימען, ס׳עפּנט זיך אַ טיר, פרײלעכע אָבשײדס-ווערטער... דאָסמאָל !... הער בלאַנשעט, וואָס האָט מיט זײַנע קינדער געפּרישביקט בײַ אַניקען, און איז נאָך געבליבן אַ מאָמענט מיט איר און גינען, בעטנדיק סילוועסטרען זי זאָל זיך נישט אָנשטרענגען... נאָך דער רײַזע אַ גאַנצע נאַכט !... זי האָט געוואָלט אַראָפּגײן צוזאַמען מיט קלוידן, באַגלײטן זשאַקמענען ביזן מיניסטעריום, ווו זי איז נאָך קײנמאָל נישט געווען.

אין אַ שעה אַרום וועל איך נאָך דיר קומען.

— און דו, האָט אַניקע געזאָגט אויפן קול צו אמעדײען, זײַ, שטרענג זיך נישט צופיל אָן.

— זײַ רויק, מײַן טײַערע.

ער האָט אָנגעהויבן אַרונטערגײן באַגלײט פון דער פרײלעכער גרופּע. פּלוצלונג אײנס, צוויי, דרײַ האַרטע קלעפּ, אײנס נאָכן אַנדערן.

קלויד שרײַט: פּאָרזיכטיק פּאָטער.

די ברויִנינגס שיסן ווײַטער. אינסטינקטיוו האָבן זיך אַלע אײַנגעבויגן, אָבער זשאָקמען, געטראָפן אין האַרצן, האָט זיך אַראָפּגעקויקעלט פון עטליכע טרעפּלעך. קלויד, אַ צעשראָקענער, איז צוזאַמען מיט זשאָרזשן צוגעשפּרונגען צום פענסטער בעת סילוועסטרע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויפן מערדער. ער האָט

נאָך געהאַלטן אין איין שיסן, אָבער סילוועסטרע האט אים אַ כאַפּ געטאָן פאַר די הענט און אַוועקגעלייגט.

— אויסוווּרף, אויסוווּרף!

גלייכצייטיק שרייט זי צו קלוידן:

— פּאַרזיכטיק! ער קאָן טרעפן אין דיר! האַסטיק עפענען זיך טירן, ס'הערן זיך שרעקלעכע קולות... פון אַמעדייס וו'ינונג לויפן אַרויס דריי מענטשן אין טויט-שרעק. אַניקע באַגיסט זיך מיט טרערן.

— אַמעדיי! אַמעדיי!

— איז ער פאַרוואונדעט?

גינע און בלאַנשעט זענען ווי משוגע. זייערע געשרייען פאַרהילכן דעם טומל, וואָס ס'האָט דיך מאָמענטאַל אויפגעהויבן אין גאַנצען הויז:

— פאָטער! אַמעדיי! לאָמיר אים אויפהויבן... אַנגזאַם, פאָרזיכטיק!

אַ מאָמענט בלייבט סילוועסטרע איינע אַליין מיטן מערדער. ער האָט אַ וואָרף געטון איינעם פון די ברויינינגס, איר צוגע-שטעלט צום קאָפּ דעם צווייטן און אַ קלאַפּ געטון מיט דער קאָלבע. אַ פאַרוואונדעטע, באַגאָסן מיט בלוט האָט זי אים געהאַלטן מיט די לעצטע כחות און געוואָרט אויף הילף. ער האָט געוואָלט זיך אַרויסרייסן, אויסנוצן דעם מאָמענט פון גרויסן טומל און אַנטלויפן...

קלויד, איבערלאָזנדיק דעם פאָטער אויף די הענט פון אַני-קען און גינען, האָט זיך צוזאַמען מיט עטלעכע שכנים אַ וואָרף געטון אויף אים מיטן געשריי:

— האַלט דעם מערדער!

באַלד האָבן זיך באַוויזן אַגענטן מיט רעוואָלווערן אין די הענט.

— האַלט, לאָזט אים נישט אָפּ!

— איך האַלט אים.

מיט זיינע לעצטע כחות רייסט זיך אָבער לונען אַרויס, טוט אַ שליידער דער האַלב געהלשטער סילוועסטרען און מיט

איין שפּרונג איז ער אויפן פינפטן שטאָק און וואַרפט אַ ווילדן בליק אויף זיינע פאַרפאָלגער.

— האַלט אים!

די צעווילדעוועטע חיה האָט זיך איבערצייגט, אַז דאָס שפּיל איז פאַרלוירן, שלאָגט אָפּ די ערשטע אָנפאַלער און מיט איין שפּרונג דורכן חלל פון דער ווינדע, פאַלט ער אונטן אַ טויטער מיט אַ צעבראָכענעם שאַרבן.

---

ווי נאָר איינער פון די ציוויל-אַגענטן, אויף בלומרשט צוהיטן זשאַקמענען, האָט איבערגעגעבן טעלעפאָניש אין אַ פּאַסעדער פאָרם וועגן אַטענטאַט, איז דע לום גלייך אין אַן אַעראָפּלאַן אַוועק קיין פּאַריז אין עליסיי, איבערלאָזנדיק דער מאַדאַם ד'אַנטראַג אויף איר גוט נעבן זיינעם. זי האָט קיין חשק נישט געהאַט איבערצולעבן די צו שטאַרקע עמאָציעס פון אַזעלכע געפערלעכע מאָמענטן... ס'האָט זיך שוין איצט נישט געהאַנדלט מער וועגן קיין קליינע אינטריגעס. דער גורל איז געפאַלן. און איצט מוז מען אומבאַדינגט דערפירן ביז צום ענטגילטיקן נצחון. קיין מיטלוועג איז נישטאָ. די בירזשע און דאָס לעבן, — אָדער דער טויט.

ביי סאַלמוי'ן אין קאַבינעט האָט אויף אים געוואַרט אַן אַנגענעמער סיורפּריז. ער האָט זיך, אייגנטלעך, פאָרגעשטעלט, אַז דער הער פּרעזידענט וועט פאַרלירן דעם קאָפּ פון געשעענעם פאַקט; ער האָט זיך אָבער בשום אופן נישט גערעכנט אויף אַזאַ דערשלאָגנקייט. סאַלמוי האָט פּראָסט פּשוט נישט געוווּסט אויף וועלכער וועלט ער איז.

נאָך דער טעלעפאָנישער מעלדונג וועגן אַטענטאַט דורך דער פּאָליציי-פּרעפעקטור און דער ידיעה מכח גרויסן טומל אין רייכסטאַג, אַז די סאָציאַליסטן זענען באַפאַלן דעם קאַנצלער און ער האָט זיך, קוים אַ לעבעדיקער, אַרויסגעריסן פון זייערע הענט

האָט סאַלמוי געהאַלטן די שלאַכט פאַר פאַרלוירן אין מאָמענט, ווען זי האָט זיך ערשט אָנגעהויבן... צו וואָס האָט מען געדאַרפט פירן זשאָקמאַנען, אויב אין ביידע לענדער איז נישט געלונגען אַרויסצורופן קיין נאַציאָנאַלע אויפרעגונג אַלס פּרעטעקסט צו רעאַליזירן דעם געמיינזאַמען פּראָגראַם: פּראָוואָצירן אַ בלוטיקן ברודער־קריג פון ביידע דעמאָקראַטיען?

טורבאַט און סערוויער — וועלכע זענען פּינקטלעך געקומען צו דער באַטס־מטער באַראַטונג, האָבן זיך אומזיסט אַרויסגערעדט די גאַל. סיגנוי, דער פריערדיקער פּאָליציי־פּרעפעקט, און ווינצענט דער געוועזענער דירעקטאָר פון דער צענטראַלער זיכערהייטס־מאַכט — ביידע דורך זשאָקמענען אַנטזאַגט — און איצט צוריקגערופן, האָבן זיך געצאַפּלט פון אומגעדולד. סאַלמוי האָט זיך קאַטעגאָריש אַנטזאַגט פון יעדער איניציאַטיוו, אַרויסגעוויזן זאָגאַר אַ נייגונג איבערצולאָזן דעם דעקאַפּיטירטן קאַבינעט אָן זשאָקמענען. אויב דער סאָציאַליזם אין דייטשלאַנד האָט אָפּגעהאַלטן אַ זיג, האָט לגמרי קיין שום זין נישט אין אַזאַ מאָמענט צו ענדערן דעם קורס אין פראַנקרייך? דער קריג? מ׳קאָן שטענדיק געפינען אַ בעסערע געלעגנהייט... ער דאָט געהאַט בדעה אַריי צובעטן הורמאַן, וועלכער האָט נאָר וואָס סאַלוטירט פאַרן טויטן קערפער פון זשאָקמענען און דירעקט פון דאָרט, דורכן גענעראַל־פּעקרעטאַר זיך געמאָלדן דאָ.

— ס׳איז פּראָסט פּשוט אַ משוגעת! — האָט געדונערט טורבאַט — וואָרט ווייניקסטנס אויף דע לוימן. דער זייגער איז דריי, ער מוז יעדע מינוט קומען.

אין דעם מאָמענט האָט זיך האַסטיק אָן עפן געשטון די טיר.

— ס׳איז שוין די העכסטע צייט, — האָט אָפּגעזיפצט סערוויער.

ער האָט זיך נישט אויפגעהערט צו כעסן זינט ער איז מיט אַ שעה צוריק, דערגאַנגען פון מאַריסען די מעשה מיט די בריוו, וואָס, אַנשטאָט צו פאַרברענען, האָט זי זיי איבערגעגעבן קלויד זשאָקמענען: — „דו ווילסט אונז אַלע אומברענגען, אי־

ריאָטין! — האָט ער געשריגן נישט מיט זיין קול, זידלענדיק איר מיט די ערגסטע ווערטער... זי האָט זיך נישט פאַרטיידיקט — ווייל ערשט איצט האָט זי געזען, וואָס זי האָט אָפּגעטון — נאָר ביטער געקלאָגט, אַ צעבראָכענע, אַ פאַרשטויסענע... ער האָט נישט געוואָגט איר צו שלאָגן, אָדער... געדולד! אפשר וועט זיך נאָך לאָזן עפּעס מאַכן! ער האָט געוואָלט תיכף איבערגעבן טעלעפאָניש דע לוימן, קיין מעלון. שוין אָפּגעפאָרן... מיט אַ פאַר־אָפּלטן צרעק, נישט קאָנענדיק מער איינזיצן אויפן אָרט, איז ער גע־שווינד אַרויס פון שטוב...

אָפּשאַצנדיק מיט איין בליק די גאַנצע לאַגע, האָט דער אמתער פּרעזידענט, פאַרמאַכנדיק האַסטיק די טיר מיטן באַגולטן ריגל, זיך אַ וואָרף געטון אויף סאַלמוין, וועלכער איז האַלב אָנ־מעכטיק, געלעגן אויפן פאָטעל. ער האָט אַ תאָרף געטון אויפן טיש דעם פּאָרטפעל, וואָס ער האָט געטראָגן אונטערן אָרעם און דערקלערט מיט אַ פעסטן, קאַטעגאָרישן טאָן:

— הורטוי, וואָס היט די טיר פון דער אַנדערער זייט, האָט מיר נישט געוואָלט אַריינלאָזן און דערצו איבערגעגעבן, אַז די דייטשע עראָפּלאַנען מיט גאַז־באָמבעס, האָבן אונטערגע־צונדן אַ טייל פון שטראַסבורג. ער האָט, נאַטירלעך, פאַרגעסן צוצוגעבן, אַז דער דאָזיקער אָנפאַל פון די דייטשע פליער איז אַ פריער צוגעגרייטע קאָמבינאַציע פון אים גופא צוזאַמען מיט זויטעלסבאַכן. דערפאַר האָט ער איבערגעגעבן אַ ידיעה, וואָס האָט געקאָנט פאַרשטאַרקן סאַלמויס מוט:

— דער קאַנצלער האָט פונאַנדערגעלאָזן דעם רייכסטאג און געהייסן אַרעסטירן די סאָציאַליסטישע הויפּט־פירער...

סאַלמוי האָט געשטאַמלט:

— איך... איך... ווייס נאָך גאָרנישט...

— מיר טאָרן נישט פאַרלירן קיין איין מינוט. גליקלעכער־ווייזע איז אַלץ צוגעגרייט. דאָס פאַריזער מיליטער־קאָמאַנדאָ וואַרט אויף אונזערע באַפעלן און אונזערע פּריינט, אומעטום, אויף אַ צייכן. דער גאַרניזאָן איז אין די קאַזאַרמעס. אונזערע וואַרצאַ אַרמייען זענען גרייט יעדן מאָמענט אַרויסצומאַרשירן.

— פון וואַנען ווייסטו דאָס אַלץ?

— פון קאַפּיטאַן אויף דיין ערן-וואָרט. ער גאַראַנטירט דורכ־פירן דעם גאַנצן פּלאַן, דו דאַרפסט נישט מער ווי גלייך אונ־טערשרייבן.

ער האָט אַן עפן געטון זיין פּאָרטפעל, אַרויסגענומען די דעקרעטן, אויסגעפּעטשיקט אויפן פּאַפּיר מיטן קעפּל פון דער רעפּובליק-פּרעזידענטשאַפט און פון פּרעזידענטן-ראַט. סאַלמוי האָט אים, זיך וואַקלענדיק, אָנגעקוקט.

— אונטערשרייבן? וואָס זאָל איך אונטערשרייבן?

— גאַנץ איינפאַך, דיזאָזיקע דעקרעטן צום פּאַרלאַמענט און סענאַט.

ער האָט געלייענט:

„אויפן גרונט פון דער געשאַפענער שווערער לאַגע און פון דער פּאַרלעצונג פון אונזער טעריטאָריע דורך אונזערע אַלטע פיינט, וואָלט איך נעזינדיקט קעגן מיין הייליקסטער פליכט, ווען איך זאָל — נישט וואַרטנדיק אויפן צונויפקומען פון פּאַר־לאַמענט — נישט אָנגענעמען תיכף די נויטיקע מאסרעגעלן צו פאַר־היטן דאָס פאָטערלאַנד. איך דערלויב מיר דעריבער דעם פּאַר־לאַמענט און סענאַט שריפטלעך צו מעלדן, אַז אָנשטאָט אַמעדזשאַקסאָן, וועלכער איז געפאַלן אַלס קרבן פון אַ פּאַרברעכערישן אַטענטאַט, האָב איך באַפולמעכטיקט הער מאַקס דע לוים, דעם פריערדיקן מיניסטער-פּרעזידענט צונויפצושטעלן אַ קאַבינעט, וואָס זאָל איבערנעמען דאָס אָנפירן מיטן קריג, וואָס איז איין איינציקן מאָמענט אַ מפאַרמיידלעך... די הייל קען לאַסט, וואָס מיר אַלע ווילן, א. א. וו.“

דע לוים האָט אַ ווונק געטון צו אַלע זיינע מיטהעלפער און זיי האָבן זיך מאָמענטאַל אַרויסגערוקט אין הינטערגרונט פון אומגעהייער גרויסן זאַל. און איבערבויגנדיק זיך איבער סאַל־מוין, האָט ער מיט אַ שטילער שטים באַפוילן:

— שרייב אונטער, מויריק!

ער האָט איינגעטונקען די פעדער, זי דערלאַנגט סאַלמוין און זיך קווענקלענדיק, געזאָגט:

— שרייב אונטער... אַט האָסטו די דעקלאַראַציע... און דאָ!.. ס'איז דער דעקרעט וואָס רעספעקטירט דיך לחלוטין, ווייל ער וואַרפט אַרויף די גאַנצע פאַראַנטוואָרטלעכקייט אויס־שליסלעך אויף מיר... שרייב אונטער, ס'איז דער זיג, אויב נישט זענען מיר אַלע פאַרלוירן, אָבער זיי וויסן, אַז דיין פּחדנות וועט דיך נישט ראַטעווען...

סאלמוי האָט געדרייט און געדרייט דעם פעדערהאַלטער אין זיינע פינגער. וואָס האָבן זיך אָנגעגאָסן מיט בלייפּונקט זויער, פאַרבּ פון זיין געזיכט. דערנאָך, האָט ער, מיט אַ טיפן זיפץ, אונטערן שטרענגען בליק וואָס האָט אים ווי היפּנאָטיזירט מיט זיין דראָענדיקן אויסדרוק, אונטערגעשריבן מיט אַן אומלעזבאַרן כתב דעם ערשטן אומקאָנסטיטוציאָנעלן דעקרעט אין זיין לעבן, נאָכאַמאָל אָפּגעזיפצט און אונטערגעשריבן אויך דעם צווייטן.

רופן צוריק זיינע באַאַמטע האָט דע לוים נישט נויטיק געהאַט, באַלד האָבן זיי אים אַלע אַרומגערינגלט און אויפמערקזאַם אויסגעהערט זיינע ערשטע באַפעלן: „דער הער פּאָליציי־פּרעפעקט און דער דירעקטאָר פון דער זיכערהייטס־מאַכט אי־בערנעמען גלייך אויפן אָרט זייערע פונקציעס. מיינע פריערדיקע מיניסטער־קאָלעגן, — האָט ער צוגעגעבן זיך ווענדנדיק צו סאַל־מוי — זענען שוין אויך אינפאָרמירט און וואַרטן — נאָר מ'זאָל זיי רופן. דער מיניסטאָרן־ראַט קאָן זיך צונויפקומען נאָך הייַנט צען אַ זייגער. איר, סימוי, גיט דערווייל צו וויסן הורטאַן, אַז די דעמיסיע פון פריערדיקן קאַבינעט איז אָנגענומען. דידאָזיקע הערן קאָנען ווילן: זיך אונטערוואַרפן, אָדער אין געפענגעניש. אין איצטיקן מאָמענט מוזן אַלע מיניסטעריומס ווערן אָקופּירט דורך זיכערע מיליטער־גרופּן, ווי אויך די צענטראַל־פּאָסט, טע־לעגראַף און טעלעפאָן... איר ווינצענט, זעצט גלייך אין באַוועגונג די גאַנצע זיכערהייטס־מאַכט. זיי קאָמענדאַנטן, אויף וועלכע מיר קאָנען רעכענען, זענען גרייט אויף אַלע עווענטואַליטעטן. די מאָביליזאַציע און דער באַלאַגערונגס־צושטאַנד, וואָס דער מי־ניסטאָרן־ראַט וועט גלייך באַשטימען — וועלן טון דאָס איבריקע: וואָס אָנבעלאַנגט די פּרעסע...

— ס'אָרט באַנדיט! — האָט אַ טראַכט געטאָן טאָרבאַס.

די פּרעסע, וואָס פאַרדינט דעמדאָזיקן נאָמען איז אויף אונזער זייט, העד פּרעזידענט. בנוגע די אַנדערע...

ער האָט מיט זיין געשוואָלענער האַנט געמאַכט אַזאַ באַוועגונג ווי ער זאָל אַריינדרייען אַ שטאַרקן שרויף. אָבער אין דעם מאָמענט האָט סערוויער אויסגערופן:

— אַנטשולדיק!... — ענדלעך האָט ער געקאָנט אינטעראַפּירן — איין וואָרט, מאַקס, ס'איז זייער דרינגנד.

ער האָט אים צוגעפירט צו אַ פענצטער און אין איין אָטעם איבערגעגעבן — נישט דערמאָנענדיק, נאַטירלעך, זיין טאָכטערס נאָמען — דאָס פאַרשווונדן? די גנבה? פון די קרעטס-בריוו, זייער איבערגאַנג... ווי אַזוי ... אין זשאָקמענס הענט... ס'פאַרשטייט זיך, אַז יענע וועלן שוין? פאַרשטיין ווי זיי אויסצונוצן!... און טאַקע גלייך אויפן אָרט!

דע לוים, ביי זיין גאַנצן העלדנמוט, איז געוואָרן בלייך ווי קאַלך:

– אָבער, אום גאָטעס ווילן....

ער האָט פאַרשטאַנען, אַז דידאָזיקע אָנדענקונג קאָן אַרויסרופן אַ שטאַרקע אויפרעגונג פון די מאַסן, נאָך איידער זיי וועלן באַוויזן צו דערקלערן באַלאַגערונגס-צושטאַנד... אַלץ איז איצט איינגעשטעלט, אפשר טאַקע שוין קאַפּוט... נישט אָפּגעבנדיק איצט קיין צייט אויף מאַכן סערוויערן פאָרווורפן, איז ער געשווינט צוגעלאָפן צו סאַלמויס טיש און טעלעפאָנירט צום שעף פון גענעראַל-שטאַב, אַזאַ אויסוורף ווי ער.

— דאָס זענט איר גענעראַל? יאָ, דאָ, אין עליסיי... יאָ, דאָס בין איך, דע לוים... שיקט תיכף אַ זיכערע קאָמפּאַניע... אין אוניווערסעל הויספּאַן-בולוואַר... צו הילף דעם פּאָליציי-קאָמיסאַר, וואָס געפינט זיך איצט דאָרט... גוט. אינפאָרמירט דעם גובערנער. פיינוי, איר האָט געהערט?... גייט שוין! דאָס איז פריער חי אַלץ... אַפילו פריער ווי פודיע זיין הורטאַן! דאָס וועט שוין ווינצענט באַזאָרגן.

בלייבנדיק אַלייז מיט סערוויערן — אָבער, וואָרט נאָר, ווו

איז אַהײַנגעקומען סאלמוי ? — האָט זיך דע לוים בּרייטלעך אָװעק, געזעצט, האַרטנדיק אויף אים — אין אַ גרויסן פאָטעל מיט־ספינקסן־קעפּ, אויף װעלכע — װי מ׳רערציילט — גאָפּאָלעאָן האָט־אָװעקגעלייגט די הענט בעת זײַן לעצטן אויפענטהאַלט אין עליסיי און װו ער האָט זיך, — נישט אָן אַ געװיסן שטאָלץ — אײַנגעבילדעט װידער אָנצונעמען אַ קייזערלעכע פּאָזע...

— װו איז ער אַהינגעקומען, דער שוטה ? — האָט דע לוים זיך געכּעסט — מיר מוזן זיך דאָך נאָך פאַרן מיניסטאָרן־ראַט מיט אים צונויפרעדן...

סאלמוי האָט זיך באַװיזן אַ טויטבלייכער, זײַנע לײַבּ־עפּערצן, זענען אָבער לייכטער געװאָרן.

4.

שוין אַ שעה צייט ליגט דער טויטער קערפּער אויסגעצויגן אויפן ווייסן בעט אין שפּיטאַל־צימער. ס׳מאַכט דעם איינדרוק, אַז ווּשאָקמען האָט זיך דאָ צוגעלייגט אויף אַ ווײַלע אָפּרוען נאָכן פרישטיק, ווי ער פלעגט לעצטנס אָפטמאָל מאַכן. אויסער דער מאַרינאַרקע און דער וועסטל איז ער נאָך אינגאַנצן אָנגעטוענער און ווען נישט די בלוט־פלעקן אויפן העמד וואָלט מען קאָנען מיינען, אַז אָט וועט ער גלייך אויפשטיין.

אַניקע ווייסט, אַז אַלץ איז געענדיקט, ער איז טויט... ער איז געפאַלן טויט אויפן אָרט, האָט, נאָכן דאָקטאָר מוילוי, פעסט־געשטעלט פערמאַט, וועלכער איז געקומען צולויפן אָן אַ אָטעם אָבער זי קאָן עס נישט גלויבן. ער האָט זיך געדאַרפט צוריק אַ כאַפּן פון אירע פאַרצווייפלטע קולות, פון אירע הייסע, צערט־לעכע ליבע־אויסדרוקן... „אַמעדיי! אַמעדיי! ניין, ס׳איז נישט מעגלעך! ענטפער מיר”! איצט הייבט זי אָן צו רעאַליזירן, און דער שמערץ האָט איר ווי פאַרשטיינערט, פאַרניכטעט, אַרויסגע־ריסן דאָס האַרץ.

נאָכדעם ווי דאָקטאָר מוילוי האָט ס׳לוועסטרען פאַרבאַנ־דאַזשירט און פאַראָרדנט פולשטענדיקע רו, אויב נישט איז ער פאַר קיין זאַך נישט פאַראַנטוואָרטלעך, איז הער בלאַנשעט גלייך אָפּגעפאָרן מיט איר קיין ווערסאַיל. זי האָט זיך געלאָזן אַוועק־פירן, ערשעפּט און צובראָכן פון אומגעריכטן אומגליק. זי האָט נישט געוואָלט באַשווערן די טיף טרויערנדיקע מיט איר קראַנקן

צושטאַנד, און אַז זי מוז זיך אַמבאַדינגט אַוועקלייגן, האָט זי גוט געשפּירט. זי וועט אַהער צוריקקומען ערשט דאַן... איר גאַנצע נשמה איז אָבער דאָ געבליבן. זי נעמט דעם גרעסטן אַנטייל אין קלוידס שמערץ. ער האָט איר אַרומגענומען און געזאָגט: „איך דאַנק דיר פאַר אַלץ וואָס דו האָסט געוואָלט טון"!..

זי האָט אָבער, אייגנטלעך, קיין זאַך נישט געטון! זי האָט בלויז ספּאָנטאַן געפאָלגט דעם אומווידערשטייללעכן דראַנג, וואָס האָט איר גצוואָרפן צווישן איר געליבטן און דער געפאַר... איצט אין איטאָ פון דער גיכער הילף, וואָס טראָגט איר קיין ווערסאַיל איז זי מיט אירע געדאַנקען ביי קלוידן און שטיצט אים מיט די לעצטע כחות, וואָס זי פאַרמאָגט נאָך.

אויסגעשעפּט, אומעכטיק, צופּרעסן פון אַ ווילדער פאַרביטערונג זיצט קלויד צוזאַמען מיט גינען און זשאָרזשן און קוקט זיך צו צו די איצט שטילע, אָבער איבערמענטשלעכע ליידן פון זיין מוטער. זי האַלט כסדר די שוין קאַלטע האַנט פון פאַרשטאָרבענעם, ליגט אויף די קני נעבן זיין בעט, ווי זי זאָל וואַרטן, אַז אָט וועט ער זיך אויפכאַפּן, וועט זי אים אַרומנעמען.

און איר האָט זיך קאָנצענטרירט דאָס גאַנצע מענטשלעכע עלנד. בימלעכווייז האָבן זיך אירע געדאַנקען אויפגעקלערט, דורכגעריסן דעם חשק, וואָס האָט זי פאַרפינצטערט. איר פאַרצווייפלונג האָט דערגרייכט די העכסטע שטופע... די בריוו! די באַשולדיקונגס-בריוו! איידער זי וועט אַמעדייען באַווייזן, מוז זי זיך פריער פאַר אים נוקם זיין!... זי האָט זיך געווענדעט צו זשאָרזשין:

— גיי אין מיניסטעריום. טראָג אַוועק זיינע אַלע פּאַפּירן, זיינע לעצטע דעפּעשן, אַלץ וואָס קאָן באַווייזן, אַז ער האָט אָנגעשטרענגט זיינע לעצטע קרעפטן, כדי אויסצומיידן דעם קריג... זיי ווייסן עס אַפשר גאָרנישט. זיי קאָנען יעדן אויגנבליק אָנקומען...

און צו קלוידן:

— די בריוו האָסטו ביי זיך, יאָ? לויף געשווינד אין „או-

גיוורסעל״ און לאָז זיי פאָטאָגראַפירן. זיי מוזן נאָך היינט אין אָוונט אומבאַדינגט דערשיינען אין אַן עקסטראַ-אויסגאַבע, צוזאַמען מיט די נעמען פון די ווירקלעכע מערדער און גלייכצייטיק מיט דער ידיעה וועגן אַטענטאַט...

— און די אָריגינאַלן?

— דו האָסט רעכט. זיי וועלן טון אַלץ אין דער וועלט, כּדי זיי צוריק צו באַקומען אין זייערע הענט. מ׳מוז זיי באַהאַלטן אין אַ זיכערן אָרט.

— אָבער וווּ?...

זיי האָבן זיך פאַרטראַכט.

— אויב די רעוואָלוציע — האָט געזאָגט קלויד — זאָל גלייך נישט אויסברעכן, וועלן זיי ווערן די בעלי-בתּים... אויף גלעכע טעג לכל-הדעות! און דערצו דער באַלאַגערונגס-צושטאַנד.

— זיי וועלן זיך נישט אָפּשטעלן פאַר קיין זאַך! — האָט אַ זאָג געטון גינע.

אַניקע האָט זיך פאַרקלערט, יאָ, דער בעסטער אָרט וואָלט געווען אין דער פרעמד... זי האָט זיך אַ קלאַפּ געטון אין שטערן.

— צו מאַדאַם סידניי!... אין מאַנטרוי...

— אויסגעצייכנט — האָט קלויד געזאָגט.

— געפין אַ זיכערן מענטש! און ווי נאָר די פאָטאָגראַפיע וועט זיין פאַרטיק, שיק עס תּיכּף איבער מיט אַן עראָפּלאַן.

— איך גיי! — האָט געזאָגט זשאָרזשי — ס׳איז גלייכער... לויפן אין מיניסטעריום, קומען צוריק אַהער און דערנאָך אין „אוניוועריסעל״, ס׳וועט צו לאַנג דויערן... אָבער ווי אויף להכעיס איז מיין עראָפּלאַן אין ווערסאַיל!

— ס׳זענען דאָ עראָפּלאַנען אין רעדאַקציע.

גינעט האָט זיך זייער געוואָלט מיטפאָרן מיטן מאַן. זי האָט אָבער נישט געוואַגט איבערצולאָזן אַניקען אַליין. אויב שוין

נישט טרייסטן, מוז זי איר דאָך ווייניקסטנס אויסטערשטיצן. זי האָט זשאָרזשין אַרומגענומען און אומרויק געפרעגט:

— ווען קומסטו צוריק?

— ווי נאָר איך וועל קאָנען. שפּעטסטנס מאָרגן פרי...

— זיי מאָרגן צוריק, אויב נישט קען איך צו דיר!

— געשווינד, זשאָרזשי, אַ שאָד די צייט.

קלויד האָט אַרומגענומען זיין מוטער.

אויפן שוועל האָבן זיי זיך אויסגעדרייט און נאָכאַמאָל געוואָרפן זייערע צערטלעכע בליקן אויפן אויסגעשטרעקטן קערפּער. גלייכצייטיק האָט קלויד אַ ווונק געטון דער שוועסטער אויף אַניקען, וועלכע האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט ביים טויטן צו קאָפּנס.

דער אויטאָ האָט געבראַכט זשאָרזשין צום מיניסטעריום און איז אָפּגעפאָרן אויפן אָפּערן-פּלאַץ אין אוניווערסעל. אויסער אין דער אומיטלבאַרער אומגעגנט פון ראַספּאַיל-בולוואַר, וווּ דער אַטענטאַט האָט צונויפגעזאַמלט אויף די גאַסן גרויסע מענטשן-מאַסן, איז איז שטאָט געווען זייער רויק, און דאָס לעבן איז זיך געגאַנגען מיט זיין געוויינלעכן טריב. קלויד האָט באַוווּנדערט די דאָזיקע זאָרגלאָזיקייט פון די מענטשן, וועלכע האָבן זיך גאַנץ רויק ערלעדיקט זייערע געשעפטן. ווען זיי זאָלן וויסן !... אין אוניווערסעל האָט געהערשט אַ שרעקלעכע אויפרעגונג. מ'האָט זיך נאָר וואָס דערוווּסט. דער טעלעפאָן האָט געקלונגען אין אַלע אָפּטיילונגען. זשאַקמען איז פאַר דער רעדאַקציע נישט געווען בלויז דער פירער און פריינט, נאָר דער גאַנצער פערסאָנאַל האָט אים געהאַלטן פאַר זייער גאָט. צו פאַרבי-טערונג, אַ נקמה-דורשט האָט עקזאַלטירט אַלע געזיכטער.

קלויד האָט איבערגעלעבט אויסערגעוויינלעך שווערע מי-נוטן. ער האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז זיין גוף און די נשמה, האַנדלענדיק אין קאָנטאַקט, זענען דאָך צושיידט... ער שרייבט מיט האַס, אָן אַן אָטעם, דעם אַרטיקל, דעם קאָשמאַר, ווי די שרעקלעכע דראַמע אַנטוויקלט זיך מיט איר גאַנצער האַלוצינאַ-ציע שטרענקייט. ער וויל, אַז דער נאָמען זשאַקמען זאָל זיך נוקם

ווין פאר זשאָקמענען!... דאָס גאנצע שרעקלעכע בילד שטייט פאר זיינע אויגן.

מ'רופט אים אין פאָטאָגראפיע-צימער, דערנאָך צו די קלישן... ער טונקט די פלאַטן אין רעוועלאַטאָר, זעט ווי ס'באַווייזן זיך די אותיות, זיי זענען גאַלוואַנאָפּלאַסטיש פיקסירט. איצט לייגט ער צונויף די קרעטס בריוו און באַהאַלט זיי ביי זיך אין פּאָרטפעל. דער אַעראָפּלאַן?... ער וואַרט מיט אַ געניטן פּילאָט אויפן טעראַסע... קאָנטראָלירט אויטאָמאַטיש אַלע זיינע טיילן... אין בעסטן אָרדנונג... ער וואַרט אויף זשאָרזשין... גיט אים איבער דעם פּאָרטפעל... דער מאָטאָר רוישט... זיי הויבן זיך אויף אין דער לופטן.

אויף דער טעראַסע שטייען נאָך אַעראָפּלאַנען, גרייט אויפצופירן די עקסטרע-אויסגאַבע, ווי נאָר זי וועט פאַרטיק ווערן — אין פּראָווינץ... קלויד לאָזט זיך צוריק אַראָפּ, גייט אַריין צום שעף-רעדאַקטאָר אין קאַבינעט, רעדט זיך צונויף מיט אים וועגן דער פּאַריזער אויסגאַבע.

די גאַסן־אַרקויפער שטייען שוין מאַסנווייז פאר דער רעדאַקציע און וואַרטן אומגעדולדיק...

גלייכצייטיק אַרבעט כסדר די פאַנטאַזיע, מאָלט שוידערהאַפטע בילדער... איינע נאָך דער אַנדערער קומען אָן ידיעות, פאַנטאַסטישע, אומגלויבלעכע, כותרדיקע... דערנאָך די געשעענישן, וואָס קומען מיט אַן אומגעוויינלעכן אימפּעט, וואָס איבעראַשן קלוידן, טראָגן אים אַוועק ווי אַ בלאַט אין אַ שטורעמווינט.

דייטשלאַנד האָט אָן אַ קריגס-ערקלערונג אָנגעהויבן אַ פיינדלעכע אָנגריפן. שטראַסבורג איז אַ העלפט פאַרניכטעט צוזאַמען מיט איר באַפעלקערונג... די דייטשע סאָציאַליסטן זענען די בעלי-בתים פון בערלין... אָבער ראַן איז טויט... אָדער אַנטלאָפן..! וואָס זאָל מען גלויבן?

געשווינד! — האָט קלויד באַפוילן — די אויטאָס גייען אָפּ.

זאַבער פון וועסטיבול טראָגט זיך אַ שרעקלעכער ליאַרם, דאָס צוטראָגט זיך מאָמענטאַל איבערן גאַנצן הויז. אַ פּאָליציי-קאָמיסאַר שטייט אין מאַשינען-צימער און לאָזט נישט דרוקן. ...

צײַטער איז אין פאָטאָגראַפיע-צימער און קאָנטראָלירט די קלי-שעס. שוואַרצע אַרטילעריסטן פאַרכאַפּן די אויטאָס, אויף וועלכע מ׳האָט נאָר וואָס אָנגעלאָדן די ערשטע באַלן צייטונגען. דער פאַריינגאַנג איז פאַרשטעלט מיט באַיאָנעטן, קיינער קאָן נישט אַרויס-גיין אָדער אַריינקומען. אַ טרופּע איז אַרויף אויפן דאַך, כּדי צו פאַרהאַלטן די עראָפּלאַנען.

צו שפּעט! די בריוו זענען שוין ווייט! קלויד לויפט אַראָפּ אין די קעלער-שטובן און וואַרפט זיך אויפן מאַן מיטן שאַרף, יענער רעאַגירט אָבער נישט אויף די דראָהונגען... די רעגירונג? ער קען נישט קיין אַנדערע ווי די, וואָס ער פירט אויס אירע באַפעלן, וועלכע ער האָט באַקומען אין עליסיי, דירעקט פון נײַעם פּאָליציי-פּרעפעקט. אויב די דירעקציע אָדער די רעדאַקציע פון אוניווערסעל וועט אים שטערן דורכצופירן זיין מיסיע, וועט ער, צום באַדויערן, זיין געצוווּנגען צו אַרעסטירן די שטעלעס, ווער זיי זאָלן נישט זיין. גלייכצייטיק ווייזט ער דורך די קעלער-פענצטער אויף דער מחנה שוואַרצע זעלנער, וואָס מ׳זעט בלויז זייערע פיס און די קאָלבעס.

מאָמענטאַל איז קלוידן איינגעפאַלן וואָס ער האָט צו טאָן, ער האָט אָפּגעהאַלטן זיינע פריינט און די צעווילדעוועטע אַר-בעטער-גרופּן... ער פאַרגינט נישט די דראָזיקע אויסוווּרפן די שמחה צו פאַרווירקליכן די האָפענונג פון זייערע מאַכטהאָבער. ער גיט זיך אונטער, הערט אָבער נישט אויף צו פּראָטעסטירן. ער באַלט די פּונקטן... און איבערלאָזנדיק זיינע מיטאַרבעטער די זאָרג וועגן דער רעגלמעסיקער אָוונט-אויסגאַבע, אויב די צייטונג וועט — ווי ער האָפט — בכלל ווייטער דערשיינען גייט ער מיט אַ באַהאַלטענעם צאָרן צוריק אַהיים. די ידיעה וועגן מאָרד האָט זיך ערשט איצט אָנגעהויבן צו פאַרשפּרייטן. ס׳קלייבן זיך מענטשן-מאַסן, מ׳דיסקוטירט. די אויפרעגונג וואַקסט פון מינוט... קלויד, שטרענגט אָן זיין גאַנצן חילן. מאָרגן בעתן אויפשטאַנד פון גאַנצן פאָלק, וועט ער זיך נוקם זיין פאַרן אומשולדיקן קרבן

די פינצטערע וואַך-נאַכט גייט צו ענדע. אין אַ האַלבע שעה אַרום לייגט מען אריין דעם טויטן קערפּער אין טרומנע זיך ביטענדיק, האָבן גינע און קלויד פאַרטראַטן אַניקן ביים בעט פון טויטן, פון וועלכן זי האָט אויף קיין איין מינוט נישט געוואָלט אַוועקגיין... קלויד גלעט דער מוטערס געזיכט, וועלכע ליגט איצט אויף די קני דעם טויטן צוקאָפּנס. זי קאָן מער נישט וויינען, אויסגעטריקנט לגמרי דער גאַנצער טרערן-קוואַל. מיט אומבאַוועגלעכע, פינצטערע בליקן קוקט זי זיך צו צום שיינעם פרידלעכן געזיכט, און קלויד פאַראייניגט זיינע בליקן מיט אירע אין דערזעלבער פאַרצווייפעלטער פיטעט. אָבער אין איצטיקן מאָמענט איז זיין נשמה מער אָנגעפילט מיט האָס ווי מיט ליבע, מיט אַ מער ווילדן נקמה-געפיל ווי מיט פאַרצווייפלונג.

אַניקע, אויסגעשעפּט דורך דער שרעקליכער איינזאַמקייט, וואָס זי הויבט שוין אָן צו שפּירן, דורך די איבערלעבענישן פון פאַרגאַנגענעם מעת לעת, שטעלט מיט זיך פאָר בלויז אַ גע-קוועלטע נשמה אין אויטאָמאַט פון קערפּער.

די טיר עפנט זיך האַלב, גינע ווינקט צו קלוידן. מ'דאַרף אים האָבן. גאַנץ שטיל רופט זי אָן עטלעכע נעמען. ס'זענען אינטימע פריינט, פּאָליטישע חברים, וואָס ווילן זען דעם גע-שטאָרבענעם צום לעצטן מאָל. זינט די שרעקלעכע נאַכט האָט זיך צוטראָגן איבערן צעהיצטן פּאַריז, האָט זיך אָנגעהויבן אַ באַוועגונג פון אומגעהייער גרויסע מענטשן-מאַסן אין דער ריכטונג צום רעספּאַיל-בולוואַר. דעם גאַנצן טאָג, ביז אַ שטיק אין דער נאַכט אַריין, איז דאָס צימער געווען פיל מענטשן, כסדר נייע, אַרויס און אַריין, מיט פינצטערע, עמפּערטע פאַרוויינטע געזיכ-טער... אַ גאָרטן פון בלומען האָט געהאַלטן אין איין וואַקסן, לעבן טייערע קרענץ פון פּנים-סנאַיקע בוקעטן. די דעפּילאַדע האָט זיך אָנגעהויבן פון ס'ניי און אונטן דער ליאַרם וואַקסט פון מינוט, פּאָליציי באַמיט זיך איינצוהאַלטן די אָרדענונג, אָבער דער וויגעשריי רייסט זיך אַרויס פון אַזוי פיל הערצער, אַז ער ערגרייכט ביז צום גאַלעגער פון טייערן טויטן.

אַניקע האָט פאַרשטאַנען. זי דרייט אויס דעם קאָפּ. ניין,

נאָך איין מינוט! „גיי זאָג עס זיי, קלויד"! גינע גייט אונטער: כדי איר צו פאַרבייטן — „ניין לאָז אונז אַליין! גלייך, גלייך, וועל איך זיי אים אָפּגעבן". זי האָט צוזאַמענגעלייגט די הענט, אויטאָמאַטיש, ווי צו אַ געבעט.

אַמעדיי זשאַקמענס קערפּער ליגט מאַיעסטעטיש אונטער אַ שוואַרצער טוך, אויף וועלכער ס'זעען זיך בלויז עטלעכע פאַרוועלקטע פיאַלקעס. די הענט זענען אויסגעשטרעקט לענגאויס פון קערפּער, ווי ביי אײנעם, וואָס שלאָפט נאָך אַ שווערער אַרבעט. אָבער די פאַרמאַכטע אויגן, דער מאַרמאָר-שטערן, הינטער וועלכן ס'זענען אויסגעלאָשן דאָס ליכט און דער געדאַנק, גיבן צו דעם געזיכט, וואָס איז אַ סך ווייסער צוליב דער גרויער באָרד, די ראָזיקע שטייפקייט, וואָס ס'אונטערשטרייכט דעם אייביקן שלאָף. ס'איז נישט מער ווי דער שטאָף, וואָס געפינט זיך שוין אין אַ צושטאַנד פון פאַרניכטונג. אָבער אַניקע רעדט נאָך אַלץ צו אים ווי צו אַ לעבעדיקן, פונקט ווי עפּעס אַ מין מיסטישע פאַרייניקונג זאָל נאָך צוזאַמענגעבינדן איר נשמה מיט אַמעדייס:

— דו ווייסט וואָס איך קלער, נישט אמת? דו ווייסט וואָס איך האָב באַשלאָסן, וואָס דו גופא וואָלסט געוועסט באַשליסן, ווען דו ביסט אויף מיין אָרט... וואָס פאַר אַ ווערט וואָלט געהאַט די ליבע ווען זי זאָל זיך ענדיקן מיטן טויט? יאָ, מיין געליבטער, נשמה פון מיין נשמה, איך וועל דיר נאָכגיין און טאַקע גאָר אינגיכן איך הער זיך צו אויפמערקזאַם צו די עצות, וואָס דו גיסט מיר אין דער שטיל: זאָל דיין טויט, פונקט ווי ביינער, דינען דער מענטשהייט!..." אָבער וואָס האָבן די מענטשן דערפון געהאַט, וואָס דו ביסט געשטאָרבן? איך אַמפער זיך נישט מער, דו זעסט, מיין באַשלוס איז געפאַסט. איך האָב נישט מער וואָס צו טראַכטן, נאָר צו האַנדלען, איך פרעג דיר בלויז פאַרוואָס פאַרמאַכט מען אונז פוצלינג די אויגן, בעת זיי פאַרמאָגן נאָך אין זיך אַזוי פיל ליכט, אַזוי פיל ליבע?... גראָד אין רעכטן ברען פון אונזער אויפגאַבע צווינגט מען אונז זיך אָפּצוזאָגן. כדי צו פאַרגרעסערן די צאָל פון די מחנות טויטע? דו מוזט עס זיכער וויסן, ווייל דיין טייער געזיכט איז אַזוי רויק... דו

האָסט מיר אַליין געגעבן דעם בייספּיל, אַז מ׳מוז סאָן זײַנע ווילן!... די קינדער? יאָ, איך ווייס עס זייער גוט, זיי דאַרפן אַ מוטער... קלויד, אין זיין שמערץ, דאַרף מיר נויטיק האָבן.. צוליב דעם טאַקע האָסטו מיר נישט געדאַרפט פאַרלאָזן! לעבן עקזיסטירן אָן דיר? – ניין, מיין געליבטער, דו ווייסט, אַז דאָס איז אוממעגליך!... אפילו מיין קערפּער זאָל רעזיגנירן, וועל איך דיך אָן אַן אויפהער זוכן און שרייען ווי אַן אמתע חיה! איך וועל בלויז קאָנען פאַרשרייען מיין שרעקלעכע איינזאַמקייט... דעם ווידערווילן פון מיין געקלאַמערטן עגאָיזם! ניין. איך בלייב אַזאַ ווי דו האָסט מיך געקענט: טריי און אומדערשיטערליך. איך האָב דיר אָפּגעגעבן מיין לעבן. איך האָב דיר עס הונדערט מאָל געזאָגט. נישט איצט וועל איך עס ביי דיר אָפּנעמען, בעת דו קאָנסט זיך נישט פאַרטיידיקן!... איידער מ׳וועט דיר פון דאַנען אַוועקטראָגן, שווער איך דיר צו, אַז גאָר גיך וועל איך זיין לעבן דיר. דו קענסט מיין אומגעדולד, דו ווייסט, אַז ווען איך זאָל נישט געווען טראַכטן אויסשליסלעך וועגן דיין פּרסום וועגן דיינע אידעען, וועגן דער מענטשהייט, וועגן אונזערע קינדער, וואָלט איך שוין נישט געשפּירט דעם טויט, וואָס דער קול, טרעפנדיק אין דיר, האָט געוואָרפן אין מיר און צעריבן אויף שטיקלעך. איך האָב בלויז איין פאַרלאַנג דיך צו באַפרידיקן, צו פאַרשטיין כדי דו זאָלסט שטענדיק זיין אויף מיר שטאָלץ.

דו זאָגסט מיר – גיי איך הער דיר אויס: ווייל נאָר איינ אַ נוצלעכן טויט... נוצלעך פאַר דער צוקונפט פון אונזערע קינדער, פאַרן פרידן פון די נייע פאָרלעך. כדי זיי זאָלן זיין גליקלעכער פאַר אונז און דורכמאַכן צוזאַמען דעם וועג ביזן ענטגילטיקן כוף!" איך זאָג דיר עס צו, מיין נשמה, מיין לעבן... אויף ווידערזען, רעכט באַלד!

## 5

קלויד האָט זיך ענערגיש אַנטקעגנגעשטעלט דעם פּאַר־לאַנג פון זשאָקמענס פריינט צו מאַכן דעם מאַרטירער אַ גראַנדיעזע לויה, כדי דעמאָנסטרירן דעם שמערץ און די אויפ־רעגונג פון פאָלק. מאָטיווירט האָט ער עס מיטן ווילן פון פאָטער, אַז די גאַנצע צערעמאָניע זאָל דורכגעפירט ווערן שנעל, איינפאַך און נאָר אין דער אָנוועזנהייט פון דער פאַמיליע און די אינטימסטע פריינט... איצט האָט עס אים שטאַרק געקרענקט, ווייל די נייע רעגירונג פון איר זייט האָט אים קאַטעגאָריש געמאָלדן, אַז זי וועט נישט דערלויבן קיין שום מאַניפעסטאַציע פון רעוואָלוציאָנערן כאַראַקטער אין אַ מאָמענט, ווען די אויפמערקזאַמקייט פון אַלע בירגער אין לאַנד, און אַלע זייערע געדאַנקען מוזן אַרבעטן אין איין ריכטונג — אויף די גרענעצן פון די אַרומיקע שונאים. זי פאָדערט דע־ריבער, אַז די לויה זאָל פאָרקומען נישט פריער ווי אין אָוונט. אָבער אַמעדיי זשאָקמען האָט עס פאָראָרדענט נאָך פאַר דע־לאָימען, און קלויד זשאָקמען האָט עס דעריבער געהאַלטן פאַר זיין הייליקער פליכט צו פאָלגן.

נישט געקוקט דערויף האָט זיך אַ גרויסער עולם — אַלע, וואָס זענען נישט געווען מאָביליזירט — אַוועקגעלאָזן צום טרויער־הויז. פון די פאַבריקס־קוואַרטאַלן, פון די פאָרשטעט, פון דער ווייטערער סביבה האָבן זיך געטראָגן אומגעהייער גרויסע מענטשן־מאַסן און זיך דורכגעריסן דורך דער פּאָליציי־

קאָרדאָנען. דעם גאַנצן טאָג האָבן זיי כּסדר אונטן געליאַרעמט און געשטורעמט בעת ביים טויטן קערפּער איז בייז געשטאַנען אַ קליינע ערנוואַך, וואָס האָט זיך עפּעס געביטן. ענדלעך אין געוואָרן נאַכט און יעדערער האָט זיך אומגעקערט צו זיינע אייגענע דאגות. נישט בלויז די פּערזענלעכע אינטערעסן, נאָר אויך די שרעק, די מורא, די האָט אָפּגעליידיקט די בּיל-וואַרן און גאַסן. אַ שרעקליכער פּחד איז אָנגעפאַלן אויף דער גאַנצער שטאָט:

די פּאַניק פון די אַנטלויפענדע, וואָס האָבן זיך אויף די וואָקזאַלן געריסן ווי די משוגעים אין די אָפּגייענדיקע צוגן. די אימה פון די צוריקגעבליבענע פאַרן די כּייגדליכע אַעראָפּלאַנען מיט זייערע באָמבעס, פאַר די גיכטיקע גאַזן און די אומזיכטבאַרע שטראַלן, וואָס טויטן פון דערווייטנס אויף אַ גרויסן שטח.

ערשט שפּעט ביינאַכט האָבן אַניקע קלויד און גינע דורך אַ קליינער זייטנגעסל לעבן-ראָספּאַיי-בולוואַר אַוועקגע-פירט אויף אַ הורגאַן אין קרעמאַטאָריום דע פּער-לאַשעסס דאָס טייערסטע, וואָס איז שוין פּאַקטיש געווען פאַרשוווּנדן, נאָר וואָס פאַר זיי האָט עס נאָך ווייטער עקזיסטירט... ווי פאַר צוי-בערטע האָבן זיי זיך צוגעקוקט ווי ס׳פּייער האָט פאַרניכטעט די טייערע קערפּער-טיילן. זיי האָבן געוווסט, אפילו אַניקע, אַז נאָכן קלאַפּ וואָס זיי האָט געטראָפן, לעבט די גרויסע נשמה בלויז אין זיי און אין די אַלע זכרונות באַפּרוכפּערטע דורך זיין ביישפּיל.... און דאָך די האָבן זיי זיך געשפּירט לגמרי פאַרניכטעט...

צעבראָכענע זענען זיי געקומען אַהיים און אַ קורצע ווייַלע זיך אָפּגערוט. זיי דאָבן געדהאַלטן, אַז דאָס איז אַני-אומפּאַרבעסערליכע גנבה פון דער צייט, וואָס פאַרגייט אַזוי בליצשנעל... זיי זענען אויפגעשטאַנען און גלייך זיך גענומען צו דער אַרבעט. אַניקע וואָס קומענדיק צוריק פון בית-עולם האָט זי פּאַקטיש אויסגעליידיקט דאָס גאַנצע הויז, האָט זיך פאַרשלאָסן אין איר אַרבעטס-קאַבינעט מיט גינען און עטלעכע

סעקרעטאַרינס, מיטאַרבעטערינס פון אינטערנאַציאָנאַלן פרויען-ראַט. דערנאָך איז זי אַוועק אויף סען-אַנטואַן גאַס אין „הויז פאַר אַלע", און האָט זיך געשווינט אַ נעם געטאָן צו איר איבערגעריסענער אַרבעט... מיט זשאַרזשיס אויטאָ, אָנגעפירט דורך בענען, האָט זי זיך בעקאָנט פריי באַוועגן...

— און אויב איך וועל זיך טרעפן מיט זשאַרזשין, — האָט גינע געזאָגט, — וועסטו נעמען דעם קליינעם רישוי.

זעענדיק, אַז איר מאַן איז צו דער באַשטימטער צייט נישט געקומען, איז זי געשווינט אַוועק אין דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדע און געשיקט פרוי סידביי אַ דראַמאַטישע דעפעשע: „גיט איבער זשאַרזשין ער זאָל אויף מיר וואַרטן. איך קום מאָרגן". זי האָט זיך פאַרלאָזן דערויף, אַז זי וועט אויסקומען מיטן שרויף, וואָס איז געבליבן אין ווערסאַיל. איז אַ סך בויטיקער אין דער שווייץ, איבערהויפט נאָך דער לעצטער ידיעה, אַז ראַן איז שוין אין לאָזאַנע.

קלויה האָט זיך אויף אַ קליינעם אַעראָפּלאַן אַוועקגעטראָגן אין דער קאָאָפּעראַטיווער דרוקעריי, וווּ ס'האָבן זיך געוויינלעך געדרוקט אַן אַרבעטער זשורנאַל און קאָאָפּעראַטיווע פלוג-בלעטלעך. די דאָזיקע קליינע דרוקעריי האָט, אַ דאַנק איר באַשיידענהייט, נישט געצויגן אויף זיך די אויפמערקזאַמקייט פון דער דיקטאַטור-פּאָליציי. דער פּאַריזער גאַרניזאָן, רעדוצירט צוליב מאָביליזאַציע האָט, נישט געקוקט אויף דער שוואַרצער אַרמעע, בשום אופן נישט געקאָנט באַוואַכן אָפּצוהיטן די אָרדנונג, ווו נישט ווו נעבן שוין אויסגעבראָכן פאַרשידענע אומרוען, זענען אָבער גלייך דערשטיקט געוואָרן.

קלויד איז געווען אומצופרידן מיטן גאַנג פון די געשעענישן. ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז דאָס פאָלק רעאַגירט אויף אַלץ צו שוואַך און צו לאַנגזאַם. ווי נאָר ס'איז מעגליך געוואָרן זיך דורכצוקריגן איבער די באַוואַכטע און פאַרבאַריקאַדירטע גאַסן, איז ער אַוועק אין וואַרשטאַט, ווו זיינע חברים האָבן אויף אים געוואַרט.

אין דער דרוקעריי זענען אַלע לאָדנס געווען פאַרמאַכט

די מאַשינען האָבן געקלאַפּט מיט דער גאַנצער קראַפט. ס'האָט געדרוקט אַ פּלוגבלאַט מיט אַ שוואַרצע ראַנד: „די נעמען פון די מערדער" און די וויכטיקסטע שטעלן פון דעם לאָמס בריוו, ס'הייסט די אָפענע באַווייזן פון פּאַרויס צוגעגרייטן מאָרד... דערנאָך אַ קורצער אויפרוף צו דער באַפעלקערונג.

דער צאָרן, וואָס די ידיעה האָט אַרויסגערופן האָט קלוידן צוגעגעבן מוט. ער האָט זאָגאַר געמוזט באַרויקן דעם צאָרן פון די אַרבעטער מאַסן: זיי האָבן דורכאויס געוואָלט גלייך אָרגאַניזירן דעם אויפשטאַנד, זיך אָפּרעכענען. אָבער קלויד, וואָס האָט מיט זיין גאַנצן וועזן געשטרעבט אַרויסצורופן אַ פּאָרמעלע רעוואָלוציע האָט איר נישט געוואָלט קאָמפּראָמי־טירן בלויז דורך אַ געוויינליכן אויפשטאַנד. מ'מוז דעריבער צו־וואַרטן, איבערצייגן די גרויסע פּאָלקס־מאַסן. געבן זיי צו פאַרשטיין.

בעת דער רעוויזיע אין „אוניווערסאַל" איז אים גע־לונגען צו באַהאַלטן עטליכע רעפּראָדוצירטע עקזעמפּליאַרן פון קאָמפּראָמיטירנדיקן דאָקומענט. דאָס האָט אים געגעבן די מעגליכקייט — נאָך איידער ער האָט באַקומען אַ ידועה פון זשאַרזשין אין די שווייצאַרישע צייטונגען, וואָס האָבן געזאָלט ברענגען די פאַקסימילן פון די אָריגינאַלן — אויפצושטעלן דאָס פּלוגבלאַט, און צוואַנציק חברים האָבן גענומען אויף זיך די אַרבעט צו צופירן דאָס בלעטעל אויף אַלע עקן פון די גאַסן.

די רעדאַקציע גופא איז נאָך בסדר געווען באַזעצט פון מיליטער ווי אויך דער גאַנצער אָפּערן־פּלאַץ, מיטן אויסרייד, אַז מ'מוז שיצן די פּאַטריאָטן. קלויד איז אָבער נישט געווען איבעראַשט, געפונענדיק אינעווייניק אַ בעאַמטן פון אינערן־מיניסטעריום. די מאָרגנבלאַט איז כמעט אינגאַנצן געווען גע־שטריכן ווייס אָדער שוואַרץ און האָט בלויז געבראַכט די אָפּי־ציעלע ידיעות. אויף פּלאַץ־באַוואָ איז איינגעפירט געוואָרן אַן־אומ־ברחמנותדיקע צענזור. פון וואַגן די גאַנצע סטיפּענדירטע פּרעסע האָט געמוזט שעפּן אירע באַריכטן; די פינף, זעקס

אָפּאָזיציע בלעטער האָבן געמוזט אונטעראָגן צום קאָנטראָל, אַפילו די פּלאַטן... אַ מאָמענט האָט קלויד געהאַט בדעה אַליין אָפּצושטעלן די צייטונג... אָבער נאָכן מיאוסן מאַנעוור פון „אונטער" און די נאָכמיטאָג אויסגאַבן. האָט ער געענדערט זיין מיינונג. אין הסכם מיט דער רעדאַקציע און מיטן גאַנצן פּערסאָנאַל האָט ער באַשלאָסן אויסצוהאַלטן, אַרויסצוגעבן ווייטער די צייטונג, ס'מעג זיין וואָס ס'וויל. ביזן מאָמענט פון אַ ענטגילטיקן זיג, ווען דער באַפרייטער „אוניווערסעל" וועט האָבן די מעגליכקייט אַרויסצוזאָגן דעם אמת אָפן פאַר דער גאַנצער וועלט.

דערווייל מוז מען זיך אָבער אויף אַ קורצער ווײַלע אינ-טערגעבן, קוקן און שווייגן ווי די דאָזיקע אויסוווּרפן באַאַרבעטן אומפאַרשעמט אין זייער עלענדער פּרעסע די עפנטלעכע מיינונג, נאָכן שענדלעכן אַטענטאַט... לונען האָט זיך מקריב געווען כדי צו ראַטעווען פראַנקרייך, איז געווען אַנהייליקער העלד. מ'האָט געהאַט באַוויזן אַז דער סאָציאַליזם און זשאָקמען פאַראייניקט מיט די עקסטרעמיסטן האָבן פאַרראַטן; מ'האָט כלומרשט אויפגעדעקט אַ גראַנדיזע אינטערנאַציאָנאַלן קאָמפּלאָט, ווי דער סאָציאַליזם צום צווייטן מאָל אונטערגעקויפט דורך דער דייט-שער סאָציאַל-דעמאָקראַטיע, האָט איינגעוויקלט אין דער שטיל צו דערשטיקן דאָס פאָטערלאַנד. ווי אין 1914 זענען אַלע דייטשן פאַראייניקט אינטער דער פאָן פון רעוואַנש. עטליכע שוטים האָבן זיך פונקט ווי ראַן, אָפּגעטראָגן, נישט קאָנענדיק באַ-קומען דעם נאַציאָנאַלן גייסט... דעם גייסט פון גליק, קעגן וועלכן דאָס פאַרברעכן פון אַ זשאָקמען האָט, אין פראַנ-קרייך, גאָר נישט געקאָנט אויפטאָן... א. א. וו. אומדערהערטע רכילות, צוגעפּעפּערט מיט'ן אַלאַשאָווענישן פאַטריאָ-טיזם! קלויד איז געווען אויסער זיך. און גלייך האָבן זיך אין „אונטער" באַוויזן די ערשטע סימנים פון דער קאָנטר-מינע קעגן דער באַפאָרשטייענדיקער פּובליקאַציע פון דע-קרעד'ס בריוו... די פאַררעטער-פּאַרטיי שטעלט זיך נישט אָפּ פאַר קיינע מיטלען, מיר ווייסן פון ריכטיקע קוועלן וועגן אַ געפּלאַנטן

פאַנצווער. מ'האָט די חוצפה צוואַרפן אַזאַ נידערטרעכטיקע באַשולדיקונג אויף אַ'אַ גרויסן פּאַטריאָט ווי דעליום. ווייערע שקרים וואַרן אזוי אומפאַרשעמט פאַבריצירט, אַז קיין פאַר־נומטיקער מענטש קאָן זיך אויף זיי נישט אָפּשטעלן... אַ נידער־ריקער און נאַרישער מאַנעוור... זיך בייגנדיק פאַר'ן שמערץ פון אַן אַלמנה און אירע קינדער, וועט אָבער דאָס עפנטלעכע געוויסן פּראָטעסטירן קעגן דער אומדערהערטער נידערטרעכטיקייט פון די פּאַטערלאַנדסלאָזע, וואָס וועלענדיק ארייִנציִען סיִלאַנד אין אַן אויסווערטיקער מלחמה, האָבן זיי די ערשטע פּראָוואָ־צירט אַ בירגער־קריג.

— געדולד! — האָט זיך קלויד געזאָגט, — באַלד גייען ארויס די אָפּיצירן און וועלן אויפדעקן, פאַרשפּרייטן דעם אמת! מיר וועלן זען צו וועט זיך דער פאָלקס־צאָרן נישט צופּלאַ־קערן קעגן די מערדער, נישט דערגרייכן זיין שאַרפסטן אויס־דרוק דורך דער מאָביליזאַציע וועלכע איז שוין — ווי מ'גיט איבער — דערקלערט אין עטליכע קאַזאַרמעס אין פּאַריז און אין אַ סך פּראָווינץ־שטעט!... אָדער וועלן זיך די מאַסן אין זייער אומווויסנדהייט, בלינדער געהאָרזאַמקייט, פאַרלאַרזירט דורך דער דיסציפּלין, דורכן בח פון לאַנגיעריקע געוווינהייטן און טראַדיציעס, ווידער לאָזן שלעפּן צו דער שחיטה, צום בלומרשט אומפאַרמיידלעכן אומגליק. דאַן וועט ער דינען אַלס ביישפּיל, ער וועט זיך דער ערשטער נישט אונטערוואַרפן דעם באַפעל וועגן מאָביליזאַציע פון זיין קלאַס, אויף וואָס ער האָט זיך יעדן מאָמענט געריכט.

פאַר די דיפּלאָמאַטן, סעקרעטערס און טורבאַטס איז'ס באמת געווען דאָס איינפאַכסטע מיטל צו מאַכן דעם רעקרוטן־פּאָבאָר אָנשטאָט אָקטאָבער און מאַי. אָפּלייגן די באַנקעטן וואַלן און פאַר־ציִען אויף לענגער די פּאַרלאַמענט־פעריען. זיי האָבן גאָר נישט געלערנט פון אומגליקליכן פעלער אין 1914, — ווו קודם כל די שלעכטע רעגולירונג און דערצו די פאַל־שע קאָנצעפּציע מכח דער פליכט פון די פאָלקס־פאָרשטייער האָבן זיך אַ טייל דעפּוטאַטן געלאָזט פאַרפירן זיך צו שפּילן

אין זעי׳נער, בעת דאָס גליק פֿון פֿאָלק האָט געפֿאָדערט, אַז אין דער צייט פֿון קריג זאָלן די זיצונגען פֿון פּאַרלאַמענט זיין פּערמאַנענט, כּדי צו פֿירן די שטרענגסטע קאָנטראָל איבער די מיליטערישע האַנדלונגען. דע-לוים האָט רעספּעקטירט דעם פּרינציפּ, האָט אָבער נייטראַליזירט די אויספֿירונג.

בכל זמן דע קאָם איז דער אַליינהערשער, טוט וואָס ער וויל, קאָן מען פֿון אים ערוואַרטן דאָס ערגסטע. פּאַנסעט׳ס פֿאַבריק געפֿינט זיך אונטער אַ מיליטערישער קאָנטראָל פֿון ערשטן מאָמענט נאָכן אַטענטאַט — ווייל דאָרט זוכט ער צו געפֿינען דעם אויטאָר פֿון דער אינדיסקרעציע וואָס האָט מיט-געהאָלטן דעם שטורעם פֿון זיין מיניסטעריום — און דאָס איז טאַקע דאָס שרעקלעכסטע געווער אין די הענט פֿון אַ טיראַן קעגן זיין בלוט-שונא, דעם פֿאָלק!

ווייל זשאָקמען האָט גוט געזען, און קלויד איז זיך אויך נישט טועה, דער באַווייז איז אויפֿן האַנט: נאָכ׳ן באָמבען־אַנגריף אויף שטראַסבורג איז ווידער געוואָרן רויק... פּאַריז האָט כּסדר געוואַרט אויפֿן המשך, — אויף ווייטערדיקע באָמבעס, — וואָס וואָלט אומבאַדינגט געקומען ווען די פֿיינטזעליקייטן זאָלן ווירקליך... דער דייטשליכער באַווייז, אַז דער אָנגריף איז נישט קעגן וועלכן ס׳איז פֿאָלק, נאָר קעגן דעם געמיינזאַמער קעגנער, קעגן דער היימישער מיליץ.

ניין ... ווען אפֿילו אין דייטשלאַנד און אין פֿראַנקרייך, זאָלן די פּרעזידענטן, די קאַנצלער און די מאַרשאַלן — וואָס זיי גופֿא זענען נישט מער ווי לאַקייען ביי די פֿינאַנץ־מלכים — נאָך כּסדר טריומפֿירן איבער דער דאָזיקער אומ־באַוווסטזיניקער קראַבס, וואָס זופּט זיך נאָך, — איז׳ס דאָך אומעגלעך! ניין דאָס נאַרישע פֿאַרברעכן האָט דאָך נישט קיין רעכט אויף אַלע לעבנס-ענערגיען! אַניקעט׳ס גלויבן האָט אויך דורכגעדרונגען קלוידן. אָן געוואַלד, נאָר מיט דער מאַכט פֿון אימפּאָזאַנטער אויטענטיקייט, נאָר זיך אָפּזאָגנדיק פֿון לאָזן איר אין גאַנג, וועט מען אָפּשטעלן די געפֿערלעכע מאָרד־מאַשין! סוף כּל סוף וועט יאַנגערנאַט׳ס וואַגן פֿאַרט מוזן זיך אָפּשטעלן

בא־ די אומדערשיטערליכע ווענט פון די קאמפאקטע פעלקער־
מאסן פאר דער שטערונג פון די פארלייגטע הענט אויף די
הערצער... דער ערשטער וועל איך אָנווייזן יענע פון מיין
קלאס, די אומאַנטשלאָסענע חברים, ווי נאָר מ׳וועט אונז צונויפ־
רופן אין הייסן אוועקמארשירן אין די איבונגס־לאגערן, ווו
ס׳ליגט אונזער וועג און אין וואָס ס׳דאַרף זיך אויסדריקן
אונזער פליכט.

אזוי האָט ער פאנטאזירט זיך צוקוקנדיק ווי דער עולם
צעכאפט די עקסטרא אויסגאבן. אליין איז ער מיטגעגאנגען
מיט די וואָס האָבן געארבעט אין דער אומגעגנד. ס׳האט זיך
בעיקר געהאנדלט וועגן דעם, אז דאָס בלאַט זאָל אריינדרינגען
אין הארצן פון פאריז, אין די ארבעטער קווארטאלן, אין די
הינטער געסלעך פון די קליינע מענטשן... זיי האָבן זיך זאל־
בעפערט אריינגעזעצט אין קליינעם אעראָפלאן און זיך אוועק־
געטראָגן. געשיקט האָבן די ארבעטער, אינטער קלוידס אויפזיכט
אויסגעקליבן די בעסטע פלעצער פאר די אַפישן, קינציק האבן
זיי אויסגעמיטן די פאטרולן און ביז טאָג איז די ארבעט גע־
ווען געמאַכט.

קלויד איז אוועק מיט זיינע לייט אין א קליינע קנייפע
פון א באפריינדעטן רעסטאָראטער, וואָס האַט גראד, געענעצנדיק
געעפענט די לאָדן.

— ביטע הער קלויד;

די ארבעטער האָבן געפרישטיקט און ער האָט אויסגע־
טרונקן א גלאָז קאווע.

— ס׳טוט גוט, נישט אמרת? האָט געזאגט דער ווירט
זיך אוועקגעזעצט נעבן זיי און באהאנדלט קלוידן מיט דער זעל־
בער צערטלעכקייט ווי זיינע ארבעטער. קלויד האָט זיך געפילט
זייער גוט ביי די דאזיקע גוטע איינפאכע מענטשן . . . מיט
באדויערן האָט ער זיי פארלאָזן, דריקענדיק זיי הערצלעך די
הענט.

— זאגט די פריינט, אז אויב מ׳וועט מיך דארפן, בין
איך אין „הויז פאר אלץ”... אַז אין דער דרוקעריי מוז זיך

עמיק שטענדיק געפונען אויף דער וואך, כדי מ׳זאָל גישט פאַר־לירן דעם קאָנטאַקט... זעט אויך זיך צו פארשטענדיקן מיט דער אינטערנאַציאָנאַלער סינדיקאַלער פעדעראַציע, כדי מיר זאָלן אויפן פאַל, ווען איינער פון אונזערע פריינט וואָלט ווי איך — גאַכשפּיאָנירט, אדער אַרעסטירט געוואָרן, אָדער ווען מ׳וואָלט פארחתמעט די דרוקעריי — האָבן אַ זיכערן ווינקעל אין בעל־וויל. ווו מיר וואָלטן זיך ווידער געקענט באַגעגענען. האַלט אויס, מיר וועלן מנצח זיין!

— ס׳וועט זיין אין אָרדנונג, הער קלויד... מ׳וועט אייך מודיע זיין אויף סען־אַנטאַניו גאַס, מיר וועלן אייך געפונען... לאָמיר האָפן!... איר זענט אונטער אונזער אויפזיכט, ווען ס׳זאָל עפּעס געשען!

די איבערגעגעבנקייט פון די דאַזיקע ערלעכע לייט האָט אים צוגעגעבן מוט. ער איז אַוועקגעפלויגן איבערן קאַסטיל־פּאַלאַץ און זיך אַראָפּגעלאָזט אויף דער טעראַסע פון „הויז פאַר אַלע״

נישט געקוקט אויף דער פריער צייט איז שוין דאָס גאַנצע הויז — פון קעלער־שטוב ביז די קאָרעספּאָנדענץ־זאַלן אין לעזע־צימערן — געווען אויף די פיס. די נאַכט־פּאָסטנס האָבן איצט איבערגענומען טאָג־אַרבעטערינס, וואָס זייער צאָל איז פון מינוט צו מינוט געוואָרן גרעסער. אַניקע איז געזעסן ביי זיך אין קאַבינעט און האָט אָנגעפירט מיט דער גאַנצער אַרבעט, ווי אַ קאַפּיטאַן וואָס לענקט דורכן טעלעפאָן די גרויסע שיף. זי האָט דערליידיקט די וויכטיקסטע קאָרעספּאָנדענץ, קאָרעגירט די קאָפּיע פון איר מאַניפעסט צו די פרויען, דורכגעקוקט אַנ׳אומגעהויערע מאַסע בריוו און דעפּעשן, וואָס זענען נאָך דער טראַגישער געשעענישן כסדר אָנגעקומען פון אַלע עקן. פראַנקרייכס פּאָסט־דירעקציע האָט נאָך נישט געהאַט באַקומען קיין באַפעל צו איזאָלירן דאָס „הויז פאַר אַלע״. אָבער אַרום אַכט אַ זייגער בעת די סעקרעטאַרין פון דער פראַנצויזישער סעקציע האָט געבעטן מ׳זאָל איר פאַראייניקן מיט מאָנטריל האָט מען פלוצלינג איבערגעריסן די קאָמוניקאַציע. מ׳האָט

געקלונגען אין אלע אפּאראַטן, אָבער אומזיסט, גישט קיין פֿאַרבינדונג. אַניקע, אַן׳אויסגעשעפּטע, האָט זיך בײַ איר בעסטן ווילן דערשפּירט אומבאַכטיק אין קאַמף מיטן שטאַרקערן קעגנער.

זי האָט זיך גלײַך אָנגעהויבן געטאָן צו אַנדערע מיטלען. די מולטיפּליקאַטאָרס האָבן אויפן אָרט געמאַכט די קלישעס פֿון מאַניפֿעסט. די שרײַב-מאַשינען האָבן אויסגעקלאַפּט טויזנטער אַדרעסן... אַלע בעאַמטע ווי אויך פּריוווּיליקע-היילפּס-קרעפֿטן ווערן תיכּף פֿונאַנדערגעטראָגן די בריות, אין קלײנע פּאַקעטן, אויף אַלע פּאָסט-ביוראָס, כּדי נישט צו ווערן קיין פֿאַרדאַכט.

אַז קלוד איז געקומען, האָט ער זיך געפֿרײט געפֿינענדיק זײַן מוטער בײַ איר שטענדיקן מוט, אַרויסגעבנדיק אירע באַפֿעלן מיט דער שיגבאַרער רויִקייט, אינטער וועלכער איר איז כּסדר געלונגען צו באַהאַלטן איר אינערלעכן שמערץ, צו באַרויִקן אירע נערוון.

גינע, אַן׳אויפגערעגטע, האָט נישט געקאָנט איינזיצן אויפן אָרט. קלוידן האָט זי באַגעגנט מיטן אויסרוף — „ענדלעך״ ער האָט גלײַך פֿאַרשטאַנען אַז ס׳איז נישט אַזוי פֿון שמחה איב צו זען ווי פֿון אײַלעניש אים אויסצוניצן, אַניקע האָט קוים באַוויזן זיך צו אײַנפֿאַמירן „וואָס ס׳איז מיט די אַפּישן״ אים איבערצוגעבן אַז דער מאַניפֿעסט איז פֿאַרטיק און גינע האָט תיכּף אַ פֿרעג געטאָן:

— און דער אַעראָפּלאַן?

— אויבן, אויף דער טעראַסע! אָבער צו וואָס?

— כּדי דו זאָלסט מיך אָפּפֿירן קיין ווערסאַיל. דאָ־ט וועל איך נעמען דעם שרויף. איך... איך וויל אויסווּכן זשאַרוזשן.

— ער קומט דאָך אָבער!

— ניין. אַזוי ווי ער איז געכטען נאָכמיטאָג נישט געקומען, האָב איך אים געהייסן איבערגעבן דורך דער אַמעריקאַנישער אַמבאַסאַדע אַז איך קום היינט פֿרי.

אין פֿלוג האָט ער נישט פֿאַרשטאַנען די דאָזיקע קאָמ־

בינאַציע. ער איז געווען איבערצייגט, אַז זשאַרזש'ס קומען איז אַ פראַגע אויף שעהן. אַז ער בלייבט אין דער שווייץ, און גינע נישט רעכענדיק זיך מיט איר קינדלעכער פליכט, באַוואַגט אים, טרייבט אים צו אַזאַ טריט — דאָס האָט אים פּריינ־דלעך איבעראַשט... דאָ, אויפן אָרט, איז דאָ אַ סך וויכטיקערע אַרבעט. ער האָט עס איר געוואָלט גאַנץ אָפן זאָגן, אָבער ס'האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר: ס'איז געווען סיל־וועסטרע, אַ בלייכע מיט אַ באַנדאַזש אויפן קאָפּ, די אויגן ווי פאַרגרעסערט און אינטערגעשלאָגן נאָך איר אַ מאַן מיט אַנ־ערנסטן געזיכט און אַן'אַנטעלאָסענעם אויסדרוק און אַ קאָסטיום פון אַ לופט פליער. אונטערן אָרים האָט ער געטראָגן אַ שווערן פּאַקעט. ארומנעמענדיק אַניקן און גינען האָט זי גליכצייטיק אָנגערופן דעם נאָמען פון איר באַגלייטער און געדריקט קלויד'ס האַנט:

— הער צירפעל פון לאָזאַנע. ער ברענגט די שווייצאַרישע צייטונגען און די לעצטע נאָכריכטן וועגן זשאַרזשן...

— ער... בלייבט... דאָרט אונטן?

סילוועסטרע האָט געשפּירט דעם פאַרוואורף, דעם שלעכט פאַרשלייערטן אונטער דער פאַרוואונדערונג.

— יאָ, און איך וועל אים פאַרטרעטן.

קלויד האָט געוואָרפן אויף סילוועסטערן אַ מיסטרויאישן בליק. וואָס וויל זי זאָגן? זי איז רויט געוואָרן, באַמערקנדיק אַז ער טייטשט אויס שלעכט איר שיינעם געדאַנק.

— איך מוז דאָך פאַרבייטן גינען, ווייל זי פאָרט אָפּ מיט הער צירפעל!

— אָבער ווי אַזוי זענט איר ביידע אַהערגעקומען? האָט ער געפרעגט.

— דעם אַעראָפּלאַן פון אוניווערסאַיל האָט ער איבערגע־לאָזן אין ווערסאַיל. זשאָרזש האָט מורא געהאַט, אַז אַראָפּגיי־ענדיק אויפן אָפענע פּלאַץ זאָל ער נישט אַריינפאַלן אין די־

טרע הענט אין דערייבער זענען מיר נעקומען מיטן טראַמוויי און טאַקע אומבאַמערקט... איצט, געשווינט!... הער צירפעל חעט אויך איבערגעבן וועגן הער ראָהן...

—ער לעבט? — האָט אַניקע פריידיק אויסגערופן.

זי האָט אויסגעפּאַקט דעם פּאַקעט, וואָס ער האָט געבראַכט פון לאָזאַנע און זיך אַ נעם געטאָן צו די צייטונגען מיט די באַשולדיגונגען. אַלע האָבן זיי אויף דער ערשטער זייט צוזאַמען מיט די גרויסע טרויער־אַרטיקלען, געגעבן די פּאַקסימילן פון די בריוו... גאַנץ פּשוט און קורץ האָט צירפעל איבערגעבנדיק לכתחילה, אַז אין דער שווייץ און אין „אַלע לענדער" נעמט מען אַ גרויסן אָנטייל אין דעם פראַנצויזישן טרויער; איבערגעחזרט דאָס וואָס הער בלאַנשעט אין סילוועסטרע האָבן מיט אזא פרייד אויסגעהערט: ראָהן און די הויפּטפירער פון דער סאָציאַלדעמאָקראַטיע האָבן זיך ארויסגעדרייט פון געפענגעניש פון נאציאָנאַליסטישע אַטענטאַטען. אין בערלין איז אַ פאָרמעלע רעוואָלוציע: גאַסן־קאַמפן צווישן די אלטע אָנהענגער פון דער קייזער׳לעכע אַרמעע און דער מיליץ, געשטיצט דורך די פּאָלקס־מאַסן... וועסטפאַלן און זאַקסן קעגן מינכען... נאך קיין זאַך, הייסט עס, נישט פארלאָרן, אויב ראהן האָט פאַר זיין צוריקפאָרן קיין בערלין, געבעטן זשארזשן בלייבן אין לאָזאַנע, צענטראַליזירן דאָרט די פראַנצויזישע פּראָפּאַגאַנדע, קאָרדינירן די געמיינזאמע קרעפטן פון אַלע סאָציאַליסטן, שאַפנדיק צום ערשטן מאָל אַן׳אײנהייטליכן פראָנט קעגן דעם אינטערנאַציאָנאַליזם פון אַ דע לוים אַ לויטעלסבאַך...

אַניקע האָט געדריקט צירפעלן די האַנט ווי ער זאלט זיין אירער אַן׳אלטער פריינט און געבעטן ביי אים נאָך אַ טובה: ער זאָל צונויפשטעלן די גוטע ידיעות און דיקטירן זיי איינער פון אירע סטענאָגראַפיסטינס קלויד וועט תיכף אַוועקטראָגן דעם מאַנוסקריפּט אין דער דרוקעריי, אַרויסלאָזן א נייע פלוג־בלאַט און גלייך אים אַפישירן, זי אַליין וועט די דאָזיקע ידיעות גלייך צושיקן אין אַלע פּרוויִנץ־פּאַראיינען, זי האָט אים אריינגעפירט אין דערבייאיקן צימער און דאָרט אים איינגעאָרדנט... אריינקו־

טענדיק צוריק, האָט זי געפונען סילוועסטערן ליגנדיק האלב אוממעכטיק אין אַ פאָטעל. קלוידס קבלת־פּנים האָט איר צע־בראָכן. אומבאוועגליך איז ער געשטאַנען ביי אַ פענסטער. אַז זיין מוטער איז אַריינגעקומען האָט ער זיך אומגעדרייט. גינע האָט אָנגעטון איר הוט און אַ פרעג געטון ביי ביידן:

— פאַרוואָס פאָרט איר נישט מיט מיר צוזאַמען?

קלויד האָט האסטיק אַ זאָג געטון:

— איך, פאַר קיין פאַל נישט!

— ניין, מיין טאָכטער, דהאָט אַניקע געזאָגט אַ סך רוי־קער מיר קאָנען נישט פאָרן.

— פאַרוואָס?

— ווייל ס'איז גענוג אַז איר ביידע, דו און זשאָרזש, וועט דאָרט אונטן דערפילן אייער פליכט פאר דער מענטשהייט די זעלבע ארבעט מוזן מיר טאָן דאָ אויפן אָרט.

— דו, — מוטער, אפשר טאָקע יאָ, איך פערשטיי עס זייער גוט... אָבער קלויד?

— מיך דאַרף מען דאָ פונקט אַזוי נייטיק דהאָבן ווי די מוטער.

— דו וועסט ניין אויפן פראָנט?

— ניין!

— וועט מען דיך אומברענגען ווי דעם פאָטער!

— וועל איך אומוויניקסטן ביזן סוף האַלטן דעם פאַקעל, וואָס ער האָט מיר איבערגעגעבן.

— דעם דאָזיקן פאַקעל קאָנסטו אויך דאָרט אויף יענער זייט גרעניץ, האַלטן אין דער הויך.

— ניין, נאָר דאָ, אין מיין לאַנד, קאָן ער העל אויפ־לויכטן, כאָטש פריער, — איידער איך האָב נאָך געוווסט וואָס ס'איז אזוינס האַס, האָב איך ליב געהאט אַלע מענטשן און דאָך האָט עס מיר נישט געשטערט אויך אַמייסטן צו ליבן, איך האָב ליב אַלע לענדער, אָבער צו מיין פאָטערלאַנד פיל איך אַ באַזונדערע ליבע, ווייל אין זיין אורשפרונג אין זיין גייסט, אין זיין שפראַך בין איך געקומען צום באַוווסטזיין וועגן

מיין איך. איך בין אַ טייל פון אים, אין ערגעץ קאָן מען מיך אַזוי נישט פאַרשטיין, בין איך נישט בכּוח אַזוי פיל צו לייסטן...

— יאָ, זי לייסטן!... געבּסנדיק דעם לוימען אַ פּרעטעקסט דיר לייכטער אַראָפּצונעמען דעם קאָפּ.

אויפמערקזאַם האָט זיך סילוועסטרע צוגעהערט צום דאָזיקן העפטיקן געשפּרעך, נישט וואַגנדיק זיך אַריינצומישן... דער קאָפּ האָט זיך איר געדרייט, זי האָט נישט געוווּסט מיט וועמען צו האַלטן, אָבער גינע האָט זיך צו איר געווענדעט:

— ווי איז דיין מיינונג, סילוועסטערא?

זי איז אויפגעשפּרונגען.

— איך ווייס נישט!... אַלץ איז אין געפאַר, און אַלץ איז נויטיק!... איך וואָלט זיכער געוואָלט נישט האָבן קלוידן דאָ... אָבער איך פאַרשטיי, אַז ער וויל קעמפן צוזאַמען מיט אונז... דער מאָמענט איז אומזיכער, אַז אויב מיר וועלן זיך אָפּרייסן פון אונזערע קליינע לעבנס, כּדי צו דינען דעם אוניווערסאַלן, האָבן מיר נישט וואָס צו קלערן, דאַרפן מיר פאָלגן אונזער אינערליכן רוף, די אידעע פון מענטשן-ליבע ביז זי וועט אונז ערגיץ ווו אַוועקטראָגן.

אירע אויגן האָבן געזוכט דעם אויסדרוק פון קלוידס בעזיכט. זיין פּנים האָט געלויכטן בעת זי האָט גערעדט.

— סילוועסטרע גיט מיר גערעכט!

— זשאָרזשין אויך, און מיר אויך!

צי האַלט איר אַז זיין אָבוועזנהייט, אַז מיין אַוועקפאָרן וועט מען באַטראַכטן אַלס אַנטלויפן?

טרערן זענען איר געשטאַנען אין די אויגן:

— צי זענען מיר פּחדנים?

אַניקע האָט אויסגעשריגן.

— ניין, זיכער נישט!

אָבער גינע האָט אייפעריק ווייטער גערעדט:

מיר ריזיקירן פּונקט ווי איר! נאָר מיר וועלן נישט דאַרפן זאָגן קיין ליגן, דאָס איז עס אין גאַנצן! אין דייטש-

לאַנד ווי אין פראַנקרייך, אומעטום דראָט אונז די זעלבע געפאר, אויב מיר וועלן ארומגיין און כסדר אָפן פראָקלאמירן דעם אמת. ווען זשאָרזש זאָל דאָ זיין — זי האָט געוואָרפן אַ בליק אויף סילוועסטרן איז ער דאָך נישט אומזיסט דיין ברודער! ער וואָלט אויך געזאָגט: דאָ האַנדלט זיך נישט וועגן ראַטעווען מיין לעבן. איך האָב עס מקריב געווען די אומגליקע לערע, כדי זיי אויפצוקלערן, דינען? יאָ אָבער דער געמיינזאַמער זאַך! און אויפן קלענסטן אופן. קום איך צוריק, וועט מען מיך מאָביליזירן, שטעל איך זיך אנטקעגן — וועט מען מיך טויטן. און דערנאָך? —

אפשר איז זי גערעכט, האָט סילוועסטרא געטרמלט, וואָס וועט זיין מיט קלוידן, אַז ער וועט בלייבן דאָ?

אַ גליקליכע האָט אַניקע ווייטער גערעדט

— דו וועסט מיט דער מינוט האָבן געבונדענע הענט... מ'וועט דיך פאַרפאָלגן, אַרעסטירן, אפשר שיסן, און דיין טויט וועט נישט ברענגען קיינעם קיין שום נוצן, בלויז פאַרשטאַרקן אונזערע גרויסע מאָראַלישע ליידן.

ס'האָט זיך דערהערט אַ קלאַפּ אין טיר. אַניקע דהאָט אויסגעשריגן!

— אַ סעקונדע!

אָבער די טיר האָט זיך אַנ'עפן געטאָן, הער צירפעל האָט געוואָרנט.

— מיר מוזן זיך אָפּטראָגן. די געפאר וואַקסט פון מינוט צו מינוט.

— וואַרט אויף מיר, איך קום גלייך, — האָט גינע אַ זאָג געטאָן.

און פאַרמאַכנדיק צוריק די טיר, האָט זי זיך געווענדט צו קלוידן:

— דיין אַנטשלוס איז פעסט?

— פולשטענדיק יאָ, איך בלייב מיט דער מוטער און וועל קאָאָרדינירן אונזערע אַרבעט ווי דער פאָטער וואָלט עס געטאָן.

— אַ דאַנק דיר, מיין זון... איך האַלט אַז דו ביסט גע־רעכט, און גינע אויך, ווייל זי גלויבט, אַז זשאָרזש איז דאָרט נוצלעכער און דעריבער האַנדלט ער אַזוי און נישט אַנדערש. און די שעהן וואָס מיר לעבן איצט איבער זענען פאַראַן געצוג העלדן טאָטן פאַר אונז אַלע.

זי האָט אויסגעשטרעקט די אָרעמס צו איר טאָכטער.

— גיי מיין קינד! טו אַלץ וואָס מען דאַרף. אָבער שטעלט נישט איין אייער לעבן אומזיסט. דו זאָגסט עס מיר צו?

— נאַטירלעך וואָס ס׳זאָל נישט זיין, קומען מיר דאָך באַלד צוריק. ווי לאַנג וועלן מיר אויסהאַלטן אָן שום ידיעות פון אייך, סילעווסטרע איז אויך אויפגעשטאַנען און געדריקט גינען אין אירע אָרעמעס:

— גריס זשאָרשן.

— דיינע הענט זענען הייס ווי פייער! דיך, סילווסטרע האָב איך אייגנטלעך געדאַרפט פון דאַנען צונעמען! אין דיין צושטאַנד וואָלט פאַר דיר אַ סך בעסער געווען די רויקייט פון מאַגטראַווי די עמאַציעס פון פאַריז...

דאָס מאָל האָט קלויד האַסטיק געענטפערט:

— איר פאָטער מוז איר אומבאַדינגט האָבן דאָ...

סילווסטרע האָט געשוויגן. די דאָזיקע ווערטער האָבן אָנגעפילט איר האַרץ עפּעס מיט אַ מאָדנעם גליק.

— אין ווערסאַיל איז זי אויך אין גוטע הענט, האָט אַ זאָג געטאָן אַניקע און איך וועל זיין צופרידן האָבנדיק איר ביי דער זייט.

— אַלזאָ אויף ווידערזען. מוטער... זיי מיר מוחל וואָס וואָס איך פאַרלאָז דיך, איך וועל אָבער נישט קאָנען לעבן ווייט פון זשאָרזשן.

— איך פאַרשטיי דיך, מיין קינד. דער טאָן איז געווען אַזאַ ערנסטער, אַז קלויד און סילווסטרע האָבן זיך איבערגעקוקט, גינע האָט זיך געוואַלט צוריקכאַפּן,

— דיך דאַרף איך אויך, מ׳האָט בלויז איין מאַמען.

סילוועסטרעס געזיכט האָט זיך פאַרפינסטערט. אומעטום שטויסט מען זיך אָן אויף טוימע. גינע האָט נאָכאַמאָל ארומ־גענומען איר פריינדן: זיי מיר מוחל מיין שוועסטער — און אָנווייזנדיק אויף אַניקען. — דו וועסט פאַר איר זיין אַ טאָכ־טער, דו ווייסט, אַז זי ליבט דיך ווי אַ מוטער, צערטלעך האָט זי ארומגעכאַפּט קלוידן.

— זיי פאָרזיכטיק, מיין גרויסער! און שרייב חוי אָפּט דו וועסט נאָר קענען.

אָבער אַניקע האָט איר נאָכאַמאָל גערופן, ארומגענומען געדרוקט צו איר ברוסט, ווי זיי וואָלטן זיך געזעגענען צום לעצטן מאָל.

— נעם מיך, נאָך אַמאָל ארום. מיין ליב קינד.

— מאַמע!

אַ ווײַלע זענען זיי געלעגען איינע די אַנדערע אין די אָרעמס, די טרערן האָבן זיך געגאָסן.

— זיי מוטיק, מיין קינד, זיי שטענדיק מוטיק.

אניקע האָט זיך באַהערשט, צוגעפירט דער טאָכטער צו דער טיר, הער צירפעל האָט מיט אַ רעזיגנירטער מינע, געוואַרט.

— איך דאַנק אייך, מיין הער — האָט אניקע געזאָגט קלויד, באַגלייט זיי!

גינע האָט נאָך געשיקט דער מוטער אַ לופט קוש און איז פארשוווּנדן, אניקע האָט איר נאָכגעקוקט מיט אַ לאנגן לעצטן געזעגונגס־בליק.

אַ פאַרטראַכטע האָט זי זיך, וואַרטנדיק אויף קלוידן, צו־ריק אוועקגעזעצט ביי דעם טיש און געוואָרפן א ליבעפולן בליק אויף סילוועסטרען. יעדע פון זיי איז געווען פארטיפט אין געדאנק וועגן די געשעענישן וואָס ענטוויקלען זיך דאָ פאַר זייערע אויגן. זיי האבן זיך געפאַסט, אַליין באַמיט זיך צו בא־רויקן.

סילוועסטרע, אַ צעמאַטערטע פון די אַלע דערשיטערונגען און איבערלעבענישן, איז נישט געווען בכח צו מאַטעריאַליזירן

די האפענונג, וואס קלויד, מיט זיין אוכבאחוזסטזיניקן פאַרלאַנג איך צו האלטן לעבן זיך האט פארזייט אין איר לייז׳ענד הארץ פון אַ רעקאנוואלעסצענטין. שוין דעם שרעקליכן מאמענט בערת די מענער זענען אין געפאַר, האט זי געוואלט בלויז איין זאך: העלפן אניקן און ראטעווען קלוידן.

קלויד איז אריין צוריק, א שטארק אויפגערעגטער.

— וואס איז ווידער געשען? האט אניקע אַ פרעג געטון.

— גאָרנישט.

זי האָט אָבער געלייענט אויף זיין געזיכט, פונקט ווי סילוועסטרע, וואָס פאַר אַ נייע שלעכטע ידיעה וויל ער פון זיי בעהאַלטן?

ער האט געהאַלטן נידעריקער פון זייער און זיין כבוד נישט דערלויבן זיי אָנטייל צו נעמען אין זיינע דאגות. — עפעס אַזוינס אויף וואָס מ׳האָט זיך געקאָנט ריכטן, האָט ער אַ זאָג געטאָן...— מיין יאָרגאַנג ווערט פון מאָרגן אָן מאָבילִיזירט.

דער באַפעל איז שוין פלאַקאַטירט... און ווי ס׳ווייזט אויס רעכענען זיי שטאַרק אויף מיין מיטאַרבעט... ווייל אָט די דאָזי-קע פערזענליכע אויפפאָדערונג האָט אַ ציקליסט פון רעקרוטען ביוראָ געלאָזט אויף ראַספאַיל-בולוואַר און דער קליינער רישאָ האט עס מיר נאָר וואָס אַהער געבראַכט.

אַניקע און סילוועסטרע זענען אויפגעשפרונגען פון זייערע ערטער ביידע בלייך ווי קאַלך. נאַכטן האָבן זיי זיך כסדר געטייכט אויפן דאָזיקן פריצייטיקן רוף... און איצט איז ער געקומען אין אַ מאָמענט, ווען זיי האָבן לגמרי וועגן אים מער נישט גע-קלערט, אַמייסטן האָט זיי באַאומרויקט די דאָזיקע פערזענ-ליכע איינלאַדונג... מיט וועלכע זיי שטרייכן אונטער, אַז אויף אים לייגן זיי אַ באַזונדערן ווערט, ווי אויף אַ געפערליכען קעגנער וואָס איז אויפגעשטאַנען תחית-המתים.

— יאָ — האט קלויד געזאָגט, — דער קרייז פאַרמאַכט זיך.

— דו וועסט נישט גיין!... — האָט אַניקע געשריגן. — ווען איך זאָל געווען וויסן! און איך אַליין האָב עס דיר נאָר וואָס

צוריק געהאַלטן, בעת דו האָסט געקאָנט אָבפאָרן נאָך איידער דו האסט געוווּסט.

ער האָט געשאקעלט מיטן קאפ:

— איך האב געוווּסט בעת איך האב באַשלאסן צו בלייבן, אַז אונזער יאָרגאַנג ווערט מאביליזירט. ס׳איז געווען נישט מער ווי א פראַגע פון שעהן מיין אנטשלוס איז געפאַסט... מאָרגן אַכט פרי בין איך אין דער קאזאַרמע פון שאטא-דיאַ, פון דארט וועט מען אונז טראַנספארטירן אין פאַרשיידענע אינסטרוקציע לאַגערן. און אַז מיינע קאלעגן וועלן זיין מיט מיר צוזאַמען וועל איך זיי איבערגעבן די לערע וואס דו מוטער האכט מיט מיר איינגעשטודירט, איך וועל אַזוינס זיי געבן צו פאַרשטיין וואס ס׳איז אמתע פליכט, אויפקלערן און אנווייזן דעם אופן ווי אַזוי צו דינען,

— און אַז מען וועט דיך טויטן! — האט סילוועסטרע אויסגעשריגן.

איר אויפגערעגט געזיכט האט אויף קלוידן געווירקט שטאַרקער ווי אניקעס שטילער שמערץ.

דער שטורם פון די לעצטע טעג האט אין אים פאַרניכטעט אַלץ: זיינע געפילן, געוווינהייטן, דעם גאַנצן טאָגטעגליכן דעפּא. פלוצלינג האט ער זיך פאַרטראַכט וועגן זיין באַציונג צו סילוועסטרען... דער בריוו פון אלעקסנדריען, דער שפרונג אויפן מערדער... און אין דער דאזיקער דאַפעלטער דערינערונג האט אים זיין ברודערלעכע ליבע צו איר אויסגעזען אַ סך צאַרטער און איניקער. ער האָט זיך נאָך דערין נישט מודה געווען קלערנדיק, פונקט ווי זי, אַז ס׳איז אַבימל צו שפעט. ווייל איבם דראָט דער טויט. מיט אַ פעסטקייט וואָס האָט צוגעגעבן זיין שטים אַ גאַנץ נייעם טאָן האָט ער געזאָגט:

— סילוועסטרע, איצט מוזן מיר זיין גרייט צום ערגסטן... אויב מ׳וועט מיך טויטן.

אניקע האָט אַ הויב געטאָן דעם קאָפּ

וואָס זאָגסטו?

— רעג זיך נישט אויף מוטער. מ׳מוז קוקן דער צוקונפט

ליך אין די אויגן, די פינסטערע שעהן וואָבן זיך אָנגעהויבן מיטן מאָמענט פון אַטענטאַט אויף מיין טייערן פאָטער...

זיין שטים האָט זיך אָבגעהאַקט, בעת אניקע האָט פאַר־מאַכט די אויגן כדי צו זעען גענוי דאס געזיכט פון פאַר־שטארבענעם, וועלכער איז איצט געשטאַנען פאַר איר ווי א לעבעדיקער.

— איצט, ליבע מוטער, האַלט ביי אונז, ביי דער יוגנט. איך בעט סילוועסטרען זי זאָל דיר קיין מאָל נישט פארלאָזן. איך בעט איר זי זאָל לעבן.

— אָן דיר נישט קלויד.

אַ געשריי ווו האָפענונג און פאַרצווייפלונג גיסן זיך אָפּ מיט בלוט, ווו די ליבע און דער טויט עקזאַלטירן זיך צונויפ־געמישט. ער האָט איינגעבראָכן קלוידס פלומרשטן מוט, ער האָט זיך אַ זעץ געטאָן ביים טיש איינגעגראָבן דעם קאָפּ אין די הענט און געוויינט יאמערלעך, ווי אַ קינד. סילוועסטרע, בלייך ווי קאַלך, האט קיין כח נישט געהאַט זיך אַ ריר צו טאָן פון ארט, אַניקע אבער איז צוגעלאפן צו אים, זיך געפרווט אויפהויבן זיין קאָפּ, און ער האט געמורמלט:

— לאז מיר! לאז מיר! ס'איז שוין צו פיל... דער דאזיקער מאמענט פון שוואכקייט טוט מיר גוט. איך קאן שוין מער נישט, דו פארשטייסט, מוטער! דער דאזיקער כאאָס, אין וועלכן מיר שלאגן זיך ארום... דער דאזיקער אומענדלעכער, ווילדער שגעון! מיין פאטער איז טויט און איך האָב אים נאך אפילו נישט געקאנט באוויינען, וייל איך האב אים געמוזט פארטיידיקן! דער קריג גייט מיך אוועקרייסן און דוקא אין מאמענט ווען אין זע פאַר מיר דאס גליק...

זיין העלדענמוט איז געבראכן אונטערן שווערן דרוק פון די חרטה־געפילן. מיט ציינקריצן האט זיך די יוגנט מיט אלע קרעפטן געקלאמערט אן לעבן... ער האט אפגעווישט די אויגן און רויקער ווייטער גערעדט:

— דו פארשטייסט, מוטער דו פארשטייסט? זיי מיר מוחל פאַר מייז מוטלאזיקייט. ס'איז שווער צו קלערן, אז מ'האָט

געקאָנט לעבן גליקלעך, אין אַ פרידלעכער עפּאָכע ס׳איז שווער צו צוואנציק יאר זיך אָפּצוזאגן פון אַלץ!...

ער האט א קוק געטאן אויף סילוועסטערן, די ליבע איז געקומען צו שפּעט... אניקע האט געדריקט איר זון צו זיך און געווײנט צוזאמען מיט אים.

— יא, איך פארשטיי דיר, מיין קינד. אָבער מ׳דארף נישט צווייפלען איידער מיר מוטערס, האבן נאך ניט געמאכט די לעצטע פּריוו, צי דען גלויבסטו אַז מיר וועלן ווי די ווייבער אין פריערדיקן קריג לאָזן אויסשעכטן אונזערע קינדער? צי פאַרשטייסטו נישט אַז מיר וועלן זיך אַליין מקריב זיין כדי צו ראַטעווען דאָס פלייש פון אונזער פלייש, דאָס גליק די צוקונפט פון די מענטשן בכלל.

דו רעדסט וועגן אַ קאַטאַסטראָפע...

יאָ, זי קאָן ווירקלעך קומען... אַזוי ווי דו האָסט געמאַכט אַ מין צואה, טאָ הער אויס מיינע אויך. מ׳ווייס דאָך קיינמאָל ניט, טייערע קינדער ווענעמס מאָרגען ס׳איז. איינער קלערט וועגן טויט און פּלוצלינג שטאַרבט גאָר דער אַנדערער. אויב ס׳קומט באַלד מיין ריי, ווי איך האָף און וויל... קום אַהער, סילוועסטרע. מיט וואַקעלדיקע טריט, ציטערנדיק פון אויפרעגונג איז סילוועסטרע צו איר צוגעגאנגען.

איר ביידע זיינט די פּאַקטישע יורשים פון מיין געדאַנק, פון מיין אידעאַל. איך פערזענליך האָב דאָ נישט מער וואָס צו טאָן אָן דיין פּאָטער, וועלכן איך האב נאך אויך קיין צייט ניט געהאַט צו באַקלאגן. ביידע צוזאַמען זאָלט איר פּונקט ווי מיר, פאָרזעצן אייער אויפגאַבע, טוענדיק אַלץ וואס איר וועט קאנען... זאגט עס מיר צו.

קלויד האט דערלאנגט סילוועסטרען די האַנט. אַניקע האט פאַרייניקט ביידענס הענט, און אַלע דריי זענען זיי אַ מאמענט געבליבן שטיל, זיך אַריבערטראָגנדיק און אַנ׳אַנדער וועלט.

קלויד האט דער ערשטער איבערגעריסן דאס שווייגן. אַ צעשראָקענער האט ער אַ פרעג געטאן זיין מוטער.

— אבער ס׳איז דאך פאַרשטענדליך; אַז אזוי ווי מ׳דאַרף

ניט אנטלויפן פון טויט, אזוי דארף מען אים ניט זוכן.

אין זיינע אויערען האט נאך געקלונגען אניקעס לעצטע פראזע. וואס האט זי געהאט בדעה צו טאן?

— דו וועסט זען, האט ער פארזיכערט, ווי מיר ביידע וועלן דיך ליב האבן, קום וועלן מיר זיך נאר ארויסרייסן פון דער איצטיקער שרעקלעכער לאגע! שווער אונז צו, אז דו וועסט ניט זוכן דעם טויט!...

סילוועסטרע האט זיך געבעטן:

אָ! דאָס מוזט איר אייער זון צו שווערן!

זייט רויק! איך וועל טאָן בלויז דאָס, וואָס מ׳מוז טאָן!

---

## 6.

אויפן פעלד פון מאהיוו ביי ווערדן שטייט א גאנצער עסקאדראן דריידעקיגע גאז־ווארפער, אונטער דעם אויפזיכט פון זשול פאנעסט. ניט געקוקט דערויף וואס ער איז פון זעלבן יארגאנג ווי קלויד, האט מען אים נאך דערווייל נישט מאבי־ליזירט.

דער אוויאציע־פלאץ ציט זיך אין דער לענג און דער ברייט פון דער גאנצער אומגעגענד, א גאנצע ארמעע לופט־שיפן זענען פונאנדערגעשטעלט לעבן דער נייער שטאט, ווו דער מארשאל לוקס האט די קעלער קאזעמאטן פון דער אלטער פעסטונג, — וועלכע איז געבליבן גאנץ נאכ׳ן באמבארדירן פון 1916 — איינגעארדענט זיין גענעראל־שטאב.

אין א טריבן פרימארגן, וואס האט גלייכצייטיק באדעקט גאנץ פאריז, האט דער יונגער אינזשעניער נערוועז קאנטראלירט די פיר ריזיקע אפאראטן מיט זייערע שרעקליכע באמבעס, צו זעקס אויף יעדן איינעם.

— וואס ווארט מען? פאר וואס הויבט מען זיך נישט אויף אין דער לופט, אין דער ריכטונג צו בערלין, און מ׳ווארפט נישט אראפ מיט איין קלאפ די דאזיקע פיר און צוואנציק שרעקליכע טויט־שלעגער. דער אויפרייס פון איין איינציקער איז גענוג איינצושלעפערן אייביק טויזנטער מענטשן. מ׳קאן זיך לייכט פארשטעלן ווי ס׳וועט אויסזען די שחיטה, אויב זיי וועלן אלע פאר א מאל אויסגיסן זייערע גיפטיקע גאזן.

פאנסעט פארמאכט די אויגן קלערענדיק וועגן דער מחנדיי אומגליקליכע וואָס פאלן קרבנות פאר דער זינד פון עטליכע שולדיקע! ער גלויבט, גלויבט אבסאלוט אין דער מערדערישער קראפט פון זיין דערפינדונג. אראָפפאלענדיק אויף דער ערד צען מעטער טיף אויף א שטח פון צוואנציק טויזענט קוואדראט־מעטער רופט דער דאזיקער געדרוכלאָזער גאז מאָ־מענטאל ארויס אַ שמערצלאָזע אספיקסיע... א שלאף פון וועלכע מ׳כאַפּט זיך שוין קיינמאָל נישט אויף. די עקספערימענטן וואָס זענען געמאַכט געוואָרן אין פאַרשידענע לענדער איבער שעפסן און הינט באשטימטע ערטער און פון אַ גרויסער הויך האָבן נישט געלאָזען קיין שום צווייפל. וואָס קלערט זיך דער גענעראַל־שטאַב? פארוואָס האבן די דייטשע לופט־שיפן נאָך דינסטאָג, אָן א שום קריגס־ערקלערונג, מיט זייערע אויפרייס־מאַטעריאלן פון לודוויגסהאפן צושטערט האלב שטראס־בורג? — פארוואָס האָט לוקס תיכף נישט געענטפערט? בלויז אַ צווייי, דריי געווייגליכע אעראפלאַנען האָבן באָמבאַדירט עטליכע פיינדליכע קאנצענטראַציע פונקטן. נעכטן, דעם גאנצן טאָג, האָט פאנסעט אנ׳אויפגערעגטער, ארומגעשפאצירט פארביי זיין מארד־ארסענאל, וואָס דארף ברענגען דעם אייביקן שלום... א צוקונפט אויף מלחמות... די גאנצע נאַכט האָט ער פיבערהאפט געוואַרט. ער שטייט אין דער פולשטענדיקער אַמוּ־ניציע, גרייט זיך צו לאָזן אין וועג. אים גופא איז זייער אינטערעסאנט צו עקספערעמענטירן זיין פאמיליען־דערפינדונג איצט קלערט ער מכח קלוידן: וואס האָט ער געטאָן און וואָס טוט ער איצט זינט יענעם שרעקליכן טאָג?... ווי אַ לעבע־דיקע שטייט פאר זשול פאנסעט׳ס אויגן. זשאקמענס פיינע, מענליכע געשטאלט. אין זיינע אוירן קלינגען נאָך איצט די דערהאבענע ווערטער: „ליבט איינער דעם צווייטן״! און דאָך האָט אים זשאקמען גופא מיט איין טאָג פריער פארן אטענטאט באפוילן אוועקצופירן קיין ווערדין, צום באדראטן גרענעץ, דעם ערשטן טראנספארט גאז - באָמבען! ער ווייס, בעסער ווי אלע אנדערע, מיט וואס פאר אַ געדאנק עס האט זיך ארומגע־

טראָגן די לעצטע צייט דער גרויסק פאטריאָט: פארטיידיקן דער נאציאָנאַלע גאַנצקייט, אויב דער האס פון קעגנער, די מאכט פון דער פארגאנגענהייט זאָלן פרווון פארניכטן אין אים איינעם פון די פאקטארן פאר דער מענטשהייט פון מארגן...

דאס ווילדע פארברעכן פון וועלכן קלוידס פאָטער איז געפאלן א קרבן, דו עובדה פון א משוגענעם, האט אויף קיין האר נישט געענדערט די דאזיקע בליכט, וואָס זשאקמין גופא האט אירביים לעבן אנערקענט און פעסטגעשטעלט איר אומבאדינגטע נויטווענדיקייט.

„אויספירנדיק די באפעלן פון דער נייער רעגירונג, האָט זיך געזאגט פאנסעט, דערפיל איך בלויז די פאדערונג פון איר פאָרגעגנער. די דע ליומס, די סאלמויס, איך פאראכט זיי, איך האס זיי אין די אינטערעסן, וועלכע זיי פארטרעטן. אָבער איצט, בעת דער קאנפליקט וועלכן איך האָב מיט אלע מיינע קרעפטן געשטרעבט אויסצומיידן — איז א געשעענער פאקט, עס האנדלט זיך וועגן דער עקזיסטענץ פון לאנד, בין איך לגמרי גלייכגילטיק דערצו צי איז די האנד וואס האלט די פאָן ריין אָדער נישט... איך שלאָג זיך פאר פראנקרייך. איך דין מיין לאַנד...

אָבער די קראַפט פון די געירשנטע געפילן זאָל אים ניט פארכאפט אזוי שטארק, אז ער זאָל פארציכטן אויף זיין מיסטישן אידעאַל. יא, ער איז געווען גרייט קאלט-בלוטיק, פרייוויליק צו פארניכטן הונדערט טויזנט מענטשליכע לעבנס, כדי צו ראַטעווען מיליאָנען און מיליאָנען. כדי צו זיכערן די נייע אָרדענונג איז ער גרייט דורך בלוט, דורך שרעק צו צוברעכן די אַלטע!...

— וואָס פאר א באדייטונג האָט אַזא קרבן אין פארגלייך מיטן גליק פון אלגעמיינעם פרידן? צי דען רויבט נישט אַוועק טעגליך דער גרויזאַמער טויט קיין אומגעהויער גרויסע צאָל מענטשן אָן שום נוצן פאר דער מענטשהייט. דורות פון קינפטיקער, פראָדוקטיווער אַרבעט פאַרדינען זיכער אַזעלכע קרבנות.

— הער פאנסעט!

ער האָט אַ ציטער געטאָן. צי איז עס ענדלעך דער באַפעל? זיין האַרץ האָט שטאַרק געקלאַפּט: דער קאַפּיטאַן וואָס האָט קאָמאַנדירט מיטן עסקאַדראָן און מיט אים נאָך אַן אָפיציר.

פאַנסעט איז צוגעלאָפן צו זיי:

— הער קאַפּיטאַן?

איך בין אָפיציר לעדראַן פון גענעראַל-שטאַב. דער הער מאַרשאַל לוקס פאָדערט אייך אויף גלייך צו אים צו קומען. איך, וועל אייך אַהין פירן.

ער האָט געוואָרפן אויפן יונגענמאַן אומפריינדלעכע בליקן. אַ ספּעציאַליסט אין אַרטילעריע - האָט ער געקוקט מיט פאַראַכטונג אויף אַלע איבעריקע וואָפן - אַבטיילונגען אין דער אַרמעע-לופט-וועזן, אַוויאַציע, יאָ, זייער גוט פאַר דערקונדיגונגס-צוועקן און פון צייט צו צייט, אויסשליסנדיק, פאַר באָמבעס-אָנגריפן... אָבער די אוויאַטיק וועט נאָך דעם קריג ניט פאַרקורצן, און אָבשאַפן געוויס נישט! זשול פאַנסעט'ס אויסזען האָט דעם דאָזיקן איינדרוק ביי אים נישט אָפּגעשוואַכט... ס'איז קוים אַלט צוואַנציק יאָר, און פּרעטענדירט שוין צו רעוואָלוציאָניזירן די וועלט... אַן אויפמערקזאַמער עקזאַמען, אונטערהעגס, האָט פאַרענדיקט דעם שלעכטן דיאַגנאָז: אַ שמאָלע ברוסט, אַן אויסזען פון אַ סעמינאַריסט און דערצו ברילן! — דאָס איז געווען גענוג — בעת זיי זיינען געגאַנגען צו פוס צום שלאָס, וועלכער האָט זיך געזען פון וויטענס דורך די מאַסיווע טענענבוימער — אַז דער געהילף-שעף פון הויפּט ביוראָ זאָל זיך איבערצייגן אַז די קלאַנגען, וואָס קורסירן וועגן יינגן פאַנסעט זענען נישט זום-באַגרינדעט.

אַ גרויסער אויטאָמאָביל מיט ווייסע, גאָלד-געשטרייפטע פענדלעך, דעם מאַרשאַלס פּריוואַט-אויטאָ, — האָט געוואַרט ביים פּעראָן... דער קאָלאָנעל האָט געדריקט די הענט פון זיינע קאָלעגן, וואָס האָבן זיך צונויפגעקליבן אין באַלקאָן און געוואַרט אויפן אָבפאָרן. פאַנסעט, שטייענדיק ביים אויטאָ איז געוואָרן איבעראַשט, זעענדיק, אַז ער איז דער אָביעקט פון דער אַלגעמיינער אויפמערקזאַמקייט. בלויז די צוויי שאָפערס —

דער באנקיר מערסאָ און העגרי שאַנטעררוי — האָבן אים באטראכט מיט דער גרויסקייט פון פריווילעגירטע, וואָס זיצן אָנגעבלאָזענע אויף זייערע הויכע פלעצער.

— שטייגט איין, מיין הער! האָט באַפוילן אַ שטרענגע שטים.

פאַנסעט, ניט האָבנדיק קיין אַנונג וועגן דעם, וואָס דאָ קומט פאָר, האָט זיך הכנעדיק פארוקט אין אַ ווינקעל פון דער גרויסער קאַרעטע. דער אויטאָ איז געווען איינגעאָרדנט פאַר לענגערע נסיעות, מיט אַ קלאַפּ-טיש, וואַרשיינליך, אויף קאָרטען,— וואָס האָבען אָנגעפילט אַלע שופליאדן, אָדער פאַר שאַמפּאַניער-פלאַשן... וואָס אָנבעלאַנגט די הינטערשטע פלעצער, זיין די לענגליכע טאַבורעטן געווען אַזוי ברייט און באַקוועם, אז דער מאַרשאַל האָט דאָ געקאָנט רוהיק שלאָפן און חלומען וועגן זיינע סטראַטעגישע אָפענזיוועס... ווי קאָמיש האָט אָבער אויסגעזעהן דער קאָלאָנעל מיט זיינע קרומע בליקן! פאַנסעט האָט געהאַט דעם איינדרוק, אַז עפּעס קוקט מען אים כסדר נאָך ווי אַ פאַרדעכטיקן...

ער איז געווען אַזוי צעטומלט, ביז ער האָט לגמרי ניט באַמערקט ווי פאַר זיינע אויגן האָבן זיך פאַרבייגעטראָגן די מיטראַליעזן - פּארקן און דאָס שווערע געווער די לאגערן פון דער נעגר - אינפאַנטעריע, די שווארצע ארמייען, ווי אין דאהאָמיי ; די גאסן פון שטאט, פארוואַנדעלט אין פראָמענאַדן פאר די אָפיצירן. דער אויטא איז אריינגעפארן אונטער א געוועלב.

— מיר זיינען אנגעקומען, האָט א זאג געטאן. דער קאלאנעל.

גייענדיק פארויס האט ער דורכמארשירט איין הויף, דערנאָך אַ צווייטן, דאַן אַ פינצטערע געביידע, ווו די טריט האָבן אָפּגעהילכט אין די קאָרידאָרן. פאַנסעט האָט זיך אויסגעדרייט. צוויי זשאַנדארמן זענען זיי נאָכגעגאנגען.

— וואַרט דאָ אינטער !

דער קאָלאָנעל איז מאָמענטאַל פאַרשוווּנדן...

— וואָס קומט דאָ פאָר ? האָט געקלערט פאַנסעט אויף

איינער פון די טירן איז געווען אַ צעטל מיט אַן׳אויפשריפט: „דאָס צווייטע ביוראָ״... דער אינזשענער איז, אמת נישט גע־ווען שטאַרק באַהאַווענט אין די מיליטערישע סודות. אָבער דאָך האָט ער זיך דערמאָנט אַז בעתן פריערדיקן קריג האָט דאָס דאָזיקע ביוראָ געשפילט אַ זייער צווייפעלהאַפטע ראָל. אויסער דער נאָרמאַלער אויסקונפטס־אַבטיילונג צוזאמען מיטן שפּיאָנאַזש, האָט וועגן איר קורסירט אַ לעגענדע פון געשלאָ־סענע טירן, פון אַ געהיימען טריבונאַל, ווו ריכטער און פּאַר־טייען, די אָפיצירן פון זיין צוזאַמענשטעל, האָבן נישט תמיד געהאַנדלט לויט די רעגעלן פון יושר און אפילו נישט לויט די דינים פון פּשוטער גערעכטיקייט. מיט אַ מיסטרויען, וואָס אָריענטירט זיך נאָך נישט, קודם כּל אין אבסורדן חשד, וועלכן מ׳וואַרפט אויף אים אַרויף, האָט אָבער פאַנסעט מיט אַ שטאַר־קער אומרויקייט געקלערט וועגן דער הפקרותדיקער מאַכט פון יעדן קריגס־געריכט וואָס סאיז לגמרי אומעגלעך אין פרידענס־צייט.

די אויפרעגונג צווישן די מיליטער באַאַמטע איז גע־ווען אומגעהויער שטאַרק. אַ דייטשער לופט־שיף איז — פאַר דער צייט פון קאָלאָנעל לענאַד׳ס ווייַלן אין מאָהיר — גע־פלויגן איבערן ציטאַדעל און האָט עס פאַרשאַטן מיט אַ מבול פון ווייסע צעטלען... ידיעות טענדענציעזע און קודם כּל אומ־גלויבליכע, לויט דער מיינונג פון קאָלאָנעל האַרדי דעם שעף פון ביוראָ נומער צוויי.

וואָס איז אייער מייגונג, לעדאַן? נישט מער און נישט ווייניקער ווי אַ קריגס־קאָמבינאַציע? די דייטשע קאָמוניסטן זאָלן האָבן צושטערט די אייזען־באַן ליניעס. די סאָציאַלדעמאָ־קראַטיע פירט אַן׳אָפענער קאַמף קעגן דער מאָביליזאַציע. פאַל־שע ידיעות פון דייטשן גענעראַל־שטאַב, כּדי אָבצוהאַלטן אונ־זער אָפענסיווע, וואָס גרייט זיך צו צוקלאַפּן דעם שונא מיטן כּח פון איר שוואַרצער אַרמעע און אייער שווערער אַרטילער־יע. לכל הדעות האָב איך געהייסן רעדאַגירן אַ באַריכט פאַרן קאַבינעט פון הער מאַרשאַל.

די טיר האָט זיך ווידער געעפנט.

— אַריין, האָט באַפוילן אַ יונגער לייטענאַנט ... איר בלייבט דאָרט! האָט ער צוגעגעבן זיך ווענדענדיק צו די זשאַנדאַרמען.

פלוצלונג איז פאַנסעט געשטאַנען ביי אַ גרינעם טיש, באַדעקט מיט פאַרשידענע פאַפירן, און דריי אָפיצירן האָבן נישט אָראָפגענומען פון אים די אויגן. ביי די איבעריקע טישלעך אין די ווינקלען פון ווייס געקאַלעכטן זאַל האָבן געאַרבעט גרופן אנדערע אָפיצירן. זיי האָבן זיך כמעט נישט אַרומגעקוקט ווער עס איז אַריין אין צימער. קאַלאנעל לעדאָן האָט זיך געווענדט צו איינעם פון די אָפיצירן, וואָס האָט, ווי עס שיינט, געפירט דעם פאָרזיץ:

— איך גיי, — פאַרגעסט נישט אז דער הער מאַרשאַל גופא פאַרלאַנגט צו זען דעם הער פאַנסעט, נאָכדעם ווי איר וועט אים אויסהערן.

ער איז אַוועק, ענטפערנדיק מיט אַ זייער העפלעכן שמייכל אויף די באגריסונגען פון די שרייבער, וועלכע זענען אויפגעשטאַנען פון זייערע ערטער. דער פאָרזיצער האָט געוואָרפן אויפן יונגן מאַן — אַ סך שאַרפערע און שטרענגערע בליקן ווי פריער לעדאָן.

— איר ווייסט ... הער פאַנסעט ... אין וואָס מ'באַשולדיקט אייך?

— מיך, מיין הער?

— הער קאַלאנעל, זייט אַזוי גוט.

— אַנטשולדיקט, איך האָב נישט געוווּסט וואָס פאַר אַ ראַנג...

דער פאָרזיצער פון צווייטן ביוראָ האָט אַ ווייז געטאָן אויף זיין אַרבעל מיט די שטרייפן.

— אמת, איר זענט קורזיכטיק, ווייניגסטנס אז מ'זאָל נעמען אין באַטראַכטן אייערע ברילן. ער האָט געמאַכט אַ פּויזע. אויב אַזוי צו וואָס טויגן אייך אייגנטלעך די ברילן אַז איר זעט דורך זיי נישט בעסער?

— דער מאַן איז פּאַריקט. מ׳נעמט מיך וואַרשיינליך, און פּאר אנ׳אנדערן... און וואָס באַשולדיקט מען מיר? זיינע גע-דאַנקען טומלען זיך... ס׳מישט זיך אים אין קאָפּ. ייאָס זאָל ער ענטפערן?... ער וואַקעלט זיך.

— א! א! מאכט דער קאָלאָנעל... אויב די דאָזיקע פראַגע זשענירט אייך, וועל איך אייך שטעלן אנ׳אַנדערע. אָבער קודם כל, נעמט נאָר אראָפּ די ברילן. דאָ קאָן מען קיין זאַך באַהאַלטן!... און אָן אייערע פאררויכערטע גלעזער וועט איר גופא אפשר בעסער פארשטיין די קאָנסעקווענצן פון א חוצפהדיקן שווייגן אָדער פון אַנ׳אָפּענעם ליגן.

— אָבער הער קאלאנעל.

— שווייגט! אויף וועמענס באַפעל — איר זענט דאָך אפילו נישט אין מיליטער — אלזאָ אויף וועמענס באַפעל האָט איר אוועקגעפירט קיין ווערדון די דאָזיקע לאַסט-וועגן מיט די גאַז-באָמבעס?

— אויפן באפעל פון הער מיניסטער פּרעזידענט זשאָק-מען!

— דאָס איז עס טאקע!

די דריי אָפיצירן האָבן זיך איבערגעקוקט, קיין שום צווייפל מער!

— איר זענט הייסט עס דערין מודה? האָט געזאָגט דער קאלענעל, פּונקט ווי ער זאָל אויף דעם האָבן געוואַרט.

זיך מודה זיין אין וואָס?... זשול פאנסעט האָט זיך גע-בראָכן דעם מח. ווי אַזוי האָט ער עס זיך געקאָנט פאָרשטעלן אַז זיין געהיימע מיסיע, זיין אומגעריכטע אָנוועזנהייט און מאָ-היר וועט אויסגעטייטשט ווערן אַלס אַ קרימינעלע מאַכינאַציע פון זשאָקמענען? און מ׳איז אים חושד אַז ער איז יענעמס אינסטרומענט, זיין מיטהעלפער?...

דער קאַלאָנעל הארדי האָט אים נישט אפּגעלאָזן:

— אַ באפעל זאָגט איר?... אַ באַפעל... אַ שריפטליכער ניין?... א! א!

איך האָב געהאט אַנ׳אויסווייז פון אוויאַציע ביורא. איך

האָב עס איבערגעגעבן דעם עסקאַדראָן-קאָמאַנדאַנט גלייך נאָך מיין אנקומען.

זאָל זיין אזוי. דאָס איז בנוגע די באָמבעס. און די דריי-דעקערס, וואָס זענען ספעציעל איינגעאָרדערט געוואָרן צום וואַרפן אייערע באָמבעס? אפשר קאָנט איר מיר זאָגן אויב וואָס מען האָט זיי אויך נאָכגעשיקט דעם זעקבן טאָג וואָס מ'האָט אויך טראַנספּאָרטירט קיין מאָהיר? ווייל זיי זענען גע-ווען איינבודזשעט, אַ פאַראויס באַשטימטער אָרט, ווו מ'האָט זיי לויטן מאָביליזאַציע-פּלאַן. געדאַרפט צונויפזאַמלען לויטן פּלאַן וואָס עס האָט אויסגעאַרבעט דאָס פריערדיקע מיניסטעריום פון דע לומען, און וועלכער איז. ווי מיר ווייסן, דורך הער זשאַקמען לגמרי נישט געענדערט געוואָרן...

— ווי מיר שיינט איז עס געווען גאַנץ נאַטירלעך, אַז די דריידעקער זאָלן זיך, אין פאַל פון אַ קריגס-געפאַר, געפונען לעבן אייערע גאַז-באָמבעס.

— איך מוז אייך מעלדן, אַז אייער ענין איז געוואָרן ערנסט, און איר דאַרפט איצט דורך אייער פוילע וויצן נישט פאַר-ערגערן.

זשול פאַנסעט איז אַרויס פון די כלים:

— אָבער זאָגט מיר ענדלעך וועגן וואָס ס'האַנדלט זיך, וואָס ווילט איר, אייגנטלעך, פון מיר?

— איר וועט זיך שוין דערוויסן. און איצט נאָך אַ פראַ-גע: צי איז באמת די ווירקונג פון דער דאָזיקער דערפינדונג אזוי שטאַרק, ווי איר האָט זיך באַרימט?

— ווען איר זאָלט עס צוויי טעג נאָכאַנאַנד באַנוצן וואָלט איר זיך געקאָנט איבערצייגן!

— דאָס אַקציאָן-ביוראָ ווייסט וואָס ס'האָט צו טאָן. פאַרי-געסט נישט אַז איר געפינט זיך אין ביוראָ נומער צוויי, און מיר נויטיקן זיך נישט אין אייערע עצות, אָדער פּראָיעקטן. איר דאַרפט אונז בלויז אָפּגעבן אַ באַריכט וועגן די פאַררעטער וועלכע איר דינט. איר ווערט באַשולדיקט, אַז איר האָט זיך באַטייליקט אין אַ סאָציאַליסטישן קאָמפּלאָט..

פאנסעט האָט אויסגעגלאָצט אַ פּאָר אויגן און איז געבליבן שטיין א פּאַרבלופטער.

— איר האָט לדאַלוטן נישט געהאַט בדעה צו צושטערן די דייטשע שטעט, צו צושמעטערן די דייטשע ארמעע — אייער ציל איז געווען אויפצורייסן די פעסטונג פון ווערדון, צו פארניכטן דעם כח פון פראַנקרייך.

— אנ׳אומדערהערטער שקר! האָט ער געמורמל.

אַ צעטומלטער האָט ער זיך קוים געהאַלטן אויף די פיס. אומווילקירלעך האָט ער זיך אַכאַפּ געטאָן מיט די הענט פאַרן טיש. דער קאָלאָנעל אוןביידע אָפיצירן זענען אויפגעשטאַנען פון די ערטער.

אַזאַ דערשיטערונג איז ווערט מער ווי אַלע באַווייזן... איינער פון די שרייבער איז צוגעשפרונגען צום טיר. באַלד זענען אריין ביידע זשאַנדארמען און דהאָבן ארומגערינגלט פאנסעטן ער האָט זיך ארומגעקוקט — צומישטער ווי אין חלום

דעצודירן ווען דאָס קריגס-געריכט. ביז דאן האָט איר צייט זיך אָנצוקלערן דארט אין קעמערל, זשאַנדארמען, פירט אַוועק דעם אָנגעקלאגטן אין קאבינעט צום דהער מארשאל. איר זענט פאראנטוואָרטלעך.

פאנסענטן האָט זיך שטארק געגלוסט זיי אויסזידלען. שרייען האט זיך אים געוואלט: „אידיאטן, חיות״ אויספאטשען זיי פאר זייער בלינדקייט, נידערטרעכטיקייט. די רעוואָלווערן אין זייערע טאַשן האבן אים אָבער אָפּגעהאלטן פון דער דאָזיקער עובדה... דערצו האט זיך אים געדוכט, אַז אפשר וועט אים נאָך געלינגען דעם מארשאל צו איבערצייגן אַז ער ווערט פאלש באַשולדיקט.

ווידער האָט ער, אין דער באגלייטונג פון די זשאַנדארמען, מאַרשירט איבער די לאַנגע קארידארן, דורכגעשניטן די הויפן און איז צוגעקומען צו אַ פּאָרט, אין וועלכן ס׳האָט געפירט אַ געפאנצערטע טיר... פלוצלונג האָט זיך דערהערט א קנאַק פון אַנ׳אויפרייס, אָבער אזוי שרעקלעך, אזוי נאָנט, אַז ביידע זשאַנדארמן זענען פארציטערטע געבליבן שטיין און אנגעהויבן קוקן

אײנער אויפן אנדערן... דײטשע אַעראָפּלאַנען ? אַ מבול פֿון
פײער ? פּאַנסעט האט געהויבן די פויסטן : זײנע דרײדעקער
שטײען דארט אינטן אָן שום נוצן !...

אין דעם מאָמענט האָבן זיך אלאָז געטאָן איבערן הויף
צום ארײנגאַנג אין די קאזארמעס, מיט קולות און געוואַלדן,
אַ גאַנצע גרופּע מענטשן : יונגע און אלטע. אין פאַרשידענע
מונדירן, מיט צושראָקענע פּנימער. צונויפגעדרײטע רוקענס און
אײנגעבויגענע קעפּ. די בײדע זשאַנדאַרמען, נישט געקוקט אויף
דער געפאר, האָבן זיך נישט גערירט פון ארט : זײ האבן דער-
זען צווישן די אנטלויפענדיקע דעם מאַרשאלס אוניפאָרם און
זײן גאלד-געשטרײפטע היטל. צוזאמען מיט נאָך איז ער באלד
פארשוואונדן אינטער דער געפאַנצערטער טיר פון פארט.

ס'איז געווען די העכסטע צײט. דאס קנאקן האט זיך דער-
נעטערט און עס האָט זיך דערנעטערט דאס מעכטיקע ברויזן
פון די מאָטאָרס. אַ פלאַם-פײער האָט זיך געטראָגן אין דער
הויך, די באָמבעס האָבן — ווי עס זעט אויס — אויפגעריסן
לעבן דער קירך... קולות, געשרײען, אַ ווידערליכער גערוך. . .
דער אינסטינקט פון זעלבסט דערהאַלטונג האָט אויך פאַרכאַפּט
פּאַנסעטן. ער האָט זיך אַרויסגעריסן, געלאָזן לויפן. אָבער אײן
נער פון די זשאַנדאַרמען האָט אינסטינקטיוו ארויסגעכאַפּט זײן
רעוואָלווער, אים נאָכגעשאָסן און אַוועקגעלײגט אַ טויטן אויפן
אָרט- ער איז געפאלן ווי אַ דערשאָסענער האָז. און אויפן
וועג, ווו דער הער מארשאל האָט נאָר וואָס געמאַכט זײן
היגיעניש שפּאַצירגאנג, ליגט אַ טויטער קערפּער. און אויף איב
פאלט א באָמבע, דער פײער פלאַקערט אויף מיט אַזאַ קראפט,
אַז ער כאַפּט אַרום די דעכער פון די דערבײאיקע בנינים,
וואָס באַגראָבן אונטער זײערע חורבות די צווײ געטרײע זשאַנ-
דארמען . . .

אָבער צוואַנציק מעטער אונטער דער ערד זיצט דער
הער מאַרשאַל פאַרשטיקט אין די נײע קעלערן, וואָס זענען
אויסגעהאקט געוואָרן אין די פעלזן, און ארום אים די הויפט
אָפיצירן און זײנע נאָנסטע לײטענאַנטען. זײ זענען געווינט

פאר אים צו טראַכטן אָבער אין דעם איצטיקן מאָמענט איז די עמאָציע, די איבעראַשונג אַזוי שטאַרק, אַז קיינער טראַכט בכלל נישט. אָדער בעסער אַלע זענען פאַרנומען מיט איין געדאַנק. וועט און ווי אַזוי וועט זיך עס ענדיקן? לעת עתה פֿילט מען זיך זיכער אונטערן דיקן דאַך און די צעמענט־ווענט פון דער דאַזיקער באַהעלטעניש.

קיינער פון דעם דאָזיקן עולם, ס׳רוב כלומרשט נישט קיין פּרהדנים, וואָס האָבן געקוקט אויפן טויט ווי אויף אַ פּראָפעסיאָנעלער ריזיקע אויף מאַכן געשעפט, האָט זיך איצט נישט געשעמט אַרויסצווייזן אַז דער שרעק האָט אים ממש פּאַראַליזירט ביזן מאַרך פון די ביינער. דער קריג האָט נישט בלויז געענדערט די פּאָרמען, נאָר אויך געשאַפן אַ נייעם אַרט דענקען. דער פּאַרנעם פון זיינע קאַטאַסטראָפן דערגייט ביז צום איבערמענטשליכן און רופט אַרויס אַ מין הייליקן שרעק, איבערהויפּט ביי די פּריווילעגירטע קעסט־קינדער, וואָס זענען נישט צוגעווינט צו די אומבאַקוועמליכקייטן פון אַזאַ ריזיקע.

דער הער מאַרשאַל קאָן צו זיך נישט קומען... זיין איפּערגונג וואַקסט פון מינוט... וואו זענען אייגענטלעך, די אָנפּאַלער, די צעווילדעוועטע דייטשע סאָלדאַטן, לויט די לעצטע ידיעות גייט איבער די מאַכט אין אַנדערע הענט — אָדער די רעגעלמעסיקע אַרמעע... לכל הדעות איז אַזאַ אַטענטאַט, פון וועלכער זייט ער זאָל נישט קומען, אַ מיאוסע עובדה. אויב מ׳באַפאַלט די הויפּט קוואַרטיר פון גענעראַל־שטאַב, דאַמאָלט הערט שוין אויף אַלץ. ווו זאָל מען זיך איצט אַהינטאָן?

דער קריג וועט ווערן אומגעגלעך, אויב מ׳וועט זיך נישט האַלטן ביי די רעגעלן פון שפּיל.

# 7

סילוועסטרע זיצט אויף די מעך-באנק אין שאָטן פון דער סיקאָמאָרע. זי האָט אראָפּגענומען דעם באנדאזש, וואָס האָט איר ממש אנטשטעלט. פון איר באהעלטעניש קוקט זי ארויס אויפן פּאריזער וועג, אפשר וועט זי דערזען זשאָרזשיס אויטאָמאָביל וואָס דארף ברענגען אניקן. זי הייבט אירע בליקן צום הימל, ווו ס׳טראָגן זיך מיט דער גאנצער קראפט פארשיידענארטיקע אעראָפּלאנען, אָבער קלוידס אמפּיבע וועט זיך נישט צווישן זיי... בלאָנשעט שטייט א שטארק אויפגערעגטער הינטער זיין טאָכטער :

— וואָס איז מיט זיי געשען ?

סילוועסטרע שאקעלט טרויריק מיטן קאָפּ :ביידען האָט זי זיי געזען מיטאָג-צייט, אניקן אויפן ראספּאיל בולוואר, קלוידן א ווײַלע פריער אין „הויז פאר אלע״, פון וואנען אנ׳ארבעטער האט אים אוועקגערופן...

די דרוקעריי אין בעלעווילע איז אקופּירט דורך א גרופּע אנאמיטן. זי איז געשלאָסן און באוואכט... נאָך די אפּישן האָט מען זיך דערויף געקאָנט ריכטן... ער איז אָפּגעפאָרען אין זיין אמפּיבע צוזאמען מיט יענעם מאן און האָט אונז נאָך געזאָגט: „פּאָרט צוריק קיין ווערסאיל, איך וועל זיך באמיען אין פארלויף פון אָוונט אהין צו קומען... וואָס אָנבאלאנגט אניקן, זאָג איך דיר גאכאמאָל, איז כאָטש נאָך קלויד׳ס אָבפאָרן איז מען אונז געקומען איבערגעבן, אז זיי זענען ביידע אין געפאר האָט

זי דוקא געוואָלט פֿאָרן צו זיך אַהיים און דאָרט בלייבן אַ ווײַלע אָן מיר, עפּעס האָט זי דאָרט פּאַפּירן וואָס זי דאַרף ברענגען אין אָרדנונג...

איך מיין אָבער, אַז זי האָט געוואָלט בלייבן אַ קורצע צייט אַליין מיט איר פֿאַרצווייפֿלונג, און אירע דערינערונגען.. אָ! וועגן איר בין איך רויק... זי האָט דעם אויטאָ אין דעם קליינעם רישא. אָבער קלויד!...

זי האָט זיך געקלאַמערט אָן איר געדאַנק ווי אַ גימנאַסט אָן אַ באַוועגליכען טראַפּעז איבער אַן׳אָפּגרונט... קוים פֿאַרלירט זי דעם אָנהאַלט, גייט זי צו גרונד! מיט אַלע קרעפֿטן האָט זי זיך געהאַלטן אָן דער דאָזיקער צווייפֿלהאַפֿטער שטיצע פֿון איר עקזיסטענץ... זינט ביי קלוידן האָט זיך אין שטורם פֿון די אומגליקן אַרויסגעריסן יענער געשטענדניש, זינט אַניקע האָט מיט איר מוטערליכן ווילן פֿאַרפֿעסטיקט די דאָזיקע פֿאַראייניקונג, האָט סילוועסטרע צוזאַמען מיט איר גראַנדיזער אויפֿגאַבע אויך פֿאָראויס געזען די מעגליכקייט פֿון אַ גליקלעכער צוקונפֿט.

זי האָט זיך פֿאַר איר געעפֿנט ווי אַן׳אומבאַקאַנט לאַנד, ווי אַ לאַנד וועגן וועלכער זי האָט געחלומט זינט דעם ערשטן דערוואַכן פֿון איר יוגענט. אַ הימל האָט זיך פֿאַר איר געעפֿנט מיט אַ מיסטעריעזן רייך, זינט זי האָט אויף אירע ליפּן דערשפּירט דעם פֿייער פֿון זיין קוש, — פֿון קלוידס אומגעלימפּערטן קוש, אין אַ אָוונט ווען זי איז געקומען פֿון עגיפּטן . . . די שטונדן זענען געלאָפֿן. קיינער ווייזט זיך נישט . . .

ערשט שפּעט נאָכמיטאָג איז געקומען אַניקע. איר ערשטעס וואָרט איז געווען זיך צו אינפֿאָרמירן וועגן קלוידן זי האָט זיך וועגן אים געשראָקן נישט ווייניקער פֿון סילוועסטרן. די אָוונט־צייטונגען זענען געווען פֿיל מיט אומקלאָרע סתירות־דיקע ידיעות, וועלכע האָבן לגמרי נישט אָפּגעשוואַכט זייער אומרויִקייט. וואָס פֿאַר אַ באַדייטונג האָט דאָס באָמבאַרדירן די הויפּט־קוואַרטיר דורך די דייטשע סאָציאַליסטן, דער וואַקסענדער פֿאָלקס־אויפֿשטאַנד אין בערלין, אויב די פּאַריזער רעגירונג

איז אנטשלאָסן פאַר יעדן פרייז דורכצופירן דעם נאַציאָנאַלן קריג און צו ענטפערן אויף דער דייטשער פּראָוואָקאַציע קעגן דעם גענעראַל-שטאַב, אויפן ווערדונגער אָנפאַל, אויף דער פאַר־ביכטונג פון שטראַסבורג נישט אַנדערש ווי מיטן מאָביליזירן דאָס גאַנצע פראַנצויזישע פאָלק, מיט דער אָנשטרענגונג פון אַלע פאָלקס-קרעפטן ?

צום ערשטן מאָל אין לעבן האָט אַניקע אָנגעהויבן צו צווייפלען אין זיג פון איר אַרבעט. זי האָט געזען קלוידן פאַלענדיק נאָכן פאַטער אַלס קרבן — אפשר גאָר אָן שום נוצן — פאַרן פּרינציפּ פון „נישט-געוואַלט", וואָס די פאַר־שקלאַפטע מאַסן זענען נאָך גאָר נישט פעיק צו פאַרשטיין זיין סובערענע קראַפט. אפשר איז טאַקע וויערא סעלענאַסק געווען גערעכט? רעזיגנאַציע איז אַ סך אַ לייכטערער וועג ווי רעוואָ־לוציע. אפשר וועט מען זיך אויף סניי אַרונטערלייגן אינטערן אייזערנעם אָפּצאַס פון באַגילטן שטיוועל, ווידער זיך אונטער וואַרפן דער אייביקער פאַרשקלאַפונג?

אומזיסט האָט העבר בלאַנזשעט דעם גאַנצן לאַנגן טאָג און נאָכן טרויעריקן אָוונט-ברויט געזוכט פאַרשידענע מאָטיוון צו דערקלערן קלוידס אָבוועזנהייט... פּלוצלינג האָט זיך דערהערט אין דרויסן אַ קלינג, און אַלע זענען געוואָרן אויפגערעגטע.

— דאָס קלינגט מען ביי דער גרויסער טיר, האָט אַ זאָג געטאָן העבר בלאַנזשעט. גיי טו אַ קוק, נאַנע.

אָבער די ביידע פרויען זענען שוין געווען אין דרויסן. גלייך זענען זיי אַריין צוריק, עטוואָס באַרויקט, און דער פּראָ־פעסאָר, זיך האַלטנדיק קוים אויף די פיס, איז זיי אַנטקעגנ־געלאָפן. די קליינע מירא, אַ פאַרסאָפּעטע, האָט זיי איבערגעגע־בן, אַז קלויד באַהאַלט זיך ביי זיי אין שטוב.

ער איז נאָך דער אַרבעטס-צייט געקומען אין פאַבריק און געשיקט איר זיי אָנזאָגן, ער וואַרט אויף זיי.

בלאַנשעט האָט דורכאויס געוואָלט מיטגיין זיך זען מיט קלוידן, זיי האָבן אים אָבער אָבגעהאַלטן.

— אין פאַל אויב מ׳קומט אים אַרעסטירן, איז בעסער

דו זאָלסט זיין אין דער היים, האָט אים סילוועסטרע דערקלערט. זי איז איינגעשטיגן אין אויטאָ, אַניקע האָט איר שרעקלעך געאיילט, נישט קוקנדיק אויפן אומגעהויער שנעלן פאָרן האָט זיך איר געדוכט, אַז ס׳איז נישט גענוג גיך. לואיזע מירא און דער קליינער רישאַ אויף די אינטערעסאַנטע פּלעצער האָבן פיבערהאַפט איבערגעגעבן וועגן די לעצטע געשעענישן. ביידע האָבן זיי בלויז געהאַט איין געמיינזאַמען פאַרלאַנג: ראַטעווען קלוידן.

קלויד האָט איבערגעלעבט אַ שווערן טאָג. נאָך אַ טראַגישן ליידנשאַפטלעכן שפּיל אין באַהעלטעניש איז אים ענדלעך — נישט אָן גרויסע שוועריקייטן — געלונגען זיך אויסצודרייען פון זיינע פאַרפאָלגער, זיך זען מיט עטלעכע סאָציאַליסטישע פירער, וואָס האָבן אַרויסגעזאָגט זייער האָפענונג וועגן אַנערפאָלגרייכן סוף — און זיך אָפּטראָגן קיין טשעסנוי, אין דער איבערצייגונג אַז דאָרט — אויב די פאַבריק געפינט זיך נאָך נישט אין די הענט פון שונא, וועט ער קאָנען רויק פאַרברענגען זיין לעצטע פרייע נאַכט. אַניקע און סילוועסטרע מוזן דעריבער אַהער קומען. ווייל אין ווערסאַיל, אין „פּרוויען־הויז" שטייט ער פאַר דער געפאַר פאַר דער צייט אַריינצופאַלן אין די פיינדלעכע הענט.

כדי צוצוגעבן דעם דאָזיקן צוגעטראַכטן אַקט די געהעריקע וויכטיקייט, האָט ער באַשלאָסן זיך איינצושטעלן אין דער קאַזאַרמע פון שאַטאָ־ד׳ניאַר אויף דעם אופן, וועט זיין אָפּזאָגן זיך פון דינסט מאַכן דעם נויטיקן איינדרוק, וואָס ער וועט נישט דערגרייכן, אויב ער וועט זיך לאָזן פריער אַרעסטירן...

מירא איז פונקט געשטאַנען אויף דער וואַך. דערזעענדיק קלוידן דורך די אָפענע ביוראָ־פענצטער איז ער אים אַנטקעגן געלאָפן מיט די הענט אין דער הויך:

— א! הער קלויד! וואָס פאַר אַ גליק!... איר זענט דאָ פריש און געזונט...

— ווי דו זעסט, מירא...

— איך האָב אייך היינט אַרומגעזוכט דעם גאַנצן נאַכ־

מיטאָג. דאָ זענען פאָרגעקומען נייעס, פון נעכטן פרי, זינט איך האָב אייך ניט געזען!

אויף מאָרגן נאָכן אטענטאט האט דער מייסטער־געהילף צוזאמען מיט זיין טאָכטער אוועקגעטראגן אויף ראספאיל־בולוואר די באַשיידענע בלומען פון זייער גאָרטן, די ערשטע נאָר־ציסן...

— דאס וועסטו מיר אָלץ שפּעטער דערציילן, טעלעפאניר קודם כל צו דיין טאָכטער, זי זאָל די מינוט איבערגעבן מיין מוטער, ביי הער בלאנשעט, אַז איך בין דאָ, און וואַרט אויף זיי. גוט, איצט שיק נאָך דיין געהילף, וואָס דאַרף דיך פאַר־בייטן... זאָל ער גלייך פאַרנעמען דיין פּלאַץ! און דערווייל קום לאָמיר גיין!

— צו דעם גלויבסט איר, אַז מ׳וועט קומען אַהער אייך זוכן, הער קלויד? זאָלן זיי נאָר פּרוּוון, די אויסוואורפן, מיר וועלן זיי ווייזן...

— ניין מירא. לעת עתה נאָך אַן געוואַלט! און איצט וואָס הערט זיך נייעס?

— א! האָט מירא אַ זאָג געטאָן, אַ צוקאכטער. ניט גע־קוקט אויף מיין גאַנצער אַרבעט, זענען נאָך קודם כל פאַראַן זייער פיל אַזעלכע וואָס וועלן מיטמאַכן די דאַזיקע שווינערייען פון קריג! איבערהויפּט די יוגנט. זיי הייסן פון גאָרנישט און האַלטן עס פאַר אַ מין ספּאָרט! זיי מיינען, אַז אונטערוועגס וועט זיי געלונגען וואס ס׳איז אַראָפּצוכאַפּן... אָ! ניט נאָר קיין פינף יאָר, אַפילו קיין פינף חדשים וועלן זיי אויך ניט אויסהאַלטן...

— דאס מאָל, מירא, איז עס ניט קיין פראגע פון מאָ־נאטן, אַפילו ניט פון טעג, נאָר בלויז פון שטונדן. יעדע מי־נוט איז רייך מיט אומגעריכטע מעגליכקייטן. ווען אַלע אַרבע־טער וואָלטן פאַרשטאַנען זייער פליכט...

— זייט זיכער, הער קלויד, אַז ווען דאָס זאָל זיין אָפּ־הענגיק פון מיר!... אָט איז, למשל, היינט געקומען דער הער לורמאַל. ער האָט לגמרי געביטן דעם טאָן, דער אויסוואורף

זינט ער האָט באַקומען פון קריגס מיניסטעריום אַ באַשטעלונג
אויף אַ מ ליאָן גראַנאַטן... פונקט ווי מ'זאל זיך נאָך ריכטן אויף
טראַנשייען! באריקאדן, יא, וועלן זיין אַ סך!... ער האט אונז
אלע מייסטערס, צוזאמען גערופן און באפוילן פונאנדער צונעמען
אַ טייל פון די מאַשינען, ווי ס'גייט וועט מען מארגן אהער־
ברענגען אנדערע פארטיקע ... אפשר גאר דייטשע! א מאשין
נישט אמת, איז געלט און האט נישט קיין פאטערלאנד!...

ער האט נישט געקאנט ענדיקן זיין געשפרעך, דער
שווינדלער!... דערנאָך האָט ער זיך אָפּגעטראָגן עצהנדיק, אז
מיר זאלן זיך איבערשלאפן וועלן מיר קלוגער ווערן און מארגן
וועט ער ווידער קומען און דוקא מיט אזעלכע סיורפריזן, וואס
וועלן אונז לערנען שכל, ארייננהאַקן אין די קעפ... זאל ער
נאר קומען מיט זיינע שווארצע מחנות.

מיר וועלן זיי מאַכן א שיינעם קבלת־פנים! מ'כח דעם
רעדט מען גאַנץ שטאַרק אין דער ארבעטער־שטאדט... דער
יונגער עולם איז שוין אפילו געווען גרייט היינט אין אוונט
זיך צו לאזן אין וועג אריין אייך אויפצוזוכן, און אויב סוועט
נויטיק זיין, צו באשיצן!...

זיי זענען צוגעקומען צו די ערשטע הייזלעך פון דער
ארבעטער־שטאדט. קלוידן האט מען ארומגערינגלט, שטארק זיך
מיט אים געפרייט... אויב זיין קאטעכיזם פון מילדקייט דהאט
נישט דערפרייט אלע הערצער ביז צו דער הויך פון אַ קאַלט־
בלוטיקער אָבנעגאַציע, האָט ער אָבער לפּחות אַרויסגערופן די
גרעסטע אכטונג צו די אַפּאָסטאלן, ווי נאָר מ'האָט זיך דער־
ווּסט, אַז ער ווערט פאַרפאָלגט און איז געקומען זוכן אַ צו־
פלוכטס־אָרט אין פאַבריק, אַז מאָרגן האָט ער באַשלאָסן זיך
וואַרפן אין געפאַר און — גלייכצייטיק מיט אַלע יונגע אָנהענגער
פון דער ליבע רעליגיאָן — אַרויסצוטרעטן אין אַנ'אָפענעם
דעצידירנדן קאַמף, איז די אויפרעגונג געוואַקסן פון מינוט.
מיראַ האָט רעזומירט די אַלגעמיינע שטימונגען: „מאָרגן פאַר־
זאַמלען זיך אַלע אויפן מזרח־וואקזאל; קודם כל וועט מען משלח
זיין דעם גראַנאַטן - שיבער און זיין סוויטע!... דאָס איז א

קליינִיקײט. ס'וועט זיך לייכט לאָזן מאַכן, ער זאָל נאָר נישט קומען מיט קיין קאַנאָנען!...

קלויד, טויט מיד, האָט פון פאַרטאָג אָן נאָך דער טאַסע קאַווע אין קנייפּע, קיין ביסען אין מויל ניט געהאַט. איצט האָט ער עפּעס צוגעביסן און מיט דער גרעסטער אומגעדולד געוואַרט אויף אַניקעס און סילוועסטרעס קומען... ענדליך זענען ויי אָנגעפאָרן. די פאַמיליע מירא האָבן זיי געלאָזן אַליין אין עס־צימער און זיך אַריינגעלאָזן אין אַ שמועס מיט לואיזן און רישאַן, וועלכע זענען געווען שטאָלץ צו דערציילן אַן'איבעריקן מאָל, מיט זייערע אייגענאַרטיקע הוספות, וועגן די פּלוצלינגע געשעענישן, אין וועלכע זיי האָבן געשפּילט אַ געוויסע ראָלע.

די ביידע פרויען האָבן קלוידן אַרומגענומען און אָנגעהויבן פיבערהאַפט צו ריידן. זיי האָבן איבערגעגעבן איינער דעם אַנדערן די לעצטע ידיעות, בעהאַלטן זייער מורא און זיך באַמיט ניט צו פאַרלירן דעם מוט, אָבער באַלד זענען זיי אַלע געבליבן אָן ווערטער, זיי האָבן זיך נאָך, אמת, געהאַט אַ סך וואָס צו זאָגן, אָבער יעדער האָט באַהאַלטן ביי זיך זיינע ליידן. ס'איז געווען אַ מין שטילקייט. אין וועלכער ס'האָבן געקלאַפּט זייערע דריי הערצער, אין מיסטעריום פון זייער שיקזאַל...

מיטן געמיינזאַמען ווילן דורכצוהאַלטן ביזן סוף האָבן זיי איצט געגאַסן פון גליק צו זיין צוזאַמען, אפשר טאַקע דאָס לעצטע מאָל אין זייער לעבן. ווען ניט ווען זענען געפאַלן אַ פּאָר ווערטער, און יעדער פון זיי איז געווען פאַרזונקען אין זיינע פינסטערע געדאַנקען.

קלויד האָט געשפּירט, אַז סילוועסטרע איז מער ניט בכח צו באַהערשן איר אויפרעגונג און האָט איר אָנגעקוקט מיט אַ לאַנגן, לאַנגן בליק ווי ער זאָל וועלן איבערגיסן אין איר אַ טייל פון זיין קראַפט, איצט טאַרן זיי דעם מוט ניט פאַרלירן ער האָט אַ רוף געטאָן דעם קליינעם רישאַ. „קורבעל אָן, דו וועסט פירן.” נאָכדעם ווי ער האָט איין מאָל און נאָכאַמאָל ביידן אַרומגענומען, האָט ער צערטליך פריהער אַניקן און דער־

נאָך סילוועסטרן אַריינגעזעצט אין אויטאָ, און אַז ער האָט געזען בײדן זיצן זיך האַלטנדיק פאַר די הענט, די פאַרצווייפלטע געזיכטער געווענט צו אים, האָט ער אַ זאָג געטאָן צום קליינעם:

— פאָר!

אויסגעלאָשן די לאָמפּן, האָט זיך דער אויטאָ אַ לאָז געטאָן. זיי זענען פאַרשוווּנדן אין דער פינסטערער נאַכט.

---

5

וועלכער טאָג איז היינט? קלויד ווייסט עס נישט. וועלכע שפה מערקט אָן דער שווארצע ווייזער אויפן זון-זייגער? ער האָט קיין אנונג נישט. פון ביי-פלאַץ זעט ער קוים די ציפער-בלאט וואָס ווערט כסדר פינצטערער. ער קוקט דורכן פענצטער פון וואגאָן און זעט כסדר קעפ לענגאויס דעם גאַנצן צוג וואָס פירט זיי אַוועק... דער בהמות-צוג, וואָס שטייט דאָ לעבן אנדערע צוגן, אַלע פול געפאַקט, אונטער דער גרויסער האלע פון מזרח-וואָקזאַל. דער פעראָן ווימעלט פון גאַנצע מחנות מאָביליזירטע, פון עלטערן דערשלאָגענע אָדער שטאַרק אויפגערעגטע, פון צעווילדעוועטע רעקרוטן און שוואכע זעלנער, די שוואַרצע מיט זייערע באיאנעטן באנדער קאנאָנען, וואָס קוקן זיך צו שצירנדיק די ציין צום זעלבסטמאָרד פון דער ציוויליזאַציע.

די ציפער-בלאט פון פנוימאטישן זייגער — מיט אַ סעקונדע צוריק נאָך פינצטער — איז ביסלאכווייז געוואָרן ליכטיק. איצט האָט מען געזען די שטונדן. ס'איז פונקט זיבן. מאָמענטאל האָט אויפגעפלאַמט די עלעקטרישע באלויכטונג פון גאנצן באן-הויף. רויטע פונקטן אין פארנעפעלטן טונקעל...

אין קלוידס נשמה איז געווען ליכטיק. קומענדיק אין דער פרי אין קאזארמע, האָט ער גלייך געמערקט, אַז קיינער האָט זיך דאָ אויף אים נישט געריכט. נאָך אַ לאַנגער טעלע-

פאנערײ אין פאַרשידענע אינסטאַנצן — העכער א שעה איז ער אָפּגעזעסן אין קלײנעם צימער פון אדיוטאנט — האָט מען אים אַרײַנגעפירט צו די אַלע אנדערע. ער האָט געשפּירט, אַז מ׳האָט איט שטארק אויפן אויג. ער האָט זיך געזאָגט: זײ האָבן נישט די חוצפּה מיך גלײך אָפּצורוימען װי מײן פאָטער, זײ װעלן עס מאַכן אויפן פּראָנט! ער גופא װאַרט, װיל צו־גרײטן דעם באָדן, כּדי דאָס װאָס ער װעט פאַרזײען, זאָל ברענגען די געהעריקע רעװאָלוציאָנערע פּרוכט. מאָסן און אײ־בונגס־לאַגער. נאָכדעם װי די דאָזיקע אומבאַקאַנטע װעלן װערן זײַנע פרײנט. װעט ער זאָגן דעם אָפיציר, װאָס איז דאָ דער קאָפּ, די דאָזיקע װערטער, װאָס װעלן זיכער געפינען אין די נשמות פון די אַלע איבעריקע אַ טיפן אָפּקלאַנג. ער גרײט זײ צו, ער שטודירט זײ אײַן.

דעם גאַנצן טאָג האָט ער כּסדר געמאַכט פּרוװן. װי ס׳איז נאָר מעגלעך געװען. ס׳איז געװען אַ מאָמענט, טאַקע אַט נאָר װאָס, און ער האָט שיעור נישט אויסגעשריגן, בעת מ׳האָט זײ אַלע װי בהמות אַרײַנגעפּאַקט אין די שטינקנדיקע װאַגאָנעס... אָבער נײן! נישט אומזיסט װעט ער זיך מקריב זײַן!

איצט קלערט ער װעגן נעכטיקן געזעגענען זיך, װעגן די טײַערע געזיכטער, װאָס זענען פאַרשװוּנדן אין דער פינצטער־ניש, װעגן זײער שמערצליכן אויסדרוק. אָבער נײן, ער װיל נישט און טאָר איצט דעם מוט נישט פאַרלירן! און טרויעריק טרײַבט ער איצט אָפּ זײער בילד אין דעם מאָמענט גופא, װוּ אַניקע און סילװעסטרע, געטריבן דורך אַן׳ד העכערן אינסטינקט, דורכגעדרינגען פון זײער ליבע, קומען אים באַפרײַען אין דער שפּיץ פון די טויזנטער פּרויען און מאַמעס.

אַניקע האָט זיך תּיכּף דערװוּסט אין װעלכער שעה און פון װעלכן באַנהויף קלויד װעט אָבפּאָרן. סילװעסטרע איז אַלײן אװעק אין קאַזאַרמע און דורך די קראַטן, צוזאַמען מיט די פאַרצװײפלטע װײַבער, געליבטע און שװעסטער. האָט זי זיך אויסגעפרעגט בײַ אַ גוטמוטיקן אונטער־אָפיציר,

באַלד האָט זי אויך געפונען אניקן און צוזאַמען מיט איר נישט געקוקט אויף דער געפאַר. אַוועק אין פרויען־הויז. דאָרט האָבן זיי אָרגאַניזירט די אַרבעט און פאַרשפרייט די פלוג בלעטער, וואָס זיי איז געלונגען נעכטן צו דרוקן און דאַקטילאָגראַפירן. דער אמת אין עטליכע שורות, די לעצטע ידיעות וועגן אויפשטאַנד אין מינכן, פראַנקפורט און דרעזדן. חיטעלסבאך דערשאָסן... דער פראַנצויזישער און דייטשער גענע־ראַל-שטאַב גלייכצייטיק באַמבאַרדירט דורך די סאָציאַליסטן פון דייטשן רייך...

זיי האָבן צוטיילט אויף צוויי גרופן די הונדערטער פרוי־ען, וואָס האָבן זיך דאָ פאַרזאַמלט, דורכגעדרונגען מיט אַ שטאַרקן ווילן און אומדערשיטערליכן מוט און מאַרש! איין טייל צום צפון — דער צווייטער צום מזרח-וואָקזאַל. אויף די גאַסן זע־נען די דאָזיקע גרופן פון מינוט אויסגעוואָקסן און אַנ׳אומגע־הייערע מאַכט.

אין דער ערשטער רייע פון הויפט-צוג, מאַרשירן אניקע און סילוועסטרע. זיי גייען מיט אויפגעהויבענע קעפ, זינגענדיק דעם אינטערנאַציאָנאַל. מיט אַווילדער גרויסקייט, מיט אַ רע־ליגיעזער התלהבות קלינגט דער הימן פון רעוואָלוציע, פון מענטש־ליכע האָפענונגען. רייסן זיך אַרויס לעבנסלוסטיקע טענער פון די שוואַכע פרויען־העלזער, ווערן אויפגעכאַפט און הילכן אָפּ אין גראַנדיעזן כאָר.

די פּאָליציסטן זענען צוטומלט און טרעטן אָפּ דעם וועג. פאַרבייגייענדיקע מענער שליסן זיך אָן דעם צוג, אַ גרופּע סענע־גאַלעזן, וואָס וויל פאַרשטעלן דעם וועג ווערט צוריקגעשטויסן. דער צוג, אַרום וועלכן די מענטשן מאַסן וואַקסן פון מינוט, מאַרשירט לאַנגזאַם, שטעלט זיך אָבער נישט אָפּ!

אַניקע און סילוועסטרע זענען מיט זייערע באַגייסטערטע אויגן בלויז דאָס ענד-ציל. אַרום זיי קערפּערס, קעפּ, גרויע האָר פון זקנים, צושויבערטע האָר פון פרויען און דינסט-מייד־לעך, עלעגאַנטע היט פון בורזשואַזע דאַמען, און וואָכ נענטער מ׳קומט צו, זעט מען אַלץ מער פנימער. פול האַס, שרעק

תחנונים... ס'רוב ארעמע לייט, הויט און ביינער, קוקן מיט טרויעריקע אויגן וואָס זעען גאָר נישט.

— פלאַץ! מאַכט פלאַץ! שרייט מען. מ'שטופט זיך, מ'האַקט מיט די עלענבויגנס אין די זייטן, אין רוקן. די מענטשן מאַסן אויפן בולוואַר, געדיכט ניט אַדורך צו גיין, טרעטן אָפּ דעם וועג. ביים וויברירן פון די סטראָפן, ביים קלאַנג פון דער־האַבנעם הימן, שפּירט יעדער איינער, אַפילו דער פּאַרטעמפּ־טסטער דעם הייליקן ציטער אין זיין טיפסטן אינערן, וואָס איז געווען פאַרטויבט דורך די פאַרשיידנע שטערונגען, קאַמפן און בויטוועדיקייטן, וואָס ס'האָט אָבער אין דעם מאָמענט פּלוצלונג אויפגעוואַכט; אַנ'הימלישע ליכטיקייט, אַ שטראַל פון האָפענונג, אַ שווונג צו צובערעכן די קייטן. די דעמאָסטראַנטן אין די מחנות צושויער גייען כסדר פאָרויס.

די נייגיר וואַקסט און צוזאַמען מיט איר די מענטשן־מאַסן. איינציקע פרויען רייסן זיך דורך נעגטער, קוקן זיך צו צו די, וואָס פירן אָן מיטן צוג, זיך איבערצייגן, צו זענען זיי פון זעלבן פלייש און בלוט ווי אַלע איבעריקע, אַנדערע ווידער, וועלכע האָבן לגמרי קיין אַנונג נישט וועגן וואָס דאָ האַנדעלט זיך, שליסן זיך סתם אָן, ווי דאָס דאָזיקע ביישפּיל זאָל אין זיי האָבן אויפגעוועקט אַ שלומרדיקע קראַפט, אַ קראַפט דורכ־צופירן א נייע, גראַנדיעזע מיסיע. עקזאַלטירט, דורכגעדרונגן מיט אַ שטאַרקן ווילן האָט די דאָזיקע מענטשן מאסע האַסטיק גע־שטרוימט צום באַנהויף צו.

די בעאַמטע האָבן זיך נישט געקאָנט קיין עצה געבן, דער צוג האָט זיך ווי אויפגעלייזט אין דער דאָזיקער מחנה. אַניקע האָט זיך אָבער אויף קיין מאָמענט נישט פאַרלוירן. טראָגענדיק הויך די פאָן פון באַפרייאונג, האָט זי באַגייסטערט צוגעפירט די מאַניפעסטאַנטן צום אָנגעמערקטן ציל: — צו די צוגן.

דער געזאַנג איז שטיל געוואָרן. ס'האָט זיך בלויז געהערט אַנ'אומגעהויערער טומל, אַ מישמאַש פון שטומפן, קולות און גע־שרייען. מאָמענטאַל האָבן די פראָפּאַגאַנדיסטינס פון פרויען־הויז אומערמידליך פאַרטיילט זייערע פלוגבלעטלעך, וואָס זענען געווען

צו ווייניק פאַר דער אומגעהויערער גרויסער מאַסע אויסגעשטרעקטע הענט. אויפן פלאַטפאָרמע צווישן די צוגן האָט אַניקע אַ מאָמענט זיך געוואַקלט. אין וועלכן פון די דאָזיקע משא-צוגן, אָנגעלאָדן מיט האַרמאַטן-פלייש געפינט זיך קלויד? פלוצלונג האָט זיך איר געדוכט, אַז עפּעס ציט איר צו זיך אַ מיסטישער ליבהאָבער.

זי איז אַוועק גלייך.

סילוועסטרע, געטראָגן דורך די מענטשן-כוואַליעס אָן דער שפּיץ פון קאָנוואָי. האָט די ערשטע דערזען קלוידן. ווי צען אַנדערע האָט ער זיך געשפּאַרט אין טיר פון וואַגאָן, וואָס איז געווען שטאַרק באַוואַכט. צי האָט האָט ער איר געזען? זי האָט געהאַט דעם געפיל אַז נישט. זי האָט'ס געזאָגט אַניקן; אָבער זיך אומקערן צוריק איז שוין געווען צו שפּעט... פּאַרויס... זייער ווירקליכער אָרט איז טאַקע געווען פאָרויס. פאָרויס צו די לאַקאָמאָטיוון, אויף די באַן-ליניעס און דער קוועט.

אָפּשליידערנדיק די צומאַטערטע, צושאָטענע זעלנער האָט די מאַסע ארומגערינגלט אַניקן... איר נאָמען האָט זיך געטראָגן פון מויל צו מויל... „אַניקע רעמבערט... די אלמנה נאָך זשאַק-מענען.״ מ'האָט איר אויפגעהויבן אין דער הויך, זי האָט זיך געהאַלטן פאַר די לאַמטערנס פון דער מאַשין און גערעדט.

זי האָט געשריען מיט אַנ'הילכיקער שטים, מיט אַלע קרעפטן, וואָס האָט ממש אדורכגענומען אָבער דאָך האָט מען אויף אַ שטח פון צוואַנציק מעטער קוים געהערט איינצעלנע ווערטער...

— פאָלק! איך שטיי דאָ אין נאָמען פון אַ גרויסען טויטן וועלכן מ'האָט אַוועקגעלייגט, כדי צו קענען דיר לייכטער מאָרדן!... פאָלק, איך ווענדע זיך צו דיין לעבעדיקן אינסטינקט, ווייל פאַרנופּט און גערעכטיקייט זענען נישט מער ווי ווערטער...

אַניקע האָט זיך צוגעקוקט צו די צוגן. פון אַלע טירן האָבן זיך געריסן די זעלנער, און אָפּגעשטופּט די וואַך פּאָסטנס אַלע האָבן זיי נאָך געטראָגן ציוויל-קליידער, אָבער אויף די קעפּ היטלען פון פריערדיקן קריג. זי האָט געזוכט מיט די אויגן סילוועסטרן, וואָס אַ מענטשן-כוואַליע האָט איר ערגעץ ווו

פארכידאָנן. עטליכע יונגע רעקרוטן, וואָס האָבן זיך דורכגעריסן אהער, בעת זי האָט געהאַלטן איר פייערדיקע רעדע, האָבן אין איר אויפגעוועקט דעם געדאנק וועגן קלוידן: „ווען ער זאָלמיך וויניגסטנס קאָנען הערן!"

ער איז געשטאַנען אויפן פעראָן צוזאמען מיט זיינע חבריה, וואס זענען ארויסגעשפרונגען פון די וואַגאָנעס — אָבער אפגעשניטן פון איר דורך דער קאמפאקטער, אונדורכדרינגליכער, לעבעדיגער מענטשן וואנט. ס'איז אים גאָר נישט איינגעפאלן, אַז אויך סילוועסטרע געפינט זיך דאָ בלויז אויף אַ שטח פון פופציק מעטער ווייט. ווער רעדט דאָרט? אניקע? ער האט נישט געוווסט, נישט געקאנט, נישט זען און נישט הערן.

אַניקע האט וויטער גערעדט: מענער, צי ווילט איר פארלאזן אייערע פרויען, אייערע קינדער, אייערע מאַמעס, כדי צו פאַרגרעסערן די רייכטימער פון די שיבעֶרס און די מערדערס אין אלע לענדער? צי האלט איר פאַר נויטיק צו גיין זיך שלאגן מיט ארמעע לייט, פּונקט אַ זעלכע ווי איר, וואס האבן אייך קיין מאל קיין שלעכטס נישט געטאן, נאר צוליב דעם וואס געלט-פעלשער און אנדערע פארברעכער זענען זיך צונויפגעקומען ביי די גרענעצן צופלאקערן אַ פייער, כדי אנצושטאפן די אייגענע טאשן?

ס'האָבן זיך דערהערט פאַרשיידענע ,באַמערקונגען, אויסרופן, וואָס האָבן זיך געטראָגן פון איין מענטשן-גרופּן צו דער אַנדערער, צווישנרופן, געלעכטער'ס, פייפערייען, אַלץ האָט זיך צונויפגעגאָסן אין איין אומגעהויערן געשריי, בעתן מאָמענט פון רעלאַטיווער שטילקייט נאָנט לעם איר, גופא.

און איר, פרויען, צי דען זענט איר נישט אָפּגערט ביז אין די טיפסטע טיפענישן פון אייער וועזן, זיך צוקוקנדיק ווי מ'פירט זיי אַוועק. צי וועט איר דערלויבן, אַז מ'זאָל ווידער פון אייערע קינדער, מאַכן קאַנאָנען-פלייש? צי דען האָט מען אונז אָנגערופן?

— יאָ!... גיין!... גענוג!... פארמאַך דיין מויל! ס'האט

אָבער דאָמינירט אַ שטאַרקערער חילן: זאָל זי רעדן! זאָל זי רעדן!

— ניין, מיינע פריינט. ניין, מ'האָט אונז נישט אַטאַקירט. איר האָט געליינט די לעצטע ידיעות פון דייטשלאַנד. די דאָקומענטן באַווייזן שוואַרץ אויף ווייס, אַז בלויז די אינטערנאַציאָנאַלע באַנקירן האָבן צוגעגרייט און אָרגאַניזירט די דאָזיקע שחיטה. איר זייט פאַר זיי נישט מער ווי א בהמה, וואָס מ'פאַרקויפט נאָך איידער מ'שעכט איר.

ווידער האָט זיך אויפגעהויבן א שטאַרקער טומל, ער האָט אבער דאָס מאָל נישט לאַנג אָנגעהאַלטן. עפּעס אַ מין שפּאַנונג האָט פאַרכאַפּט די גאַנצע מענטשן־מאַסע אין דער אומגעהייער גרויסער פול געפאַקטער האַלע. ווי וואַרטנדיק אויף אַן'אומגעוויינליך, געשעעניש, איז זי מיט א מאָל געוואָרן איבערקזאַם.

— איך ווענד זיך צו די הערצער פון די מוטערס. צו ווילן מיר לאָזן רייסן פון זיך שטיקער, בעת אין דייטשלאַנד שטייען די פרויען אין אָפענער רעוואָלוציע? צו ווייסט איר, ווי די פרויען פון 1914. רעזערווירן אייערע טרערן פאַרן שחיטה־פעלד? צי זענט איר אהערגעקומען ווינשן אייערע קינדער אַ גליקליכע רייזע, אָדער זיי נישט לאָזן, שטערן זייער אָבפאַרן?

אַ שרעקליכע אויפרעגונג האט זיך באַוויזן אויף אַלע געזיכטער, אַ קריפּל האט אויפגעהויבן דעם אָרעם און געשריען:

— הערט איר אויס! הערט איר אויס! איך בין געווען אויפן לעצטן קריג. אז איך בין צוריקגעקומען האב איך געהאט מיט איין פוס ווייניקער, אבער קיין היים נישט. אַ פערלאָזענעם, צוועלפיעריקן יונגל.

— הערט! הערט! יא, ער האט רעכט,.. דער אומגליקליכער!

דער קריפּל האט אויפגעהויבן זיין קוליע.

איך האָב אים געפונען אַ זיבעצניעריקן, אן אַ פּאָן,

אָן דערציִונג. ערשט היינט האָט מען זיך מיט אים אינטערעסירט, אים גענומען צו דער שחיטה!

— איר האָט געהערט; מאַמעס! פאַרגרעסערט נישט די עשירות פון די דאָזיקע אויסוווּרפן! פון דער אַנדערער זייט גרענעץ האָבן אייערע שוועסטערן צושטערט די באַן ליניעס, פאָלגט זייער ביישפּיל] די דייטשע סאָציאַליסטן האָבן פאַרניכטעט די פראַנצויזישער הויפּט-קוואַרטיר, ס'איז אָבער נישט געווען קיין אַנגריף אויפן לאַנד נאָר אויף די מיטשולדיקע אין פאַרברעכן! דער אָנפאַל אויף שטראַסבורג איז געווען אַ צוגעגרייטער! דער דאָזיקער קריג איז נישט מער ווי אַ פינאַנק-ספּעקולאַציע, ווו דער טויטער קערפּער פון יעדן איינציקן פּראָלעטאַריער באַרייכערט די אייזערנע קאַמערס פון די בורזשויען.

די ווערטער האָבן אָפּגעקלונגען אויף אַ ווייטן שטח, זענען אַריינגעדרונגען אין די הערצער,

סילוועסטרע פאַרשטיקט אין דער מענטשן-מאַסע, האָט זיך געהויבן אין דער הויך, געשטעלט אויף די שפּיץ פינגער, כדי בעסער צו באַמערקן, נישט צופאַרלירן וואָרט פון דער דאָזיקער פרידנס-שלידוּת... זי האָט זיי איבערגעגעבן ווייטער, פּראָפּאַגירט, אַגיטירט. אירע אויגן האָבן געלויכטן אונטערן בייפאַל פון דער עקזאַלטירטן מענטשן-מאַסע... באַלד האָט זיך דערהערט אַ טויזנט שטימיקע הוראַ-געשריי, קוים דריי מינוט זענען אַריבער ווי אַניקע האָט אָנגעהויבן רעדן און די אויפרעגונג צווישן דער צעטומלטער מאַסע האָט כסדר געוואַקסן.

שוידערהאַפטע קולות האָבן איר איבערגעהאַקט:

— פּאָרזיכטיק! דער צוג גייט אָפּ!

אַ שרעקליכער הויך. מוראַדיקע קולות. ווי עס שיינט האָט מען געגעבן אַ באַפעל: אַ גרופּע אַראַבער איז געלונגען אַרומצורינגלען די מאַשין, פאַרדעכטיקע פאַרשוינען האָבן באַדראָט די לאָקאָמאָטיוו-פירער. אָבער האַסטיק האָבן זיך אַ וואָרף געטאָן צום לאָקאָמאָטיוו אַנ'עולם מענער, פאַרכאַפּט אים אין זייערע הענט און זיך אָנעם געטאָן דעמאָלירן די וואַגאָנעס. ס'האָט זיך דערהערט אַ שטאַרקע שיסעריי.

— ניין, ניין! נישט ברעכן קיין זאַך! געוואַלט רופט אַרויס געוואַלט! שטעלט אַוועק אַ וואַנט פון מענטשן! אַלץ פאַרויס, פאַר די צונגן, מזאל נישט זען די רעלסן. ביז אין דער הויך, ווי אַ לעבעדיקער וועג!

פאַרזיכטיק! פאַרזיכטיק! דער צוג גייט אָפּ!

אונטער אַ שווידערהאַפטן ליאַרם, זידלערייען, קולות, געוואַלדן, תחנונים, פאַלט איינער פון די מאַשיניסטן פון באַיאָנעטן־שטיכן. די מאַשין איז געווען אין גאַנג. אויף איר הענגען אַ בינדל פרויען, די אַראַבער האַקן ווי אין קרויט; קערפּער כּאַלן, אָבער מאָמענטאַל הייגגן אויף זייער אָרט אַנדערע. דער צוג בלייבט שטיין. אַ מיש־מאַש, אַ תהו־ובהו אין וועלכן ס'איז אוממעגליך עפּעס צו אונטערשיידן. ס'מערקן זיך צוויי שטרעמונגען. איין טייל אַנטלויפט, דער צווייטער דרענגט פאַרויס, פאַרבאַריקאַדירט דעם וועג. פאַרבלוטיקטע פּנימער. האַרצרייסנדע געוויינען.

אַ טראַגישער מאָמענט. דער אומבאַוועגליכער צוג וואָס שטויסט אַרויס אַ געדיכטן דאַמף, דער אויסגאַנג פון קאַמף, וואָס האַלט זיך ביים אַנטשיידן. מוטיק און פעסט שטייט אַניקע אונטער די ווייסע וואָלקן. מיט איר גאַנצן מיטלייד, מיט איר גאַנצער עקזאַלטאַציע וואָלט זי וועלן, אַז דער פייער וואָס באַלעבט איר זאָל אָנעמען אַ געשטאַלט, אַז דאָס ליכט וואָס שטראַלט אין איר זאָל אויפקלערן די שוטים, אַז די פויסטן זאָלן זיך עפענען, אַז די הערצער און די הענט זאָלן זיך פאַראייניקן... מיט אַן׳הייזעריקער פאַרשטיקטער שטים האָט זי אָנגעשטרענגט איר לעצטע קראַפט, זיך קלאַמערנדיק מיט איין האַנט, די האָט זי ביט דער צווייטער זשעסטיקולירט, פּונקט ווי זי זאָל וועלן אַריינוואַרפן אין די אויערן די ווערטער, וואָס זיי האָבן שוין מער נישט געקאָנט הערן.

— שלאָגט זיך נישט מער!... זאָל די רעליגיאָן פון ליבע...

דאָס פייפן פון די לאָקאָמאָטיוון האָט פאַרהילכט די לופט. אַ געזאַנג האָט אים געענטפערט. דער צוג האָט זיך ווידער אַ לאָז געטאָן אין גאַנג, דער הימן האָט זיך געטראָגן, מיט א

מעכטיקן אָנזאָג פון אַ שענערן, אַ בעסערן, מאָרגן. דער אינטער־נאַציאָנאַל האָט געקלונגען, זיגרייך. פון די מענטשן - ווענט, וואָס האָבן זיך כסדר פאָרמירט, צושאָטן און ווידער פאָרמירט

ס'איז דער לעצטער קאַמף
לאמיר זיך גרופּירן און מאָרגן
וועט דער אינטערנאַציאָנאַל
זיין דער מענטשליכער זשאנר!

דאָס בלוט שפּריצט. מ'וואַרפט זיך, מ'טרעט איינער דעם אַנדערן מיט די פיס. די מאשין גייט ווייטער אונטער זידלע־רייען, קללות, וויי־געשרייען. אונטערן שוידערהאַפטן קנאַקן פון מענטשליכע ביינער, איבער שטיקלעך צוריבענע מענטשליכע קער־פערס. אַניקע האַלט זיך קוים, אָבער זי זינגט נאָך מיט אַ פארשטיקטער שטים... פּלוצלינג לאָזט זי ארויס פון דהאַנד די לאמטערנע, זי פאַלט מיטן פנים אראָפּ אויף די אנגעוואָרפענע קערפערס, וואָס דער צוג האָט צופלאַשצעט, וואָס די רעדער האָבן צוריבן...

דערנאָך שטעלן זיי זיך, ענדליך, אָפּ.

אניקעס קערפער איז פאַראייניקט מיט די קערפער פון די געפאַלענע, איר בלוט צומישט זיך מיט זייער בלוט.

---

9

פון מאָמענט וואָס קלויד האָט געפונען סילוועסטרן, האָט
ער קאָנוווּלסיוו אַרומגעכאַפּט מיט זיינע אָרעמס. אין שרעקליכן
געדראַנק פון דער מיט אַ ווילדן שגעון פאַרכאַפּטער מאַסע:
זינט זיי איז געלונגען זיך צוצוקריגן צום אָרט, וווּ ס׳האָבן
זיך געוואַלגערט די צעריבענע רעשטלעך פון אַניקעס קערפּער
אונטער די שוואַרצער מאַסע פון אָפּגעשטעלטן לאָקאָמאָטיוו —
פון דעם מאָמענט אָן איז אויף אים אָנגעפאַלן אַ מין שכּחה —
ער האָט פאַרגעסן אַלץ, אויסער עפּעס אַ קליין זאַמד-קערנדל,
וואָס ווערט געטראָגן פון שטורמדיקע ים-וועלן.

דער משונהדיקער איינדרוק פון נעכטן — אַ מעכאַניק
וואָס ווירקט, האַנדלט, און אַ צווייטע וואָס איז מקבל די פּעולה,
די דאָזיקע ווירקונג — ד׳האָט אים אויף קיין רגע נישט אָפּגע-
לאָזן, עפּעס טראָגט אים אַנ׳אומווידערשטייליכער שטראָם פון
זשעסטן, ווערטער, האַנדלונגען. ס׳כאַפּט אים אָן אַ שווינדל...
אויסגעליידיגט פון זיין משא פון פרישע פלייש, איז דער צוג
צוריקגעגאַנגען, אויפדעקנדיק אַ שרעקליך בילד — אַ געדיכטע
מאַסע צוריבענע, צוקוועטשטע, צוטרעטענע מענטשליכע קער-
פּערס.

מיט אויסדרוקן פון אומגעהויערן צאָרן, פון איבערמענטש-
ליכע קולות, האָט זיך קלויד אַ וואָרף געטאָן אויפן בערגל,
וווּ ער האָט גערעכנט צו געפינען כאָטש אַ זכר, אַ טייל. סילווע-
סטרס רייסט אים אַרויס פון היפּנאָז, פון שגעון, וואָס האָט זיי

פארכאפט; זי פירט אים אַוועק, מיט א ווילדן אויסדרוק אין די אויגן...

ארום זיי לויפן ארום גאנצע מחנות משוגעים. ער דער־קענט געזיכטער, וואָס ער האָט שוין אמאָל געזען... פריינט, קרובים. באפרייטע חברים, אַרבעטער פון טשעסנוי, מירא, דאָס קליין יונגל... אָט זענען זיי דאָ, אַ הונדערט געטרייע, א צוויי, דריי טויזנט נייע פריינט.

פון װאַנען קומען זיי, די דאָזיקע פאַבריק־אַרבעטער? שפּעטער האָט ער זיך דערוווּסט, אַז מיט די גרויסע פייער־שפּריצן, האָבן זיי פּאַריאָגט לורמאַלן און זיינע געזעלן. דערנאָך האָבן זיי זיך פארשאַפט געווער, געקומען צולויפן אויף משא־אויטאָמאָבילן מיט אלערליי כלים, כלי־זין, מיט אַלץ וואָס זיי האָבן נאר געפונען... געווער? דאָס האָט בכלל נישט געפעלט. מ׳האָט עס פשוט ארויסגענומען פון די הענט: שפּיזן, רעוואָלווערן, שטעקענעס, מעסער.

ס׳האט זיך דערהערט אַ געשריי:

„צום עליסיי״! און ער האט זיך מאמענטאַל געטראָגן פון מויל צו מויל, אויפגעכאַפּט פון דער גאַנצער מענטשן־מאסע..

קלויד און סילוועסטרע ווערן אויפגעהויבן און אַוועקגע־פירט פון דער געוואַלדיגער מענשן כוואַליע. אינטער קלוידן שאַפט זיך אַ וואַך פון זיינע אַרבעטער. מירא האלט אונטער סילוועסטרן. דער קליינער יונג האָט געפונען אויפן וועג אַ שטיק רויטן שטאָף, האָט עס צוגעבונדן צו א שפּיצירשטאָק און אויפ־געהויבן אין דער הויך...

מ׳רייסט זיך צו די משא־אויטאָס. זיי פאָרן אַפּ אונטער די קלאַנגען פון אינטערנאַציאָנאַל, געזונגען פון הונדערט טויזנט מענטשן. אויפן שטראַסבורגער־בולוואר שליסן זיך אָן נייע מענטשן מאַסן, מאַכן שפּאַלערן און זיי פאָרן ווי אין קריגס־וועגן, אַרומ־געריגלט פון גרופּן פרייוויליגע.

מאָמענטאַל האָבן זיך אויטאָמאַטיש פאָרמירט עטליכע קאָ־לאָנעס, אין יעדע איינע האָט זיך לויטז מוסטער פון קלוידס

גלייך אויפן אָרט באַשטימט איר פירער. איינע שטייגט אַרויף אויפן מאַגענטאַ-בולוואַר און פאַראייניקט זיך מיט דער מחנה פון צפון-וואַקזאַל — מיט אַן אומגלויבליכער געשווינטקייט פאַרשפּייט זיך דער אויפשטאַנד אין גאַנץ פּאַריז.

די דעפּוטאַטן און די סאָציאַליסטישע קעמפער, וועלכע דע-לוים האָט געהאַט אַרעסטירט, האָבן זיך פּלוצלינג ווידער באַוויזן און איבערגענומען די לייטונג פון דער אין אַלע שטאָט-פערטלען, אין דער סענא-פעדעראַציע, אין דער אַרבעטס-בירזע וואָס זענען דעראָרבערט געוואָרן צוריק דורך בלוטיקע קאַמפן, אומעטום אָרגאַניזירן זיך די ברייטע פאָלקס-מאַסן צו אַן ענערגישן ווידערשטאַנד.

אַניקעס טויט האָט געגעבן דעם געהעריקן שטויס: דער אויפשטאַנד פאַרוואַנדלט זיך אין פאָרמעלע רעוואָלוציע...

ביים קרייץ-פּונקט פון די גרויסע בולוואַרן שטעלט זיך פּלוצלינג אָפּ דער גאַנצער צוג פון די טשעניער אויטאָס און די מענטשן-מאַסע, וואָס רינגלט אים אַרום. ס׳ברעכט אויס אַן אומגעהויערע פּאַניק. ווי פון אונטער דער ערד וואַקסט אויס אַ שטערקייט פון מיטראַליעזן.

זענען די טרופּן וואָס די רעגירונג האָט טעלעפאָניש צונויפגערופן פון די וואַקזאַלן און פון אַלע עקן שטאָט. עס דערהערט זיך אַנאומעהויערע קנאַקריי, עס שיט זיך אַ האָגעל פון קוילן איבער די קעפּ פון דער מיליאָניגער מענטשן-מאַסע, דורכלעכערט קערפּערס, שייט ווי מיט מעסערס, וואַרפט אין גאַנצע בערג הרוגים און פאַרוואונדעטע.

— לייגט זיך אַנידער! שרייט קלויד צו סילוועסטרען, באַמערקנדיק ווי די שוואַרצע גרייטן זיך צו אָנצוהייבן אַ פייער. ער לייגט איר אַוועק אויפן פאָדלאָגע פון אויטאָ, אַליין שטעלט ער זיך אויף, אונטער די קוילן און גיסט אויס זיין גאַנצע פאַרצווייפלונג, זיין גאַנצן האַס... פחדנים! אויסוואורפן!

אָבער מיט איין שפּרונג שטעלט זי זיך אויף, אים ביים זייט און רופט אויס:

— זאלן לעבן די פרייע פעלקער

עס דערהערס זיך א שיסעריי פון אנ'אנדער זייט, די שוואַרצע וואָקלען זיך און אנטלויפן אונטער אַ מבול פון גראַ־נאטן. וואָס שיטן זיך אויף זיי פון די באַלקאָנען און אפענע פענצטער... אַ מיליץ־באטאליאן, וואס איז צוגעשיקט געווארן די נעגער צו הילף איז איבערגעגאנגען צום פאלק און אָנגעהויבן אַ פייער דורך די פענצטער און באלקאָנען פון א גרויס הויז. זעלנער און בירגער פארברידערן זיך, און די קאלאנע מאַרשירט ווייטער. זי ווערט כסדר וואס ווייטער גרעסער, כאטש די שטאָט זעט אויס כמעט אין גאנצן ליידיק, איבערהויפט אז מ'דערנע־טערט זיך צו די רייכע קווארטאלן. פאַרהאקטע פאָסאדן, די אינערווייניגסטע לאָדן, די אייזערנע שטארן פארקלאפט, פאר־האמערט.

אויפן אינוואלידן־וואקזאל קנאקן באמבעס... באָמבעס פון רעגירונגס עראפלאנען. עס זעען זייערע לאָמטערנעס. קליינע פאלענדיקע שטערנס אויפן פינצטערן הימל. ווארשיינדלעך אנ־אַטאקע אויף אנדערע מאניפעסטאציעס. פון אנ'אנדערער, נאך אַ ווייטערער ריכטונג הערן זיך נייע באָמבעס־אויפרייסן. און פלוצלונג אַ פולשטענדיקע פינצטערניש. אויסגעלאשן די עלעק־טרישע באלויכטונג אין גאנצן שטאדט. ווענענס האנט, צוליב וואס פאר א ציל, האט איבערגעהאקט דעם שטרום? דאס האבן געמאכט די ארבעטער אויפן באפעל פון דער פעדעראציע. די פינצטערניש פארקלענערט די געפאר... אין דער פינצטערניש וועלן די מנובלים ווייניקער ממיתן! און מארגן, באגינען. וועט אַ פאלק. אויך נישט דאס גאנצע פאלק, שטיין באוואפנט אויפן פלאץ צום דעצידירנדן קאמף.

דער סוף פון דער דאזיקער נאכט. די לעצטע צוויי מעת לעת און דעם טאג וואס וועט נאך קומען, — די מינוטן זע־נען לאנג ווי גאנצע יארהונדערטן.

— קלוידן און סילוועסטרע מאכן זיי דורך, לעבן אבע־נישט. זיי ווערן אוועקגעקראנן ווי פראפענס, וואס טאנצן אויפן שטורמיקן וואסער. זיי קויקלען זיך אין ווירבל פון די געשעע־

נישן, וואס דער האזארד טרייבט, מישט, האקט איינע נאך דער אנדערער, ים-וועלן וואס הויבט זיך און פאלן ווי א שטויב-קערנדל געטריבן דורך אַ ווילדן שטורם..

כאאָטישע טעטיקייט, געכאפטער שלאף... איין אונט אויפן ראספאיל-בולוואר, א צווייטן | אין פרויען-הויז... עסן אויפן שפיץ פינגער, נישט אין דער צייט: אַ שטיקל ברויט מיט קאנסערוון, אַ טרינק וואסער... אַנ׳עקזיסטענץ וואס הענגט אין דער לופטן. אַ קאשמאר, ווו זיי האבן שוין צוואנציק מאל געזען דעם טויט פאר די אויגן אנ׳אפאטיע וואס האט שוין אוועקגערויבט דעם אימפעט צו פראטעסטירן, דאס רחמנות וואס אמפערט זיך, ווו זיי האבן שוין אפילו פארגעסן דעם באפעל וועגן זאנפטמוט, וועגן דער ליבע-רעליגיאן, פאר וועלכע זייערע הייליקע האבן זיך מקריב געווען.

דער אומגעהויערער שרעק וואס עס האט ארומגעכאפט פאריז נאך די באמבעס-אנגערופן פון די אעראפלאנען, דער דאזיקער אונטערגאנג פון דער וועלט, וואס די הויפט שטאדט. האט אים געהאלטן פאר אומפארמיידליך ביי יעדער דערנעענטע-רונג פון די שטראלן און גיפט-גאזן, די דאזיקע ווילדע אנטרוס-טונג, וואס דער שרעק האט ארויסגערופן אין פראנקרייך קעגן די מאַכער פון קריג — דער פלוצלינגער זיג פון פאָלק, די צייט-ווייליקע מפלה און דערנאך דער אנטגילטיקער נצחון, — נישט קלויד, נישט סילוועסטרע האָבן דערפון כמעט קיין אַנונג נישט געהאַט. אַ מין ווילד אומבאוווסטזיניקייט האט זיי פאראייניגט און צושיידט. זיי פלעגן זיך ווידער געפונען לגמרי נישט אי-בעראַשט, וואָס זיי האָבן איינער דעם אַנדערן פארלאָזן.

צי איז עס געווען נעכטן אָדער היינט ווען זיי האָבן געהערט, אז דע-ליום איז פארשוונדן?

די אַרבעטער פון טשעסנוי האבן אים ארויסגעשלעפט פון זיין קאבינעט אין אויסערן-מיניסטעריום; מירא, וואס זיין קליי-נער זון איז געפאַלן פון אַ פארלאראנע קויל, דאט אים דער-וואַרגן. אַמעגערע האָט קאַסטרירט זיין טויטן קערפער און

דערנאָך האָט מען אים אריינגעשליידערט אין טייך ווי אַ געפּגרטן הונט.

איז עס געווען דהיינט אָדער נעכטן ווען זיי זענען געגאַנגען איבער די זאַלן פון עלוסיי, געזען סאָלמוין, אויסגעצויגן אויף אַ קאַנאַפּע אין באָוועָ, אויסגעפּוצט אין פראַק מיט דער גרויסער באַנד פון ערן־לעגיאָן. מ׳האָט אים געפונען טויט אין קלאָזעט — אַנ׳אַפּאָפּלעקסיע — דאָס העמד וואָס האָט ארויסגעשטעקט, איז געווען פאַרשמוצט...

איז עס געווען נעכטן אָדער היינט ווי זיי זענען געשטאַנען אויף דער טעראַסע פון די טואילעריען און געזען ברענען די סערוויר־באַנק, קנאַקן נאַפט־לאַגערן, און די פלאַמען, און דער רויך האָבן געזעצט דורך די צושפּרונגענע פענצטער?...

צי האָט קלויד געקלערט, און וואָס וואָלט ער געזאָגט. ווען ער ווייסט, אַז אונטער די דאָזיקע רויך־וואָלקנעס האָט זיך, אונטער אַלעמענס וויסן, אָפּגעטראָגן דער געל־בלויער אַראַפּלאַן ארויסראַטעווענדיק צוזאַמען מיט זיינע ווערטפאַפּירן און צירונג זשאַן סערוויערן און זיין טאָכטער צוגעדריקט איינער צום אַנדערן אין זייער עגאָאיסטישן שרעק, בעת אויפן אינטערשטן שטאָק, אין דער פּליושענער ווינדע איז מונינע, וועלכע האָט זיך אומגעקערט זוכן אַ פאַרגעסענע בראָשקע, צוזאַמען מיט מעריאַנען ארומגעכאַפּט פון פייער פאַרברענט געוואָרן אויף קויל, — די קליינע מאַלפּע אין קאָנווולסיע לעבן דער גרויסער.

זיי ווייסן לגמרי נישט. וואָס מיט זיי טוט זיך, צום סוף פון טאָג און פון דער דאָזיקער שרעקליכער וואָך האָבן זיי בלויז איין געדאַנק? אפילו דאָס אויך נישט. בלויז אַ פּיטעטן, אומבאַוווסטזיניק רעפלעקס, וואָס פאַרניכטעט לגמרי זייער לעבנסענערגיע און לאָזט בלויז די דערינערונג אָן די טויטע.

פון אַניקעס צושמעטערטע רעשטלעך, צונויפגעקליבן צוזאַמען מיט די ביינער פון פיל באַרימטע מיטבירגער גייען זיי צוועק זייער שמערץ געמען זיי אָבער מיט זיך.

מאָרגן, בעת דער פייערליכקייט פון די נאַציאָנאַלע לויות־

פאריז און בערלין וועלן גלייכצייטיק אָפּגעבן דעם לעצטן כבוד זייערע אייגענע מערטירער — וועט מען איבערפירן די טרומ-נעס פון שפּיטאָל ביים מזרח־וואָקזאַל אויף-פּער־לאַשעס. דאָ וועט מען פאַרברענען די צעריבענע קערפּער־טיילן פון זייער הייליגער.

קלויד און סילוועסטרע גייען זיך האַנט אין האַנט צום בית-עולם, ווו עס וועט רוען אין קאָלאַמבאַריום אַניקעס אש לעבן זייער פּאָטערס, ביזן טאָג ווען אַ מאָנומענט וועט פאַראייביקן זייער ביידנס הויכן אָנדענקען.

זיי גייען זיך אין אָוונט איבער די גאַסן, וואָס ווערן כסדר טונקעלער. זיי גייען צו די וואָך-נאַכט פון דער לוידר דורכן טריבן גלאַנץ פון דאָזיקן פּסח־אָוונט. מיט פּיעטעט שטייגן זיי לענגאויס פון די אַלייען, ווו דער אַלטער גאָרטן מאַכט דעם איינדרוק פון א טויזנט-יעריקן פּאַרק. די טרויעריקע פּליטעס פאַרשווונדן צוזאַמען מיט זייער מעלאַנכאָלישן באַדן. אונטער דער דעקע פון פריש געריסענע בלומען... עס איז דאָס אומפּאַקטישע וואָס עקזיסטירט ווייטער, דער חלום וואָס דער־גייט ביז אַ קאָשמאַר, דער אומגעהויער טיפער שמערץ, די אי־בערמענטשליכע, נאָמענלאָזע מידקייט...

איצט בלאָנדזשען זיי אַרום, פאַרלאָרענע אין אַ לאַבי־רינט פון קברים, ווו פרישע יאַצינדן־קרענץ פאַרשכורן מיט זייער צושטאַרקן גערוך. ווירקן אויף די נערוון, זיי רירן זיך קיים, ווייל סילוועסטרע איז שטאַרק צובראָכן און האַנגט אַ טויט-מידע אויף קלודס אָרעם. ער וויל איר אוועקזעצן, אָנ־שפּאַרן אָן אַ בוים, אָבער האַלב אָנמעכטיק גליטשט זי זיך אַים אַרויס פון די הענט און פאַלט אַנידער. ער לאָזט זיך אַראָפּ לעבן איר, וויל איר אָפּמינטערן, בלאָזט איר אויפן שטערן מיט אַן אָטעם וואָס ברענט איר ווי א פייער.

אינסטינקטיוו כאַפּט זי אים אַרום מיט אירע אָרעמס, ציט אים צו צו זיך און וויינט יאָמערליך:

— צו פיל טרויער, עלענד, קאַטאַסטראָפן!

אויפן שויס פון טויט, וואָס האָט זיי דורכגענומען, וואָס

רינגלט זיי ארום, וועקט אויף אין זיי דאָס לעבן דעם אומבאַ-
וווּסטזיניקן פּראָטעסט פון אינסטינקט. זייערע קערפּערס פלעכטן
זיך צונויף, זייערע ליפּן פאראייניקן זיך... אַלץ ווערט פאַר-
ניכטעט. אלץ שטייט אויף תּחית-המתים.
נאָכן פאַרשווונדענעם, קומט אַ נייַ פאָרל.

---

10

צווי וואָכן שפּעטער.

עס איז דורכגעלאָפן צוועלף... דער בלאַנשעט שלעפּט זיך מיט שווערע טריט אין קיך אַריין, ווי נאָכן אַ שטאַרק פאַרנומען מיטן צוגרייטן דעם פרישטיק אין ברומט כסדר אונטער, ווי איר שטייגער פאַר דער לעצטער צייט. זינט אין שטוב איז געוואָרן פּוסט און וויסט. זי שפּרינגט אויף, בעת עס טוט זיך אַנ׳עפן די טיר:

— אַ! איר האָט מיך איבערגעשראָקן.

— דאָס בין איך, האָט זי אַ זאָג געטאָן בלאַנשעט,

נאָך די לעצטע געשעענישן האָט ער זיך צוגעוווינט בעת סילוועסטרע איז נישט געווען אין דער היים, אַריינצוקומען אין קיך אַ ביסל שמוסן. אָבער היינט האָט ער צו איר קיין גליק נישט, נאָנע וויל נישט פאַרפּושן דעם פרישטיק, עס איז דאָס ערשטע מאָל וואָס די פיר קינדער וועלן ווידער זיין צו־זאַמען.

ס׳וועלן זיין זיבן פּערזאָן. קלויד, וועלכער האָט נאָכגעגעבן סילוועסטרעס פאַרלאַנג און ווינט איצט ביי הער בלאַנשעט, ווייל בלייבן אויפן ראַספּאַיל בולוואַר איז איצט געווען צו שווער. דער גוטער רוססאַט, וואָס איז שוין אַ וואָך זייער גאַסט, און ראָהן, וואָס קומט פון בערלין מיט גינעט און זשאַרזשין.

— זיי האָבן שוין געדאַרפט זיין דאָ, ווי מיינסטו ?..; זאָל כאָטש זשאָרזשי נישט זיין שווער פאַרוווּנדערט, האָט הער בלאַנשעט געזאָגט מיט אַ זיפץ.

—וואָלט אים זיין פרוי ניט געלאָזט פאָרן.

— איך רעכן אויך אַזוי... וואָס מאַכסטו זיי צום פרישטיק?

באַלד וועט איר עס וויסן! קומט מיר נישט פאַרקוקן אין די טעפּ, איך בעט אייך, איר ווייסט דאָך, אז דאָס מאַכט מיך נערוועז...

— יאָ, יאָ...

באַדויערנדיק וואָס זי האָט זיך נישט געקאָנט איינהאַלטן, האָט זי אים נאָכגעקוקט ווי ער גייט, אַ טרויעריקער לאַנגזאַם צוריק צום טיר, האָט זי אים נאָכגעשריגן:

— קרענקט זיך נישט! באַלד וועט איר אים זען אייער זשאָרזשין, און אין אַ בעסערן צושטאַנד ווי איר שטעלט זיך פאָר.

אָבער בלאַנשעט האָט איר שוין נישט געהערט ער האָט באַמערקט דורכן פענסטער ווי אַן אעראָפּלאַן לאָזט זיך אראָפּ אויפן לאָנקע, דעם קורצסטן וועג דעם הויז דורכן גאָרטן... גיכע איז אים אַנטקעגן געלאָפן.

—גוט מאָרגן, טייערע פאָטער.

אַ סעקונדע האָט זי זיך געוואַקלט... צי קאָן זי באַנוצן דאָס דאָזיקע וואָרט, וואָס געהערט אַ פאַרשווונדענעם און אין געדאַנק האָט זי צוגעגעבן: טייערער פאָטער בלאַנשעט... ער האָט איר אַרומגענומען.

— וואָס מאַכט ער?

— א סך בעסער. און די איבריקע?

די איבריקע האָט זי געמיינט סילוועסטרן, קלוידן.

זיי זענען ווי יעדן טאָג, אוועק אין אוניווערסאַל און אין פרויען-הויז. זיי קומען אָבער גלייך צוריק.

באַלד איז אריין ראָזען מיט זיין ליבן שמייכל אויפן געזיכט און אַנ׳אויפגערעגטן בליק, בעת בלאַנשעט האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף זיין זון. ער איז געלעגן אויסגעצויגן אויף אַ טראָגע, דער פּילאָט און דער דייטשער מעכאַניק האָבן אים אראָפּגענומען פון אעראָפּלאַן.

זייער איצטיקע באַגעגעניש האָט אָבגעפרישט אלע פּאַרי-

גאנגענע עמאציעס. א ווײַלע שפּעטער האָט ערשט ביאנשעט דער לאנגע ראָהנן זײַנע בײדע הענט און אים געדאנקט, דערפאר וואס ניט געקוקט אויף זײַנע אומגעהויערע פיל באשעפטיגונגען איז ער דאך אהער געקומען צום פרישטיק. דער נײַער פרעזידענט פון דער דײַטשער רעפובליק איז געקומען אויף א קאנפערענץ מיט דער עקזעקוטיווע, וועלכער הורטא, דער דירעקטאר פון דער פראוויזארישער רעגירונג, האט צוריק אומגעקערט די מאכט. ער האָט אָבער געהאלטן פאַר זײַן פליכט אָפּצושטאטן זשאַקמענס קינדער דעם ערשטן וויזיט.

לויט גינעס אָנווײַזונג האָבן זיך די טרעגער דערנענטערט צום הויז. ראָהן האָט באַרויקט בלאַנשעטן וועגן דעם צושטאַנד פון זײַן זון.

ער האָט פאַרלוירן אַ סך בלוט, ווײַל די שלאג־אָדער איז געווען געטראָפן... צום גליק איז דער ביין נישט גערירט. ער נויטיקט זיך אין פולשטענדיקער רו און מוז ליגן א גאַנצן מאָנאַט צײַט. אָבער דערנאָך וועט ער גײן פונקט ווי פריער. זשאַרזשע האָט געבעטן מ׳זאָל אים לאָזן ביזן פרישטיק אונטערן אקאַציע בוים, און גינע איז אַרײַן אין שטוב זיך צוקעמען.

— ווי גוט דאָ איז! האָט זשאַרזשי געמורמלט, ווארפנדיק זײַנע בליקן אויפן אַלטן הויז, אויף די געדיכטע בוימער, דעם קלאָרן הימל! באַגולט דורך דער מאַי־זון.

אַנ׳אַעראָפּלאַן האָט זיך געטראָגן איבער זײַערע קעפּ.

— ס׳איז דאָך מײַן שרויף! האָט זשאַרזשי אויסגעשריגן, אנווײַזנדיק אויפן שטיל שוועבנדיקן פויגל.

— אויב אַזוי האָבן מיר מוין אונזער גאַנצן קאמפּלעט! קלויד און סילוועסטרע ברענגען רוססאַ׳ן, וואָס האט געמאכט אין פאריז צײַכנונגען פון די רואינן. ס׳איז אמת נישט פיל. עטליכע בענק אין קאַזאַרמעס...

זינט דער קאמונע האט מען דאך געמאכט פארשריטן! דאס קאָן מען בײַם פאלק נישט אפּנעמען.

— פאר וואָס זאָל נישט זײַן קײן פראגרעס, האָט ראָהן ערנסט באמערקט, אויב מיר האָבן באַקומען א דערציונג?

גינע איז געשווינט אַראָפּגעלאָפן, אַרומגעכאַפּט איר ברודער — און ביידע האבן שטארק געוויינט, נישט קאנענדיק אַרויסריידן קיין ווארט. דערנאָך זענען זיי אַוועק אָן אַ זייט. גינע האָט דורכאויס געוואָלט וויסן אַלע איינצלהייטן. בלאַנשעט, רוססאַט און סילוועסטרע האָבן זיך אַרומגעזעצט אַרום זשאַרזשין און זיך צוגעהערט צו אים.

— די ערשטע צוויי טעג האָב איך געהאַט גענוג גליק... פינף טורנייען איבער קאבלענץ, מינכען, דרעזדן, בערלין, און מעטום געווארפן צעטלען וועגן די פאקטישע געשעענישן נישט די אָפיציעלע!... איך האָב זיך דורכגעריסן דורך אַלע עלעקטרישע שפּערונגען... און דערנאָך, דאָנערשטאָג פרי, בעת דער באָמבאַר־דירונג פון דייטשן הויפּטקוואַרטיר.

— דו ביסט דערביי געווען? האָט סילוועסטרע אויסגע־שריגן.

יאָ... דארט האט איר׳ס געפּאַקט...

— דעם עיקר, אז ער האט זיך געהאלטן ווי אַנ׳העלד האט ער אויך נישט דערציילט. בעת אונזער ערשטער עסקאַדראַן האט באמבארדירט אייער לוקסן און וועדין, איז ער געווען ביים צווייטן. א פארווונדעטער, האט ער פארטראַטן דעם פילאט וואס איז געפאלן פליענדיק אין נישט געקוקט אויף זיין שטארקן בלוטפארלוסט, אראפּגעלאזן דעם אפאראט אויף דר׳ערד...

— יא, איך האב טאקע נישט געוואלט אריינפאלן אין די הענט פון די דאזיקע מערדער!... איך ווייס באמת, נישט ווי אזוי איך האב זיך אראפּגעלאזן...

— וואס ער האט אייך אויך נישט דערציילט, איז דער פאקט, אז פאר דער עקספּעדיציע אויף אונזער הויפּטקוואַרטיר האט ער געבראכט קיין פאריז די ידיעה וועגן דער פארניכטונג פון די מוטערס אויף די וואקזאלן אין מינכען און בערלין...

— עטל, האט א זאג געטאן סילוועסטרע אט זענען גינע און קלויד!

הער ראהן האט געווארפן א ליבעפולן בליק אויף די קינדער אין די טרויערקליידער. דאס שטובמיידל איז אַרויס

פון עס צימער און געמאָלדן;

— דער טיש איז געדעקט.

קלויד און בלאַנשעט האָבן אַריינגעבראַכט די טראַגע און אַוועקגעשטעלט לעבן גינעס שטול. שטייענדיק אַרום טיש האָבן אַלע געוואַרט, אַז בלאַנשעט זאָל זיך אַוועקזעצן. אַ מאָמענט האָבן אַלע געשוויגן, ס׳איז געווען ס׳ערשטע מאָל וואָס זיי זענען ווידער געווען אַלע צוזאַמען. רוססאַט האָט דער ערשטער איבערגעריסן די שטילקייט.

—סוף כל סוף האָבן מיר דאָך געזיגט אָן קריג!... ער האָט, אמת, טייער געקאָסט דער דאָזיקער זיג!

—יאָ, האָט געזאָגט ראהן, זיך זעצנדיק קעגנאיבער בלאנשעטן א גרויסער סאציאלער זיג. די הערשאפט פון די פעלקער וועט אבער דאך קומען נישט קוקנדיק אויף אלע שטערונגען. ס׳איז נאך נישט די עפאכע פון נישט געוואלט, פאר וועלכער ס׳איז נאך אונזער טייערן זשאקמען, געפאלן די גרויסע אניקע רעמבערט. אבער זיי פארדאנקען מיר דאס, וואס מיר גייען כסדר ווייטער אויפן וועג צו דער רעליגיאָן פון ליבע.

גינע האט געוואלט דערלאזן די פארשפייזן וואס זענען געשטאנען אויף א שניי־ווייסן טישטוך, איינער פון יענע פיינע וועשצייג וואס אניקע האט אזוי ליב געהאט. אבער ראהן, אנ־פילדיק זיין גלאז אויף דער העלפט מיטן בורגאן וויין, וועלכן הער בלאנשעט האט אזוי זארגפעלטיק אויסגעוויילט, האט׳ס אויפ־געהויבן אין דער הויך און געזאגט:

לאמיר פייערן דאס אנדענקען פון די וואס פעלן אונז דא און פון אלע איבערגעגעבענע, וועלכע זענען געפאלן פארן זעלבן אידעאל.

אלע זענען אויפגעשטאנען און מיט ציטערנדיקע הענט אנ־גערירט דעם פיינעם בעכער. בלאנשעט און רוססאט, בארירנדיק ראהנ׳ס גלאז, האבן נאך טיפער ווי די צוויי פארלאך געשפירט דאס סימבאלישע אין דער דאזיקער פארייניקונג פון די צוויי פעלקער. שטארק גערירט האבן רוססאט און בלאנשעט באטראכט די צוויי יונגע פארלעך, וואס זענען ערשט אריינגעטרעטן אין

דער נייער מענטשהייט. דער פילאָזאָף און דער מאָלער, איינער, געעלטערט, דער צווייטער צובראָכן זענען, נישט געקוקט אויף זייער גוטן ווילן, געבליבן אויפן שוועל, ווו ס'האָט זיך געענ־דיקט זייער עטאַפּ.

מ'האָט געדאַרפט האָבן די גאַנצע גוטמוטיקייט פון בלאַנ־שעטן און די לעבעדיקייט פון רוססאַט, כדי וויפיל נישט איז אויפצומונטערן דעם פאַרזאַמלטן עולם און שאַפן אַ שטימונג פון פרייקייט נאָך אַזוי פיל טרערן.

מ'האָט גערעדט וועגן די פּרטים פון דער רעוואָלוציע אין פּאַריז און בערלין פון זשיל פאַנסעטס אומגעלומפּערטן סוף, וועגן דער פחדנות פון מאַרשאַל לוקס, וואָס האָט תיכף איבער־געגעבן זיין אַרמעע דער פּראָוויזאָרישער רעגירונג און וועגן דער משונהדיקער איבערקערעניש פון אַ טורבאַטן.

מ'איז אויפגעשטאַנען פון טיש. נאַנע האָט געבראַכט אין גאָרטן די קאַווע און האָט אָוועקגעלייגט אויף אַ שטיל אַ גאַנצן פּאַק בריוו און דעפּעשן. מיט יעדער פּאָסט פלעגן אָנקומען גאַנצע בערג אין אוניווערסעל אויפן ראַספּאַיל - בולוואַר און אין פרויען - הויז. פון אַלע עקן פראַנקרייך און פון דער גאַנצער וועלט האָבן זיך געשאָטן סימפּאַטיע־אויסדרוקן און דאַנקזאַגונגען פון די פרייגעוואָרענע פעלקער אויף די קינדער פון זייערע באַפרייער. קלויד האָט באַקומען צוויי רירנדע בריוו פון זשעם ראַמסאַי און פרוי סידניי. ס'זענען נישט געווען בלויז די אלטע פיינט, וואָס האָבן זיך פאַרבּרודערט אויף ביידע ריין־ברעגן, אויך ענגלאַנד און די אַרבעטער אויף דער גאַנצער וועלט האָבן געפייערט, נאָכן בלוטיקן פרימאַרגן דעם גלעצענדן זונען - אויפגאַנג.

בעת די גאַנצע פאַמיליע האָט זיך אַרומגעזעצט אַרום זשאַרזשין, האָט ראַהן גענומען קלוידן אונטערן האַנט און אים אָוועקגעפירט אונטער די קאַשטאַנען־בוימער.

איידער איך פאָר צוריק קיין פּאַריז, האָט ער געזאָגט, וויל איך אייך מאַכן אַ פאָרשלאַג. אויף דער צייט ביז די גע־זעלשאַפט פון נאַציאָנען וועט זיך פאַרוואַנדלען אין אַ געזעלשאַפט

פון פּינקער — און ביז מיר וועלן קאָנען אויף אַ דעפיניטיוון אופן קאָנסטיטואירן אונזער פעדעראַציע פון די אייראָפּעישע דעמאָקראַטן וועלן מיר זיך אַלע שעצן גליקלעך, ווייל איר זיינט נאָך צו יונג אָנצונעמען אַ פּאָליטישן מאַנדאַט, אויב איר וועט מסכים זיין איבער־צונעמען דעם סעקרעטעריאַט פון אונטערנאַציאָנאַלן אַרבעטס־ביוראָ... אייערע אינדוסטריעלע קענטניסן, דער אויטאָריטעט פון אייער נאָמען...

— איך וועל נישט אָנעמען!

דאָס האָט איר קיין רעכט נישט צו טאָן.

— איך דאַנק אייך זייער, איך דאַנק אַלע וואָס גיבן מיר אָפּ אַזאַ גרויסן כבוד. אָבער קיין זאַך אויף דער וועלט קען נישט ענדערן מיין באַשלוס.

ראָהן איז געווען דערשטוינט.

— פאַרוואָס נישט? זאָגט מיר, מיין פריינט! ס׳איז אַ פּאָסטן אויף וועלכן מיר מוזן אומבאַדינגט האָבן אַזאַ פּערזאָן ווי איר...

— טייערער הער ראָהן, איך זאָג זיך אָפּ לגמרי פון פּאָליטישן לעבן.

— איר! איר אַנטלויפט פון קאַמף! אוממעגלעך

— ניין פונקט פאַרקערט! אָבער לויטן וווּנש פון מיין מוטער אַרבעט איך אויסשליסלעך אויפן מאָראַלישן געביט.

— דאָס שליסט אָבער נישט אויס די פּאָליטיק.

— דאָך! אין דער פּאָליטיק טרייבן זיך שוין אַרום צו־פיל דורכשניטס מענטשן. צווישן אַניקעס פאַפּירן, האָב איך געפינען אַ בוך אַרום וועלכן זי האָט געאַרבעט אָן אונזערע וויסן: די „פילאָזאָפיע פון גאַנדי״ פון היינט אָן איז ער מיין פירער און מיין גלויבן.

— גאַנדי? נאַטירלעך, איך באַוווּנדער אים אויך אָבער ס׳איז דאָך אַ הימאַלאַי! איידער מיר וועלן דערגיין צום שפּיץ וואָס דערגרייכט ביז צו די וואָלקנס, לאָמיר קודם כל אַרויפ־קלעטערן אויפן באַרג.

— ריכטיק! איך האָב בעסער געלייענט, בעסער פאַר־

שטאַנען, זינט איך האָב ווידער געפונען אין אָפּקלאַנג פון זיין דאָקטרינע די נשמה פון שאַפן... דורך דער נידריקער טיר פון געוואַלט זענען מיר אַריין אין דאָזיקן צוקונפטס־לאַנד, ווו די צוזאַמען אַרבעט פון אַלע און די נישט געוואַלט וועט מאַכן ס'לעבן בעסער און שענער... די געוואַלט! זי באַהערשט דעם גייסט און מאַכט פון מענטשן אַ חיה. איך האָב באַשלאָסן איר אומבאַדינגט מיט מיין גאַנצער ווילנסקראַפט צו באַקעמפן.

— דאָס שטייט דאָך נישט אין קיין שום קעגנזאַץ מיטן פּאָסטן, וואָס איך שלאָג אייך פאָר.

— ניין, אָבער אין עטליכע טעג ארום מוז איך אַוועקפאָרן צוזאַמען מיט מיין פרוי... איך האָב חתונה מיט פריילין בלאַנשעט.

— אָ! טייערער פריינט, איך ווינש אייך גליק.

יאָ, זי איז אַן'אויסגעצייכנטער מענטש. מיר האָבן צוזאַמען אויסגעשטודירט דאָס געזעץ פון ליידן. מיר ווייסן אַז קיינער קאָן עס נישט אויסמיידן, מיר ווייסן אויך, אַז מ'קאָן און מ'דאַרף אַרבעטן, כדי די ליידן צו פאַרקלענערן.

און דעם מאָמענט האָט סילוועסטרע באַמערקט ראָהנ'ס שמייכל און איז צו אים צוגעגאַנגען. דער פריינט האָט איר אָנגענומען פאַר די הענט.

—קלויד האָט עס מיר נאָר וואָס איבערגעגעבן. איך גיב אייך ביידן מיין אויפריכטיקע ברכה, און איצט בעט איך אייך איר זאָלט אים אויפקלערן ער זאָל זיך נישט אָפּזאָגן פון זיין מיטאַרבעט אין אונזער אָנגעלעגנהייט.

— אַוועקגיין פון דער אַרבעט! דאָס איז אונז קיין מאָל לחלוטין נישט איינגעפאַלן פאַרקערט! צו דעם האָט אייך עס קלויד נישט געזאָגט, אונזער פראָפּאַגאַנדע אָרגאַניזאַציע... מיר מאַכן אַן'אַגיטאַציע רייזע איבער גאַנץ אייראָפּע.

— דאָס קאָנט איר אָפּלייגן אויף שפעטער!

— אונזער רייזע־פּלאַן איז אויסגערעכנט אויף זעקס חדשים, האָט באַמערקט קלויד... די אָבטיילונגען פון „פּרויען־הויז" זענען אינפאָרמירט.. געוויסע לענדער, ווו די דאָזיקע אָרגאַניזאַציע

עקזיסטירט נאָך נישט, האָבן אונז איינגעלאדן צו האַלטן אונזערע פּאָרטראַגן אין זײַרע אוניווערזיטעטן.

סילוועסטרע האָט צערטליך גענומען קלוידן אונטערן אָרעם און צוגעגעבן;

— די דאָזיקע אַרבעט וועלן מיר פירן פּערנאַמענט, יאָר איין יאָר אויס, און זעקס חדשים אין יאָר בלייבן מיר דאָ.

קלויד האָט בדעה זיך צו נעמען צוריק צו דער אַרבעט אין פּאַבּריק און צוהעלפן מיר צו אַנטוויקלען אין „פּרויען הויז" דאָס ווערק פון זיין מוטער.

— אויב אזוי, האָט ראָהן געזאָגט, איז עס בלויז אַ פראַגע פון צייט. איך בין זיכער. אז איר קומט צו אונז צוריק.

— אבער מיר פאַרלאַנגען אייך לגמרי נישט! האָט קלויד פּראָטעסטירט. פירנדיק אונזער ספּעציעלע אַרבעט, גייען מיר דאָך אָבער דעם זעלבן וועג. איך מיין, אַז איידער מ'גייט פיקסירן די כּללים פון דער אַרבעט מוז מען קודם כּל שטודירן די רעליגיע, אויף וועלכע עס וועט באַזירן די קונפטיקע מענשהייט.

אין זיינע אויערן האָט געקלונגען דער שיינער זאַץ פון אינדישן חכם: „יעדער מענטש איז אַ קוואַל, יעדעס פאָלק איז אַ טייך. זיי מוזן נאָכגיין, טריט ביי טריט, זייער קלאָרן און ריינעם פליסן, ביז זיי וועלן דערגרייכן דעם ים פון גליק, וווּ זיי וועלן זיך אלע פאַראייניקן.

— די רעליגיאָן פון דער ליבע! האָט סילוועסטרע באַגייסטערט אונטערגעכאַפּט. ראָהן האָט אויף איר געוואָרפן אַ ליבעפולן בליק.

— אַ שיינער חלום, און איר, אייער פּאָרל פאַרדינט ערליך צו זיין זיינע טרעגער!... זאָל אונז גאָר ענדליך געלונגען אים צו רעאַליזירן!...

---

סען-מאַקסים — סעפּטעמבער 1923, מאַי 1924.

דער דאָזיקער ראָמאַן קאָמפּלעטירט די סעריע פון דער „פּרוי אינטערוועגס" וואָס די ערשטע צוויי טיילן זענען „די בחורטע" און דער „חבר".

